עקזעקוטיוועס פון

# יזכור־בוך קאָמיטעט

▼

אין ניו־יאָרק:

| | | |
|---|---|---|
| ישכר מאטיל | . . . . . . . . . | פאָרזיצער |
| יוסף קעללער | . . . . . . . . | סעקרעטאַר |
| הערמאַן קראַוז | . . . . . . | קאַסירער |
| מאיר־דוד טרעמסקי | . | מיטגלידער |
| יעקב גאָסטינסקי | . | מיטגלידער |

▼

אין תל־אביב:

| | | |
|---|---|---|
| שלמה צווייגהאַפט | . . | פאָרזיצער |
| רבקה מרגלית | . . . . . . | סעקרעטאַרין |
| הערש־לייב לייזעראָוויטש | . . . . | קאַסירער |
| הרב י. ב. כ״ץ | . . . . . . . . . | מיטגלידער |
| משה בן־דוד (מאטיל) | . . . . . . | מיטגלידער |
| משה מיכאַלסקי | . . . . . . . . | מיטגלידער |

# פנקס
# גאָסטינין

## יזכור בוך

רעדאַקטאָר

י. מ. בידערמאַן

אַרויסגעגעבן פון

גאָסטינינער יזכור־בוך קאָמיטעטן

ניו־יאָרק—תל־אביב

1960—תש״ך

# PINCKAS GOSTYNIN

## *(Book of Gostynin)*

*Edited by* I. M. BIDERMAN

*Published* 1960 *by*
GOSTYNIN MEMORIAL BOOK COMMITTEES
in New York, U.S.A. & Tel-Aviv, Israel

שער־בלאַט און אותיות געצייכנט פון ע. מ. וויינער

געדרוקט ביי די ברידער שולזינגער

*Printed in the U.S.A. by*
SHULSINGER BROS. LINOTYPING AND PUBLISHING CO.
21 EAST FOURTH STREET NEW YORK 3, N. Y.

253

# אַ וואָרט פון גאָסטינינער יזכור־בוך־קאָמיטעט

(אָנשטאָט אַן אַריינפיר)

חרוב און פאַרוויסט איז איצט גאָסטינין, נישט געקוקט, וואָס די שטאָט איז געבליבן כמעט אומבאַרירט פון די קריגס־אָפּעראַציעס; די הייזער, די פּלעצער, די פאַרקן זיינען אויף זייערע ערטער אומבאַשעדיקטע — איז דאָך גאָסטינין, אונזער גאָסטינין, דאָס שיינע אידישע שטעטל, וואָס האָט געשמט מיט איר אידישער יוגנט, מיט אירע אידישע אינסטיטוציעס, מער נישטאָ אויף דער גרויסער אידישער וועלט־מאַפּע. גאָסטינין האָט געטיילט דעם זעלבן גורל, וואָס איז אַזוי גרויליק געפאַלן אויף אַלע גרויסע און קלענערע שטעט אין פּוילן. בעת דער לעצטער קאַטאַסטראָפע זיינען אונזערע ברידער און שוועסטער, וואָס האָבן דאָרט געלעבט, פאַרניכטעט און ליקווידירט געוואָרן מיט די גרויזאַמסטע עינויים, וואָס דער טייוולאָנישער היטלעריזם האָט צוגעטראַכט.

פון דער גאַנצער גאָסטינינער אידישער באַפעלקערונג זיינען נאָר גע־בליבן די, וואָס האָבן באַצייטנס אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און די, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל. גאָר אַ קליינע צאָל, האָט זיך אַרויסגע־ראַטעוועט פון חורבן. איינצלנע האַלעוועשקעס וואָס זיינען ניצול־געוואָרן פון דער שרעקלעכער שריפה, האָבן געפונען זייער אַנטרינונג אין מדינת־ישראל און אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

אין אַלעמענס הערצער טליעט אַ ליידנשאַפטלעכע בענקשאַפט צו יענע צייטן, ווען עס האָט פּולסירט אין דער ליבער היימשטאָט אַ וואַך אידיש לעבן. די נאָסטאַלגיע צו דעם הייליקן זכרון פון די אומגעקומענע און צו דער אַלטער היים, וואָס איז אומגעבראַכט געוואָרן האָט נישט געלאָזט רוען. זי האָט גערופן און געמאָנט. און ווען עס איז ענדלעך געקומען דער סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און ס'איז באַקאַנט געוואָרן דער גרויסער אידישער בראָך, איז רייף געוואָרן דער געדאַנק אויפצושטעלן אַן אייביקע מצבה פאַר אונזער היימשטאָט, גאָסטינין.

אויף איינער פון די זיצונגען פון דעם „גאָסטינינער סאָשל קלוב", וואָס

איז געגרינדעט געוואָרן אין ניו־יאָרק, שוין נאָכן חורבן, מיטן צוועק צו ברענגען מאַטעריעלע הילף און לינדערונג דער גאָסטינינער שארית־הפליטה איבער דער גאָרער וועלט און באַזונדערס די וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין דער אידישער מדינה, איז אויפגעקומען די אידייע אַרויסצוגעבן אַ יזכור־בוך, וואָס זאָל פאַראייביקן אונזער פאַרשניטענע קהילה־קדושה גאָסטינין.

אַזוי שנעל, ווי דער „גאָסטינינער סאָשל קלוב״ איז געקומען אין נאָענטן קאָנטאַקט מיטן פאַרבאַנד פון גאָסטינינער אידן אין ישראל אונטער דעם נאָמען „אירגון יוצאי גוסטינין״, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך דאָרט טראָגט מען זיך אַרום מיט דעם זעלבן געדאַנק. אין רעזולטאַט פון לאַנגע פאַר־האַנדלונגען איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דאָס בוך זאָל אַרויסגעגעבן ווערן בשותפותדיק פון די גאָסטינינער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק און אין ישראל.

עס זיינען אין פאַרלויף פון די נאָך־מלחמה־יאָרן דערשינען הונדערטער יזכור־ביכער, אין הייליקן אָנדענק פון אידישע קהילות. אַ סך פון זיי פאַר־מאָגן אַ גרויסן היסטאָרישן ווערט, אַלע אָבער זיינען געוואַלטיק־וויכטיקע מקורות פאַר דעם צוקונפטיקן שרייבער פון אידישער געשיכטע אין פוילן. על־פי־רוב זיינען די מאַטעריאַלן פון די דאָזיקע ביכער נישט געשריבן פון קיין פּראָפעסיאָנעלע שרייבער. עס באַטייליקן זיך אין זיי אַלע די וואָס האָבן געהאַט וואָס צו דערציילן וועגן דעם אַלגעמיינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן אין זייערע ישובים, פאַרשידנאַרטיקע זכרונות, וואָס גיבן צו קאָלאָריט צו דער באַשרייבונג פון די קהילות. באַזונדערע אָפּטיילונגען זיינען געווידמעט געוואָרן דער בלוטיקער פּרשה פון אידישן אומקום. פון די אַלע ביכער קוואַלט אַרויס ליבע, סענטימענט און בענקשאַפט: אַמאָל איז געווען...

פּונקט אַזוי איז צונויפגעשטעלט געוואָרן דאָס בוך וועגן גאָסטינין. די וואָס באַטייליקן זיך אין דעם בוך, האָבן זיך פאַר געהאַט אַן אויפגאַבע צו פאַראייביקן זייער היימשטאָט, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ באַדייטנדיקע אידישע קהילה, וואָס האָט זיך געטונקען אין דער ליכטיקייט פון דעם גרויסן רבין, וואָס האָט געשמט איבער דער גאָרער אידישער וועלט, האָט פאַרמאָגט אַ גוט־דערצויגענע אידישע יוגנט, אַ שלל פון פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס און אַ נעץ פון געזעלשאַפטלעכע און וואוילטעטיקע אינסטיטוציעס. ס׳רוב אַרטיקל־מחברים, האָבן נישט געהאַט קיין שרייבערישע אַמביציעס, דע־ריבער פּרעטענדירט נישט דאָס בוך צו זיין דער לעצטער אויסדרוק פון ליטעראַרישער קונסט.

דער פאַקט, וואָס באַזונדערע קאָמיטעטן אויף פאַרשידענע וועלט־קאָנטינענטן — אין אַמעריקע און אין ישראל — האָבן זיך מטפל געווען מיט די מאַטעריאַלן, דער פאַקט וואָס מען האָט געדאַרפט באַקומען די אַרטיקלען פון מענטשן וואָס זיינען צעזייט און צעשפרייט, האָט פאַרלאַנגזאַמט די אַרבעט אַרום דעם בוך. דאָס דערשיינען פון בוך איז פאַרצויגן געוואָרן צוליב טאַקע דער זעלבער סיבה: עס האָט גענומען אַ לאַנגע צייט ביזביידע הויפּט־גרופּען זיינען געקומען צו אַ פולשטענדיקער פאַרשטענדיקונג.

אַ חוץ אַלע אַנדערע שוועריקייטן, האָבן זיך די אַרויסגעבער פון בוך אָנגעשטויסן אויף שווערע פינאַנציעלע פּראָבלעמען. זאָל דאָ אונטערשטראָכן ווערן דער דערפרייענדיקער פאַקט, אַז כמעט אַלע מיטגלידער פון „גאָסטינינער סאָשל קלוב" האָבן בייגעשטייערט צום בוך־פאָנד; באַדייטנדיקע סומען האָבן בייגעשטייערט די מיטגלידער פון בוך־קאָמיטעט. אַ גאַנץ באַזונדערע אָנער־קענונג קומט אונזער בן־עיר, חבר און נאָענטן מיטאַרבעטער פון בוך־קאָ־מיטעט, הערמאַן קראַוז (הירש קרוטשיק), וואָס זיין בייטראָג צום בוך־פאָנד איז געווען אַ סובסטענציאָנעלער און האָט געדינט ווי דער פונדאַמענט פאַר דער גאַנצער בוך־אונטערנעמונג.

זאָל דאָ אויך אויסגעדריקט ווערן אַ האַרציקע יישר־כוח צו אַלע וואָס האָבן אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר געהאָלפן אויף אַ פּראַקטישן אופן אין דער דורכפירונג פון דעם יזכור־בוך־פּלאַן, ספּעציעל צו דער קליינער גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון ישכר מאָטיל, יוסף קעללער, מאיר־דוד טרעמסקי און יעקב גאָסטינסקי. זאָל דאָ באַזונדערס דערמאָנט ווערן דער נאָמען פון אונזער ליבן חבר, שמואל קעללער, וואָס האָט מיט אונז מיטגעאַרבעט אומ־דערמידלעך און איז ליידער אין מיטן פון דער אַרבעט אַוועק פון דער וועלט. זיי האָבן אָפּגעהאַלטן אומצייליקע זיצונגען און האָבן זיך געזאָרגט וועגן יעדן פּרט אין דעם ספר, און יעדער דעטאַל האָט זיי אינטערעסירט און איז זיי אָנגעגאַנגען.

אויב דאָס בוך, ווי אַ גאַנצעס, וועט אויפגענומען ווערן מיט חשיבות און וועט געפעלן ווערן דער ברייטער לייענערשאַפט, וועט דאָס זיין צו פאַרדאַנקען דעם רעדאַקטאָר פון דעם בוך, דעם חשובן שרייבער און דער־ציער, י. מ. בידערמאַן. זיין אַרבעט איז ווי געהעריק אָפּגעשאַצט געוואָרן פון אַלע וואָס האָבן מיט אים מיטגעאַרבעט.

דאָס דערשיינען פון בוך איז די פאַרווירקלעכונג פון אַ לאַנג־יאָריקן חלום, פון אַ הייליקן ווּאונטש צו פאַראייביקן די געשיכטע פון אידישן גאָסטינין, צו שאַפן אַ מאָנומענט פאַר די גאָסטינינער קדושים, וואָס זיינען אומגעקומען אין די יאָרן פון פורכטבאַרן צאָרן — ת״ש־תש״ה.

יוסף קעללער

סעקרעטאַר פון בוך־קאָמיטעט

# באַמערקונגען פון רעדאַקטאָר

די אויפגאַבע פון אַ רעדאַקטאָר פון אַ יזכור־בוך איז אַ דרייפאַכיקע: א) פלאַנירן די אויסגאַבע, ב) פאַנאַנדערטיילן די טעמעס, וואָס באַזונדערע שרייבער דאַרפן באַארבעטן, און לסוף ג) צוגרייטן דעם גאַנצן מאַטעריאַל צום דרוק.

אין פאַל פון „פנקס גאָסטינין" איז די אויפגאַבע פון רעדאַקטאָר געווען אַ סך איינפאַכער: דער מאַטעריאַל איז שוין געווען אָן אָנגעשריבענער. די אויפגאַבע איז אָבער מהאי טעמא געוואָרן קאָמפּליצירטער; וואָרום עס איז אים אויסגעקומען זיך צו ראַנגלען מיט אַ ריי מאָמענטן, וואָס וואָלטן, מעגלעך, געקענט אויסגעמיטן ווערן, ווען ער וואָלט דאָס בוך לכתחילה פלאַנירט. קען זיין, אַז ער וואָלט געווען אימשטאַנד אַרומצונעמען מיט געהעריקע אַרטיקלען, איבערזיכטן און זכרונות, געשריבן פון באַרופענע יחידים, די גאַנצע און פולע גאַמע פון אידישן לעבן אין גאָסטינין, אין אַלע זיינע אַנטפּלעקונגען — פון די סאַמע אָנהויבן פון גאָסטינינער אידישן ישוב ביז צו זיין סאַמע טראַגישן סוף. אפשר וואָלטן אַזוי אַרום ניט דערלאָזט געוואָרן אומנויטיקע דופּליקאַציעס אין די פאַרשיידענע שילדערונגען.

דער רעדאַקטאָר גיט זיך אָפּ אַ חשבון, אַז די באַטייליקטע אין דעם יזכור־בוך זיינען נישט קיין פּראָפעסיאָנעלע שרייבער און אַז די מיטגלידער פון דעם בוך־קאָמיטעט איז דאָס ערשטע מאָל אויסגעקומען צו האָבן צו טאָן מיט פאַרעפנטלעכן אַ ספר. זאָל אָבער אונטערגעשטראָכן ווערן דער פאַקט, אַז די מחברים פון די פּובליקירטע אַרבעטן האָבן געשריבן מיט דער בעסטער כוונה צו פאַראייביקן יענע אָפּשניטן פון אידישן געזעלשאַפטלעכן גאָסטינין, אין וועלכע זיי האָבן זיך באַטייליקט אָדער וועגן וועלכע זיי האָבן געהאַט אַ ידיעה. אין דעם דאָזיקן קאָלעקטיוון פאַרמעסט האָבן זיי, אָבער, פאַרזען אַ ריי אַספּעקטן, וואָס האָבן געדאַרפט גענומען ווערן אין אַכט. דער פאַקט, וואָס די באַטייליקטע אין בוך זיינען צעזייט און צעשפּרייט איבער די פאַראייניקטע שטאַטן, ישראל און אַ ריי אייראָפּעאישע לענדער, האָט אויך נישט געהאָלפן צו האַלטן אַן אויג אויף די נויטיקע גאַנצקייט פון אַ היסטאָרישן איבערבליק.

האָט דער רעדאַקטאָר געמוזט בדיעבד, אין דער געשאַפענער סיטואַציע, נאָך דעם דורכלייענען דעם מאַטעריאַל און צוגרייטן אים צום דרוק, אין אַ געוויסער מאָס אויספילן די בלויזן. ער האָט געפונען אינפאָרמאַציע וועגן דער אַנטשטייאונג פון דער שטאָט און ידיעות וואָס רעפלעקטירן אויך אויף די בראשיתן פון אידישן ישוב און זיין אַנטוויקלונג. ניט אַלץ האָט זיך אָבער געלאָזט אויסגלייכן און עס זיינען פאַרבליבן אַ ריי פעלערן אין דער קאָנסטרוקציע פון דעם „פנקס" און אַ ריי פאַזן פון עפנטלעכן לעבן אין אידישן גאָסטינין, וואָס זיינען געבליבן נישט געדעקט אין דעם בוך.

אַ ריי אַרטיקלען זיינען געשניטן געוואָרן, טייל איבערגעשריבן צוליב דעם, וואָס זיי האָבן אַנטהאַלטן דעטאַלן, וואָס אַנדערע האָבן שוין אויספירלעך באַשריבן, אָדער אַזעלכע פּרטים, וואָס זיינען געווען פון אַן אינטים־פּריוואַטן אָדער פאַמיליען כאַראַקטער. גראָד דערפאַר, וואָס דער רעדאַקטאָר איז נישט קיין גאָסטינינער און ער האָט קיין שום חשבונות נישט מיט דער אָדער מיט יענער גאָסטינינער פאַמיליע, אויך נישט קיין שום פאָראורטיילן קעגן וועמען דאָס זאָל נישט זיין אין אַרום גאָסטינין — האָט ער געקענט טאָן זיין אַרבעט אָן שום משוא פּנים. דער רעדאַקטאָר האָט אָבער קיין מאָל נישט געביטן די הויפּט־געדאַנקען פון די מחברים. געוויסע מאַנוסקריפּטן זיינען, ליידער, אָנגעקומען צו שפּעט און דערפאַר נישט געקענט געדרוקט ווערן.

עס דאַרף אויסגעדריקט ווערן אָנערקענונג צו די אַלע גאָסטינינער לאַנדס־לייט אין ניו־יאָרק, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן אַן ערנסטע באַציאונג צום „פנקס" און אַ סך פאַרשטענדעניש אין דער אַרבעט, האָבן געטאָן אַלץ וואָס איז געווען אין זייער יכולת, אַז דאָס ספר זאָל אַרויסקומען ווי אַמשענסטן און ווי אַמפולסטן און קענען דינען ווי א ווירדיקער מאָנומענט פאַר דער פאַרשניטענער אידישער קהילה אין גאָסטינין.

אַ באַזונדער דאַנק קומט די פריינט יוסף קעללער, ישכר מאָטיל און יעקב גאָסטינסקי פאַר דעם געוואַלדיקן אינטערעס, וואָס זיי האָבן אַרויסגע־וויזן אין דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט און פאַר זייער אַקטיווער באַטייליקונג אין אַלע צוגרייטונגס־טעטיקייטן אַרום דעם „פנקס גאָסטינין". זיי זיינען אויך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם לעצטן אָפּטייל פון בוך, דעם „יזכור", וואָס זיי האָבן צונויפגעשטעלט און באַאַרבעט.

י. מ. בידערמאַן

# ג אָ ס ט י נ י ן

## (ידיעות וועגן דער שטאָט און אירע אידן)

פון „סלאָווניק געאָגראַפיטשני קרולעסטוואַ פּאָלסקיעגאָ״ (געאָגראַפישער ווער־טערבוך פון פּוילישן קעניגרייך), 2טער טייל, וואַרשע, 1881, (פּויליש)

גאָסטינין איז אַ פּאָוויאַט שטאָט אין דער וואַרשעווער גובערניע לעבן דעם טייך סקרווא *) פון מערב און אָסטעניאַ פון מזרח, ליגט אין דער געאָגראַ־פישער ברייטקייט פון 52°42',8 און אין דער לענג 37°11',3 אויפן טראַקט פון קוטנע קיין פּלאָצק, אין אַ מרחק פון 22 וויאָרסט פון קוטנע, 21 וויאָרסט פון גאָמבין, 24 וויאָרסט פון קאָוואַל, 129 וויאָרסט פון וואַרשע. פאַרמאָגט אַ געמויערטע פּאַראַפיאַלע קאַטוילישע קירך, אַ געמויערטע פּאַראַפיאַלע עוואַנגעלישע קירך, אַן אָנהייבער שול און אַן עוואַנגעלישע שול, אַ פרידנס געריכט פון דריטן קרייז, וואָס געהערט צום ריכטער־צוזאַמענפאָר אין וולאָצ־לאַוועק און וואָס נעמט אַרום די שטאָט גאָמבין, די פאַרוואַלטונג פון פּאָוויאַט, דעם שטאָטישן אַמט, די פאַרוואַלטונג פון די רעגירונגס וועלדער, אַ פּאָסט־סטאַנציע.

אין יאָר 1827 האָט גאָסטינין געציילט 98 הייזער און 1523 איינוואוינער. אין 1861 זיינען דאָ געווען 37 געמויערטע הייזער און 138 הילצערנע; 3311 איינוואוינער, אין דער צאָל — 1160 עוואַנגעליקן און 785 אידן.

איצט **) ציילט גאָסטינין 6174 איינוואוינער (2889 מענער און 3285 פרויען). די הכנסה פון דער שטאָטישער קאַסע מאַכט אויס 9443 רוסישע רובל. דער שטאָטישער רעזערוו־קאַפּיטאַל — 41985 רוסישע רובל, דער אייזערנער קאַפּיטאַל — 9177 רוסישע רובל.

צווישן די פאַבריק־אונטערנעמונגען זיינען דאָ פאַראַן 3 גאַרבערייען און צוויי קליינע איילמילן.

---

*) אין דער אידישער אומגאַנגס־שפּראַך האָט מען די סקרווא גערופן בוך.

**) אין 1881, ווען דער דאָקומענט איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן.

די היגע באַפעלקערונג פאַרנעמט זיך מיט וואָל־וועבעריי, וואָס האָט זיך דאָ אַנטוויקלט פון דער צייט, ווען אין יאָר 1824 זיינען דאָ קאָלאָניזירט געוואָרן 105 טוך־ספּעציאַליסטן, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן פון דייטש־לאַנד און פאַר וועלכע מען האָט דאָ איינגעאָרדנט אַ וואָל־פּרעס, אַ שערעריי און אַ פאַרבעריי.

גאָסטינין איז אַ גאָר אַלטער ישוב און איר אָנהויב האָט זי צוצושרייבן דעם פאַרטיידיקונגס־שלאָס, וואָס שטאַמט מסתמא זינט דער פּרעהיסטאָרישער תקופה. דער דאָזיקער שלאָס, ווי דער הויפּט־פּונקט פון פאַרטיידיקונג פאַר דער גאַנצער געגנט, האָט געגעבן דעם נאָמען דעם גאַנצן גאָסטינינער לאַנד. דער דאָזיקער שלאָס איז אָפט געווען דאָס זיץ־אָרט פון די קויאַווער פירשטן און אַנדערע. דער שלאָס גופא איז געווען אַן אָביעקט פון אָפטע קאַמפן: עס פאַרנעמט אים מיט כוח אין יאָר 1286 קאָנראַד פון מאַזאָוויען, מיט שטורעם ציט צו אים וואַצלאַוו דער טשעך אין יאָר 1300. זשעמאָוויט, דער מאַזאָווישער פירשט האָט פאַרוואַנדלט דעם ישוב ביים שלאָס דורך אַ פּריווילעגיע פון 1382טן יאָר אין אַ שטאָט, וואָס געניסט פון דעם א. ג. כעלמער געזעץ און האָט דער שטאָט געגעבן די זעלבע פּריווילעגיעס, וואָס עס האָט געהאַט פלאָצק. נאָך דעם טויט פון די פלאָצקער פירשטן, וואָס האָבן נישט איבערגעלאָזן קיין יורשים, האָט קאַזימיר דער יאגעללאָנער איינגעגלידערט גאָסטינין אין יאָר 1462, צוזאַמען מיט דעם גאַנצן לאַנד, אין דעם קעניגרייך, באַשטעטנדיק דערביי די שטאָטישע פּריווילעגיעס און פרייהייטן.

אין יאָר 1552 האָט אין גאָסטינין געוויילט אין פאַרלויף פון עטלעכע וואָכן דער מלך זיגמונד אויגוסט. קרישטאָף שידלאָוויצקי, דער קרוין־קאַנצלער, האָט צוריק אויפגעבויט און פאַרפעסטיקט דעם היגן שלאָס אין אָנהויב פון זעכצנטן יאָרהונדערט, אָבער שוין אין יאָר 1564 האָבן די אָפּי־ציעלע אונטערזוכערס פעסטגעשטעלט, אַז ער איז אין אַ שלעכטן צושטאַנד. מען האָט דעם שלאָס נאָכאַמאָל צוריק אויפגעבויט, ווען אין יאָר 1611 איז ער באַשטימט געוואָרן ווי אַ וואוינאָרט פאַר וואַסיל שויסקי, וואָס איז גענומען געוואָרן אין געפענגעניש צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע. דאָ איז געשטאָרבן דער צאַר וואַסיל אַליין און זיין ברודער דימיטער אין יאָר 1612, אויך זיין ווייב און זייערע קערפּערס זיינען צוערשט באַערדיקט געוואָרן הינטער דעם שלאָס־דאָרף.

גאָסטינין איז געווען אַ פּאָוויאַט שטאָט אין דער ראַווער וואָיעוואָדשאַפט. װערדום האָט ביים סוף פון 17טן יאָרהונדערט דאָ אָנגעטראָפן דעם אַלטן שלאָס אַרומגערינגלט פון זומפן הינטער דער שטאָט. דער דאָזיקער שלאָס איז חרוב געוואָרן אין פאַרלויף פון 18טן יאָרהונדערט; בלויז דער פּיר־קאַנטיקער טורעם איז ניצול געוואָרן אַ דאַנק דעם, וואָס די איבערגעבליבענע מויערן זיינען איבערגעבויט געוואָרן אין אַן עוואַנגעלישער קירך. אין יאָר 1809 האָט אַ מוראדיקע שריפה אָפּגעבר׳ענט די גאַנצע שטאָט...

...די רעגירונגס־גיטער פון גאָסטינין, לויט ידיעות פון יאָר 1859, זיינען באַשטאַנען פון דער שטאָט גאָסטינין און דער אומגעגנט: ביעלאַני, כאָיענקאַ, נאגאדאָוו, אָסטראָווין, פּאָלעסיע און סאָכאָרס טאַרטאַק.

דער גאָסטינינער פּאָוויאַט אין דער וואַרשעווער גובערניע ליגט אויף דעם לינקן ברעג פון דער ווייסל, וואָס איז זיין צפון־מזרחדיקע גרענעץ און ציט זיך לענג אויס 45 וויאָרסט; מזרח־צו גרענעצט ער מיט דעם סאָכאַטשעווער און לאָיוויטשער פּאָוויאַטן, דרום־צו מיט דעם לאָיוויטשער און קוטנער און מערב־צו מיט דעם וולאָצלאַווקער פּאָוויאַט.

דער גאָסטינינער פּאָוויאַט איז געשאַפן געוואָרן אין רעזולטאַט פון לעצטן פאַנאַנדערטייל פון דעם קעניגרייך אין יאָר 1866 פון אַרום אַ העלפט פון אַמאָליקן גאָסטינינער פּאָוויאַט און טיילן פון וולאָצלאַווקער פּאָוויאַט, וואָס באַשטייט היינט פון דער דונינאָווער גמינע...

...די הויפּט קאָמוניקאַציע־אַרטעריע פאַר תבואה־טראַנספּאָרטאַציע איז די ווייסל... אַ שאָסיי פון צווייטן ראַנג (אַ גובערניאַלער) שניידט דורך דעם פּאָוויאַט אין דער ריכטונג פון קוטנע דורך גאָסטינין קיין פּלאָצק, אַן ענ־לעכער שאָסיי פירט פון דער שטאָט גאָמבין צום דאָרף סאָניק און פון דאַנען פירט איין וועג אין די שטאָט סאָכאַטשאָוו און דער צווייטער וועג אין די שטאָט לאָיוויטש.

דער גאָסטינינער פּאָוויאַט איז צונויפגעשטעלט פון צוויי שטעט: גאָמבין און די פּאָוויאַט־שטאָט גאָסטינין, פון צוויי ישובים, פריער שטעטלעך: קערנאָז און אָסמאָלין און פון 676 דערפער, גיטער אדג״ל. דער פּאָוויאַט איז באַפעלקערט פון 78.165 נפשות (37.336 מענער, 40.809 פרויען) — פּראָוואָ־סלאַוון — 6.139, קאַטאָליקן — 52.259, עוואַנגעליקן — 13.646, אידן — 5.279, אַנדערע רעליגיעס — 842...

פון דער „יעווריסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ" (אידישע ענציקלאָפּעדיע), אונטער דער אַלגעמיינער רעדאַקציע פון ד"ר ל. קאַצענעלסאָן און באַראָן ד. ג. גינצבורג, זעקסטער טייל, פעטערבורג (רוסיש).

אין די פּוילישע צייטן [1] איז גאָסטינין געווען אַן אַדמיניסטראַטיווער פּונקט אין דעם גלייכגערופענעם לאַנד [2], וואָס איז געווען אַ באַשטאַנדטייל פון דער ראַווער וואָיעוואָדשאַפט.

לויט דער ציילונג פון יאָר 1765 האָבן אין גאָסטינין געלעבט 157 אידן און אין גאַנצן לאַנד — 1791.

איצט — אַ קרייז־שטאָט אין דער וואַרשעווער גובערניע. אין די יאָרן 1823 ביז 1862 האָט אין גאָסטינין עקזיסטירט אַ אידישער קוואַרטאַל. מחוץ די באַשטימטע גאַסן האָבן געמעגט וואוינען נאָר פּריווילעגירטע אידן, וואָס זיינען נאָכגעקומען באַשטימטע באַדינגונגען (לויט דעם מוסטער פון וואַרשע) [3].

אין יאָר 1856 האָבן אין גאָסטינין געלעבט 2445 קריסטן און 634 אידן, אין 1897 האָט די באַפעלקערונג באַטראָפן 6747, פון וועלכע 1849 זיינען געווען אידן. אין גאַנצן גאָסטינינער לאַנד האָבן געלעבט איבער 80 טויזנט נפשות, 5709 אידן.

אין אַלע ישובים אין גאָסטינינער לאַנד מיט אַ באַפעלקערונג נישט ווייניקער פון 500 נפשות, האָבן אידן געבילדעט דעם גרעסטן פּראָצענט. אין גאָמבין איז די באַפעלקערונג געווען 5137, פון וועלכע 2539 זיינען געווען אידן; אין קערנעזשע האָט די אַלגעמיינע באַפעלקערונג אויסגעמאַכט 536, פון וועלכע 222 זיינען געווען אידן און אין סאַניק זיינען פון 1409 נפשות 216 געווען אידן.

---

1) פאַר דער צעטיילונג פון דער פּוילישער מלוכה.

2) גאָסטינינער לאַנד.

3) צווישן אַנדערע האָבן יענע אידן געדאַרפט שיקן זייערע קינדער אין די אַלגעמיינע שולן, צאָלן אַ געוויסן הויכן שטייער און זיין קורץ געקליידעט.

פון דער „ענציקלאָפּעדיאַ יודאַאיקאַ״ (יודאַאיסטישע ענציקלאָפּעדיע), אונטער דער רעדאַקציע פון ד״ר יעקב קלאַצקין און פּראָפ. ד״ר י. עלבאָגען, זיבעטער טייל, פאַרלאַג אשכול, בערלין (דייטש)

אַ פּאָוויאַטאָווע שטאָט אין פּוילן אין דער וואַרשעווער וואָיעוואָדשאַפט. אין יאָר 1765 האָבן אין גאָסטינין געלעבט 157 אידן, אין 1856 — 634, אין 1897 — 1849 אידן (אַלגעמיינע באַפעלקערונג 6747) און אין יאָר 1921 — 1831 אידן (אַלגעמיינע באַפעלקערונג 6684).

אין די יאָרן 1823 — 1862 האָבן עקזיסטירט אין גאָסטינין באַזונדערע קוואַרטאַלן פאַר די אידישע איינוואוינער. די אַלטע שול האָט אָפּגעברענט און אין יאָר 1899 איז זי צוריק אויפגעבויט געוואָרן. די גאַס, אויף וועלכער די שול איז געשטאַנען, איז פריער געווען די אידן־גאַס. אַ זייטיק געסל פון אָט דער גאַס האָט אין פאָלקסמויל זיך גערופן „דאָס טויטנגעסל״, ווייל דאָרט איז געלעגן דער אַלטער בית־עולם.

פון „ספר הזוועות״ (דאָס בוך פון גרוילן), אונטער דער רעדאַקציע פון בנימין מינץ און ד״ר ישראל קלויזנער, זטער טייל, תש״ה, 1945 (העברעאיש) *)

שבת שובה **) האָבן די נאַציס פאַרנומען גאָסטינין. באַלד האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו די פּאָלאַקן און צו די אידן זיך צו פאַרזאַמלען אויפן שטאָטישן פּלאַץ. נאָכדעם האָבן זיי באַפוילן, אַז די אידן זאָלן זיך שטעלן אויף איין זייט און די פּאָלאַקן אויף דער צווייטער זייט פון פּלאַץ. שפּעטער האָבן זיי געהייסן די אידן זיך אַוועקלייגן אויף דער ערד און גע־שריגן, אַז אַלע וועלן געשאָסן ווערן „ווי די הינט״. לאַנגע שעה׳ן זיינען זיי אַזוי אַרומגענומען פון טויט־שרעק געלעגן אויף דער ערד. יעדע מינוט האָבן זיי געמיינט, אַז דאָס שיסעריי וועט מאַכן צו זיי אַ סוף. פּלוצים האָט מען זיי אויפגעפּאָדערט זיך אויפצוהויבן, אויפצושטעלן זיך אויף די קניען און זאָגן ווידוי. יעדער האָט געמוזט אַוועקגעבן אַלץ וואָס ער האָט געהאַט אין זיינע קעשענעס. אַרום פינף אַזייגער פאַרנאַכט האָבן די דייטשן אָנגעהויבן זיי שמייסן מיט די בייטשן. דער גאַנצער פּלאַץ איז אין אַן אויגנבליק פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ בלוטיקן זומפּ. די געוואַלדן זיינען דערגאַנגען ביז

*) פּראָטאָקאָל פון א גביית־עדות אין תל־אביב, דעם 17טן פעברואַר, 1940.

**) יאָר 1939, מיטן אָנהויב פון דעם צווייטן וועלט־קריג.

צום הימל. נאָך אַ געוויסער צייט זיינען זיי באַפרייט געוואָרן און עס איז זיי דערלויבט געוואָרן אומצוקערן זיך אין זייערע הייזער. צומאָרגנס האָט זיך אָנגעהויבן דער רויב. די נאַציס האָבן אָנגעזאַמלט ביי די אידן אַלע זייערע ספרים און זיי פאַרברענט. עטלעכע פון די אָנגעזעענע אידן אין שטאָט האָבן זיי געשלאָגן כמעט ביז צום טויט. צום איזדעקעווען זיך האָט גאָר קיין סוף נישט גענומען. די דייטשן האָבן זיי געצוואונגען צו רייטן איינער אויף דעם אַנדערן, צו שפּייען אין פּנים און שלאָגן.

יום־כיפּור האָבן די נאַציס צונויפגעזאַמלט אַלע גאָסטינינער איינוואוינער, אידן און פּאָלאַקן, און זיי אַריינגעיאָגט אין דער קריסטלעכער קירך. דאָס איז געקומען ווי אַ שטראָף פאַר עטלעכע „מביינים״, וואָס מען האָט געפונען אין דעם טאָג, וואָס איז הייליק פאַר אידן. דריי טעג זיינען אַלע געווען פאַרמאַכט אין דער קירך אָן עסן און אָן טרינקען. זיי זיינען געווען געצוואונגען דאָרט צו טאָן זייערע באַדערפענישן און אַזוי אַרום פאַרשוועכן דאָס קריסטלעכע הייליקטום. נאָך דריי טעג, ווען זיי זיינען באַפרייט געוואָרן, האָט מען זיי געצוואונגען צו רייניקן דעם דיל פון דער קירך מיט די נאַקעטע הענט.

די דייטשן האָבן געצוואונגען דעם רב צו קלייבן פערד־מיסט אין די גאַסן פון דער שטאָט און אַריינלייגן עס אין זיין שטריימל. זיי האָבן אויך אָפּגעשאָרן אים די באָרד און די האָר האָבן זיי אַריינגעלייגט אין שטריימל.

די שול איז אונטערגעצונדן געוואָרן און זיי האָבן נישט דערלויבט צו לעשן דאָס הויז, וואָס האָט געברענט צוזאַמען מיט די ספרי־תורה. דאָס בית־מדרש איז פאַנאַנדערגענומען געוואָרן פון די אידן אַליין, וואָס זיינען געצוואונגען געוואָרן דערצו דורך די נאַציס, וואָס האָבן זיי געשלאָגן מיט בייטשן און ביקסן־שטולן. דאָס בית־מדרש איז געווען געבויט פון האָלץ. די אידן זיינען געצוואונגען געוואָרן פאַנאַנדערצוטיילן דאָס געהילץ פון חרובן בית־מדרש צווישן די דייטשן, וואָס האָבן געוואוינט אין שטאָט. מיט גרויס איינשטעלעניש האָבן די אידן אָפּגעראַטעוועט די ספרי־תורה און האָבן זיי אויסבאַהאַלטן אין דער מקווה. די דייטשן האָבן שפּעטער באַפוילן פאַנאַנדערצונעמען דעם מרחץ און גרויס איז געווען די שרעק, טאָמער וועלן די דייטשן געפינען די ספרים. די אידן זיינען דורך אַ נס ניצול געוואָרן, ווען עס איז זיי געלונגען אַרויסצונעמען די ספרים און די נאַציס האָבן עס נישט באַמערקט.

פון „ביולעטין זשידאָווסקיעגאָ אינסטיטוטו היסטאָריטשנעגאָ״ (ביולעטין פון אידישן היסטאָרישן אינסטיטוט) נר. 13־14, וואַרשע, 1955, אין דער אויס־פירלעכער אַרבעט פון ד. דאמבראָווסקאָ א. ד. נ. „די פאַרניכטונג פון אידן אין וואַרטעלאַנד״ (פויליש)

**אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע האָט גאָסטינין געהערט צו דעם וואַר־טעלאַנד, צום דיסטריקט פון אינאָווראָצלאַוו.**

**פאַר דעם 1טן סעפּטעמבער 1939 האָבן זיך אין גאָסטינין געפונען 2269 אידישע נפשות.**

**אין דעצעמבער 1941 האָבן אין גאָסטינין געלעבט 2250 אידן פון וועלכע 1650 זיינען געווען גאָסטינינער תושבים און 650 — פּליטים פון פאַרשיי־דענע שטעט.**

**פאַר אַפּריל 1942, בעת עס איז פאָרגעקומען די אויסזידלונג פון אידן קיין כעלמנאָ, האָבן אין גאָסטינין געלעבט 2000 אידן.**

# דער
# גוטער־איד
# פון גאָסטינין

**י. מ. בידערמאַן**



י. מ. בידערמאַן

מען דערציילט וועגן דעם גאָסטינינער רבין, אַז יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט אומקערן זיך פון אַ נסיעה קיין קאָצק, פלעגט ער זיך אַוועקשטעלן אויפן בריקל און זיך אויסדרייען מיט כוונה אין דער ריכטונג צו קאָצק און פון זיינע אויגן האָבן זיך געגאָסן טרערן. דאָס זיינען געווען טרערן פון בענק־שאַפט, פון גרויסער לעכצונג צום מעכטיקן גייסט, וואָס האָט אַרויסגעשטראַלט פון דער פייערדיקער זון וואָס האָט געלויכטן אין קאָצק.

די זון האָט אַ טבע צו צעשמעלצן, ווייכער מאַכן קעגנשטאַנדן, אַמאָל אויך צו פאַרברענען זיי אָדער אויסטריקענען. דער עפעקט פון איר ווירקונג איז אָפּהענגיק קודם־כל אין דער סובסטאַנץ פון דעם אָביעקט. ר׳ מענדעלע קאָצקער האָט אין דער חסידישער וועלט פון זיין צייט געווירקט אויףביידע אופנים: ווען ער האָט פאַרברענט און ווען ער האָט ווייך געמאַכט. דעם גאָסטינינער האָט די קאָצקער זון ווייכער געמאַכט, זיין האַרץ אָנגעפילט מיט מער רחמים, זיין גאַנצן וועזן דורכגעווייקט מיט האַרציקער גוטסקייט, איבער־מענטשלעכן געניאָד און גרענעצלאָזער ליבשאַפט.

ווען אין קאָצק האָט זיך צעפלאַקערט דאָס גרויסע פייער מחמת ר׳ מענדעלע האָט זיך אָפּגעזונדערט אין זיין חדר פאַר לאַנגע יאָרן און פון דעם רבינס דלד אמות האָבן אָפּגעהילכט בייזע, צאָרנדיקע רייד, וואָס האָבן פאַריאָגט די שטענדיקע יושבים, אָפּגעקילט די נאָכפאָלגער און גורם געווען אַ צעטומלעניש צווישן די נאָענטסטע מקורבים — זיינען ביידע — ר׳ איטשע מאיר וואַרשעווער, דער שפּעטערדיקער חידושי הרי״ם, און ר׳ יחיאל מאיר

גאָסטינינער, דער שפּעטערדיקער תהלים־איד — געבליבן פּעלזן־פעסט און געטריי אין זייער לאָיאַלקייט צו זייער רבין. דער וואַרשעווער עילוי האָט אָנערקענט קאָצק ווי דעם צענטער פון תורה און לומדות און דער גאָסטינינער גוטער־איד האָט איינגעזען, אַז אין תוך גענומען איז נוסח קאָצק דיקטירט פון די טיפסטע קוואַלן פון גוטסקייט.

ער האָט שוין אין דער ערשטער באַרירונג מיט דעם קאָצקער פייערדיקן זייל באַנומען די ליכט, וואָס גייט פון דאָרט אויף:

— זאָלסט זיך פאַר אונז נישט שרעקן — האָט געזאָגט ר׳ מענדעלע צו ר׳ יחיאל מאירן — מיר זיינען דאָ גאָרנישט נישט מחדש. מיר אַרבעטן שווער אַרויסצוברענגען בלויז פון יעדן איינעם דאָס, וואָס ס׳געפינט זיך אין אים...

האָט ער געוואוסט דעריבער, ר׳ יחיאל מאיר גאָסטינינער, אַז מיט דעם רבינס כוח, מיט דער קראַפט פון זיין שטראַלנדיקן, הימלען־גרייכנדיקן גייסט, קענען זיינע אינערלעך־פאַרבאָרגענע אייגנשאַפטן, וואָס זיינען צוגע־דעקט מיט שווערע שיכטן פון בשר־ודמיקע באַגריפן און פאַרזונקען אונטער אַ באַרג פון מענטשלעכע געוואוינהייטן און פּירונגען, אַרויסגעהויבן ווערן, אויסגעאיידלט ווערן, פאַרטיפט ווערן, כדי צו ווערן פאַקטאָרן וואָס ווירקן אויף דעם וואָס טראָגט זיי און באַווירקן דעם מיטמענטש.

לכאורה, איז דער דיסטאַנץ צווישן דעם שטרענגן, אָנגעכמורעטן קאָצק און דעם מענטשלעכן, מילדן, גוטהאַרציקן גאָסטינין אַ געוואַלטיק גרויסער. זיי זיינען טאַקע אָפּט דערשינען ווי אַנטקעגנגעזעצטע כאַראַקטערן מיט באַזונדערע שטריכן, אַנדערשדיק אין זייער אויפפיר, אין זייער באַנעמונג, אין זייערע רייד. אָבער זיי האָבן געשטאַמט פון איין וואָרצל; זיי האָבן זיך קעגנזייטיק דערגענצט. זיי זיינען געווען אין דער בחינה פון הלל און שמאי, וואָס האָבן געדענקט אין פאַרשידענע קאַטעגאָריעס, וואָס זייערע גייסטיקע קוואַליטעטן זיינען געווען קאָנטראַסטיק, זיי זיינען אָבער געזעסן אונטער איין דאַך פון הלכה־אידישקייט, האָבן זיך געצויגן איינער צום צווייטן און געדאַרפט אָנקומען איינער צום צווייטן. צומאָל האָט זיך צווישן זיי פאַנאַנדערגעשפּרייט אַן אָפּגרונט — זיי זייגען אָבער געווען פון איין טייג געקנאָטן און שפּעטערדיקע דורות האָבן זיי פאַרבונדן און דערנענטערט. ביידע זיינען זיי געווען די גאַנצ־קייט פון יעקבס לייטער: ר׳ מענדעלע קאָצקער איז געווען „ראשו מגיע השמימה", ער האָט געשוועבט אין די הימלען, געווען אויסגעטאָן פון ערדישע ענינים, וואָס זיינען נוגע וועלט און מענטש; ר׳ יחיאל מאיר איז געווען „מוצב

ארצה״, ער האָט צוגעלאָזט צו זיך מענטשן, געהאָלפן זיי אין זייער פּיין און געהאַט אַן אויער פאַר זייערע ווייטיקן און פּאַרדרוסן.

ווען די גאָסטינינער פּרנסים האָבן ר׳ יחיאל מאירן געפרעגט פאַר שבועות, בשעת ער האָט זיך געגרייט, ווי זיין שטייגער איז געווען, צו פאָרן קיין קאָצק, צוליב וואָס פאָרט ער קיין קאָצק, צי קען מען זיך דען נישט פרייען מיט זמן מתן־תורתנו אין גאָסטינין פּונקט אַזוי ווי מען טוט דאָס אין קאָצק, האָט זיי דער גאָסטינינער גוטער־איד געענטפערט: „אין גאָסטינין טייטשט מען דעם „לא תגנוב״, זאָלסט נישט גנבענען ביי אַ צווייטן; אין קאָצק אָבער טייטשט מען דעם דאָזיקן געבאָט פון דער תורה — זאָלסט זיך אַליין נישט באַגנבענען, זאָלסט זיך נישט גענאַרן. גניבת־הדעת איז אויך גניבה...״

ערלעכקייט צו אַנדערע און צו זיך אַליין איז געווען דער דרך פון גאָסטינין.

ביידע האָבן אין זייער חסידות געשטאַמט פון פשיסכע. קאָצק האָט פשיסכע נאָכמער פאַרשאַרפט, צוגעשפּיצט; גאָסטינין האָט פשיסכע — פאַר־איינפאַכט. פשיסכע האָט נישט גורס געווען דעם ענין תהלים־זאָגן: תהלים קענען אויך זאָגן פּשוטע אידן, אָן חכמות. מען האָט דאָרט נישט געהאַלטן פון זאָגן, פון איבערזאָגן, אַפילו נישט פון זאָגן קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל פון הייליקן תהלים. קאָצק איז געגאַנגען נאָך ווייטער און האָט דערקלערט, אַז דער, וואָס דאַוונט היינט, ווייל ער האָט געדאַוונט נעכטן, איז אַ רשע. וואָרום יעדע תפילה דאַרף מיט זיך ברענגען באַנייאונג און דאַרף פון זיך אַרויסברענגען נייע פונקען פון אמונה; אין קעגנפאַל ווערט זי רגילות, געוואוינשאַפט.

גאָסטינין האָט עס געזען אַנדערש. חסידים דערציילן, אַז עס איז אַמאָל געקומען צו ר׳ יחיאל מאירן אַ חולה צו בעטן ביי אים אַ היילונג. האָט אים דער רבי געגעבן זיין אויספּרובירטן רעצעפּט — אַ פאָרציע תהלים. האָט זיך דער קראַנקער באַקלאָגט:

— רבי, איך בין דאָך אַ גראָבער־יונג, אַן עם־הארץ און איך פאַרשטיי נישט קיין פּירוש־המלות...

האָט דער גאָסטינינער רבי אויפגעמישט דאָס זעקסטע קאַפּיטל פון תהלים, וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער „למנצח בנגינות על השמינית״, און האָט צו אים געזאָגט:

— אָט פון דעם קאַפּיטל וועסטו עס זען: „למנצח... על השמינית״,

דוד המלך האָט געשפּילט אויף אַן אינסטרומענט, וואָס האָט געהאַט אַכט סטרונעס. פאַראַן כלים מיט פיר סטרונעס און פאַראַן כלי־זמרים, וואָס שפּילן אויף אַ קאַטאַרינקע, זיי שפּילן אָן סטרונעס, נאָר דרייען מיט דעם הענטל אַהין און אַהער און דער ניגון קומט אַרויס פונעם שפּילקעסטל פון זיך אַליין. דאָס מינדעסטע וואָס ווערט פאַרלאַנגט פון אַ שפּילער, איז צו דרייען מיט דער קאָלבע. עפּעס דאַרף מען טאָן. אויך אין דער תפילה צום אויבערשטן, טאָר מען זיך נישט פאַרלאָזן אויף אַנדערע, מען דאַרף תפילה טאָן אַליין. אפילו דער, וואָס פאַרשטייט נישט דעם טייטש פון די ווערטער איז מחויב צו זאָגן תהלים און השם יתברך וועט אים פאַר יעדן וואָרט שיקן אַ רפואה שלימה.

דער גאָסטינינער רבי האָט געהאַט אין אויג זייער אָפט דעם פּשוטן פאָלקס־איד; אים האָט ער געזוכט צו דערהויבן און געבן אַן אָנהאַלט אין אידישקייט. און אין דער דאָזיקער זוכעניש פון פּשוטן מענטש איז ער אַליין געווען די פאַרקערפּערונג פון פּשטות. אויב פּשיסכע איז געווען חריפות, איז גאָסטינין געווען פּשטות. נישט פּשטות וואָס שטאַמט פון פּראָסטקייט, פון נאַאיווקייט, נאָר פּשטות וואָס איז געבויט אויף גראָדליניקייט, ראַפינירטער איידלקייט און אויף אויבערשטער חכמה, וואָס שטייט שוין אויף דער צווייטער זייט פון דער גרענעץ פון חריפות און שאַרפזין. חריפות באַמיט זיך אַראָפּ־צושיילן אַלע שאָלעכצן און הויטן און צו דערגיין צו דער יאָדרע, צום סאַמע תוך, צום עסענץ, צו דער נקודה, צו דער פּשוטסטער איינפאַכקייט. די גאָסטי־נינער פּשטות איז געווען אַ שטאַפּל ווייטער פון אָט דער חריפות. אַראָפּשייל־דיק אַלע הויטן און קליפּות, דערגייט פּשטות צו דער סובסטאַנץ, צום יסוד, צו דעם נאַקעטן אמת.

אין דעם זין דאַרף מען פאַרשטיין יענע סצענע פאַר דער פאַרשלאָסענער טיר פון קאָצקער רבינס חדר, וואָס איז באַלאַגערט געווען פון הונדערטער חסידים. זיי האָבן אויסגעוואַרט דעם מאָמענט, ווען דער הייליקער רבי וועט זיך באַווייזן און זיי וועלן נעמען שלום ביי אים און דער רבי איז געזעסן אין זיין חדר מיוחד אין התבודדות און נישט געוואָלט זיך באַווייזן צו זיינע חסידים. ס׳איז דעמאָלט געווען פּורים און דער גאָסטינינער האָט זיך אָנ־גענומען מיט כוח און אָנגעקלאַפּט אין רבינס טיר:

— רבי, איך בין נאַקעט און באָרוועס. כ׳האָב נישט קיין תורה און נישט קיין מעשים־טובים. מיר וואַרטן דער רבי זאָל מקיים זיין די מצווה און אונז

מלביש־ערומים זיין. היינט שיקט מען שלח־מנות און מען דאַרף יעדן, וואָס שטרעקט אויס זיין האַנט, ענטפערן און געבן...

ווי פשוט און איינפאַך זיינען געווען די דאָזיקע רייד וועגן נאַקעטקייט און באָרוועסקייט. זיי מאַכן אויפציטערן יעדע ערלעכע נשמה מיט זייער שאַרפקייט און פשטות. זיי האָבן אויך אויפגעטרייסלט דעם עצבותדיקן קאָצקער. ער האָט אויפגעעפנט די טיר און אַריינגענומען דעם גאָסטינינער צו זיך.

„וואָס מער מיר דערגרונטעווען זיך צום שאַך פון יראת־שמים, אַלץ מער זעען מיר איין, ווי ווייט מיר זיינען נאָך אַלץ דערפון" — פלעגט ער זאָגן. און דאָס זעלבע גילט אויך וועגן פשטות, צו וועלכער פילאָזאָפן שטרעבן און האָפן צו געפינען פאַר איר פאָרמולעס: וואָס מער מען זוכט די איינפאַכקייט אַלץ מער פאַרפלאָנטערט און קאָמפּליצירט ווערט זי.

„זיבעציק יאָר מעג אַ מענטש זיצן על התורה ועל העבודה און נישט דערגיין צו דער מדרגה פון אַ קוצו של יוד..." — איז געווען זיין וואָרט. אַוודאי איז תורה־לערנען און דאַווענען אַ גרויסער ענין, אָבער דער עיקר איז ביי אים געווען די קוואַליטעט פון מענטשלעכן כאַראַקטער. פון זיך אַליין האָט ער געפאָדערט אויפריכטיקייט און פאַרשטענדלעכקייט. אין זיך און אין זיינע מיטמענטשן האָט ער געזוכט נישט בלויז צוריקגעהאַלטנקייט און עניוות, נאָר דאָס געפיל פון פאַרשעמטקייט. ער פלעגט דערמאָנען דעם פסוק אין „ויקרא": „ויקרב אהרן אל המזבח" און אהרן האָט זיך דערנענטערט צו דעם מזבח, זאָגט רש"י אויפן אָרט, אַז אהרן האָט געצעגערט פאַרשעמטערהייט, האָט אים משה געזאָגט: פאַרוואָס צעגערסטו? דערצו ביזטו דאָך אויסגעקליבן געוואָרן. איז דער טייטש — האָט דער גאָסטינינער צוגעגעבן — ביזט אויסגעקליבן געוואָרן זאָלסט האָבן יסורים פון בושה...

דער רעגולאַמין פון זיין טאָג־טעגלעכן אויפפיר זאָגט עדות ווי אַזוי דער גאָסטינינער האָט געזוכט צו דערשטיקן אין זיך יעדן הרהור פון אַ שלעכטן געדאַנק. ער האָט גענומען אויף זיך צו לייענען יעדן טאָג דעם אייגענעם קאָדעקס כדי צו דערמאָנען זיך, געדענקען און באין־אופן נישט פאַרגעסן ווי אַזוי אַ מענטש דאַרף זיך פירן אין ריינקייט פון מחשבה, אין לויטערקייט פון זיטן און אין שטענדיקער, אומאיבערגעריסינער, פערמאַנענטער זעלבסט־קאָנטראָל. „אַל תשליכני לעת זקנה" — האָט דער גאָסטינינער געטייטשט

— אַז אַפילו אויף דער עלטער, זאָל מען האָבן כוח גובר צו זיין אַלע שלעכט־קייטן און תאַוות, וואָס אַ מענטש האָט אין זיך. „זאָלסט מיך נישט אַריינ־וואַרפן אין די הענט פון יצר־הרע".

לעבן ווי אַ איד איז אַ מצווה. יעדן אידן דאַרף מען ליב האָבן. דער קאָצקער רבי — פלעגט ער דערציילן — האָט לאַנג אַריינגעאַרבעט מיט מיר, אַז אַהבת ישראל זאָל אַריינדרינגען אין מיר. ס'איז אים נישט געלונגען — האָט ער שווער אָפּגעזיפצט, נישט זייענדיק צופרידן מיט זיינע מדרגות. נישט נאָר יעדן אידן דאַרף מען ליב האָבן ; אַהבת ישראל דאַרף זיין פון אַזאַ מאַסשטאַב, אַז זי זאָל קענען אַרומנעמען אַפילו דעם שונא.

און די לעגענדע, וואָס האָט זיך פאַרוועבט אַרום דער מערקווירדיקער פערזענלעכקייט פון דעם דאָזיקן הייליקן איד, ווייס צו דערציילן אָט וואָס :

אַמאָל איז אַ איד אין גאָסטינין קראַנק געוואָרן. דער דאָזיקער איד איז געווען באַקאַנט פון זיין קעגנערשאַפט צום רבין. ר' יחיאל מאיר האָט גע־וואוסט וועגן יענעמס פיינטשאַפט צו אים. האָט דער רבי באַלד גערופן אַ מנין אידן צו זיך און זיך געשטעלט זאָגן תהלים און מתפלל זיין פאַר זיין געזונט. דער רבי האָט יענעם גאַנצן טאָג געפאַסט. אַלע האָבן זיך געוואונ־דערט, און אפילו דעם רבינס מאַמע, די צדיקת, האָט זיך געחידושט.

— וואָס ביזטו מרעיש־עולם און דו פאַסט תעניתים צוליב אַ מענטש, וואָס האָט דיך תמיד גערודפט ?

ר' יחיאל מאיר האָט דערויף געענטפערט :

— זע, מאַמע, אויב איך האָב אַ שונא, מסתמא האָט מען אַזוי גוזר געווען פון הימל, אַז כ'זאָל האָבן אַ שונא. בעט איך דעריבער דעם רבונו־של־עולם, אַז ער זאָל שיקן אַ רפואה שלימה פאַר מיין שונא, ווארום אויב נישט ער, וועל איך דאָך דאַרפן זוכן אַן אַנדערן . . .

אַהבת ישראל איז ביי ר' יחיאל מאירן געגאַנגען געפּאָרט מיט תמימות־דיקער אמונה. און דעריבער איז זי געווען אַזוי ריין, אַזוי אָן פניות און באַ־דינגונגסלאָז.

דערציילט ווייטער דאָס פאָלק וועגן דעם גאָסטינינער גוטן־איד :

ר' יחיאל מאיר האָט אַרויסגעשיקט צוויי בעלי־בתים צו זאַמלען געלט צווישן די רייכערע אידן לטובת אַ איד, אַ נצרך. זיינען די צוויי שלוחים צוריקגעקומען צום רבין און דערציילט וועגן איינעם אַ איד, אַ גביר אין שטאָט,

וואָס האָט פאַרמאַכט זיין האַנט און בשום־אופן נישט געוואָלט געבן קיין נדבה. האָט זיך דער רבי אָפּגערופן:

— מען טאָר נישט ריידן קיין שלעכטס אויף קיין אידן, ווי עס שטייט געשריבן „לא תשנא את אחיך בלבבך", זאָלסט נישט פיינט האָבן דיין ברודער מיט דיין האַרץ, מיט דיין גוט האַרץ, הייסט עס. אויב דיין האַרץ איז גוט, זאָל עס זיין גוט כדי דו זאָלסט קענען טאָן גוטס און נישט כדי פיינט צו האָבן אַנדערע, וואָס ווילן נישט טאָן קיין גוטס.

און נישט נאָר אין האַרצן דאַרף מען זיין גוט, נאָר גוט זיין און געפעליק זיין אויך אין וואָרט. דאָס גוטע וואָרט מאַכט גוט דעם שלעכטן און מאַכט בעסער דעם גוטן. דאָס וואָרט דאַרף זיין אָפּגעהיטן און וואו מען קען דאַרף מען אַריינוואַרפן אַ גוט וואָרט. דאָס וואָרט „גוט", ווען באַנוצט, ברענגט גוטס, איז לטובה. דעריבער איז אין דעם קונטרס פון זיין פערזענלעכן אויפפיר גוטסקייט דער באַגריף און דאָס וואָרט, וואָס דאָמינירט דעם דאָזיקן אויסטער־לישן דאָקומענט.

מיט ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט האָט ער זיך באַצויגן צו יעדן איד. ווען עס האָט זיך אַמאָל אין זיין בית־דין־שטוב באַוויזן אַ גביר אַ איד, אַ מגושמדיקער, ברייטפלייציקער און גרויסבויכיקער איד, האָט ר' יחיאל מאיר אויסגערופן מיט אויפריכטיקייט:

—אַזוי פיל איד, אָן עין הרע...

זיין שמש האָט אַמאָל געפרעגט אַן אורח, וואָס איז געקומען פאַרטאָג פון אונטערוועגנס קיין גאָסטינין, צי האָט ער שוין געדאַוונט. האָט ר' יחיאל מאיר אים אויפמערקזאַם געמאַכט:

— אַ איד וואָס קומט פאַרטאָג פון אַ ווייטן וועג, דאַרף מען נישט פרעגן צי האָט ער שוין געדאַוונט, נאָר מען פרעגט אים צי האָט ער שוין איבער־געביסן...

אויך פון זיין פרומקייט, פון זיין גאָטספאָרכטיקייט האָט אַרויסגעשיינט די גרענעצלאָזע ליבשאַפט צום באַשעפער און צו זיינע באַשעפענישן, צום מין מענטש, צו יעדן איד. מען האָט אים גערופן — דער גוטער־איד פון גאָסטינין. אַזוי האָט מען אים געקענט אין דער אידישער וועלט און אַזוי איז ער געווען פּאָפּולער אין דער נישט־אידישער וועלט, וואָס איז אָפּט געקומען זוכן הילף ביים גאָסטינינער צדיק. נישט נאָר אַ גוטער־איד, אַ רבי, איז ער געווען, נאָר ער איז געווען אַ גוטער איד, פשוט — אַ איד, אַ גוטער...

**
*

קליין און פאַרוואָרפן איז געלעגן אַ שטעטל אויף אַ זייטיקן וועג צווישן קוטנע און פלאָצק אין מלכות פוילן, אַן אומבאַדייטנדיקער פונקט אויף דער מאַפּע פון אידישע ישובים אין דעם פוילישן גלות. אומבאַמערקט וואָלט דאָס שטילע גאָסטינין אָפּגעלעבט מיטן גייסטיקן שטייגער פון פויליש־אידישן דורכשניט. האָט זיך פון דער אַלטעגלעכער גרויקייט אַרויסגעהויבן אַן אייגנ־אַרטיקע פּערזענלעכקייט, וואָס האָט דעם שטעטל געגעבן אַ באַזונדערן אַאורעאָל, אַן אייגנאַרטיקן אַראָמאַט און באַלויכטן מיט אַ זעלטענער, הימ־לישער ליכט.

אין זכות פון רבין איז גאָסטינין געבליבן אין דער געשיכטע פון וואונ־דערלעכן פוילישן איד. די גאָסטינינער אידישע קהילה איז מער נישטאָ. זי האָט געטיילט דעם גורל פון אַלע אידישע קהילות אין פוילן. זי איז אָפּגעמעקט געוואָרן דורך דעם שוידערלעכן משחית. אירע אידן זיינען אומגעקומען אין די יאָרן פון גרויזאַמען בראָך.

גאָסטינין לעבט אָבער, ווייל דאָס געדעכעניש פון דעם גוטן איד פון גאָסטינין איז געבליבן לעבן.

**
*

...און אין שעה׳ן פון צער אויף אידישן חורבן און פאַרוויסטונג — שטעל זיך אַוועק, בן־אָדם, אויף דער בריק פון דורות — ווי דער גאָסטינינער פלעגט טאָן בענקענדיק נאָך קאָצק — און לאָז אַ טרער, אַ הייסע, זודיקע טרער אויף דעם גרויסן אוהב־ישראל, אויף כלל ישראל, אַ טרער פון בענק־שאַפט, אַ טרער פון האָפענונג, אַז —

זכותו יגן עלינו.

**הרב יהושע משה אַראָנסאָן (ישראל)**

פריער אבד״ק סאַניק, גאָסטינינער קרייז

# דער גאָסטינינער צדיק

רבי יחיאל מאיר ליפשיץ, דער גאָסטינינער רבי, איז געבוירין געוואָרן אין יאָר ה׳תקע״ו (1815) אין אָפּאָטשנא, פוילן צו זיין פאָטער ר׳ יעקב צבי און זיין מוטער שרה, אַ טאָכטער פון אָפּאָטשנער רב, ר׳ יהודה לייב ליפשיץ. זייענדיק נאָך אַ קינד, האָט זיך דער קליינער יחיאל מאיר אויסגע־צייכנט מיט זיין גוטהאַרציקייט. ער פלעגט זיין עסן און זיין טאַשן־געלט צעטיילן צווישן די אָרעמע קינדער פון חדר אין געהיים.

אין זיין פריסטער יוגנט, האָבן אים זיינע עלטערן פאַריתומט. צוערשט איז די מוטער אַוועק פון דער וועלט, קורץ דערנאָך דער פאָטער, און יחיאל מאיר מיט זיין איינציקער שוועסטער חיה־שפרינצע זיינען געבליבן קיילעכ־דיקע יתומים.

זיין פעטער, הגאון רבי שמואל נח ליפשיץ, נעמט אים צו זיך, לערנט מיט אים תורה און דערציט אים ווי זיינס אַן אייגן קינד.

ס׳גייען אַדורך יאָרן, יחיאל מאיר וואַקסט אונטער און ווערט זעלבסט־שטענדיק. זיין פעטער ברענגט אים קיין קוטנע אין דער גרויסער ישיבה פון הגאון רבי משה יהודה לייב זילבערבערג, דער מחבר פון ספר „זית רענן״. יחיאל מאיר שטייגט פון טאָג צו טאָג אין לערנען, און ווערט שנעל באַקאַנט אין דער תורה־וועלט אַלס אַן עילוי.

אין אַ געוויסן טאָג וועגדעט זיך צום „זית רענן״ ר׳ מרדכי וויינגאַרט פון גאָסטינין, אין שליחות פון זיין רייכן שוועער ר׳ לייבוש, און בעט ביים ראש־ישיבה אַ גוטן חתן פאַר זיין שוועגערין.

דער קוטנער גאון קלייבט אויס דעם בעסטן בחור פון זיין ישיבה, יחיאל מאירן, וועלכער איז אויך שטאַרק נושא־חן ביי דער רייכער גאָסטינינער פאַמיליע. דער שידוך ווערט געשלאָסן. ר׳ לייבוש זאָגט צו זיין צוקונפטיקן איידעם לעבנסלענגלעכע קעסט און אַ גרויסן נדן. יחיאל מאיר זעצט פאָר זיין תורה־לערנען אין דער קוטנער ישיבה ביז צו זיין חתונה.

נאָך דער חתונה באַזעצט ער זיך אין גאָסטינין, ווידמעט זיין גאַנצע צייט צו תורה, עבודת הבורא און גמילת חסדים. ס׳ווערט דערציילט, אַז נאָך אַ לאַנגן שבעה־עשר־בתמוז־תענית, ווען די גאַנצע פאַמיליע האָט זיך געזעצט צום טיש דערכאַפּן ס׳האַרץ נאָכן פאַסטן, איז ר׳ יחיאל מאיר פאַרשוואונדן געוואָרן. נאָך אַ צייט איז ער צוריקגעקומען אינגאַנצן אויסגעווייקט פון רעגן, אָבער אַן אויפגעלייגטער, ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַן אורח...

די גוטע יאָרן זיינען אָבער שנעל פאַרביי. זיין שווער, ר׳ לייבוש דער גביר, איז פּלוצלונג געשטאָרבן, און ר׳ יחיאל מאיר איז געצוואונגען געוואָרן זיך צו זוכן אַ פּרנסה. ער האָט זיך געעפנט אַ שפּייז־און־טאַבאַק־קראָם אין גאָסטינין, מיט וועלכער עס פלעגט זיך הויפּטזעכלעך פאַרנעמען זיין ווייב. ער האָט איר בלויז אַרויסגעהאָלפן ווען מען האָט געמוזט.

ר׳ מאיר קאָוואַלער, אַן אַלטער קאָצקער חסיד, וועלכער האָט דעמאָלט געוואוינט אין גאָסטינין, האָט אַ גרויסע השפּעה אויף דעם יונגן ר׳ יחיאל מאיר, און ער האָט אים באַווירקט ער זאָל אויך פאָרן צום קאָצקער רבין.

אין קאָצק ווערט ר׳ יחיאל מאיר אַ חבר פון ר׳ וואָלף סטריקעווער, און ביידע ווערן מיט דער צייט גאָר נאָענטע מקורבים צום אַלטן קאָצקער רבין. דאָס איז געווען נאָך דעמאָלט ווען ר׳ מענדעלע האָט נאָך געוואוינט אין טאָמאַשאָוו.

אין קאָצק האָט מען אים גערופן „דער פרומער ר׳ יחיאל מאיר״. אין לויף פון דער צייט האָט זיך ר׳ יחיאל מאיר דערווייטערט פון מענטשן, זיך אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, און אין געהיים אינגאַנצן זיך איבערגעגעבן צו תורה און חסידות.

אין יענער צייט איז דער גאָסטינינער רב, רבי שלמה, איבערגעגאַנגען קיין שעראַדז; דאָס כסא־הרבנות אין גאָסטינין איז געבליבן פריי.

די קאָצקער חסידים פון גאָסטינין זיינען געפאָרן צום רבין פרעגן וועמען זיי זאָלן אויפנעמען פאַר זייער רב. דער רבי האָט זיי פאָרגעלייגט ר׳ יחיאל מאירן. ר׳ הערש טאָמאַשאָווער האָט מיטגעשיקט אַ בריוו אין נאָמען פון רבין צו ר׳ יחיאל מאירן, אין וועלכן ער לייגט אים פאָר, אַז ער זאָל אָננעמען דאָס רבנות אין גאָסטינין.

צוערשט האָט זיך ר׳ יחיאל מאיר אָפּגעזאָגט. אָבער מיט דער צייט, ווען זיין פּרנסה איז געוואָרן אַלץ שוואַכער און שוואַכער, האָט ער אין זיין

שווערער לאַגע געזען אַ צייכן פון הימל, אַז ער זאָל איבערנעמען דאָס גאָסטינינער רבנות.

מיטן מאָמענט וואָס ער איז געוואָרן גאָסטינינער רב, איז ער אַרויס פון זיין התבודדות און זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן צו קהל. ער איז אַוועק פון איין עקסטרעם צום צווייטן, און פון זיינע יחידישע שטייגונגען אין הויכע הימלישע ענינים האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט צו די ערדישע נויטן פּ״ן יעדן איד אין זיין קהילה. ער האָט געקענט יעדן גאָסטינינער איד און געזוכט צו העלפן אויף יעדן מעגלעכן אופן אין זיינע הצטרכותן. אַזוי האָט ער ווי דער רב פון שטאָט געהאַט אַן אויג אויף דעם גאַנצן ציבור פון שטאָט. ניט איין מאָל האָט ער זיך פאַרנומען איינצושטילן שטאָטישע מחלוקתן, דורכפירן בוררותן צווישן פאַרהאַסטע צדדים און גאַנץ אָפט איז אים אויך אויסגעקומען צו זיין דער שליח פון זיין קהילה פאַר די גויאישע מאַכט־האָבערס.

זייער שנעל איז פּאָפּולער געוואָרן דער נאָמען פון רבי יחיאל מאיר גאָסטינינער. אומעטום האָט מען אים דערקענט ווי אַ צדיק און אַ גרויסן חכם, אַן אוהב־ישראל און אַ רודף־שלום. זיין נאָמען איז באַוואוסט געוואָרן אין פאַרשידענע שטעט אויסער גאָסטינין. וואו נאָר ס׳איז אויסגעבראָכן אַ מחלוקת האָט מען זיך גלייך געווענדעט צו ר׳ יחיאל מאירן, און ער מיט זיינע גוטע רייד האָט באַרואיקט די צדדים און צוריקגעשטעלט דעם שלום.

„דער גוטער־איד פון גאָסטינין״, אַזוי האָט מען אים גערופן נאָך ביי זיין לעבן. נישט בלויז ווייל ער איז געווען באמת דער סימבאָל פון גוטסקייט, נאָר אויך דערפאַר ווייל ער האָט געזען אין יעדן נאָר גוטס.

„ס׳איז לייכטער צו זיין אַ מבין אויף בריליאַנטן ווי אויף דעם מינדסטן איד״ — פלעגט ער זאָגן אין זיין גוטסקייט. ער האָט זיך דירעקט אָפּגעגעבן מיט די פּשוטע בעלי־בתים, מיט „עמך״־אידן, און זיך שטענדיק באַמיט פאַר זייער גוטס און וואוילשטאַנד. ער האָט זיך באַמיט צו זען אויך אין זיי, גרויסקייט, און אַרויסהויבן דאָס דערהויבענע פּינטעלע־איד פון די טיפענישן פון זייער שורש.

יעדן בריוו זיינעם האָט ער פאַרענדיקט מיטן וואָרט „טוב״ — גוט, אַן אָנצוהערעניש, אַז אין יעדן באַריר מיט וועלט און מענטש דאַרף דאָס גוטע געוועלטיקן.

מען האָט אים אויך גערופן „דער תהלים איד״, ווייל צו אַלע צרות

און מענטשלעכע ליידן האָט ער געהאַט איין עצה — צו זאָגן תהלים. איינעם האָט ער געהייסן זאָגט 10 קאַפּיטלעך, אַ צווייטן — אַ יום תהלים און אַ דריטן — גאַנץ תהלים. און ווען ער אַליין האָט גענומען זאָגן תהלים, האָט ער הימלען געריסן און גזרות רעות מבטל געווען.

זיינע רביים זיינען געווען: רבי מנחם מענדל מאָרגנשטערן, דער אַלטער קאָצקער רבי; נאָך זיין פּטירה אין יאָר תרי״ט (1859) איז ער געפאָרן צום גרינדער פון גערער הויף, דעם „חידושי הרי״ם״, און שפּעטער צום צדיק ר׳ אַברהם לאַנדוי, דער טשעכאַנאָווער רב. ערשט נאָך דער פּטירה פון לעצטן אין יאָר תרל״ה (1875) האָט ר׳ יחיאל מאיר לסוף מסכים געווען צו ווערן רבי. 13 יאָר האָט ער געפירט זיינע חסידים ווי דער גאָסטינינער רבי, און ר׳האָט געהאָלפן טויזנטער מענטשן מיט ראַט און טאַט, און מיט זיינע האַרציקע תפילות און ברכות.

דער רבי און זיין פאַמיליע האָבן אַליין געלעבט אין דחקות, ווייל דער רבי האָט נישט געוואָלט נהנה זיין פון זיינע חסידים מאַטעריעל, און אַלעס וואָס ער האָט פאַרמאָגט האָט ער צעטיילט צווישן נויטבאַדערפטיקטע.

אויך אַ סך נישט־אידן האָבן זיך געווענדעט צום רבין נאָך עצות און בקשות, ווייל זיי האָבן געזעען אין אים אַ געטלעכן מענטש, וועמענס ווערטער און ברכות ווערן דערפילט.

פערציק יאָר איז רבי יחיאל מאיר ליפשיץ זצ״ל געווען גאָסטינינער רב. כ״א שבט תרמ״ח (1888) איז דער גאָסטינינער צדיק נפטר געוואָרן. ער האָט איבערגעלאָזט 2 זין: ר׳ לייבוש און רבי ישראל משה, וועלכער האָט שפּעטער געפירט אַדמו״רות אין פּראָשקאָוו, ווי אויך איין טאָכטער, די פרוי פון ר׳ אהרן יעקב, דער זון פון ר׳ דוד זילבערשטיין פון גאָסטינין.

דער נאָמען פון גאָסטינינער רבין שיינט אַרויס מיט זיין הייליקייט צווישן די נעמען פון די גרויסע אידן, וואָס האָבן געברענגט טרייסט און לייטערונג דעם כלל ישראל אין צייטן פון שווערן גלות.

# דעם רבינס וואָרט

מען קען זיין אַ בעל־תאווה און אין דער זעלבער צייט זיין אַ בעל־מדרגות. מען דאַרף נישט מער אין דעם אַריינטייטשן. מיט מדרגות איז דערלויבט זיך צו באַנוצן נאָר לשם שמים.

* * *

פאַראַן צדיקים, וואָס האָבן אויגן צו זען און אויערן צו הערן, אַ חוש הריח און אַ חוש המישוש צו דערקענען יעדע זאַך, צי איז פאַראַן אין איר קדושה.

* * *

פאַראַן חסידים, וואָס לויבן זייער רבין אַז ער עסט גאָרנישט. דאָס איז אין דער בחינה פון „לא יראון ולא ישמעון ולא יאכלון" (וואָס איז ווי די אָפּגעטער, וואָס זעען נישט, הערן נישט און עסן נישט). אַזאַ קוק הייסט אויך זאָגן „ולא יריחון" (זיי שמעקן נישט). דאָס הייסט, אַז זיי האָבן נישט קיין שום ריח פון יראת־שמים. אלא וואָס? זיי עסן נישט. אַנטקעגן דעם זעען זיי נישט מיט רוח הקודש און הערן נישט קיין רוף פון הימל.

* * *

כ'האָב געהערט אין נאָמען פון גערער רבין ז"ל — דעם חידושי הרי"ם — אויפן פסוק „ובערת הרע מקרבך וכל העם ישמעו ויראו", אָט דעם טייטש: אַז דו וועסט זוכה זיין דורך דיין הייליקער אַרבעט אויסצוראָטן אַלע בייזקייטן פון זיך, דאָס הייסט, פון דער אינערלעכקייט פון דיין האַרץ, וועט כל ישראל זיך צוהערן צו דיר און דרך־ארץ האָבן פאַר דיר, ווי עס ווערט געברענגט אין אַ מאַמר חז"ל: „כל מי שיש בו יראת שמים דבריו נשמעים". יעדער מענטש וואָס האָט אין זיך גאָטספאָרכטיקייט, ווערן זיינע רייד געהערט.

* * *

ר' יחיאל מאיר האָט אַלע זיינע יאָרן נישט געוואָלט ווערן רבי. ער איז געווען דעם קאָצקער רבינס תלמיד. נאָך דער פטירה פון קאָצקער האָט ער זיך צוגעבונדן צום חידושי הרי"ם און ווען דער גערער רבי איז נסתלק געוואָרן, האָט ער זיך דערנענטערט צו ר' אברהם טשעכאַנאָווער, צו וועמען ער פלעגט פאָרן. נאָך דער פטירה פון טשעכאַנאָווער, האָט ער אונטער דעם

דרוק פון זיינע חסידים מסכים געווען צו ווערן רבי. ער איז דעמאָלט געווען זעכציק יאָר אַלט.

דעם ערשטן שבת, ווען ער האָט טועם געווען פון די מאַכלים ביים „טיש״, האָט ער זיך אָפּגערופן צו זיינע חסידים:

— זעט אויס, כ׳בין נישט קיין רבי, כ׳האָב הנאָה פון עסן.

* * *

ער פלעגט זאָגן:

—נישטאָ קיין בעסער רעצעפּטן־בוך ווי דער ספר תהלים.

ער האָט זיך אַמאָל אָפּגערופן צו איינעם אַ חסיד:

— דער עולם מיינט אַז איך קען היילן קראַנקע. ווען דאָס וואָלט אַזוי געווען, וואָלט איך געפאָרן צו יעדן חולה, צו אים אין שטוב אַריין, אין זיין, שטאָט, כדי אים צו היילן. איך זאָג אָבער תהלים. זאָל ער אויך תהלים זאָגן.

* * *

ר׳ יחיאל מאיר פלעגט דערציילן:

— אַמאָל בין איך אָנגעקומען קיין פּראָשניץ. ר׳ חנוך העניך איז דאָרט געווען רב איידער ער איז געוואָרן אַלעקסאַנדער רבי. ווען ר׳ חנוך העניך האָט זיך דערוואוסט אַז איך דאַרף קומען צו אים, בעמען פון אים שלום, האָט ער באַפוילן אָנצוצינדן אַלע ליכט אין דעם שבתדיקן לייכטער און אָנגע־טאָן שבתדיקע מלבושים פאַר מיין כבוד ווען. ער האָט נישט אויפגעהערט זיך מיט מיר צו פאַרנעמען און געזאָגט, אַז אַ תלמיד־חכם איז געגליכן צו שבת. אַן אמתע ליבע האָט אונזביידן פאַרבונדן.

* * *

ווען ר׳ יחיאל מאיר איז געקומען צום חידושי הרי״ם קיין וואַרשע, איז ער פריער אַריינגעגאַנגען אין אַן אַכסניה, לעבן דעם רבינס בית־מדרש, אַוועקצולייגן דאָרט זיין פּעקל. אין יענעם מאָמענט איז דאָרט געזעסן אַ גרופּע וואוילע־יונגען, וואָס האָבן געשפּילט קאָרטן און בשעת מעשה האָבן זיי זיך געוויצלט אויפן חשבון פון חידושי הרי״ם און אים געזידלט.

האָט ר׳ יחיאל מאיר פאַרשטאָפּט די אויערן און אַוועק פון הויז. ס׳איז אים איינגעפאַלן, אַז ער דאַרף רייסן קריעה, איז דאָך אַזוי דער דין, ווען מען הערט אַז אַ רבי ווערט באַליידיקט. ער האָט זיך אָבער געישובט צי איז עס שיין פאַר אים צו קומען צום רבין מיט צעריסענע קליידער. איז ער אַריין אין בית־מדרש און מעיין געווען אין ספרים פעסטצושטעלן ווי דער דין איז

— און ער האָט נישט געקענט פעסטשטעלן די הלכה. איז ער אַריין צום רבין און דערציילט אים וואָס עס איז פאַרלאָפן. האָט אים דער חידושי הרי״ם געזאָגט:

— יחיאל מאיר, אַז מיר וועלן דאַרפן רייסן קריעה פאַר יעדער באַ־ליידיקונג פון כלערליי אַזעלכע לייט, וועלן מיר דאַרפן גיין אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן.

* * *

אַ מעשה מיט אַ איד, וואָס האָט געבראַכט צו ר׳ יחיאל מאירן אַ מתנה אַ פלאַש מיט אַלטן און טייערן וויין. האָט אים דער רבי געפרעגט, צי אויך ער האָט פאַרריגלט די טיר מיט אַן אייזערנער קייט, ווי עס פירן זיך היינ־טיקע צייטן די גבירים. ווען דער רייכער איד האָט אים געענטפערט אַז יאָ, האָט אים דער רבי געפרעגט: און וואָס וועסטו טאָן, אַז אליהו הנביא וועט וועלן אַריינקומען אין דיין שטוב אַריין און וועט געפינען די טיר פאַרשלאָסן מיט אַן אייזערנעם ריגל?

און האָט די מתנה נישט אָנגענומען.

* * *

איין מאָל איז צום גאָסטינינער רבין געקומען אַ גרויסער גביר און געוואָלט אים געבן אַ פדיון. האָט דער רבי נישט געוואָלט אָננעמען. דער גביר איז צו אים שטאַרק צוגעשטאַנען, ער האָט זיך אָבער אַלץ אָפּגעזאָגט. האָט אים דער רייכער איד געפרעגט: וואָס איז די סיבה? האָט אים דער רבי צוריק געפרעגט:

—און דו ביזט קיינעם גאָרנישט שולדיק קיין געלט?

דער גביר האָט צוגעגעבן אַז יאָ, ער איז שולדיק.

— אויב אַזוי — האָט אים דער רבי געענטפערט — זאָלסטו פריער באַצאָלן די חובות, ווי עס שטייט געשריבן „בפרוע פרעות בהתנדב עם״, פריער דאַרף מען אָפּצאָלן די שולדן און שפּעטער גיט מען נדבות...

* * *

דער גאָסטינינער רבי האָט געהאַט אַ חסיד, ר׳ לייב דעם גוט־באַזיצער.

יעדעס מאָל ווען דער רבי איז געפאָרן קיין טשעכאַנאָוו צו זיין רבין, פלעגט אים ר׳ לייב אָוועקפירן מיט זיין קאַרעטע.

מאַכט זיך אַ מעשה און ר׳ יחיאל מאיר צוזאַמען מיט זיין זון ר׳ ישראל

משה און דעם חסיד ר׳ לייב זיינען אָנגעקומען קיין טשעכאַנאָוו און צוזאַמען זיי־נען זיי געגאַנגען צו ר׳ אַברהם טשעכאַנאָווער צו נעמען שלום.

צומאָרגנס האָט דער טשעכאַנאָווער רבי געשיקט זיין שמש צו דער אכסניה צו פאַרבעטן ר׳ יחיאל מאירן מיט זיין זון צו מיטאָג. האָט זיך ר׳ יחיאל מאיר זייער געוואונדערט, הלמאי דער טשעכאַנאָווער האָט נישט איינ־געלאַדן אויך ר׳ לייבן צו דער סעודה, ווי דער שטייגער איז. ר׳ יחיאל מאיר האָט מורא געהאַט אַז ר׳ אברהם האָט פאַרגעסן, איז ער אַוועק צום רבין און געפרעגט אים, פאַרוואָס ער האָט נישט פאַרבעטן ר׳ לייבן צו זיך.

האָט ר׳ אַברהם זיך אָנגערופן מיט שטוינונג: — איז ר׳ לייב געווען נעכטן אָוונט ביי מיר? איך האָב אים נישט געזען.

דער גאָסטינינער האָט זיך געאיילט צוריק אין דער אכסניה און באַפוילן ר׳ לייבן צו זאָגן צען קאַפּיטלעך תהלים און גיין נאָכאַמאָל צום טשעכאַנאָווער רבין צו נעמען ביי אים שלום. ר׳ לייב האָט אַזוי געטאָן. ווען ער איז אַהין געקומען, האָט זיך ר׳ אַברהם גוט איינגעקוקט אין אים און געזאָגט:

— אָט האָב איך דיך געזען. איך פאַרבעט דיך צו מיר אויף מיטאָג.

# אַ קונטרס וועגן אויפפיר

(וואָס דער גאָסטינינער רבי האָט אָנגעשריבן פאַר זיך)

א. כ׳האָב געהערט אַ הייליקן אידן, וואָס האָט מיר געזאָגט, אפשר ביזטו באַשאַפן געוואָרן כדי מתקן צו זיין די מחשבה, וואָס וועט דיך דערפירן צו דער מדרגה פון קדושים.

ב. אויך צוליב אהבת ישראל — זיך געוואוינען אין דעם ס׳גאַנצע לעבן.

ג. און נאָך אַ הייליקער איד האָט מיר געזאָגט: „קשוט עצמך" (קודם באַציר זיך אַליין — זע, אַז דיינע טואונגען זאָלן זיין גוטע).

ד. דערמיט נעם איך אויף זיך מיט אַ שטאַרקן און פעסטן נדר מיטן אויבערשטן-ברוך-הואס הילף און מיט זיינע גרויסע רחמים און גענאָדיקייטן צו פאַרטרייבן פון מיין מוח און פון מיין האַרץ אַלע אומערלעכע געדאַנקען.

ה. אויך די געדאַנקען, וואָס דער יצר-הרע פאַרפירט צומאָל אין דער מחשבה, סיי אַזעלכע וואָס ער קען באַווייזן, סיי אַזעלכע וואָס אויבנאויף איז קענטיק, אַז זיי זיינען נאַריש און פוסט, נישט אַריינצוטייטשן אין זיי דברי-תורה און מוסר, צום גוטן.

ו. צו דערווייטערן זיך פון באַרימעריי, פון אַלע יענע זאַכן און זיטן, וואָס ברענגען פאַרגראָבטקייט (גסות-הרוח).

ז. אַוודאי זיך דערווייטערן פון דברים בטלים (פוסטע רייד).

ח. און פון רעדן אַ סך רייד, וואָס דערפירן צו זינד און דערווייטערן גאָטספאָרכטיקייט און עניוות, אָט ווי אַ נאַר, וואָס לאָזט אַרויס יעדע פאַרע פון מויל, און אויף דעם ווערט געזאָגט: „סיג לחכמה שתיקה" (דער צוים צו קלוגשאַפט איז שווייגן).

ט. און זייער אָפּהיטן זיך פון יעדן סאָרט כעס און שטרענגקייט.

י. און טאָמער, חלילה, פאַסירט אַמאָל עפּעס, וואָס וועט גורם זיין כעס און שטרענגקייט, נעם איך אויף זיך מיט השם-יתברכס הילף

אָפּצואוואַרטן אַמווייניקסטענס אַ פערטל שעה, כדי זיך פּאַמעלעך צוצוגעוואוינען און זיין אויסגעהיטן פון בייז און זיך קענען באַהערשן מיט השם־יתברכם הילף.

יא. און טאָמער וועל איך אַמאָל דאַרפן זיין געצוואונגען צו שטראָפן דעם רבים, נעם איך אויף זיך צו זאָגן אַמווייניקסטענס פינף קאַפּיטלעך תהלים און דערמיט בעטן רחמים, אַז איך זאָל נישט נכשל ווערן מיט מיין לשון.

יב. און רעדן מיט רייד פון ליבשאַפט און געבעט, ווי עס רעדט און פירט זיך דער דערציער מיט אַ קינד — מיט ליבשאַפט און מיט כל־הגוטסקייט.

יג. און איך בין מחוייב צו לייענען די דאָזיקע שריפט יעדן טאָג, צום גוטן.

יד. אין זינען האָבן: זאָל דער כבוד פון דיין חבר, עס מיינט, פון דיין הייליקער נשמה, זיין באַליבט ביי דיר מיט אַלדאָס גוטס.

טו. צו געדענקען, אַז מען ווערט באַשטראָפט פאַר עפּנטלעך באַגאַנגענע זינד אויך דורך יסורים, לא עלינו, דורך אַכזרים, וואָס זיינען פאַר דעם באַשטימט. ווי גוט איז דעריבער צוליידן פאַר אַלעם, וואָס קומט דעם מענטשן אויף דער וועלט און מקיים זיין דעם „יתן למכהו לחי״ (גיב דעם פּאַטשער די באַק) און דורכגעדרונגען ווערן מיט בושה און דערמיט זיך פרייען, צום גוטן.

טז. באַזונדערס, וואָס דורך דעם, וואָס מען ליידט און מען איז מבטל דעם אייגענעם פאַרלאַנג און ווילן און מען פירט זיך לויט די מידות פון גאָט־ברוך־הוא, וואָס טוט גוטס מיט אַלעמען און איז גוט צו אַלעמען און דולדעט זיינע דערצערענער און האַלט איין זיין צאָרן און איז פיל־גענאָדיק — דורך אָט דעם באַהעפט מען זיך מיט גאָט־ברוך־הוא, צום גוטן.

יז. און מקיים זיין „השלך על ה׳ יהבך״ (לאָז איבער דיינע זאָרגן צו גאָט) און ער וועט אַלצדינג אויספירן צום גוטן.

יח. און אויך רעדן באַטראַכט, צום גוטן.

יט. און בפרט, אַז אַזוי אַרום וועט השם־יתברך קענען רוען אין דעם מענטשן און מעגלעך מאַכן, אַז דער מענטש זאָל ווערן דאָס

מקום פאַר זיין הייליקייט, ווי עס שטייט געשריבן „עד אמצא מקום" (ביז כ'וועל געפינען אַן אָרט) און עס זאָל אויך רוען אויף אים די קדושה פון הייליקן שבת, צום גוטן.

כ. ווער איז אַ חסיד? דער וואָס פירט זיך פרום מיט זיין באַשעפער, צום גוטן.

כא. אַ קליינע נבואה „ובקשתם" (און איר וועט זוכן) א.א.וו.

כב. אַ מנהיג דאַרף זיך באַנוצן מיט אַלע מידות פון רחמים, ווי עס ווערט געבראַכט אין פסיקתא, צום גוטן.

כג. דער נביא האָט מיר פאַרזאָרגט א.א.וו. — דאָס איז דער קוואַל פון לעבן און נאַרונג, מיט אַלעם גוטן.

כד. כ'האָב געהערט פון הייליקן גערער ז"ל: די בני־נח האָבן נישט מקריב געווען קיין שלמים (גאַנצאָפּפערס), אָבער די קינדער פון ישראל אַפילו דאָס עסן שלמים, איז ביי זיי געווען מיט מסירות־נפש, צום גוטן.

(פון דעם ספר „מי הים", לאָדזש, תרמ"ח)
איבערזעצט פון העברעאיש

ביבליאָגראַפיע וועגן גאָסטינינער רבין:

„זר זהב ומנחת יהודה", געדרוקט אין אָנהויב פון „ספר המכריע" פון ר' ישעיה פון טראַני.

„שיח שרפי קודש" פון הרב יועץ קיים קדיש.

„מרום הרי"ם" פון הרב חיים יעקב זעליג גאָלדשלאַג, לובראַנצער רב.

„מי הים", חידושי־תורה, אַרויסגעגעבן נאָך דער פטירה פון רבין דורך זיין קרוב ר' שמעון מנחם מענדל פון גובראַטשעוו צוזאַמען מיט ר' נתן נטע הכהן, אבד"ק קאָלביעל.

„דברי שמואל" פון ר' נח שמואל ליפשיץ, דעם גאָסטינינער רבינס פעטער.

„„אדמו"רי פוילין" פון אליעזר שטיינמאַן.

„גוטע־אידן אין פוילן" פון מ. פיינקינד.

„פשיסכע און קאָצק" פון מנשה אונגער.

„מגדולי החסידות", ספר י"א, האדמו"ר ר' יחיאל מאיר ליפשיץ זצ"ל, פון הרב אברהם יצחק בראָמבערג.

בריוו פון הרב יצחק יהודא טרונק צו שלום אַש, אין וועלכן דער לעצטער קוטנער רב גיט איבער דעם גרויסן שרייבער פּרטים וועגן גאָסטינינער רבין, אָפּגעדרוקט אין זשורנאַל „היימיש", נר. 37 און 38־9, 1959.

# אונזער אַמאָליקע גאָסטינין

**יוסף קעללער**



יוסף קעללער

אין אַ באַרג אַש, חרוב און פאַרוויסט, ליגט דאָס שטעטל פון אונזערע קינדער־יאָרן — גאָסטינין. ס׳איז שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז גאָסטינין איז איצט אַ שטאָט אָן שבתים און אָן ימים־טובים, אַז פרייטיק פאַרנאַכט רופט מען דאָרט נישט מער אין שול אַריין, און אַז אונזערע אידן איילן זיך נישט מער פרייטיק פאַרנאַכט צום דאַווענען. פונקט אַזוי ווי ס׳איז שווער צו גלויבן, אַז די לעבנס פון אונזערע טייערע און ליבע זיינען אַזוי שוידערלעך אויסגעלאָשן געוואָרן.

יאָ, טויט און פאַרצוקט איז פאַר אונז גאָסטינין. געבליבן זיינען נאָר מיר, די גאָסטינינער, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעלאָזט קיין אַמעריקע לאַנג פאַר חורבן־פוילן. אויך די יעניקע, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל נאָך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווי אויך עטלעכע געציילטע, וועלכע האָבן דורך נסים זיך געראַטעוועט פון דער אויסראָטונגס־מגיפה אויף אונזערע ברידער אין פוילן, און געפינען זיך איצט אין מדינת־ישראל צוזאַמען מיט די דאָרטיקע גאָסטינינער, אָרגאַניזירט אין דעם „אירגון יוצאי גוסטינין בישראל״.

מיר, די לעבן־געבליבענע גאָסטינינער האָבן באַשלאָסן צו פאַראייביקן אונזער פאַרשניטענע היים און אָט דאָס בוך וועגן גאָסטינין וועט זיין אַן אייביקער מאָנומענט, וואָס וועט פאַר דורות איבערלאָזן דעם אָנדענק פון אונזער חרובער שטאָט און אירע קדושים.

***

איך געדענק גאָסטינין פון די פריע יאָרן פונעם איצטיקן יאָרהונדערט. אַ שטעטל, ריין און ציכטיק, אַרומגערינגלט מיט נאַטירלעכן פּראַכט פון וועלדער, גערטנער, גרינע פעלדער און בערג, וועלכע האָבן זיך געהויבן איינע איבער די אַנדערע, אַזוי, אַז דעם העכסטן פון די בערג האָט מען געקרוינט מיט דעם נאָמען הור־ההר. דאָס האָט געמיינט אַ באַרג אויף אַ באַרג. צווישן די בערג האָבן זיך געשלענגלט פאַרשידענע וועגן און סטעזשקעס, וועלכע זיינען געווען פאַרשטעלט מיט ביימלעך, אַזוי, אַז דאָס איז געווען דער אויסגעצייכנטער, שענסטער און געהיימניספולער שפּאַציר־פּלאַץ פאַר יונג־וואַרג, וואָס האָט זיך נישט געוואָלט צו שטאַרק וואַרפן אין די אויגן פונעם עלטערן דור.

אין די שפּעטערע יאָרן, ווען ס'האָט זיך אין אונזער שטעטל אַריינגעריסן די סאָציאַל־פּאָליטישע באַוועגונג, איז די סביבה פונעם הור־ההר געוואָרן אויסגעקליבן פאַרן פּלאַץ צו האַלטן געהיימע און אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען.

אַז ס'איז געקומען אַ יום־טוב האָט זיך יונגוואַרג אַ לאָז געטאָן, ווער אין פּלאָצקער וואַלד, ווער אינעם קוטנער וואַלד; אַנדערע האָבן זיך געלאָזט מיט דעם קאָוואַלער וועג, דורך די טאָרפּיאַרניע צום הור־ההר, אַזוי, אַז מ'האָט גאָר פאַרגעסן, אַז מ'לעבט אין אַ קליין שטעטל.

די שטאָט גופא איז געווען אַ אידישע. ס'זיינען געווען מער אידישע ווי קריסטלעכע געוועלבער, וואָרעם די אידן האָבן זיך מערסטנס אָפּגעגעבן מיט האַנדל. ס'זיינען געווען תבואה־סוחרים, וואַלד־סוחרים, שניט־קראָמען און קראָמען פון עסנוואַרג, גאַלאַנטעריי־געשעפטן, א. אַ. וו.

ס'זיינען אויך געווען אינעם שטעטל בעלי־מלאכות, ווי שניידער, שוס־טער, היטל־מאַכער, סטאָליאַרעס, בלעכער און אַ גרויסע צאָל זאָקן־מאַכער.

צווישן די סוחרים זיינען געווען פילע, וואָס האָבן אָפּגעגעבן אַ סך צייט אויף לערנען, טאַקע ווי מ'זאָגט: „טוב תורה עם דרך־ארץ".

אָט דאָס איז דער אַלגעמיינער אויבערפלעכלעכער בליק אויף גאָסטינין. ווייל מען אָבער טיפער אַריינדרינגען אין דעם אידישן קהלשן גאָסטינין, מוז מען קודם אָנפאַנגען מיט דעם גאָסטינינער רבין, ר' יחיאל מאיר זצ"ל.

און כאָטש דער רבי, ר' יחיאל מאיר, האָט געלעבט און געווירקט אַ שטיק פאַר מיין צייט, קען איך פונדעסטוועגן ניט זאָגן, אַז יענע עפּאָכע איז מיר אינגאַנצן פרעמד, וואָרעם כ'האָב זיך אָנגעהערט וועגן אַ סך מעשים

און פילע דערציילונגען וועגן דעם צדיק. דער אמת איז דאָך, אַז דער גאָס־טינינער רבי האָט געשמ׳ט איבער גאַנץ פוילן. זיינע חסידים זיינען געווען אידן פון אַלע ווינקעלעך פון פוילן, און יעדער איינער וואָס איז געקומען צום רבין, צי אַ סוחר צי אַ בעל־מלאכה, אַ למדן צי אַ פשוטער איד, אַן עושר צי אַן אביון — אַלע זיינען געווען אָנגעלייגטע, חשובע געסט.ער האָט יעדן איינעם מקבל געווען מיט כבוד און מיט האַרציקער ליבע. אין זיין עניוות האָט געשטעקט זיין אמתע גרויסקייט. צו אַלע צרות האָט ער געהאַט איין איינציקע סגולה: וואָס מער זאָגן תהלים.

צו אילוסטרירן די קדושה, אין וועלכער מ׳האָט דעם צדיק פאַרהיטן, איז כאַראַקטעריסטיש די מעשה נורא וועלכע ס׳איז דערציילט געוואָרן פון דער צייט פונעם רבינס פטירה.

און אָט וועל איך דאָס איבערגעבן געטריי ווי אַזוי איך האָב דאָס געהערט:

ווען דער צדיק איז נפטר געוואָרן, איז דאָס שטעטל, נאַטירלעך, איינ־געהילט געוואָרן אין טיפן טרויער. חברה קדישא, ביי וועמען דורכפירן אַ טהרה איז געווען איינע פון די גרינגסטע זאַכן, אַזוי ווי, להבדיל, צו מאַכן אַ טרונק בראָנפן, האָט דאָס מאָל גאָר קיין חשק נישט געהאַט זיך צו פאַר־נעמען מיט דער טהרה, פשוט צוליב דער מורא זיך צוצורירן צו אַזאַ הייליקן נפטר. אָבער מ׳האָט דאָך פאָרט געמוזט מאַכן די טהרה, האָט חברה קדישא אָפּגעהאַלטן אַ ספּעציעלע אַסיפה, און ס׳איז געוואָרן באַשטימט, אַז די סאַמע חשובסטע חברה קדישא לייט זאָלן זיך מיט דער טהרה מתעסק זיין. כ׳ווייס נישט געטריי ווער ס׳זיינען געווען אַלע מתעסקים, כ׳ווייס נאָר אַז איינער פון זיי איז געווען מיין זיידע, ר׳ ישראל איטשע קעללער, טאַקע אַ גאָר חשובער חברה־קדישא־מאַן, און אַ נאָענטער מענטש צום רבין ביים לעבן. די געקליבענע חברה־קדישא־לייט זיינען אַריין אין דער טהרה־שטוב אונטער פאַרמאַכטע טירן צו טאָן זייער שליחות אומגעשטערט. אָבער איידער זיי זיינען פאַרטיק געוואָרן, האָט זיך די טיר פון דער טהרה־שטוב פלוצלונג געעפנט און אַן אומגעבעטענער חברה־קדישא־מאַן האָט זיך אין דער טיר באַוויזן. אָן אַ וואָרט, מיט אַ שטרענגן צייכן האָט מען אים אָנגעוויזן צו פאַרלאָזן די שטוב. אַז די טיר האָט זיך צוריק פאַרמאַכט, זיינען די מתעסקים פאַרטיק געוואָרן מיט דער טהרה. און ס׳איז פאָרגעקומען די לוויה.

אַ טרויער און טיפער צער האָט זיך פאַנאַנדערגעלייגט איבער דעם שטעטל נאָך דעם רבינס פּטירה. אָבער צומאָרגנס נאָך דער קבורה, האָט

חברה קדישא געהאַט אַ פרישע טהרה. די טהרה פונעם חברה־קדישא־מאַן, וואָס האָט איבערגעטראָטן די שוועל פונעם חדר, אין וועלכן ס׳איז פאָרגע־קומען די טהרה פונעם צדיק.

אָט די מעשה, ווי אַזוי ס׳האָבן זי דערציילט די מענטשן פון דער קהילה, איז זייער כאַראַקטעריסטיש און ווייזט אָן ווי שטאַרק דער רבי איז פאַר־הייליקט געוועזן אין גאָסטינין, און אויך אין אַנדערע שטעט פון פוילן.

די צייט אין וועלכער ס׳האָט געלעבט דער גאָסטינינער רבי, קען איך ניט געדענקען, דערפאַר אָבער וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם כ״א שבט, דעם טאָג פונעם רבינס יאָרצייט; וואָרעם אין דעם טאָג פלעגט גאָסטינין האָבן גאָר אַן אַנדערן אויסזען.

נאָך מיט אַ טאָג פריער, אין דעם בין־השמשות פון ערב דעם יאָרצייט, איז דער בית־המדרש געווען געפּאַקט מיט מתפללים, וואָס זיינען שוין געהאַט אָנגעקומען אינעם שטעטל פון אַלע עקן פון פוילן, און דער עולם האָט אָנגעהויבן צו לאָזן זיך צום רבינס קבר באַלד נאָך מעריב. צו מאָרגנס, אינעם טאָג פון דעם יאָרצייט, האָט זיך אָן אויפהער געצויגן אַ פּראָצעסיע פונעם רבינס חסידים אויפן קוטנער שאָסיי, וואָס האָט געפירט צום בית־עולם, וואו ס׳האָט זיך געפונען דעם צדיקס אוהל.

אַרויסגייענדיק אויפן קוטנער שאָסיי און דערנענטערנדיק זיך צום בית־עולם, האָט זיך שוין פון ווייטן אַרויסגעזען דער אוהל, וואָס איז דאַן גע־שטאַנען אין דעם פאָדערגרונט פון בית־עולם. אינעם אוהל איז דער קבר געווען אַרומגערינגלט מיט אַ גדר פון אייזערנע שטאַנגען, דורך וועלכע ס׳האָט זיך אַדורכגעזען דער קבר. צו פוסנס איז געשטאַנען אַ גרויסער לאַמטערן אויף אַ הויכן אייזערנעם שטאַנג, אין וועלכן ס׳האָט געברענט אַ נר־תמיד. אינעם טאָג פון יאָרצייט איז דער אוהל געווען איבערפולט און אין דרויסן זיינען געשטאַנען מחנות מענטשן וואַרטנדיק אויף זייער ריי אַריינצוגיין.

דער קבר איז געווען הויך באַדעקט מיט קוויטלעך. דאָס זיינען געווען פאַרשידענע אָנגעשריבענע בקשות צום רבין. אין די קוויטלעך האָט יעדער אויף זיין שטייגער זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן און געבעטן דעם רבינס שתדלנות. און אויב ס׳האָט ווער נישט געקענט אָנשרייבן אַ קוויטל אין לשון־קודש, איז שוין דאָרט געווען אַ בחור, וועלכער איז געווען אַ געניטער קוויטל־שרייבער פאַר קהל.

אָט אַזוי האָט זיך דעם רבינס יאָרצייט אינעם שטעטל גאָר שטאַרק אָנגעזען. און דערפאַר האָט זיך דער כ״א שבט אין מיין זכרון גאָר שטאַרק איינגעקריצט.

נאָך דער פּטירה פונעם גאָסטינינער רבין, כ׳ווייס נישט גענוי ווי לאַנג דערנאָך, האָט דאָס גאָסטינינער רבנות איבערגענומען דער קינסקער עילוי, ר׳ יואָב יהושע. אין דער אמתן געדענק איך אויך זייער ווייניק דעם קינסקער. אָבער מ׳קען נישט שרייבן וועגן גאָסטינין פון יענער צייט און אים נישט דערמאָנען. וואָרעם ס׳איז אַלעמען געווען באַוואוסט, אַז ר׳ יואָב יהושע איז געווען איינער פון די גרעסטע לומדים מיט אַ גאונישן קאָפּ. ס׳זיינען צו אים געקומען לערנען די בעסטע בחורים אין פוילן. ער איז אין גאָסטינין, ספּעציעל ביי די לומדי תורה, געווען זייער באַליבט.

אָבער קינסק האָט קיינמאָל נישט געקענט ביי זיך אָפּמאַכן, אַז זייער קהילה זאָל זיין אָן ר׳ יואָב יהושע׳ן און דערפאַר האָבן זיי אים כסדר אַרויס־גערופן פון גאָסטינין. פון דער אַנדערער זייט, האָבן זיך אין שטאָט אָנגעהויבן צו פאָרמירן צדדים, אַזוי אַז דער רב האָט נאָכגעגעבן דעם פאַרלאַנג פון דער קינסקער קהילה און האָט פאַרלאָזט גאָסטינין צוריק צו גיין נאָך קינסק. ווי איך האָב שפּעטער געהערט, איז אין גאָסטינין אויסגעבראָכן אַ שטיקל מחלוקת צוליב דעם קינסקערס אַוועקגיין פון שטאָט.

נאָכן פאַרלאָזן פונעם קינסקער, נעמט איבער דאָס גאָסטינינער כסא הרבנות דער ראטשיינזער רב, ר׳ חיים משולם קויפמאַן הכהן אָטערמאַן.

אָט דעם רב ר׳ חיים משולם קויפמאַן געדענק איך שוין גראָד זייער גוט. דער נייער רב איז געווען אַ מענטש מיט אַ געוואַלטיקן הדרת־פּנים. זיין אויסזען און באַנעמונג זיינען געווען פון איראָפּעאישן שניט. חוץ דעם, וואָס ער איז געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם און אַ מחבר פון עטלעכע ספרים, איז ער אויך געווען מער באַהאַוונט אין וועלטלעכע בילדונג, ווי אַ סך פּוילישע רבנים פון יענער צייט. ער האָט גוט געקענט די דעמאָלט־הערשנדיקע רוסישע שפּראַך, אַזוי אַז ער האָט זיך גאָר לייכט געקענט צו־זאַמענרעדן מיט נאַטשאַלסטווא. דאָס איז דעמאָלט געווען אַ נייעס אין גאָסטינין, און אַז ס׳איז עפּעס גאָר וויכטיקעס פאָרגעקומען אין דער קהילה, וואָס ס׳האָט זיך געפאָדערט אַן אינטערווענץ אָדער סתם פאַרהאַנדלט צו ווערן מיט די מאַכט־אָרגאַנען, האָט מען געזען דעם פיין־פאַרפוצטן רב

מיטן שמש ביי דער זייט גיין דורך דעם מאַרק צום דעמאָלטיקן נאַטשאַלניק, פירשט אבאלענסקי.

די קהילה האָט זיך געפילט גאָר געהויבן מיט דעם, וואָס דער רב האָט נישט געדאַרפט אָנקומען צו שתדלנים ביים פאַרהאַנדלען מיט נאַטשאַלסטוואָ וועגן קהלשע ענינים, און קהל איז טאַקע געוואָקסן אין פּרעסטיזש ביי דער נישט־אידישער באַפעלקערונג, אַזוי גוט ווי אין די אויגן פון דער מאַכט.

ר׳ חיים משולם קויפמאַן האָט פאַרלאָזן גאָסטינין, וואו ער איז געווען רב דרייצן יאָר, איבערצונעמען דאָס רבנות אין פּולטוסק. אינעם יאָר 1924 איז ער אַריינגעפאָרן קיין וואַרשע פאַר קוראַציע, און אין דעם זעלבן יאָר נפטר געוואָרן.

דערמאָנענדיק די גאָסטינינען רבנים, זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן ר׳ שמואל וואָלף פינטשעווסקי, דער גאָסטינינער דיין, וועלכער האָט גע־פסקנט שאלות אַזוי גוט ווי דער רב, געווען אַ שטענדיקער לומד תורה ופוסקים. איך געדענק אים אַמבעסטן פון זיין זאָגן סליחות פאַרן עולם אין בית־המדרש. ער איז אויך געווען דער בעל מתחיל ראש־השנה און יום־כיפור. ווי ס׳ווייזט אויס איז די מיסיע פונעם בעל מתחיל צו די ימים־נוראימדיקע תפילות געווען גאָר אַ וויכטיקע. הפנים אַז דער עולם האָט געוואָלט אַז דער טאָן־געבער פון די תפילות זאָל זיין אַ חשובער דאַוונער, און זאָל זיין ראוי צו זיין אַ שליח־ציבור, וואָרעם נאָך דער פּטירה פונעם דיין ר׳ שמואל וואָלף, האָט די דאָזיקע פונקציע איבערגענומען מיין זיידע, ר׳ ישראל איטשע. דער זיידע איז טאַקע געווען איינער פון די זיילן פון דער גאָסטינינער קהילה, אַ מענטש צו וועמענס וואָרט מ׳האָט זיך גאָר שטאַרק צוגעהערט, צו וועמען מ׳האָט זיך געווענדט מיט אַ סכסוך און אויף וועמענס בוררות מ׳האָט זיך פאַרלאָזט, אַזוי אַז ער איז געווען דער פאַסיקסטער שליח־ציבור.

אַז מ׳רעדט פון די גאָסטינינער כלי־קודש, מוז מען בלי ספק זיך אָפּשטעלן אויף דעם גאָסטינינען חזן־שוחט פון יענער צייט, ר׳ יעקב מיללער ז״ל, וועלכער איז אָנגעקומען נאָך גאָסטינין פון סקידעל, גראָדנער גובערניע. דער דאָזיקער מענטש איז געווען באַליבט ביי דער גאַנצער שטאָט, אָן אויסנאַם. און טאַקע נישט אומזיסט. אַזוי די שחיטה ווי אויך זיין חזנות האָט ער גענומען זייער ערנסט; שחיטה איז געווען ביי אים אַ מלאכת הקודש, אַ מלאכה אין וועלכער מ׳האָט געמוזט זיין זייער אָפּגעהיטן און צו זיין אַ

**דער גאָסטינינער חזן ר׳ יעקב מילער מיט זיין כאָר**



ערשטע ריי, פון רעכטס צו לינקס: **אליהו־מאיר טאַבאַטשניק, יחיאל־מאיר קעללער, מאַרקוס נעמאַך** (אַ ווישיגראָדער), **ישכר מאָטיל, יעקב מאָטיל.** :—: צווייטע ריי, פון רעכטס צו לינקס: **שמואל קעללער, חיים־יהושע טאַבאַטשניק, חזן יעקב מיללער, חנא זאַיאָנץ, פולע דאַנציגער.**

שליח־ציבור האָט ער געהאַלטן פאַר אַ געוואַלטיקע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. דער „הנני העני ממעש״ איז געווען טאַקע ווי ספּעציעל פאַר אים באַשאַפן.

בעת דער חזן האָט געזאָגט אַ תפילה, איז דער תמצית געקומען צום אויסדרוק. וואָרעם ער האָט פאַרשטאַנען דעם פירוש המלות, און געוואוסט ווי אַזוי זיי אויסצוטייטשן, איז ער דאָך געווען באַהאַוונט אין העברעאיש און אין דער העברעאישער ליטעראַטור, דערפאַר איז אים דער טעקסט נישט פרעמד געווען. צוזאַמען דערמיט איז ער געווען אַ גרויסער מנגן.

נגינה אין אַלגעמיין איז ביי אים געווען פיל מער ווי אַ מיטל פאַר פרנסה. נגינה איז ביי אים געווען אַ הייליקע קונסט, און זיין דורשט נאָך דער קונסט איז געגאַנגען ווייט אַריבער די גרענעצן פון דער תפילה.

צו ווייזן ווי ווייט און ווי שטאַרק ס׳איז געווען זיין דורשט און שטרעבן צו אָט דער קונסט, וועט זיין געננוג צו ציטירן דעם פאָלגענדיקן פאַקט:

אין יענער צייט איז אין גאָסטינין געווען קאַפּעלמייסטער פונעם מיליטערישן אָרקעסטער דער זייער באַגאַבטער אידישער מוזיקער, גער־שאָוויטש. אַז דער קאַפּעלמייסטער איז געקומען אין שול און געהערט דעם חזנס דאַווענען, איז ער געוואָרן זייער באַגייסטערט און האָט זיך תיכף אָנגעהויבן חברן מיטן חזן. זייער פריינדשאַפט האָט זיך ביסלעכווייז פאַר־שטאַרקט און אין רעזולטאַט, האָט ר׳ יעקב מיללער זיך עטלעכע אָוונטן אַ וואָך בסוד־סודות אַריינגעגנבעט צום קאַפּעלמייסטער, ביי וועמען ער האָט געלערנט מוזיק און האַרמאָניע. מען מוז אין זינען האָבן, אַז אין יענער צייט וואָלט אַזאַ מין זאַך פון קהל באַטראַכט געוואָרן ווי אַ גרויסער חטא און אויף אַ חזן־שוחט אין אַ שטעטל ווי גאָסטינין, זיינען שטענדיק געווען געווענדט טויזנטער אויגן. אָבער דעם חזנס דורשט צו לערנען מוזיק סיס־טעמאַטיש איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט איינגעשטעלט זיין פרנסה און זיין רעפּוטאַציע ביי יראים ושלמים אַבי צו לערנען מוזיק.

נאַטירלעך איז דאָס דעמאָלט געווען אַ געוואַלטיקער סוד און נאָר איינצלנע און געציילטע, גאָר נאָענטע מענטשן, האָבן דעם סוד געוואוסט. איצט אָבער מעג שוין דער סוד פון יענער צייט דערציילט ווערן. פאַר ימים־טובים פלעגט זיך שוין אין דער בוך־גאַס הערן דעם חזנס קנעלן מיט די משוררים ביז שפּעט אין אָוונט. די משוררים זיינען דאָך קיין געשולטע זינגער נישט געווען, און אין אינגלעך אַריינצוקלאַפּן אין די קעפּ נגינה, וואָס איז געווען גענצלעך פרעמד, אָן דער הילף פון נאָטן, וואָס קיינער פון

זיי האָט נישט פאַרשטאַנען, איז געווען נישט קיין גרינגע מלאכה. איך ווייס, אַז ס׳האָט געטראָפן אומצייליקע מאָל, אַז דעם חזן איז, ווי מ׳זאָגט, די גאַל צעגאַנגען, ווען נאָך איינזינגען גאַנצע טעג, איז הברה משוררים געבליבן רוי, אַזוי, אַז דער חזן האָט מיט כעס פאַרמאַכט די מחזורים און געהייסן זיי גיין שלאָפן. אָבער אַזוי ווי ער האָט זיך אָן די משוררים נישט געקענט באַגיין, האָט ער זיך תיכף איבערגעבעטן און די מחזורים צוריק געעפנט און אויף דאָס ניי אָנגעהויבן קנעלן. דאָס איינזינגען האָט געדויערט וואָכן און אָפטמאָל חדשים. אָבער דער חזן איז נישט מיד געוואָרן. זיין איינציקע זאָרג איז געווען, אַזביים עמוד אין שול זאָל קיינער פון די זינגער נישט פאַרלירן דעם זכרון.

אַז ס׳איז געקומען אַ פּאָר טעג פאַר יום־טוב, האָבן זיך אָנגעהויבן גאָר נייע צרות. די משוררים זיינען געקומען מיט אַלערליי וויַיעניש. איינער האָט נישט געקענט גיין אין שול, ווייל ער האָט געמוזט האָבן אַ פּאָר נייע שטיוול. אַן אַנדערן האָט אויסגעפעלט אַ לייטיש היטל. אַ דריטער האָט גאָר געהאַט צעריסענע מכנסים. וואָס האָט דער חזן געקענט טאָן אַנדערש ווי קויפן די נויטיקע מלבושים פאַר די זינגער. דאָס און פאַרשידענע אַנדערע צרות האָט דער חזן געהאַט אויסצושטיין פון די משוררים. אָבער פונדעסטוועגן, אַז ווען דאָס זינגען ביים עמוד איז אַדורך גלאַטיק — האָט דער חזן זיי פאַרגעבן און האָט נאָך מיט זיי נאָך יום־טוב געפּראַוועט אַ ריכטיקע סעודה.

אינעם חזנ׳ס שטוב איז די אַטמאָספערע געווען אַ וואַרעמע, אַן אָנגענעמע. דאָרט איז געווען אַ מין צוזאַמענקונפטס־פּלאַץ פונעם אינטעליגענטערן יונגן דור. צוזאַמען מיט דעם חזנ׳ס קינדער פלעגט מען דאָרט געזעלשאַפטלעך פאַרברענגען.

אין וואַרשע איז דעמאָלט דערשינען „די ראָמאַנצייטונג״, אין וועלכער ס׳איז יעדע וואָך געווען אָפּגעדרוקט אַ ליד מיט נאָטן. איז אַזוי שנעל, ווי ס׳איז געקומען דער זשורנאַל פון וואַרשע, פלעגן מיר, יונגוואַרג, אַריין צום חזן און ער האָט אונז געגומען לערנען דאָס ליד.

אין אַלגעמיין איז יעקב מיללער געווען זייער פּאָפּולער און זייער באַ־ליבט אין שטאָט. פאַר יעדן האָט ער געהאַט אַ פריינטלעך וואָרט. ער האָט אין זיך געהאַט אַ נאַטירלעכע וואַרעמקייט, וואָס האָט יעדן מקרב געווען און געצויגן צו אים. ער איז געווען איינער פון די גרעסטע מכניסי־אורחים פון שטאָט און כאָטש ער האָט קיין געוואַלטיקע פאַרדינסטן פון זיינעביידע

מלאכות נישט געהאַט, האָט ער פונדעסטוועגן געגעבן אַ סך צדקה — און דאָס שטענדיק בסתר.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דער חזן האָט זיך געגרייט צו פאַרלאָזן גאָסטינין צו פאָרן צו זיינע קינדער אין אַמעריקע, איז אין שטאָט געוועזן אַן אַלגעמיינער טרויער און אין דעם טאָג פון אָפּפאָר איז פאַקטיש די גאַנצע שטאָט אַרויס אויפן קוטנער טראַקט אים צו באַגלייטן און אים צו ווינטשן אַ האַרציקן צאתך לשלום.

(ס'איז כדאי צו באַמערקן, אַז אין דער שטאָט דעטראָיט אין אַמעריקע, וואו ר' יעקב מיללער האָט זיך באַזעצט, האָט ער פאַרגעזעצט מיט שחיטה און הזנות. און איז גאָר שנעל געוואָרן באַוואוסט און באַליבט.)

חוץ דעם חזן־שוחט האָבן מיר אין שטאָט געהאַט נאָך צוויי שוחטים. איינער — ליבוש שוחט, אָדער ווי מ'האָט אים גערופן ליבוש באביעקער, אַפּנים דערפאַר, וואָס ער איז קיין גאָסטינין אָנגעקומען פונעם שטעטל באַביאַק. חוץ שוחט איז ער אויך געוועזן דער שטענדיקער בעל־תפילה אינעם בית־המדרש. אין די ימים־נוראים פלעגן אים אונטערהאַלטן — ווי מ'פלעגט זאָגן אין גאָסטינין — זיינע צוויי זין און דער איידעם. דעמאָלט האָט ער געדאַוונט מעשה חזן. די מתפללים פונעם בית־המדרש האָבן פון זיין דאַוונען הנאה געהאַט, ווייל ער איז טאַקע געווען אַ געשמאַקער זאָגער.

דער דריטער שוחט, בנימין לעווי, איז שוין געוועזן אַ פּראָדוקט פון גאָסטינין. די שחיטה האָט זיך פאַר בנימין לעווי גראָד זייער צוגעפּאַסט, וואָרום ער איז אַרויסגעקומען פון אַ גאָר געהויבענער משפחה, דורות רבנים און לומדים.

איז טאַקע גאָסטינין געוועזן גאָר קיין פאַרזאָרגט מיט דריי שוחטים. אָבער צי די דריי שוחטים זיינען געוועזן פאַרזיכערט מיט פּרנסה, דאָס איז ביי מיר אַלעמאָל געוועזן אַ גאָר שטאַרקער ספק...

ס'וועט נישט זיין אויסערן וועג מזכיר צו זיין אַ פּאָר לומדי תורה פונעם שטעטל, וועמענס תלמיד איך בין געוועזן. וואָרום מיין פאָטער יעקב מענדעל ע"ה, וועלכער איז אין אַ גאָר גרויסער מאָס געווען אַ שטיק זיידע, ד. ה. אַ שטיק ישראל־איטשע, מיט זיין קלוגן בליק אויפן לעבן, מיט זיין לאָגישן שכל און אין וועמענס טריט ער איז געגאַנגען און צו וועמען ער האָט געהאַט אַ געוואַלדיקע ליבשאַפט, האָט געהאָפט אַז כ'וועל אפשר אַריינגעראָטן אינעם זיידן, און האָט דערפאַר מיך מדריך געוועזן צו לערנען. אויסגעלאָזט האָט

זיך, אַז איך בין געבליבן גאָר צופוסנס פונעם באַרג אויף וועמענס שפּיץ ס'איז געשטאַנען מיין זיידע ר׳ ישראל איטשע ע״ה. אַ שטיקל צייט אָבער האָב איך פונדעסטוועגן פאַרבראַכט לערנענדיק אין בית־המדרש, און ווי דער שטייגער איז געווען, געלערנט ביי עטלעכע גאָר גרויסע למדנים. וויל איך זיי דאָ דערמאָנען.

דוד ליפשיץ: אַן אייניקל פונעם גאָסטינינער רבי ר׳ יחיאל מאיר ז״ל און דער זון פון ר׳ ליבוש ליפשיץ, אַ זיידענער יונגערמאַן מיט אַ קלוגן, עילוישן קאָפּ, וואָס האָט געלערנט מיט חשק און געשמאַק.

נחום ישראל שייער: אַן איידעם פון מרדכי מענדעל און טויבע חיה דאַנציגער. אַן אמתער חריף, פון וועמענס מויל די ווערטער זיינען אַרויס ווי פּערל, מיט אַ האַרמאָנישן און שטילן קלאַנג.

אברהם גייזלער: אַ בחור אַ לערנער, אַ מתמיד, וואָס איז קיינמאָל נישט מיד געוואָרן לערנענדיק.

און חיים טרעמסקי: אַ בחור מיט גאָר אַ שאַרפן מוח. ביי אים צו לערנען איז געווען נישט פון די קליינינקייטן, ווייל אים האָט מ׳ען געמוזט פאַרשטיין צווישן די שורות. ביי חיימל טרעמסקי בין איך געווען אַ תלמיד און אויך אין דער זעלבער צייט געווען זיינער אַ חבר; חיימל האָט געהאַט אַ שאַרפן קאָפּ מיט אַ מיסטישן אונטערשלאַק, און איך האָב אים גוט פאַרשטאַנען. דערפאַר זיינען מיר געווען רבי און תלמיד און אויך חברים. דערפאַר האָט ער מיר געגעבן מער פון זיין צייט ווי די אַנדערע ביי וועמען כ׳האָב געלערנט. חיים טרעמסקי איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן אַריבער אין שכנות׳דיקן וולאָצלאַוועק, וואו ער האָט זיך באַטייליקט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער שטאָט און געווען איינער פון די פירער פון וולאָצלאַוועקער „מזרחי״.

צווישן זיי דאַרף מען אויך דערמאָנען יצחק שטערן, וועלכער איז געווען ישעיהו פיינזילבערס איידעם, געגעסן קעסט און ווי אַ למדן וואָס האָט גע־האַט סמיכה אויף רבנות. ער האָט גרופּירט אַרום זיך אַ ריי בחורים, מיט וועלכע ער האָט געלערנט.

***

נאָך דער רוסיש־יאַפּאַנעזישער מלחמה, ווען רוסלאַנד האָט געהאַט געליטן די שווערע מפּלות אויף די שלאַכטפעלדער פונעם ווייטן מזרח, און אינעם לאַנד האָט זיך אָנגעהויבן פילן די ביטערע אַנטוישונג פונעם רוסישן בער׳ס מפּלות און די אונטערערדישע פרייע כוחות האָבן דערפילט אַ שעת

הכושר אַרויסצולאָזן אַ פונק פונעם רעוואָלוציאָנערן גלויבן, וואָס האָט זיך תיכף ווי אַ שטילער פייער פונאַנדערגעברענט, אָנגעצונדן און אַרומגעכאַפּט אַלע ווינקעלעך פון דער מדינה, האָט דאָס אונזער גאָסטינין אויך נישט אויסגעמיטן.

אין אַ געוויסן נאָכמיטאָג האָט זיך אינעם שטעטל באַוויזן אַ נידעריקער אָבער ברייט־בייניקער פּאַרשוין מיט אַ פּאָר פּלייצעס פונאַנדערגעוואָקסענע, צוליב וועלכע מ׳האָט זיין קאָפּ פון הינטן קוים אַרויסגעזען. מיט טריט און מיט אַ חוש פון אַ יעגער האָט ער זיך דורכגעשלייכט איבער די גאָסטינינער גאַסן, ביז ער האָט דערטאַפּט איינעם פון אונזער גרופּע, און אַזוי אַרום אים צוזאַמענגעבראַכט מיט די איבעריקע פון אונזער קרייז, וואָס איז באַשטאַנען פון טוביה יאַקובאָוויטש, אפרים מאָטיל, חיים סענדער דאָמב, זעליג מאָטיל (מאַכלע׳ס), וועלכער געפינט זיך איצט אין שיקאַגאָ, יעקב לייב ראָזענטהאַל און אויך דעם שרייבער פון די שורות.

אונזער ערשטער צוזאַמענקונפט מיט דעם אומבאַקאַנטן מענטשן איז פאָרגעקומען אינעם הויז פון טוביה יאַקובאָוויטש. וועגן טוביה׳ן און זיין פּערזענלעכקייט לוינט זיך טאַקע אַביסל מער אָפּצושטעלן, וואָרים טוביה איז געווען אַ גאָר אינטערעסאַנטער מענטש. ער איז אין יענער צייט שוין געווען אַן אייגענער בעל־הבית. מיט אַ ווייב און מיט אַן אייגענער דירה. חיונה האָט ער געצויגן פון זיין רעזורע, וועלכע ער האָט איינגעאָרדנט אינעם הויז פון דער שוואַרצער פריידע, אויף דער פּלאַצקער גאַס.

זיין רעזורע איז געווען אַ מער מאָדערנע ווי די אַנדערע שטאָטישע רעזורעס, וואָרים טוביה אַליין איז אויך געווען פיל מער פאָרטגעשריטן ווי דער גרעסטער צאָל גאָסטינינער אין יענער צייט.

טוביה יאַקובאָוויטש איז געווען אַביסל עלטער פון די איבעריקע חברים פון אונזער גרופּע, אָבער ער איז געווען אַ גאָר אינטערעסאַנטער און ליבעראַלער מענטש. דערפאַר טאַקע האָט ער זיך געפילט נענטער צו אונזער יונגערער גרופּע, צו וועלכער ער האָט זיך אַ סך בעסער צוגעפּאַסט, און מיט וועלכער ער האָט זיך בעסער פאַרשטאַנען. כאָטש אין יענער צייט האָט מען אין גאָסטינין קיין גרויסע וועלטלעכע בילדונג נישט געקענט קריגן, האָט זיך טוביה פונדעסטוועגן אַליין געבילדעט און האָט געלייענט אַ סך העבר׳עאיש, אידיש, פּויליש און אויך רוסיש. חוץ דער אידישע פּעטערבורגער צייטונג „דער פריינד״, וואָס ער האָט אויסגעשריבן אין שותפות מיט

דעם שרייבער פון די שורות און מיט אפרים מאָטיל, האָט ער אויך געלייענט די „הצפירה״ אין שותפות מיט יונה ברוך כ״ץ, פישעל ציוויעס און דעם חזן ר׳ יעקב מיללער. מ׳האָט אויך ביי אים געפונען די רוסישע צייטונגען „סין אָטעטשעסטוואַ״, איינע פון די ראַדיקאַלסטע רוסישע צייטונגען פון יענער צייט. איז דאָך קיין חידוש נישט וואָס מיר, די יונגערע, האָבן זיך צו אים צוגעקלעפּט. דערפאַר טאַקע איז טוביה׳ס שטוב געווען דער גע־ווינטשטסטער און פּאַסיקסטער באָדן פאַר דער אַרבעט פון אַ ראַדיקאַלן אויפשוואונג. ס׳איז געווען נאַטירלעך, אַז ביי אים זאָל פאָרקומען די ערשטע אסיפה. זיינען מיר טאַקע יענעם אָוונט זיך צוזאַמענגעקומען ביי טוביה׳ן אין דער רעזורע, מיט די ראָלעטן פון די פענסטער פאַרצויגן, כדי מ׳זאָל אין דרויסן נישט זען די נישט גלאַט־כשרע אסיפה.

אין דער אמתן איז דאָס גאָר גיכער געווען אַ לעקציע, וואָרים מיר אַלע זיינען געזעסן שטיל, מיט אָפענע אויערן און זיך זייער שטאַרק צוגע־הערט צו דעם פרעמדן מיט די ברייטע פּלייצעס, וועלכע האָבן, בעת ער איז געזעסן, אויסגעזען נאָך ברייטער. ער האָט געהאַט אַ גאָר גוט געשליפענע צונג, אַזוי, אַז זיינע ווערטער מיט דער פיינער ליטווישער אויסשפּראַך זיינען אַרויסגעקומען פון זיין מויל ממש געדרעקסעלט. ער האָט גערעדט מיט געשמאַק, אַזוי, אַז ער אַליין האָט זיך מיט זיינע רייד פאַסמאַקעוועט, גלייך ער וואָלט געגעסן עפּעס אַ געשמאַקן מאכל.

ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוואוסט, איז דער מענטש געווען דער בונדישער אָרגאַניזאַטאָר, באַוואוסט אונטער דעם נאָמען „אַבראַם דער הויקער״, אַ מיטגליד פונעם פּוילישן ראַיאָנעם קאָמיטעט.

מיר האָבן זיך צוגעהערט און ממש געשלונגען יעדעס וואָרט. ער האָט פאַר אונז פונאַנדערגעוויקלט די בונדישע תורה, וועלכע איז אונז ביז דעמאָלט לחלוטין פרעמד געווען, און אַמשטאַרקסטן האָט ער פּרובירט אין אונז אַריינצוקנעלן די גרונד־יסודות פון בונדיסטישן פּראָגראַם, נעמלעך די „נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע״.

דער אָוונט איז געווען אַ לאַנגער און ער, דער לעקטאָר, האָט אויסגע־נוצט יעדע מינוט, און כאָטש ווען ער האָט געהאַט געענדיקט איז נאָך דער גאַנצער ענין אונז אַלץ נישט קלאָר געווען, האָבן מיר פונדעסטוועגן אַזוי ווי די אידן אונטערן באַרג סיני געזאָגט „נעשה ונשמע״ און מזל טוב...

מ׳האָט אַוועקגעלייגט דעם גרונדשטיין, דעם פונדאַמענט פאַר דעם בנין, באַ־וואוסט אונטער דעם נאָמען דער „אידישער בונד פון פוילן״.

מיט דער גרינדונג פון דעם בונדישן קאָמיטעט אין גאָסטינין איז, ווי ס׳האָט דעמאָלט אויסגעוויזן, דאָס שטעטל אַרויף אויף דער מאַפּע פון פוילן. וואָרום מיט אַמאָל האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויפן שטעטל שליחים פון אַלע דעמאָלטיקע פּאַרטייען. קודם איז פון וואַרשע אַרונטערגעקומען אַ פּראַנטל מיט שוואַרצע וואָנסעלעך, וועלכער האָט אויסגעזען אי פּויליש אי פראַנצויזיש, אַפילו איטאַליעניש. און כאָטש מ׳האָט נישט געוואוסט געגוי וואָסערע תורה ער וויל פּרעדיקן, איז אָבער בלויז פון זיין אויסזען האָט מען געקענט אַראָפּ־לייענען דעם שילד פון דער פּ. פּ. ס.

און ער איז נישט געווען דער אײנציקער גאַסט אין שטאָט. ס׳זיינען אויך געקומען שליחים פון פּועלי־ציוניסטן, סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן און אַפילו סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, עס־ער׳אָווצעס. יעדער פון זיי האָט געזוכט אָנהענגער פאַר זיין פּאַרטיי. אָבער דער אמת איז געווען, אַז גאָסטי־נין איז געווען צו־קליין און די אידישע באַפעלקערונג — איבערהויפּט יונגוואַרג — צו־מאָגער צו קענען פאַרדייען אַזאַ פיל־פּאַרטייאישע באַוועגונג. דער סך־הכל איז געווען, אַז דער „בונד״ האָט פאַרנומען אַ ניינציק פּראָצענט פון דער גאָסטינינער אידישער יוגנט אין יענער צייט. דאָס איז אַפּנים געווען דערפאַר, וואָס „אַבראַם דער הויקער״ איז געווען דער ער׳שטער צו פּרעדיקן די בונדיסטישע תורה צו די עטלעכע געציילטע מענטשן, וואָס האָבן געהאַט דעם געהעריקן איינפלוס אויף דער דעמאָלטיקער גאָסטינינער יוגנט, און האָבן זיין תורה אָנגענומען.

באַלד האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון געהיימע פאַרזאַמלונגען אויף וועלכע ס׳זיינען פאַנאַנדערגעטיילט געוואָרן אומלעגאַלע בראָשורן מיט פּראָק־לאַמאַציעס אויף וויסן פּאַפּיר מיט בלוט־רויטן דרוק, ליטעראַטור, וועלכע מ׳האָט געמוזט אַריינשמוגלען אונטער די נעזער פון דער פּאָליציי. און אינעם שטעטל איז מיט אַמאָל געוואָרן גאָר אינטערעסאַנט און לעבעדיק.

די שטאָט האָט מיט אַמאָל באַקומען אַן אַנדער פּנים. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן וואַרפן אין די אויגן דאָס, וואָס בעל־הבתישע און אַפילו חסידישע בחורים זיינען פלוצים געוואָרן גאַנצע שמעלקעס מיט די שטאָטישע בעלי־מלאכות, מיט די שניידער, שוסטער, טאַנדייטערס א. אַז. וו. דאָס האָט די מיוחסים פון שטאָט אַביסל צערודערט. די געמישטע חתונה צווישן די מער פּריווי־

לעגירטע, מיט די פּראָסטע שניידער־ און שוסטער־יונגען, איז פּאָר זיי געווען אַ ביטערער טראָפּן, וועלכן זיי האָבן נישט געקענט גאָר גלייכגילטיק אַראָפּשלינגען. און, ווי געוויינטלעך, זיינען אין די היימען פון די, וואָס זייער יחוס איז געוואָרן פאַרשוואַרצט, פאָרגעקומען גאַנץ אָפטע צוזאַמענשטויסן צווישן די טאַטעס מיט די זין. די זין האָבן טאַקע זייער אָפט געפילט אויף זיך דעם צאָרן פון זייערע חשובע אָבער באַליידיקטע טאַטעס.

די אויפרעגונג פון די יחסנים און די חשובים איז געוואָרן נאָך שטאַרקער, ווען מיט אַמאָל האָבן זיך אויף די גאַסן באַוויזן בחורים צוזאַמען מיט מיידלעך, אַ דערשיינונג, וואָס איז ביז דעמאָלט אין גאָסטינין געווען נישט פון די קליינע זעלטנהייטן. און דאָס זיינען געווען מיידלעך ניט, חלילה, פונעם אויבערשטן פון שטויסל, נאָר די פון אָרעמערן קלאַס און טאַקע אַפילו דינסט־מיידלעך. דאָס האָט טאַקע דעם באַלעבאַטישן עולם שטאַרק דערצאָרנט. ער האָט אָבער גאָר נישט געקענט טאָן קעגן דעם. עס זיינען שוין אָנגעקומען פאַרשידענע באַריכטן און אָפּקלאַנגען פון די גרעסערע שטעט, ווי וואַרשע, לאָדזש, לובלין און אַפילו פון אונזערע שכנישע שטעט, ווי פּלאָצק און גאָמבין, אַז דאָס איז אַ מין חברה וואָס ווילן אונטערברענגען מלכות, טאָ וואָס קענען שוין פשוטע אידן טאָן? דעריבער האָבן זיי נעבעך געליטן און געשוויגן.

ס'זיינען אָבער געווען פאַנאַטיקער, וועלכע האָבן מיט געוואַלד געוואָלט אָנהאַלטן די אַלטע יחוס־טראַדיציע און בשום אופן נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז זייערע קינדער זאָלן זיך אויסמישן מיטן „ערב רב". געדענק איך טאַקע די אויסערגעוויינטלעכע אָפטע צרות און פּורעניות, וועלכע ס'האָט נעבעך געהאַט אויסצושטיין מיין טייערסטער פריינט און חבר יעקב לייב ראָזענטהאַל פון זיין פאָטער בנימין מענדל. בנימין מענדל איז געווען אַ איד אַ חסיד, וואָס האָט פעסט אויסגעשפּרייט זיין ממשלה איבערן גאַנצן הויז־געזינד, מעשה דיקטאַטאָר. ער האָט בשום אופן נישט געקענט פאַרטראָגן, וואָס זיין יעקב לייב איז פּלוצים אַראָפּ פון דרך הישר צו ווערן אַ שמד'ניק און זיך אַרומשלעפּן מיט חברה „אחדות"־יונגען מיט מיידן צוזאַמען. ווער האָט דאָס גאָר אַזעלכעס געהערט?... אויב אַנדערע בחורים ווילן זיך שמדן, זאָלן זיי זיך פאַרדרייען זייערע קעפּ, אָבער נישט בנימין מענדלס זון.

געדענקט זיך טאַקע ביז היינט אַ שבת בין השמשות, בעת חברה האָבן זיך שפּאַצירט אינעם לוסטגאָרטן, נעבן דער צערקווע, בחורים מיט מייד־

לעך, ווי פּלוצים פון דער הוילער הויט, אַזוי ווי אַ וויכער, איז געקומען צולויפן בנימין מענדל ראָזענטהאַל, אויסגעזוכט יעקב לייב׳ן צווישן די שפּאַצירער און בפני כל עם ועדה אים דערלאַנגט אַ פּאָר הילכיקע פּעטש און אים אַרויסגעפירט פונעם גאָרטן.

חברה האָט בנימין מענדלען גערן געוואָלט געבן אַ לעקציע, ווי אַזוי מ׳דאַרף פּאַטשן, אָבער אַזוי ווי מ׳האָט געזוכט אויסצומיידן סקאַנדאַלן, האָט מען דאָס פאַרשוויגן, אָבער די פּעטש האָבן בנימין מענדלען סיי־ווי־סיי גע־האָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. וואָרום יעקב לייב איז נישט נאָר אָנגעגאַנגען מיט זיין אַרבעט אין גאָסטינין, נאָר איז שפּעטער געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע טוער פונעם בונד. זיין טעטיקייט האָט ער אָנגעפירט אין וולאָצ־לאַוועק, אַ שטאָט פיל גרעסער פון גאָסטינין.

אין וולאָצלאַוועק איז ער געווען אַ שטענדיקער מיטגליד אין דעם בונדישן קאָמיטעט. אין 1921־1929 איז ער געווען אַ דעלעגאַט צו די בונדישע־צוזאַמענפאָרן. ער איז אויך געווען אַ ראַטמאַן, אַ קהילה־דאָזער פון וולאָצ־לאַוועק און געווען זייער אַקטיוו אין דעם ציש״אָ שול־וועזן.

אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די נאַציס האָבן אין וולאָצלאַוועק איינגעפירט אַ געטאָ פאַר אידן, האָט יעקב־לייב געשפּילט אַ גאָר גרויסע ראָלע. ווען דער קהילה־ראַט האָט געדאַרפט שיקן אַ מענטשן קיין וואַרשע צום „דזשאָינט״, וועגן הילף פאַר די וולאָצלאַווקער אידן, און אַז קיינער פון



יוסף קעללער און יעקב־לייב ראָזענטהאַל

די קהילה־פאָרשטייער האָט זיך נישט געוואָלט איינשטעלן צו פאָרן, האָט יעקב־לייב זיך פרייוויליק געמאָלדן, און איז צוויי מאָל געפאָרן צום „דזשאָינט״. ער האָט זיך גלייכצייטיק פאַרבונדן מיט דעם צענטראַלן קאָמיטעט פון „בונד״ אין וואַרשע, און געבראַכט צו די וולאָצלאַווקער אידן אין געטאָ אַ סך אינ־פאָרמאַציע.

אין דער וולאָצלאַווקער געטאָ איז אין טהרה־שטיבל פון בית־עולם איינגעאָרדנט געוואָרן אַ קיך, וואו מ׳האָט אַרויסגעגעבן הונדערטער מיטאָגן אַ טאָג. יעקב־לייב ראָזענטהאַל איז געווען דער סעקרעטאַר פון דער פאַר־וואַלטונג פון דער קיך.

צוזאַמען מיט די לעצטע טראַנספּאָרטן אידן פון וולאָצלאַוועק, וואָס זיינען פון די דייטשן אַרויסגעפירט געוואָרן קיין כעלמנאָ, זיינען אויך געווען יעקב לייב און זיין זון סאָמקע, הי״ד.

פאַר אַ גאָר קורצער צייט האָט עס אויסגעזען, אַז דער ווידער־קול פון די הילכיקע פּעטש אינעם לוסטגאָרטן פון יענעם שבת׳דיקן בין השמשות האָט זיך איינגעשטילט. דאָס איז אָבער געווען אַ טעות, ווייל די „קאָזאַצקע האַנדלונג״ — ווי מ׳האָט דאָס דעמאָלט אָנגערופן — פון בנימין מענדלען האָט ביים קאָמיטעט אַרויסגערופן אַן אויפרעגונג און ס׳איז קיין ספק נישט געווען, אַז אַזאַ מיאוסער טאַט טאָר בשום אופן נישט פאַרשוויגן ווערן, כדי דאָס זאָל זיך מער נישט איבער׳חזר׳ן. איז טאַקע אַרויסגעלאָזט געוואָרן אַ שטרענגע וואָרענונג צו דער שטאָט, צו קהל, אַזוי גוט ווי צו יחידים, אַז אַזעלכע אומדערלאָזלעכע אינצידענטן, ווי דער לוסטגאָרטן־אינצידענט, וואָס באַצוועקן צו שטערן די באַוועגונג, וועלן באַשטראָפט ווערן אָן רחמנות אויפן וואַרשעווער שטייגער. דער עולם האָט געוואוסט וואָס דער וואַרשעווער שטייגער מיינט: נאָך אַזאַ שטראָף האָט מען שוין פאַרשפּאָרט צו פּאַטשן...

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס די גאָסטינינער האָבן דער־הערט אַזעלכע קלאָרע און שאַרפע דיבורים פון זייערע אייגענע קינדער. און דאָס האָט אויך געהאַט די געוואונטשטע ווירקונג, וואָרום נאָכדעם האָבן זיך נישט בלויז אין לוסטגאָרטן, נאָר אין ערגעץ מער קיין פּעטש נישט געהערט.

חוץ אַזעלכע אויסנאַם־פאַלן, ווי בנימין מענדל׳ס עפנטלעכער אָנפאַל אויף זיין זון, איז די באַפעלקערונג, ווי אַ גאַנצע, נישט געווען פיינטלעך צו דער נייער באַוועגונג אין שטאָט.

ס׳זיינען געווען טיילווייז אומצופרידענע צוליב דעם, וואָס די אַלטע יחוס־ליניע איז כסדר בלאַסער געוואָרן, אָבער דאָס איז געווען אַ שטילע, באַהאַל־טענע אומצופרידנקייט, וואָרום קיין שום מאַטעריעלן שאָדן האָט דאָס דערווייל קיינעם נישט געבראַכט... איז דאָך גאָסטינין קיין אינדוסטריעלער צענטער נישט געווען, און ס׳האָט קיין פּראָבלעם פון אַרבעט און קאַפּיטאַל אינעם ברייטן זינען פון וואָרט נישט עקזיסטירט.

***

ס׳זיינען געווען שטאָטישע בעלי־מלאכות וואָס זייער פּראָדוקציע איז פאַרנוצט געוואָרן דורך דער שטאָטישער און, אויך טיילווייז, דורך דער אַרו־מיקער דאָרפישער באַפעלקערונג.

דער איינציקער האַנדל, וואָס גאָסטינין האָט געפירט מיט איר פּראָדוקציע מיט אַנדערע שטעט, איז געווען די זאָקן־פּראָדוקציע און אויך דאָס אויף אַ קליינעם מאָסשטאַב, אַזוי, אַז וועגן קיין קלאַסן־קאַמף אינעם אמתן זין פון וואָרט איז דאָ נישט געווען דער מדובר.

די טערמינען „קלאַסן־קאַמף", „עקספּלואַטאַציע", „צענטראַליזאַציע פון קאַפּיטאַל", דאָס זיינען בלויז געווען פראַזן, וואָס מ׳האָט געהערט אויף דער בונדישער בערזע, וועלכע האָט זיך געצויגן פון דער קירך אויף דער פּלאָצקער גאַס ביז צום ביעזעוויטשער טראַקט.

וואָס ס׳האָט די באַפעלקערונג יאָ באַאומרואיקט איז געווען די שרעק פאַר דעם, וואָס ס׳קען געשען מיט דער שטאָט, אויב די מאַכט זאָל זיך דערוויסן וואָס עס גייט אָן. באַוואוסט איז געווען, אַז „אחדות" איז טריפה, אַז גאָסטינינער אידישע קינדער ווילן נישט דעם קיסר. האָבן אידן מורא געהאַט, אַרומגעגאַנגען אין איין פּחד, אָבער העלפן האָבן זיי נישט געקענט, ווייל מיט חברה „אחדות" קען מען אַפילו נישט רעדן.

אָט די מורא׳דיקע געדאַנקען האָבן זיי פאַרפאָלגט און זיי האָבן כסדר געטראַכט, אַז אָט־אָט וועט מען, חלילה, אַרעסטירן די קינדער און זיי פאַרשיקן אין סיביר און די שטאָט וועט מען אויסראָטן.

אָבער ס׳האָבן זיך אויך געפונען צווישן עולם אַזעלכע, וואָס זיינען געווען צופרידן וואָס ס׳איז אַביסל אין שטאָט לעבעדיקער געוואָרן. איינער פון זיי, וועלכן ס׳איז ווערט צו דערמאָנען, איז געווען איסר מאיר מאָטיל (דער פאָטער פון רעגינאַ מאַרגאָליס, איצט אין תל־אָביב, די סעקרעטאַרשע פונעם „ארגון יוצאי גאָסטינין בישראל").

איסר מאיר איז בטבע געווען אַ מענטש וואָס האָט פיינט געהאַט צו זיין געפּענטעט. דערפאַר איז ער געווען — אויב מ׳קען דאָס אַזוי אָנרופן — אַ מורד במלכות. אים האָט זיך דווקא געוואָלט טאָן דאָס וואָס ס׳איז פון דער רעגירונג געווען פאַרבאָטן, ווי למשל, סאַכאַרין איז געווען אַ פאַרבאָ־טענער אַרטיקל, האָט דאָס איסר מאיר פאַרקויפט. ער האָט אויך שטילער־הייט פאַרקויפט אַמוניציע פאַר קליין געווער. אַריבערצופאָרן די גרענעצן קיין אויסלאַנד אָן אַ פאַספאָרט איז געווען שטרענג פאַרבאָטן, אָבער ער האָט שוין געהאַט זיינע וועגן מיט וועלכע ער האָט מענטשן געהאָלפן שמוגלען די גרענעץ. ער איז געווען אַ מענטש וועמען די ענגע ראַמען פון דעם קליינ־שטעטלדיקן לעבן האָבן נישט צופרידנגעשטעלט. אים האָט זיך געוואָלט עפּעס גאָר ברייט פאַנאַנדערשפּרייטן זיינע הענט, צו טאָן זאַכן וואָס ער האָט אַליין געגנוי נישט געוואוסט און דערפאַר האָט ער אַלע מאָל געטאָן זאַכן, וואָס קיין אַנדערער וואָלט נישט געוואַגט צו טראַכטן אַפילו. ער איז געווען באַשאָנקען מיט אַ נאַטירלעכן הומאָר, אַזוי אַז ער האָט געקענט דערטאַפּן אַ יאָלד און אים פאַרקויפן די לבנה מיט די שטערן אויף אויסצאָל...

אונזער גרופּע איז מיט אים געווען זייער פריינטלעך. געדענק איך, אַז נאָכדעם ווי איך האָב פאַרלאָזט גאָסטינין און אָפּגעווען אין ניו־יאָרק אַ שטיקל צייט, איז מיר אָנגעקומען אַ בריוו פון גאָסטינין מיט דער טרויע־ריקער ידיעה, אַז איסר מאיר מאָטיל איז געשטאָרבן. די טרויעריקע נייעס האָט מיך טאַקע געהאַט זייער צערודערט, ווייל איסר מאיר איז געווען אַ יונגער, געזונטער מענטש און טאַקע אַ פריינט דערצו. ס׳האָט אָבער גאָר נישט לאַנג גענומען און ס׳איז מיר אָנגעקומען נאָך אַ בריוו פון גאָסטינין אין וועלכן מיינע חברים האָבן מיר געשריבן, אַז די ידיעה וועגן איסר מאירס טויט איז נישט ריכטיק; ער לעבט און איז געזונט. אלא וואָס דען? ס׳האָט זיך אים פאַרוואָלט צו הערן ביים לעבן, וואָס זיין פריינט אין אַמעריקע וואָלט געזאָגט וועגן אים נאָך זיין טויט...

אָט אַזעלכע איינפאַלן האָט דאָס געהאַט איסר מאיר מאָטיל.

דערפאַר איז געווען נאַטירלעך, אַז ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די באַווע־גונג אין שטאָט, זאָל איסר מאיר זיין איינער פון די סימפּאַטיקער, ווייל ס׳האָט דאָך אַריינגעבראַכט אַ ניי לעבן אין שטאָט.

און כאָטש — ווי כ׳האָב שוין פריער דערמאָנט — אין די קליינע שטעטלעך האָבן די באַוועגונגען קיין געוואַלטיקע זאַכן נישט אויפגעטאָן,

דאָך אָבער האָבן זיי געהאַט אַ געוואַלטיקן מאָראַלן און גייסטיקן איינפלוס אויף דער יוגנט בכלל און אויף די בעלי־מלאכות בפרט. קודם האָבן זיי אָנגעהויבן מער צו פאַרשטיין און אָפּשאַצן זייער אייגענעם ווערט. די בעלי־בתים גופא האָבן אויך מיט אַמאָל אָנגעהויבן צו קוקן אויף זייערע אַרבעטער מיט אַנדערע אויגן. זיי האָבן געוואוסט, אַז הינטער די אַרבעטער שטייט גאָר חברה „אחדות". טאָר מען מיט זיי נישט צופיל איינרייסן. האָבן די אַרבעטער אָנגעהויבן בעסער באַהאַנדלט צו ווערן און אַפילו געקראָגן בעסער באַצאָלט. מ'האָט אויפגעהערט אַרבעטן ביז אין דער שפּעטער נאַכט אַריין.



קיין גרויסע פאַבריקן זיינען אין שטאָט לחלוטין נישט געווען, נאָר קליינע וואַרשטאַטן, וואו ס'האָבן געאַרבעט צו צוויי־דריי געזעלן. דער איינציקער פאַך, וועלכער האָט באַשעפטיקט מער בעלי־מלאכות אין אַן איינציקער פאַבריק איז געווען דאָס זאָקנמאַכעריי. אַזוי האָבן ביי אברהם משה האָלענדער — וועלכער איז געווען דער גרעסטער זאָקן־פאַבריקאַנט אין דער שטאָט — געאַרבעט אַן ערך צוועלף אָדער אפשר מער אַרבעטער. ס'זיינען געווען אַנדערע זאָקן־פאַבריקאַנטן, וועלכע האָבן באַשעפטיקט אַ פינף־זעקס אַרבעטער און אויך ווייניקער.

דאָס זאָקנמאַכעריי איז געווען — כאָטש כ'ווייס נישט פאַרוואָס — פאַררעכנט פאַר אַ מער געהויבענע מלאכה ווי שניידעריי אָדער שוסטעריי און דערפאַר זיינען ביי דער מלאכה געווען באַשעפטיקט אַרבעטער אויך פונעם מער יחוסדיקן שיכט.

צו האָבן אַ באַגריף וועגן דער גרויס פון אַ זאָקן־פאַבריק, וואָס האָט באַשעפטיקט 15 אַרבעטער, וועט זיין גענוג צו באַמערקן, אַז די גאַנצע פאַבריק איז באַשטאַנען פון איין שטוב פון דער דירה, אין וועלכער ס'האָט געוואוינט איר אייגנטימער אברהם משה האָלענדער. די פענסטער פון דער פאַבריק פלעגן זומער־צייט זיין אויפגעפּראַלט אַזוי, אַז ווען מ'האָט זיך נאָר דערנענטערט צום ראָג פון קאַוואַלער און טאַנדייטער גאַסן האָבן זיך שוין דורך די פענסטער — וועלכע האָבן זיך געפונט אין דער טאַנדייט גאַס — געהערט די פאַרשידענע לידער, וואָס די זאָקנמאַכער פלעגן אויסזינגען ביי דער אַרבעט.

ווי געזאָגט, זיינען אין שטאָט קיין שום גרויסע ענדערונגען נישט פאָרגעקומען. פון צייט צו צייט פלעגט מען אין שטאָט אַריינשמוגלען פרישע

בונדישע בראָשורן. אין די בראָשורן זיינען געווען געדרוקט פאַרשידענע פּאָלעמיקעס, טעאָרעטישע אָפּהאַנדלונגען און פּאַרטיי־נייעס און באַריכטן פון פיל שטעט. אָט די דאָזיקע באַריכטן האָבן אויף אַן אומדירעקטן אופן אָנ־געריגט צו אַקטיווער אַרבעט.

די פּאַסיוויטעט האָט דערעסן און דער קאָמיטעט האָט זיך אַרומגעזען, אַז דאָס פּאַראַדירן אויף דער בערזע און דאָס כסדרדיקע איבערקייען די פראַזן ווי „נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע", „עקספּלואַטאַציע" א. ד. גל. ווערט צו מאָנאָטאָן און מ'האָט געוואָלט עפּעס טאָן אַזעלכעס, אַז אויך גאָס־טינין זאָל קענען פיגורירן אין די גאַזעטן צווישן די פּאַרטיי־באַריכטן.

ס'האָט נישט לאַנג גענומען און דער קאָמיטעט האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אַז כדי אַריינצוברענגען אַ ביסל לעבן אין דער באַוועגונג און אַן אויפרודערונג אין דער שטאָט בכלל, מוז מען אַרויסשטעלן אין נאָמען פון די אַרבעטער די פּאָדערונג וועגן העכערע שכירות.

און אַזוי ווי די גרעסטע צאָל פון שטאָט זיינען געווען באַשעפטיקט ביי זאָקנמאַכעריי, איז דער גורל געפאַלן אויף די זאָקנמאַכער צו זיין די ערשטע קעמפער פאַר דער פאַרבעסערונג פון די אַרבעטס־באַדינגונגען אין גאָסטינין.

הינטער די סטאַדאָלעס האָט מען אָפּגעהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג מיט די זאָקנמאַכער, און ווי נאָר זיי האָבן דערהערט, אַז מ'גייט קריגן פאַר זיי העכערע שכירות, איז געוואָרן ביי זיי אַ שמחה. און אַז זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז ס'איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט, אַז זיי זאָלן דאַרפן וואַרפן די אַרבעט און מאַכן אַ סטאַטשקע (סטרייק) אויב די בעלי־בתים וועלן נישט נאָכגעבן די פּאָדערונ־גען, האָט דאָס ביי זיי אַרויסגערופן שטאַרקן ענטוזיאַזם. דער באַשלוס צו קריגן בעסערע באַדינגונגען פאַר די זאָקנמאַכער איז פון די פאַרזאַמלטע גוטגעהייסן געוואָרן און די פאַרזאַמלונג האָט זיך געשלאָסן אין אַ געהויבענער שטימונג.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען די זאָקן־פאַבריקאַנטן מודיע געווען, אַז די זאָקנמאַכער אונטער דער פירערשאַפט פון „בונד" האָבן באַ־שלאָסן צו פאָדערן העכערע שכירות פאַר זייער אַרבעט און אויב די בעלי־בתים וועלן די פּאָדערונגען נישט נאָכקומען וועלן די זאָקנמאַכער וואַרפן די אַרבעט און דערקלערן אַ סטרייק. די בעלי־בתים האָבן זיך געמאַכט נישט־וויסנדיק פון די פּאָדערונגען און אַלע זאָקנמאַכער האָבן געוואָרפן די אַרבעט און זיינען אַרויס אין סטרייק.

מיין פאָטער, יעקב מענדל קעללער, איז אויך געווען איינער פון די זאָקן־פאַבריקאַנטן און, נאַטירלעך, זיינען זיינע אַרבעטער אויך נישט געקומען צו דער אַרבעט. אָבער אַז אברהם משה האַלענדער האָט געהערט, אַז די אַרבעטער האָבן געוואָרפן די אַרבעט צוליב אַ העכערונג אין שכירות, האָט ער תיכף אַרויסגעשיקט אַ שטאַפעט אויסצוגעפינען צי יעקב מענדלס בעלי־מלאכות האָבן אויך געוואָרפן די אַרבעט. אים האָט זיך געוואָלט וויסן צי די אַרבעטער פון יעקב מענדלס פאַבריק האָבן געוואָרפן די אַרבעט, נישט־קוקנדיק דערויף וואָס יעקב מענדלס זונדל איז געווען אַ מאַכער אין חברה „אחדות". און אַז ער האָט געהערט דעם באַריכט, אַז מ'האָט געוואָרפן די אַרבעט אַפילו ביי יעקב מענדלען, האָט ער ערשט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז טאַקע אַן ערנסטער ענין.

אברהם משה האַלענדער איז געווען אַ גאָר אָפטער באַזוכער אין דער גרויסער פאַבריקן־שטאָט לאָדזש, און פון דאָרט האָט ער געוואוסט, אַז ווען דער „בונד" שטעלט אַרויס פאָדערונגען, וועט מען זיך פון דעם אַזוי גרינג נישט אַרויסדרייען. באַזונדערס האָט ער געוואוסט, אַז אויב ער וועט זיך איינרייסן מיט דעם גאָסטינינער „בונד" וועט מען אים אפשר מקבל־פנים זיין ביי די לאָדזער ראָגאַטקעס, האָט ער דערפאַר קיין שהיות נישט געמאַכט און תיכף איינגעשטימט נאָכצוקומען די פאָדערונגען פון זיינע אַרבעטער.

די דאָזיקע נייעס האָט זיך מיט אַ בליץ־שנעלקייט פאַרשפּרייט איבערן שטאָט, און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אַלע אַנדערע קלענערע פאַבריקאַנטן האָבן תיכף צוריקגערופן זייערע אַרבעטער און באַוויליקט די שכירות העכערונג. אַזוי, אַז אין שטעטל האָבן די זאָקן־מאַשינען ווידער אַמאָל זיך אָנגעהויבן צו דרייען.

די אַרבעטער פון שטאָט בכלל און די זאָקנמאַכער בפרט זיינען געווען ווי באַטויבט פון אַזאַ אומגעריכטן שנעלן זיג. אין דער אמתן האָט דעם גרעסטן נצחון געהאַט די באַוועגונג. דאָס איז געווען אַ גרויסער מאָראַלישער נצחון, וואָרעם קודם־כל האָט די באַפעלקערונג אָנגעהויבן צו קוקן אויף דער פּאַרטיי ווי אויף אַ כוח, מיט וועלכן מ'מוז זיך רעכענען. און דער באַריכט פון דעם זאָקנמאַכער־נצחון, וועלכער איז דערשינען אין דעם דעמאָל־טיקן בונדישן אָרגאַן „דער וועקער" צוזאַמען מיט דעם לויבגעזאַנג צו דער גאָסטינינער באַוועגונג, איז פאַר די אַרבעטער געווען אַ געוואַלטיקער כבוד,

ווייל דאָס האָט געמיינט, אַז דער צענטראַלער אָרגאַן פון „בונד" האָט דער גאָסטינינער באַוועגונג געגעבן אָנערקענונג.

***

אַ קאָמישער אינצידענט וועלכער איז פאָרגעקומען אין יענער צייט וועט אפשר זיין אינטערעסאַנט דאָ צו דערציילן. און פאָרגעקומען איז דאָס צוליב דעם וואָס אַ פּאָר חברים האָבן באַזוכט אַ גאָמבינער פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג. דאָס איז געוועזן אין אָנהויב זומער, ווען די חברים פון אונזער שכנישער שטאָט גאָמבין, וואָס מיט זיי זיינען מיר געוועזן אין שטענדיקער פאַרבינדונג, האָט געשיקט אַ ספּעציעלע איינלאַדונג צו אונזער עקזעקוטיווע אַריבערצוקומען נאָך גאָמבין צו אַ וויכטיקער פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג.

גאָמבין איז געוועזן איינע פון די אויסנאַמס־שטעטלעך פון פּוילן מיט דער ברייטער פּאַרטיי־טעטיקייט וואָס איז דאָרט אָנגעפירט געוואָרן. כאָטש גאָמבין איז געוועזן אַ שטעטל נאָך קלענער פון גאָסטינין, זיינען דאָרט געוועזן גאָר אַ סך טיכטיקע פּאַרטיי־מענטשן מיט אַ קלאָרן און ברייטן קלאַסן־באַוואוסטזיין און אינטעליגענץ און זייערע פאַרזאַמלונגען זיינען געוועזן גאָר אינטערעסאַנטע און באַלערנדיקע.

אָבער נישט אַלע מיטגלידער פון אונזער עקזעקוטיווע האָבן געקענט אַריבערפאָרן נאָך גאָמבין, נאָר יעקב ליב ראָזנטהאַל און דער שרייבער פון די שורות האָבן אַזאַ געלעגנהייט נישט געוואָלט אַדורכלאָזן און זיינען געפאָרן צו דער פאַרזאַמלונג.

די גאָמבינער שטאָטישע שול איז געוועזן געפּאַקט, ווען די פאַרזאַמלונג האָט זיך דאָרט געעפנט ניין אַזייגער אין אָוונט. ס׳האָבן גערעדט עטלעכע באַגאַבטע רעדנער און די פאַרזאַמלונג האָט זיך פאַרצויגן ביז נאָך האַלבע נאַכט.

ווען דער עולם האָט זיך גענומען פאַנאַנדערגיין האָבן מיר זיך ערשט אַביסל פאַרשמועסט מיט עטלעכע גאָמבינער חברים: יצחק לוריע, עליע לייזער טיבער, מלך טאדעלעס און חברטע מינדל און ירחמיאל סופרס זון, ווי מ׳האָט אים דעמאָלט גערופן אין גאָמבין. אַזוי שמועסנדיק זיינען מיר אַרויס אויף דעם גאָסטינינער שאָסיי, און ס׳האָט גאָר קיינער פון אונז פון צייט ניט געטראַכט. נאָר מלך טאדעלעס און מינדל, וועלכע האָבן זיך כמעט שטענדיק געהאַלטן צוזאַמען, האָבן זיך צוריקגעקערט אין שטאָט אַריין.

די נאַכט איז געווען אַ מילדע, דער הימל אַ בלויער, אַן אויסגעשטערנ־טער, און די לבנה האָט מיט איר העלקייט דעם ברייטן שאָסיי באַלויכטן און מיט די געדיכטעביימער פון ביידע זייטן שאָסיי, האָט דער וועג ווי אַ פּראַכט־פולע אַלייע אויסגעזען. אַלע פינף אין דער ברייט האָבן מיר אויפן שאָסיי געשפּאַנט. יצחק לוריע, דער בונדישער טעאָרעטיקער און באַגאַבטער רעדנער, האָט אונז מיט זיין כסדרדיקן ריידן געהאַלטן געשפּאַנט. ער האָט אַזוי אַוועק־גערעדט מינוטן און שעה׳ן, און מיר האָבן כסדר געשפּאַנט פאָראויס.

אַז ס׳האָט זיך אין מזרח באַוויזן אַביסל ליכטיקייט פון אָנקומענדיקן מאָרגן, האָבן מיר זיך ערשט אַרומגעזען אַז מיר געפינען זיך שוין ביים פלאָצקער וואַלד. נישט ווייט פון פלאָצקער וואַלד, אויפן וועג צו גאָסטינין, איז געשטאַנען עפּשטיינס טאַרטאַק. אַרום זיינען געלעגן אויסגעהאַקטע ביימער פון וועלכע ס׳זיינען אינעם טאַרטאַק פאַרשידענע ברעטער אויסגעשניטן געוואָרן און מיר האָבן זיך דאָרט אָפּגעשטעלט צו באַטראַכטן די זעג־מאַשינען.

באָענט פון טאַרטאַק, אויך אויף דעם פלאָצקער שאָסיי, האָבן מרדכי מענדל דאַנציקער און זיין ווייב טויבע־חיה געהאַלטן אַ שפּייז־קראָם. און גראָד אין יענער נאַכט האָבן גנבים די קראָם באַגנבעט. דאָס האָט טויבע־חיה אויפ־געוועקט און זי האָט גערופן פּאָליציי, וועלכע האָט זיך גאָר באַגינען אַרויס־געלאָזט אויף פלאָצקער שאָסיי צו זוכן די גנבים. אַז די פּאָליציאַנטן האָבן געזען פינף חברה־לייט זיך דרייען אַרום טאַרטאַק, זיינען זיי געווען זיכער, אַז דאָס זיינען די גנבים פון מרדכי מענדלס קראָם, זיינען זיי באַלד צוגע־קומען און אָנגעהויבן אַן אויספאָרשונג. וויפל מיר האָבן נישט פּרובירט זיי איבערצייגן, אַז מיר האָבן גאָר קיין שייכות נישט געהאַט צו דער גנבה, האָט דאָס זיי נישט צופרידנגעשטעלט. זיי האָבן דווקא געוואָלט וויסן פון וואַנען מיר זיינען דאָס אַהערגעקומען אַזוי באַגינען. כאָטש דערצייל זיי, אַז מיר זיינען דאָס געקומען פון אַ בונדישער פאַרזאַמלונג. מיר האָבן מיט זיי געטענה׳ט אַ שטיק צייט, אָבער ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן, און זיי האָבן אונז אַרעסטירט פאַר גנבה.

די געוועלבער אין שטאָט זיינען שוין געווען אָפן ווען די פּאָליציי האָט אונז געפירט מיט גרויס פּאַראַד דורך דער פלאָצקער גאַס צום מאַגיסטראַט.

ס׳האָט נישט לאַנג גענומען און מיין פאָטער האָט זיך וועגן דעם דער־וואוסט. געמיינט האָט דער גאָסטינינער עולם, אַז מיר זיינען אַרעסטירט גע־

וואָרן פאַר עפּעס אַ פּאָליטישן פאַרברעכן. אָבער אַז מיין פאָטער האָט אויסגעפונען אין מאַגיסטראַט, אַז מ׳האָט אונז אַרעסטירט פאַר גנבה, האָט ער שטאַרק געלאַכט און תיכף האָט מען אונז באַפרייט אויף זיין אַחריות.

***

וועגן דער שאַפונג פון דער ערשטער גאָסטינינער פאָלקס־ביבליאָטעק, דעם יסוד פונעם גאָסטינינער אידישן קולטור־לעבן, איז ווערט צו דערציילן.

די גאָר ערשטע שפּראָצונגען פון דער ביבליאָטעק, כאָטש נאָך באַהאַלטן אונטער דער אויבערפלאַך פון עפנטלעכן אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, געהערן צו די געשעענישן פון די לעצטע אָקטאָבער טעג פונעם פינפטן יאָר פון איצטיקן יאָרהונדערט. דעמאָלט, אין סאַמע ברען פון דער פרייהייטס באַוועגונג, האָבן אין פילע שטעט אָנגעהויבן בושעווען פּאָגראָמען, אונטערגעהעצט פון רוסישע און פוילישע כוליגאַנעס. די אידישע אַרבעטער־שאַפט מיט דער הילף פון די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען האָט אָרגאַניזירט זעבלסטשוץ־באַטאַליאָנען. די ידיעות וועגן דער פּאָגראָם־כוואַליע, האָבן אָנגעוואָרפן אַ מורא אויף דער אידישער באַפעלקערונג פון די שטעט, וואו ס׳איז קיין זעלבסטשוץ נישט געווען. כאָטש מיר האָבן אין גאָסטינין קיין פּאָגראָם נישט דערוואַרט, פּשוט דערפאַר וואָס די אידישע און קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט געלעבט אין פריינטלעכע באַציאונגען, האָבן מיר פונדעסטוועגן דערזען אַ גאָר גלענצנדיקע געלעגנהייט צו מאַכן אַ געלונגענע געלט־זאַמלונג ביי דער אידישער באַפעלקערונג, האַלטנדיק, אַז קיינער וועט זיך נישט אָפּזאָגן צו געבן אַ ביישטייערונג פאַר אַזאַ נויטיקן צוועק.

האָבן מיר פאַררופן אַ ספּעציעלע פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער מ׳האָט דערוויילט עטלעכע קאָמיטעטן מיטן אויפטראַג דורכצופירן אַ געלט־זאַמלונג וואָס זאָל נישט דורכלאָזן קיין איינציק הויז. דער קאָמיטעט פון וועלכן איך בין געווען אַ מיטגליד, האָט איבערגענומען די קוטנער גאַס, וואו ס׳האָט געוואוינט דער שטאָטישער גביר, אהרן ברעסלער, און ס׳איז דאָך געווען אַן אָפענער סוד פאַר דער גאַנצער שטאָט, אַז אַהרן ברעסלער האָט גלאַט אין דער וועלט אַריין קיין געלט נישט געגעבן. אָבער ווען אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָ קען נאָך זיין אַ סכנה פאַר זיין לעבן, האָט ער פאַר מורא געגעבן. געדענק איך טאַקע, אַז נישט נאָר האָט ער געגעבן עטלעכע רובל, נאָר ער האָט מיר דערלאַנגט זיין רעוואָלווער, אויף וועלכן ער האָט

געהאַט אַ רעגירונגס־דערלויבעניש. נאַטירלעך, האָבן מיר אים געלאָזט דעם רעוואָלווער און גענומען די עטלעכע רובל.

אַזוי ווי ס׳איז געווען צו דערוואַרטן, האָט יעדער איינער בייגעשטייערט און ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ באַדייטנדיקע סומע. דערווייל זיינען אָנגעקומען ידיעות, אַז די זעלבסטשוץ האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלטיקן ווידערשטאַנד וואו נאָר ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן אומרועןאון צוליב זייער העלדישן ווידער־שטאַנד אין אַלע שטעט זיינען די פּאָגראָם־כוואַליעס אָפּגעשטעלט געוואָרן. איצט, אַז די פראַגע פון זעלבסטשוץ איז מיטאַמאָל פאַרענטפערט געוואָרן, האָט די פינאַנץ־פאַרוואַלטונג צוזאַמען מיט דעם קאָמיטעט אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג צו באַשטימען וואָס ס׳זאָל געטאָן ווערן מיט די געזאַמלטע געלטער. אַז די באַראַטונג מכוח דער געלט־פראַגע וועט אַרויסרופן אַ הייסע דעבאַטע, דאָס האָבן מיר אַלע געוואוסט, אַזוי שנעל ווי מיר זיינען זיך צוזאַמענגעקומען, וואָרעם מיר זיינען באַקאַנט געווען מיט די הערשנדיקע מיינונגס־פאַרשידנ־הייטן צווישן די חברים. אַזוי שנעל ווי די באַראַטונג האָט זיך אָנגעהויבן האָט זעליק (מאַכלעס) מאָטיל דער ערשטער זיך אַרויסגעזאָגט, אַז מ׳זאָל פאַר דעם געלט קויפן געווער... ער, זעליק, איז אין אַלגעמיין געווען איבער־צייגט, אַז די אָרגאַניזאַציע נויטיקט זיך אין געווער. אָבער די מערהייט, וואָס איז בכלל געווען קעגן טעראָר, האָט, נאַטירלעך, מיט אים נישט איינגע־שטימט, ווייל אין גאָסטינין איז געווער געווען אַבסאָלוט אומנויטיק. עליע יעשאַן, אַ פאַרטיי־פאַנאַטיקער אָן רעזערוואַציעס, האָט פאָרגעלייגט, אַז דאָס געלט זאָל געשיקט ווערן צום ראַיאָנעם קאָמיטעט פון „בונד״, פון וועלכן ס׳זיינען געקומען אָנצוהערענישן אויף דעם געלט.

די איבעריקע מיטגלידער, וועלכע האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די גרויסע מערהייט, האָבן געטענה׳ט, אַז דאָס געלט איז געשאַפן געוואָרן פון דער גאָסטינינער באַפעלקערונג און ס׳דאַרף אויסגענוצט ווערן אויפן בעסטן אופן פאַר גאָסטינין. היות ווי ס׳איז געווען אַ מאַנגל אין אַביסל קולטורעלע שפּייז אין שטאָט, איז באַשלאָסן געוואָרן צו קויפן פאַר דעם געלט אַ צאָל אידישע ביכער און עפענען אַ פאָלקס־ביבליאָטעק פאַר אַלע גאָסטינינער, און פאַר די גאָסטינינער אַרבעטער בפרט.

דאָס איז געווען די פאָרגעשיכטע פון דער פאָלקס־ביבליאָטעק פאַר גאָסטינין.

אָן ווייטערדיקע דעבאַטן איז טוביה׳ס רעזורע באַשטימט געוואָרן פאַר דער היים פון דער ביבליאָטעק. אַזוי ווי אַן עפנטלעכע ביבליאָטעק מוז האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פון דער שטאָטישער מאַכט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פּעטיציעס, ביטעס צום וואַרשעווער גובערנאַטאָר, פאַר־שטייט זיך אויף טוביה׳ס נאָמען, וואָרום ער איז דאָך דאָס געווען דער לעגאַלער בעל־הבית פון דער געפּלאַנטער ביבליאָטעק.

נאָך לאַנגע און גאָר אָנגעשטרענגטע באַמיאונגען איז ענדלעך געלונגען אַרויסצוקריגן די געגאַרטע דערלויבעניש און תיכף האָט מען אין וואַרשע איינגעקויפט קאַרגע הונדערט ביכער, געקליבענע ווערק, וועלכע האָבן זיך אַריינגעפּאַסט צום גאָסטינינער קלאַס לייענער פון יענער צייט. אַזוי איז מיט גרויס פאַראַד געעפנט געוואָרן די ערשטע אידישע ביבליאָטעק אין גאָסטינין אין דער היים פון טוביה יאַקובאָוויטשעס רעזורע.

אַ שטיק צייט בין איך געווען דער ביבליאָטעקאַר און געווען אין דער פאַרוואַלטונג פון דער ביבליאָטעק ביז מיין אַרויספאָרן פון גאָסטינין.

***

דער טאָג פון מיין אָפּפאָרן פון גאָסטינין איז אויסגעפאַלן אין חודש מאַי און כאָטש אין דרויסן האָט עס טאַקע געשמעקט מיט פרילינג און אויפלעבונג, איז אָבער ביי אונז אין שטוב די אַטמאָספערע געווען פון טריבן, קאַלטן האַרבסט. מיין באַגאַזש איז געווען פאַרפּאַקט און מיר אַלע, דאָס גאַנצע הויזגעזינד, זיינען געווען פאַרזאַמלט אין דער גרויסער שטוב און געוואַרט אויף דעם געלן אהרן, דעם בעל־עגלה, וואָס האָט געפירט פּאַסאַזשירן צום קוטנער וואָקזאַל.

ס׳איז כדאי איבערצוגעבן די שטימונגען אין אַ אידישער היים, ווען איינער פון הויזגעזינד האָט זי פאַרלאָזן, כדי צו פאָרן מעבר לים. מען איז נישט אַוועקגעפאָרן פאַר נחת־וועגן; די עמיגראַציע איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער עקאָנאָמישער אויסזיכטסלאָזיקייט אין דעם קליינעם, סוף־כל־סוף אָפּגעשטאַנענעם אידישן שטעטל אין פּוילן. יונגוואַרג האָט זיך געריסן אין די אומבאַקאַנטע מרחקים, פון וואַנען עס האָט אַרויסגעשיינט אַ האָפענונג פאַר עקזיסטענץ און דערפאָלג. אָבער דער עצם פאַקט פון פאַרלאָזן די היים, האָט אַרויפגעוואָרפן אויף די בני־בית אַן אומעט, אַ טיפן טרויער. — ווער ווייסט? — האָבן זיך די פאַרבליבענע געטראַכט — צי מען וועט נאָך דעם

זון אָדער די טאָכטער, דעם ברודער אָדער די שוועסטער אויף די אויגן אַמאָל זען...

וועל איך דעריבער דאָ באַשרייבן ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען אין אונזער היים בשעת איך האָב פאַרלאָזן גאָסטינין. דאָס בילד איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַנדערע הונדערטער שטובן...

מיין פאָטער ע״ה, אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער, וועלכער האָט זיך אַפילו אונטער די שווערסטע אומשטענדן נישט פאַרלוירן, איז געזעסן ביים טיש און עפּעס געשריבן. די שטילקייט אין שטוב איז געווען אַזאַ, אַז מ׳האָט געקענט הערן דאָס סקריפּען פון דער פעדער.

מיין טייערע מוטער ע״ה, וועלכע פלעגט ליידן פון אָפטן קאָפּ־ווייטיק, איז געזעסן ביים פענסטער מיט אַ פאַרבונדענעם קאָפּ, מיך כסדר נאָכגע־פאָלגט מיט אירע כמורנע אויגן, און מיט ציטערנדיקע ליפּן כסדר עפּעס געשעפּטשעט.

איר האַרצווייטיק איז געווען זייער גרויס, וואָס איך, איר יוסף, פאָר אַוועק אין אַמעריקע, אַ לאַנד פון וועלכן מ׳קומט זייער זעלטן צוריק. אַמעריקע איז בכלל געווען פאַר מיינע טאַטע־מאַמע אַ סינאָנים פון אַ ווייט־ווייט פאַר־וואָרפענעם לאַנד און יעדער פון זיי האָט אויך אין זיך געטראַכט, הגם נישט אַרויסגערעדט, אַז מיט אידישקייט איז דאָרט אויך ווייט נישט אין אָרדענונג...

מיינע אומצייטיקע פאַרזיכערונגען, אַז איך וועל יאָ ווען עס איז צוריק־קומען, האָבן נישט געהאָלפן. „ניין! ניין!״ — פלעגט די מאַמע זאָגן — „קיינער קומט נישט צוריק״... מיין שוועסטער טשאַרנאַ, וועלכע איז שטענדיק גרייט געווען צו העלפן יעדן איינעם און איז געווען צו מיר אַ שוועסטער און אַ פריינט, איז געזעסן אַ שטילע אין אַ ווינקל פון שטוב מיט רויטע, פאַרגאָסענע אויגן.

מיין ברודער משה, אַן אַמביציעזער בחור, וועלכער האָט זיך געשניטן אויף אַ סוחר און געמאַכט גאָר אָפטע געשעפטלעכע רייזעס — פאַר מיין פאָטער — אין די דערבייאיקע שטעט, האָט מיט אַ וואויל־יונגערישן טאָן באַמערקט: „און וואָס איז אַמעריקע? וועסט זען, ס׳וועט גאָר נישט לאַנג דויערן און איך וועל דיך קומען באַזוכן״.

פאַר מיין שוועסטער חוה, וועלכע איז בטבע געווען נישט קיין צו־פריילעכע, האָט יענער פרימאָרגן איר גאָר צוגעשפּילט. מיט אַ וואָלקן אויף

איר פּנים איז זי געשטאַנען נעבן דער מאַמען ביים פענסטער און מיט טריבע אויגן אַרויסגעקוקט אויף דער גאַס.

מיין שוועסטער פעסע, וועלכע איז דעמאָלט געווען באַשעפטיקט אין וואַרשע, איז נישט געווען אין דער היים. צו געזעגענען זיך מיט איר האָב איך געמאַכט אַ ספּעציעלע נסיעה קיין וואַרשע מיט אַ וואָך פריער.

מיין ברודער שמואל, דער איינציקער פון דער משפחה וואָס האָט פאַר־לאָזט גאָסטינין צו פאָרן קיין אַמעריקע באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, דער איינציקער טרייסט פון אונזער משפּחה־טראַגעדיע פון פוילן, איז שוין דעמאָלט געווען אַ פאַרשטענדיקער בחור, און אַזוי ווי איך האָב אים הייליק פאַרשפּראָכן אַריבערצונעמען קיין אַמעריקע, אין וואָס ער האָט גע־גלויבט, איז ער געשטאַנען מיט געמישטע געפילן באַרוישט.

בעלי־בתים אין גאָסטינין העלפן דורכפירן אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג צו שאַפן געלט פאַר דער אומזיסטער קיך



זיצנדיק פון רעכטס צו לינקס: שמעון־יוסף מאָטיל, מענדל קרעל, נטע מאָטיל, יעקב־מענדל קעללער, יעקב זאַרכין.
שטייענדיק פון רעכטס צו לינקס: יעקב מאָטיל, יצחק ברעסלער, אפרים מאָטיל, משה קעללער, קריגערמאַן, הערשל מאָטיל, איסר־מאיר מאָטיל, אַדאַם דאָמב.

יחיאל מאיר, שלום און אהרן — מיינע דריי אינגסטע ברידערלעך — זיינען געווען צו יונג צו באַגרייפן דעם גאַנצן טאַראַראַם. זיי האָבן אַפילו נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין פאַרוואָס דאָס פאָרן קיין אַמעריקע זאָל זיין אַזאַ געוואַלדיקע טראַגעדיע, וואָס זאָל אָנמאַכן אַזאַ חורבן אין שטוב. זיי זיינען אַרומגעגאַנגען און אויסגעזען ווי פאַרלוירן און צעמישט פון דעם גאַנצן ענין.

מיט מיינע מומעס און פעטערס האָב איך זיך נאָך מיט אַן אָוונט פריער געהאַט געזעגנט, צווישן זיי אויך מיט מיין פאָטערס שוועסטער, די מומע בלומע מרים און דעם פעטער הערשל. צו דער מומע בלומע מרים זיינען מיר אַלע קינדער געווען זייער צוגעבונדן צוליב איר וואַרעמער פריינט־לעכקייט. כ׳געדענק, אַז אין מיינע אויגן איז זי געווען די פאַרקערפּערונג פון חן, שיינקייט און ליבע. צו איר האָב איך קיין איינציקן שבת נישט פאַרפעלט צו קומען, און זי האָט מיר אַלע מאָל אונטערגעטראָגן דעם כיבוד שבת.

זי, די מומע בלומע מרים, האָט — ווי ס׳האָט זיך אויסגעוויזן — נישט באַגנוגנט זיך מיט אונזער געזעגענען זיך פונעם פריערדיקן אָוונט, ווייל אַזוי ווי מיר זיינען געווען אין שטוב, האָט די טיר זיך געעפנט און אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן מיט איר געוויינטלעכן שמייכל די מומע בלומע מרים. איר אַריינקומען האָט געשאַפן אַ שטיקל ענדערונג אין דער געדריק־טער שטימונג. מיין פאָטער האָט תיכף אָוועקגעלייגט דאָס שרייבערײַ — און ס׳האָט זיך פאַרבונדן אַ לייכטער שמועס און אין דער אַטמאָספערע איז אַריינגעקומען אַ געוויסע אָנטשפּאַנונג.

אָבער ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און דער געלער אהרן איז צוגעפאָרן מיט זיין קאַרעטע, האָט אַ פּראַל אויף געטאָן די טיר, אַ כאַפּ געטאָן מיין פאַרפּאַקטן באַגאַזש אויף דער פּלייצע און צו מיר האָט ער מיט זיין קוויטשי־קער שטים אַ זאָג געטאָן: „הע, באַלעמוטשע נישט, ס׳ווערט שפּעט!״

דאָס איז געווען דער סיגנאַל, אַז ס׳איז געקומען די צייט פון געזעגענען זיך. אַזאַ איבערלעבונג פון היסטערישן כליפּען און וויינען האָב איך אין מיין לעבן מער קיינמאָל נישט מיטגעמאַכט. דאָס האָט זיך גיכער געפּאַסט פאַר אַ גרויסן אומגליק, חלילה. האַרט ביי דער טיר איז אויך מיין פאָטערס געמאַכטער שמייכל פאַרשוואונדן און עס האָבן זיך באַוויזן טרערן אין זיינע אויגן, וועלכע האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט אויף זיין בלאַסן פּנים.

אין דער טיר האָט מיך מיין מומע בלומע מרים אָפּגעשטעלט און אויף איינעם פון מיינע פינגער האָט זי אָנגעטאָן אַ גאָלדן רינגל, וואָס זי האָט פון איר פינגער אַראָפּגענומען און מיט מיר זיך ווידער אַמאָל געזעגנט.

אַ צעבראָכענער בין איך אַרויס פון שטוב. אין דרויסן זיינען געשטאַנען אַ סך מענטשן, וואָס האָבן געוואַרט צו וואַרפן אַ לעצטן בליק אויף אַ בחור וואָס פאָרט קיין אַמעריקע, אַ לאַנד פון וואַנען מ׳קערט זיך מער נישט צוריק.

יענעם טאָג האָב איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. כ׳האָב אויך נישט פאַרגעסן מיין פאַרשפּרעכן צו מיין מאַמע, אַז כ׳וועל אַמאָל צוריק אַהיים קומען.

כ׳בין אָבער מער נישט צוריקגעקומען אַהיים. די היטלער־מערדער האָבן דאָס אידישע גאָסטינין חרוב געמאַכט — און נישטאָ מער מיין גאָסטינין.

# אידיש קהליש לעבן און אידישע פרנסות


מאיר דוד טרעמסקי

**מאיר דוד טרעמסקי**

## א) דער גאַסטינינער רב, ר׳ יואב יהושע

נאָך דער פּטירה פון רבין ר׳ יחיאל מאיר ז״ל האָט די שטאָט גענומען טראַכטן וועגן אַ ממלא־מקום. די שטאָט האָט דאָך געדאַרפט האָבן אַ מרא דאַתרא.

אַזוי ווי ר׳ יעקל אַלבערשטיין, דעם רבינס אײדעם, איז געווען דער למדן און דער גביר אין שטאָט, פאַרשטייט זיך, אַז מ׳האָט זיך צו אים צוגעהערט. ר׳ יעקל אַלבערשטיין איז געווען אַ סאָכאַטשאָווער חסיד, האָט ער אָנגעוויזן אויפן סאָכאַטשאָווער עילוי, וואָס האָט דעמאָלט פאַרנומען דעם כסא הרבנות אין ליטערמארסק, אַ קליין שטעטל נעבן לאָדזש.

די שטאָט האָט מיט דער צושטימונג פון קהל באַשלאָסן אַראָפּצובריינגען פאַר אַ רב אין גאָסטינין דעם גאון ר׳ יואָב יהושע. אָבער צי איז דען מעג־לעך ביי אידן איינשטימיקייט? האָבן זיך טאַקע באַלד פאָרמירט צדדים. די גערער חסידים האָבן ממש איינגעלייגט וועלטן צו געפינען אַ רב פון זייער הויף. אָבער צו דעם ליטעמארסקער האָט זיך קיינער נישט געקענט גלייכן. דערצו נאָך איז ר׳ ישראל איטשע קעללער צוגעשטאַנען צו אַלבער־שטיינען. ר׳ ישראל איטשע האָט אויך אַמאָל געלערנט ביי ר׳ אברהמל סאָכאַטשאָווער.

הכלל, שטאָט האָט באַשטימט צו ברענגען דעם ליטערמארסקער נאָך גאָסטינין פאַר אַ שבת און זען צי איז ער ראוי צו פאַרטרעטן דעם גאָס־טינינער צדיק ז״ל.

אין דער פראַגע פון אָנשטעלן אַ רב פאַר דער שטאָט, האָבן זיך גראָד די בעלי־בתים פאַרלאָזט אויף די לומדים אין שטאָט, וואָס האָבן געקענט גוט לערנען און סתם אידן האָבן צו זיי אַרויפגעקוקט. אַזעלכע זיינען געווען די פריער־דערמאָנטע ר׳ יעקל אַלבערשטיין, ר׳ ישראל איטשע קעללער, ר׳ משה אַהרן לעווי, ר׳ ישעיה פיינזילבער און אַנדערע. דאָס זיינען געווען מענטשן מכובדים, וואָס האָבן געפונען תמיד צייט צו לערנען און שמועסן אין לערנען און אַפילו שרייבן חידושי־תורה.

איז טאַקע דער קאַנדידאַט אויף גאָסטינינער רבנות, ר׳ יואב יהושע, געקומען אין שטאָט אַריין. ווי עס האָט זיך אין יענע יאָרן געפירט, איז ר׳ יואב יהושע געקומען אין שול אַריין שבת נאָכן שלאָף צו האַלטן אַ דרשה. די דרשה איז געווען אַ געמיש פון גרויסער לומדישער בקיאות מיט פלפול און טיפן געדאַנק. די גאָסטינינער אידן זיינען געקומען אין שול אַריין הערן דעם נייעם רב. אין די ערשטע רייען האָבן זיך אַוועקגעשטעלט און אָנגעשפיצט זייערע אויערן די שטאָטישע תלמידי־חכמים ניט דורכצולאָזן קיין וואָרט, כדי שפּעטער צו קענען זאָגן אַ וואָרט פון מבינות.

דער רב, ר׳ יואב יהושע, איז געווען דער היפוך פון גאָסטינינער רבין, ר׳ יחיאל מאיר ז״ל, און זיין התנהגות, דהיינו, דער רבי פלעגט אויסגיין שמונה־עשרה אַ שטיק צייט נאָכן עולם, אַזוי איז דער עולם געוואוינט געווען. ראש־השנה און יום־כיפור, ביז דער רבי איז אויסגעשטאַנען די שטילע שמונה־עשרה, האָבן אידן דערווייל אַריינגעכאַפּט אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהלים. דער נייער רב אָבער פלעגט אויסגיין פריער פאַרן עולם. דאָס איז געווען פאַר די בעלי־בתים אַ פלא׳דיקע פירונג: אַזאַ גרויסער איד זאָל אַריינכאַפּן די תפילות איינס און צוויי? דאָס איז אָבער געווען דער סאָכאַטשאָווער דרך, וואָס האָט געהאַלטן דערפון, אַז תורה קדמה לעבודה. שנעלקייט איז געווען דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דעם נייעם רב, און ניט נאָר אין דאַווענען. ער פלעגט אויך שנעל גיין און שנעל רעדן. דאָס האָט מען דערקלערט איז אַ רעזולטאַט פון זיין חריפות, פון דעם שאַרפן עילויאישן קאָפּ. גאָסטינין האָט זיך אויך מיט ר׳ יואב יהושע שטאַרק געגרויסט, הגם ער האָט זיך געפירט אַנדערש פון דעם רבין.

ווען דער רב האָט זיך באַזעצט אין שטאָט און אָנגעהויבן צו פירן דאָס שטעטל אויף זיין נייעם דרך, האָבן זיך אַלע צדדים אויסגעגלייכט. אַזוי די חסידים ווי די מתנגדים האָבן זיך גרופירט אַרום זייער נייעם רב.

באַזונדערס האָבן זיך די באַציאונגען מיטן רב פאַרבעסערט, ווען ער האָט געעפנט אַ ישיבה אין גאָסטינין. בחורים און יונגעלייט פון נאָענט און ווייט זיינען געקומען געניסן פון דעם מקור־התורה פון דעם באַוואוסטן למדן. האָט זיך די שטאָט געטרייסט אויפן גרויסן פאַרלוסט, וואָס זי האָט געליטן מיטן רבינס פּטירה. מען האָט דערפילט, אַז אַ גדול בישראל לעבט איצט צווישן זיי. קיינער האָט נישט אָפּגעזאָגט צו געבן אַן אָרעמען בחור אַ „טאָג" עסן. בחורים, קינדער פון פאַרמעגלעכע עלטערן, האָבן זיך אָנגעדונגען אויף אַכסניות. שטאָט האָט אויפגעלעבט פון די נייע פּנימער, חכמה האָט געקוואַלט אומעטום, ליכטיקייט האָט אין די אָוונטן אַרויסגעשטראַלט פונעם בית־המדרש, און די יונגע שטימען, וואָס האָבן זיך דאָ געהערט פון די לערנער, האָבן אָנגעפילט יעדן גאָסטינינער איד מיט אַ רגש פון שטאָלץ. גאַנץ אָפט האָט אויך פּאַסירט, אַז ווען עמעצער האָט געזוכט אַ פּאַסיקן איידעם פאַר זיינס אַ טאָכטער, איז ער געקומען אין דער גאָסטינינער ישיבה. די ישיבה איז באַקאַנט געוואָרן ברייט און ווייט איבער גאַנץ פּוילן.

שטאָט־אידן האָבן געקוקט אויפן רב מיט ליבע, דרך־ארץ און צוטרוי. זיי האָבן געוואָלט, אַז ר' יואב יהושע זאָל אויך פאַרנעמען אין אַ געוויסער מאָס דאָס אָרט פונעם רבין ז"ל. אַזוי, למשל, ווען ס'איז ביי וועמען עמעצער קראַנק געוואָרן איז ער געלאָפן צום רב נאָך אַ ברכה. זיינען דאָך גאָסטינינער אידן געוואוינט געווען אין אַזעלכע פאַלן צו קומען צו ר' יחיאל מאירן נאָך הילף. אָבער דער רב האָט יעדן מדחה געווען. ניט דער דאָזיקער התנהגות האָט ר' יואב יהושע דערמאָנט ר' יהושעלע קוטנער, וואָס ווען מ'איז געקומען זיך מזכיר זיין צו אים, פלעגט ער אָפּשיקן אַלעמען צו ר' יחיאל מאירן... ביי די לומדים איז תורה געשטאַנען העכער פון אַלץ.

ליידער האָט זיך גאָסטינין נישט לאַנג געפרייט מיט איר גרויסן רב. קאָנסק (קינסק) האָט זיך מתקנא געווען אין גאָסטינין און אויסגעכאַפּט דעם גרויסן למדן פאַר זיך. די קינסקער קהילה איז געווען אַ גרעסערע ווי גאָס־טינין, און איז געווען בכוח מיט איר צו קאָנקורירן.

שטאָט האָט ווידער גענומען דאַגהנען פאַר אַ נייעם רב. די גאָסטינינער ישיבה האָט שוין מער נישט עקזיסטירט.

## ב) די גאָסטינינער מחלוקה אין 1894

אין יענעם יאָר האָט איין שוחט פאַרלאָזט גאָסטינין. האָבן די בעלי־בתים זיך באַרעכנט, אַז מען זאָל אָנשטעלן אַ חזן־שוחט, וואָס וועט קיין עקסטראַ געלט דער שטאָט נישט קאָסטן און די שול וועט אין דער זעלבער צייט האָבן אַ יערלעכן בעל־תפילה.

ווען די בעלי־בתים האָבן דעם דאָזיקן געדאַנק פאָרגעלייגט פאַר אַן אַסיפה, האָט זיך אויפגעהויבן אַ צעקה גדולה, גלייך ווי מען וואָלט דאָ זיך פאַרנומען מיט רעפאָרמירן דאָס גאָסטינינער אידנטום. באַלד האָבן זיך גע־שאַפן צדדים און פאַרטייען. ביי די חסידים האָט דאָס געהייסן אַ מחלוקת לשם־שמים, ווען אַלץ ווערט מותר, אַפילו אַ מסירהלע און שפיכת־דמים. זיי האָבן באַשלאָסן נישט צו דערלאָזן בשום אופן ואופן צו אַזאַ מין אַפיקורסות.

וואָס אַן אַמת, וואָלט קיינער בימי ר׳ יחיאל מאיר זצ״ל נישט געוואַגט צו מאַכן אַזאַ פאָרשלאַג, נישט נאָר בימיו, נאָר אויך יאָרן נאָכן רבינס פטירה, האָט די שטאָט זיך געפירט מיטן אַלטן דרך. די וועלט האָט דאָך אָבער פּראָ־גרעסירט און אויך גאָסטינינער אידן זיינען אַוועק אַ שטיק וועג, האָבן גאָסטי־נינער בעלי־בתים אויך געוואָלט זיין מיט לייטן גלייך, בפרט ווען ס׳איז דאָ די געלעגנהייט דערפאַר, און קיין ספּעציעלע קאָסטן וועלן זיך דאָ נישט פאָדערן, טאָ פאַרוואָס טאַקע נישט?

צייט האָבן גאָסטינינער אידן געהאַט לרוב, האָט די מחלוקה ממש אַריינ־געשפּילט ווי אַ גרויס געווינס אין די הענט אַריין. ביין מנחה למעריב האָט געקאָכט ווי אין אַ קעסל. אין איין ווינקל האָט מען זיך געזידלט און געשאָלטן און אין אַ צווייטן האָט מען געהאַלטן ביי לאָזן די ידיים אין גאַנג. צום גליק האָט דער שמש גערופן צו מעריב און די געמיטער האָבן זיך איינגעשטילט.

נישט קיין קליינע ראָל האָבן אין דעם געפעכט געשפּילט די דערוואַקסענע אינגלעך. זיי האָבן פלייסיק אונטערגעשטעלט אַן אויער צו יעדן שמועס און נישט זעלטן אָפּגעטראָגן וואָס זיי האָבן געהערט צום צד שכנגד... און דאָס פייער האָט זיך נאָך מער צעפלאַקערט!

דער הויפּט־שטאַב פון דער מחלוקת איז באַשטאַנען פון דעם ראש־המדברים ר׳ איטשע סטופּיי, אַ בכבודיקע פערזענלעכקייט, אַ וואַלד־סוחר, וואָס האָט געהאַט אַן אייגענע שטאָט אויף דער מזרח־וואַנט און צו וועמענס וואָרט מ׳האָט זיך צוגעהערט. זיין צווייטע האַנט איז געווען ר׳ משה זשיכ־

לינסקי, אַ איד, וואָס איז די לעצטע יאָרן אַריין אין די פעדערן, האָט ער פאַרמאָגט אַ שפּאָרע דאָזע פון העזה און געווען אַ קופּץ־בראש. אַ דריטער פונעם שטאָב איז געווען ר׳ מענדל־וואָלף פּאָזנער, נישט קיין גביר, אָבער אַ איד מיט אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס. ער איז געווען דער מוח פון דעם שטאָב, און אַזוי ווי זיין פּרנסה איז געווען אין גאַס (אַ טאַרגאָווניק), איז ער געווען עינו בכל און שטענדיק צו דער האַנט. דאָס איז געווען דער חוט המשולש — די גענעראַלן, און מיט זיי זיינען מיטגעגאַנגען אַ סך אַנדערע חשובע בעלי־בתים, וואָס האָבן צוגעהאָלפן פירן די סטראַטעגיק. אינעם רעזערוו זיינען אויך געווען אָנגעשלאָסן די, וואָס האָבן געטראָגן אַלטע עוולות ביי די חסידים, ווי, למשל, ר׳ אהרן ברוסטאַווסקי, וואָס איז אַמאָל געווען שוחט אין דער שטאָט, און געטראָגן אַ שווער האַרץ אויף זיינע חסידישע קעגנער.

אויך נישט אַלע חסידים זיינען געווען קעגן אַ חזן־שוחט. צווישן די האָבן זיך געפונען אַנדערע, וואָס האָבן ליב געהאַט נגינה און האָבן שטילער־הייט מיטגעהאָלפן די מתנגדים צו געווינען דעם שטרייט.

פון ווערטער זיינען די מתנגדים אַריבערגעגאַנגען צו מעשים, און אַרונ־טערגעברענגט פאַר אַ געוויסן שבת דעם פּלאָצקער חזן מיט אַ פיינעם כאָר. די כוונה דערפון איז געווען אַ טאָפּלטע: איינס, צו פאַרשטאַרקן דעם אַפּעטיט פון די שול־אידן פאַר חזנות און שנית, אָפּצוטאָן די חסידים אויף צופּיקעניש.

נאָכדעם האָבן טאַקע די שול־אידן גענומען פאָדערן מיט באַגייסטערונג אַ גוטן בעל־תפילה פאַר דער שול, און דערווייל איז שטאָט געגאַנגען כאָדאָראָם. מען האָט זיך געשלאָגן און נישט איינער איז אָפּגעזעסן עטלעכע טעג אינעם שטאָטישן אַרעסט און די מלחמה איז געווען אין פולן גאַנג.

בעת דער פּלאָצקער חזן איז געווען יענעם שבת אין גאָסטינין, האָט ער אָנגעוויזן אויף אַ פיינעם חזן־שוחט, וואָס קען זיין פּאַסיק פאַר גאָסטינין. זיין קאַנדידאַט איז געווען דער אינעווער חזן־שוחט, ר׳ יעקב מיללער, ווענען די בעלי־בתים האָבן טאַקע אַראָפּגעברענגט פאַר אַ שבת אויף פּראָבע.

ר׳ יעקב מיללער איז געקומען מיט צוויי משוררים. ער האָט אָפּגעדאַ־ווענט דעם שבת און האָט אויסגענומען ביי קהל. נישט בלויז איז זיין חזנות געפעלן געוואָרן, נאָר זיין הדרת־פּנים און זיין פריינטלעכקייט צו מענטשן, האָבן געטאָן דאָס זייעריקע.

צומאָרגנס אינדערפרי האָט מען ר׳ יעקב מיללער פאָרגעשטעלט פאַרן רב פון שטאָט, צו זען צי ער איז אויך באַהאַוונט אין הלכות שחיטה. ער

האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען אויך פאַר דעם רב אויף פולע הונדערט פּראָצענט.

דער חסידישער צד האָט אָבער נישט אויפגעגעבן. אויף גיך האָט מען אונטערגעטראָגן אַ מסירהלע, אַז עפּעס אַ פרעמדער איד איז געקומען קיין גאָסטינין און האָט פאַראורזאַכט אומרועןצווישן דער אידישער באַפעלקערונג. האָט באַלד פּאָליציי גענומען זוכן דעם רעוואָלוציאָנער כדי אים אומשעדלעך צו מאַכן. דערווייל האָט „עמך" דערשמעקט וואָס פאַר אַ קאַשע עס קאָכט זיך, האָבן זיי כדי צו פאַרהיטן פון חילול־השם, עקספּעדירט דעם חזן און די משוררים אַוועק פון שטעטל. די שאַרפע חסידים, וואָס האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר גאָרנישט, זיינען פון דעם אוועק מיט גרויס עגמת־נפש...

בין כה וכה האָבן זיך די קילערע חסידים אַרומגעזען צו וואָס אַזאַ מחלוקה קען פירן און באַשלאָסן צו רעדן תכלית, און בהסכם כולם איז באַשלאָסן געוואָרן אָנצושטעלן דעם איניעווער שוחט. צוויי בעלי־בתים זיינען דאַן אַוועק מיט אַ כתב צו ברענגען דעם חזן־שוחט. איינער פון די צוויי איז געווען ר׳ לייבוש טרעמסקי; ער האָט אַוודאי דעמאָלט גאָר נישט געוואוסט, אַז דאָס פאָרט ער ברענגען פאַר זיין זון אַ פרוי — ר׳ יעקבס אַ טאָכטער, טילא ע"ה, און פאַר זיך אַ צוקונפטיקע שנור.

עולם האָט זיך שפּעטער באַרואיקט. דער חזן־שוחט איז געווען אַן ערלעכער איד. די שאַרפע און די קילע חסידים האָבן זיך פאַראייניקט אין זייער מיינונג מיט די מתנגדים און די פאָרגעשריטענע. שנאת־חינם האָט זיך אָפּגעשטעלט און גאָסטינין איז צוריקגעקומען צו איר טאָג־טעגלעכן לעבן. ס׳איז ווידער געוואָרן שרעקלעך לאַנגווייליק.

## ג) אידישע פרנסות

די געאָגראַפישע לאַגע פון גאָסטינין איז נישט געווען קיין צו גינסטיקע. די שטאָט האָט נישט פאַרמאָגט קיין שום באַן אָדער וואַסער־פאַרבינדונג. די באַן איז ערשט אין די צייטן פון אומאָפּהענגיקן פוילן אַנשטאַנען. אַלץ האָט מען געדאַרפט פירן מיט פערד און וואָגן. ממילא איז קיין גרויס־האַנדל אָדער אינדוסטריע דאָ נישט אָנגעגאַנגען.

דער מסחר איז על־פי־רוב געווען מיטן אָרטיקן שטאָטישן און דאָרפישן קונה. די פויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן אַריינגעבראַכט זייערע

פראָדוקטן צום פאַרקויפן, און אין איין וועג האָבן זיי אויך אײַנגעקויפט אין שטאָט אַלץ וואָס זיי האָבן געדאַרפט פאַר זייער ווירטשאַפט.

די האַנדלס־טעג זיינען געווען דינסטיק און אויך פרייטיק. יעדע באַלע־באָסטע האָט אין די טעג זיך איינגעהאַנדלט פון די פראָדוקטן וואָס דער פויער האָט צוגעפירט. אַ פּאָר מאָל דורכן יאָר זיינען געווען יאַרידים. דעמאָלט זיינען אָנגעפאָרן מער קונים און מער סוחרים מיט כלערליי סחורות, וואָס די שטעטלדיקע סוחרים האָבן נישט געפירט. צו אַזעלכע יאַרידים האָבן זיך סוחרים געגרייט מיט מער סחורה און געהאָפט אויף אַ גרעסערן פדיון. אַגב, איז אַ יאַריד־טאָג געווען אויך פאַר די חדר־אינגלעך אַ יומא־דפּגרא. ווי די פרייע פייגעלעך, באַפרייט פונעם רבין מיטן חדר, האָבן זיי זיך אַרומגע־בלאָנקעט איבער די מערק.

ס׳איז כדאי צו דערמאָנען די נעמען פון די הורט־סוחרים, וואָס האָבן צוגעשטעלט סחורות פאַר די קלענערע געוועלבלעך:

שמואל קליינבאַרד, אַ קינדערלאָזער חסיד, וואָס האָט זיך קיינמאָל נישט געאײַלט אַפילו צו אַ דבר מצוה. ער איז געווען דער צושטעלער פון מעל און דאָס איז אויך געווען זיין צונאָמען, ר׳ שמואל מעלער.

אַ הורטאָווניק פון זייף איז געווען ר׳ מענדל איכל, אַ חסידישער איד, מסתמא אַ שטיקל פאַבריקאַנט, ווייל זיין צונאָמען איז געווען באַוואוסט ווי עסיק־מאַכער. מען פלעגט ביי אים אויך קויפן ווייַן פאַר קידוש און הבדלה און פאַר אַרבע כוסות.

געווען אַנדערע וואָס האָבן צוגעפירט פאַר די קרעמעלעך זאַלץ און נאַפט און אַנדערע פראָדוקטן ווי טאַבאַק, פּאַפּיראָסן און אַמאָל אַ שאַכטעלע ציגאַרן.

דאָס רוב געשעפטן איז באַשטאַנען פון שפּייז־קראָמען און שניט־גע־וועלבער. די לעצטע האָבן באַצויגן זייער סחורה פון לאָדזש און וואַרשע.

אַחוץ די אויבן־דערמאָנטע קרעמער זיינען געווען אידישע לעדער־סוחרים, אייזן־קרעמער, לאָמפּן און גלאָזוואַרג קרעמער ווי אויך פאַרבן־געשעפטן, ביר־שענקען (מיט שנאַפּס האָט זיך די רעגירונג אַליין באַשעפטיקט, הפנים אַ צו טייערער ביסן דאָס צו לאָזן אין אידישע הענט).

אַ סך פון די קרעמער האָבן נאָך צוגעהאַנדלט זייטיק און זיך פאַרנומען מיט אַנדערע געשעפטן, וואָרים זיצן און אויסקוקן די אויגן פאַר אַ קונה, האָט דאָך די אשה אויך געקענט. אַזוי, למשל, האָט משה יצחק סרעבנעגורע

צוגעהאַנדלט מיט טאָרף, און זיין ווייבל האָט צו דעם אַלעם נאָך געפירט אַ ווערקשטעל פון קליידלעך פאַר די פויערטעס. חיים דאָמב, דער לאָמפּן־סוחר, האָט געהאַנדלט מיט אויסלייען אייזערנע בעטן. חזן, דער לעדער־סוחר, האָט צוגעטאָן אין דער זאָקן־בראַנזשע, און אַזוי פיל אַנדערע פון צווישן די קרעמער. דער דורכשניטלעכער סוחר איז געווען פון באַלעבאַטישן שטאַנד, און ווייל ער איז געווען אָן אַ מלאכה, האָט ער זיך געמוזט נעמען צו האַנדל־וואַנדל; אַגב, איז דער נאָמען סוחר געווען אויך אַ שטיקל יחוס און צוגעגעבן פּרעסטיזש.

צו דער קאַטעגאָריע פון גרעסערן מסחר האָט געהערט וואַלד און האָלץ. צו דעם האָט זיך געפאָדערט גרעסערער קאַפּיטאַל און קענטעניש פון פאַך. אַרום גאָסטינין זיינען געווען אַ סך וועלדער, וואָס האָבן געהערט צו די




אידישער אויטאָבוס, וואָס פלעגט פירן פּאַסאַזשירן קיין קוטנע און פלאָצק

פּריצים און צו דער רעגירונג. פון צייט צו צייט זיינען טיילן וואַלד פאַר־קויפט געוואָרן. אַממיינסטן זיינען די קויפער געווען מאַחינו בני ישראל. אַזאַ סוחר איז אַוועק מאָנטיק פרי צו זיין געשעפט. ער האָט געדונגען אַר־בעטער און אָפּגעהיט זיין פּרנסה. אַרום פרייטיק נאָכמיטאָג האָט ער זיך אומגעקערט צו זיינע בני־בית. ווען דאָס געשעפט איז געווען גרויס, פלעגט אַזאַ סוחר זיך באַזעצן אין וואַלד מיט ווייב און קינד ביז ער האָט מער ניט געהאַט וואָס צו טאָן דאָרט.

אַנדערע קרעמער האָבן צוגעהאַנדלט מיט תבואה. זיי פלעגן אויפקויפן ביי די פויערים, אָדער דירעקט ביי די פּריצים, די לאַנד־באַזיצער, אַלערליי

תבואות און עס פאַרקויפן צו סוחרים וואָס האָבן עס געלאָדענט אויף וואַגאָנען נאָך דייטשלאַנד.

אמאָליקע יאָרן ווען פויערים פלעגן האָדעווען שעפּסן אַרום אונזער געגנט, האָבן אַ סך אידן געהאַט פּרנסה פון וואָל־מסחר. זומער־צייט, ווען מען פלעגט שערן די שעפּסן, האָבן סוחרים אויפגעקויפט די וואָל, געלאָזט אויסאַרבעטן פאַר טוך, און עס פאַרקויפט נאָך לאָדזש אָדער וואַרשע.

ווען אין שטאָט זיינען געשטאַנען זעלנער האָבן געוויסע אידן צוגע־שטעלט פאַרן מיליטער פּראָדוקטן. די האָט מען גערופן פּאָדראַדטשיקעס. געווען אַ פּאָדראַדטשיק פאַר מעל, אַ צווייטער פאַר פלייש, אַ דריטער פאַר באַהייצונג, און פון דעם האָבן זיי געצויגן פּרנסה.

געווען אידן וואָס פלעגן באַזאָרגן די שטעטלדיקע מיט געוויסע סחורות פון וואַרשע; זיי פלעגן צורעכענען אַ געוויסן פּראָצענט פאַר דער טירחה. אַזאַ איינעם האָט מען גערופן אַ שפּיליטער. דער שפּיליטער פלעגט אויפנעמען כל המינים באַשטעלונגען און סוף וואָך ברענגען אַלצדינג אַהיים.

ווידער זיינען געווען מענטשן וואָס האָבן געצויגן זייער חיונה פון אויפ־קויפן אין שטאָט אייער, פּוטער, עופות און עס פאַרקויפן אין די גרעסערע שטעט מיט אַ ריוח.

אַ גרויסער מסחר האָט זיך געהאַט געשאַפן אין גאָסטינין פון פאַבריצירן זאָקן, וואָס זיינען געגאַנגען ביז נאָך רוסלאַנד, און געגעבן פּרנסה צו אַ סך יונגע מענטשן וואָס האָבן דערלערנט דאָס פאַך. די הויפּט־פאַבריקאַנטן פונעם פאַך זיינען געווען ר׳ יעקב מענדל קעללער, אברהם משה האָלענדער און חיים גאָלדבערג.

געווען אַזעלכע אידן וואָס האָבן געצויגן זייער חיונה ממש פון דער לופט. צו דעם טיפּ אידן האָבן געהערט משה לובינער, יהודה מאסט און אַנדערע. אַזאַ איד האָט אָפּגעדאַוונט בהשכמה, גענומען אַ זאַק אונטערן אָרעם, אַ שטעקן אין האַנט, און מיט בטחון אין גרויסן בורא זיך געלאָזט אין וועג אַריין, גרייט צו קויפן אַלצדינג וואָס ס׳וועט זיך באַר מאַכן צו דער האַנט, אַ קונה הכל. אויך די אידן האָבן זיך גערעכנט אין שטאָט צווישן די בעלי־פּרנסה.

אַנדערע, ווידער, האָבן געהאַט חיונה פון קריגן אין אַרענדע פון דער שטאָט־מאַכט געוויסע פונקציעס, ווי אָנצינדן די גאַסן־לאָמפּן יעדן אָוונט,

איינקאַסירן דעם אָפּצאָל פון יעדער פור, וואָס איז דורכגעפאָרן די שטאָט, געקומען אין מאַרק אַריין אָדער צום יאַריד.

נישט אַלע אידן האָבן געצויגן פּרנסה פון מסחר. געווען אויך האָראַפּאַש־ניקעס וואָס זייער חיונה איז געקומען פון שווערער אַרבעט. אַזעלכע זיינען געווען די אידישע בעקערס פון ברויט און זעמל, אויך די קוכן־ און לעקעך־בעקערס. אַ באַזונדער מלאכה איז געווען באַקן מצות פאַר פּסח. דאַן זיינען געקומען בלעכער, שערער, קצבים, ברוקאַרעס, טרעגער, מולערס, בעלי־עגלות, סטאָלאַרעס, און די שניידערס וואָס האָבן זיך געטיילט אין צווייערליי:



די פּלומפּ אין מיטן מאַרק

די טאַנדייטערס, וואָס האָבן צוגעגרייט פאַרטיקע אַרבעט, און די, וואָס האָבן געמאַכט מלבושים אויף באַשטעלונג, ווי, צום ביישפּיל, מדרכי וואַרשאַווסקי, און דאַמען־שניידער ווי שמערל.

אַ באַזונדערע אידישע פּרנסה האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט סעדעריי. מיטן אָנקום פונעם זומער האָבן זיך די סעדערניקעס אַרויסגעלאָזט דינגען סעדער אין די אַרומיקע דערפער, וואָס האָבן זיך געפונען אַרום אונזער געגנט. אַרום חודש מאַי האָבן די סעדערניקעס אַרויפגעפּאַקט ווייב און קינד מיט דעם ביסל בעטגעוואַנט און קיך־געשיר אויף אַ וואָגן און היידאַ אַרויס צו היטן זייער פּרנסה. האָט גאָט געהאָלפן און ס׳איז געווען אַ גערעטעניש אויף פּרוכטן, האָט מען געהאַט רווחים, חלילה ווען נישט, האָט דער איד אומזיסט אָפּגעאַר־בעט עטלעכע חדשים און איז אַ צעבראָכענער צוריקגעקומען אין שטאָט אַריין.

די פּרוכטן פלעגן זיך פאַרקויפן אין די גרויסע שטעט. אַרום אלול־צייט פלעגן די פּרוכט־סוחרים צוריקקומען אין שטאָט. האָט עמעצן זיך פאַרוואָלט ווינטער־צייט אַן עפּעלע, האָט מען עס געקענט קריגן ביי אָט די סוחרים.

ווי אין אַלע אידישע קהילות האָט אויך גאָסטינין געהאַט כלי־קודש, וועמענס פּרנסה איז געווען אַ ריין־אידישע. ווי למשל, אַ רב, אַ חזן, אויך שוחטים און שמשים, מלמדים. קיין צו גרויסע פּרנסה האָבן זיי פון גאָס־טינין נישט געצויגן. ווען ר׳ יואב יהושע איז געווען גאָסטינינער רב און געפירט אַ ישיבה, זיינען געקומען אַ סך בחורים פון דער פרעמד ביי אים לערנען. די פאַרמעגלעכע צווישן די ישיבה־בחורים האָבן זיך איינקוואַרטירט פאַר באַצאָלט אין די היימען פון די גאָסטינינער אידן, און דאָס האָט געגעבן פּרנסה צו עטלעכע פון די בעלי־אכסניות.

גאָסטינין איז געווען אַ טיפּיש־אידיש שטעטל אין פּוילן. מסתמא זיינען אויך אין אַנדערע שטעט געווען אַזעלכע סוחרים און די זעלבע פּרנסות. אַזוי האָבן אידן געאַרבעט, געמסחרט און תמיד געהאָפט אויף בעסערע צייטן...

# ערשטע שפּראָצן פון אידישן קולטור-לעבן

הרב י. ב. כ"ץ (ישראל)



הרב יונה־ברוך כ"ץ

ר' שמחה בונים דאַנציגער איז געווען אַ איד אַ פייער. פון זיין הדרתדיקן פּנים מיט דער ברייטער שיין־צעקעמטער באָרד און קורץ־געקרייזלטע פּאות האָבן אַרויסגעלויכטן אַ פּאָר ברענענדיקע אויגן. געווען איז ער אַ גערער חסיד מיט אַ „געשליפענע צונג", איינער פון די דעמאָלטיקע „חובבי ציון", וואָס האָבן געטאָן אונטערערדישע ציוניסטישע אַרבעט. ציוניסטישע אַרבעט — אין פּשוטערע ווערטער: אַרבעט פאַר ארץ־ישראל — איז געווען אומלעגאַל, מחמת די רדיפות פון דער צאַרישער מאַכט אין יענער צייט. ר' שמחה בונים איז געווען אַריבער די מיטעלע יאָרן, אָבער פול מיט חסידישן ברען — בעסער געזאָגט: מיט הייליקער חסידישער חוצפּה. זיין השפּעה אויף מיר איז געווען אומגעהויער. ער האָט מיך אַריינגעצויגן אין דער אומלעגאַלער ציוניסטישער אַרבעט, ווי די אַרבעט אַרום די קרן־קימת־פּושקעס, א.אַ.וו. אַ דאַנק דער אַרבעט בין איך געווען אין שריפטלעכן קאָנטאַקט מיט ר' מנחם מענדל אוסישקין ז"ל אין אָדעס.

שפּעטער מיטן אויפשטייג פון פּאָליטישן ציוניזם האָט די קולטור־אַרבעט אויפגעבליט אין פיל שטעט און שטעטלעך אין פּוילן. איך אַליין, אַ יונגערמאַן אין די דרייסיקער יאָרן, אויך אַ גערער חסיד, איינער פון די חובשי בית־המדרש, בין באַווירקט געוואָרן פון ציוניזם און בין נחמץ געוואָרן און אָנגעהויבן צו לייענען השכלה־ביכער באַהאַלטענערהייט אין דער גאָסטינינער ווייבער־שול. איך געדענק נאָך היינט די ביכער, ווי ספר הברית, בן המלך והנזיר, בן סירא און אהבת ציון, ווי אויך אשמת שומרון פון מאַפּו — און

נאָך פאַרשידענע השכלה־ביכער. און איך בין זיכער נישט געווען דער איינ־ציקער, וואָס האָט געפונען דעם וועג צו די קוואַלן פון דער העברעאישער ליטעראַטור. איך בין אָבער געווען דער ערשטער און איינציקער „הצפירה״־לייענער אין גאָסטינין. שפּעטער האָב איך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן די צייטונג און שאַפן פאַר איר אַבאָנענטן, שלא על־מנת לקבל פּרס.

מיין שטוב איז געוואָרן אַ בית־ועד פאַר פאָרגעשריטענע בחורים און יונגעלייט. ביי מיר האָט מען זיך גרופּירט און דיסקוטירט וועגן ציוניסטישע און פאַרשידענע קולטור־פראַגן. מיר האָבן באַשלאָסן צונויפרופן אַ פאַר־זאַמלונג ביי ר׳ שמחה בונים ז״ל. עס האָבן דאָרט אָנטייל גענומען מענטשן סיי פון דעם עלטערן דור און סיי פון דעם אינגערן דור ציוניסטן. לאָמיר זיי אויסרעכענען (ווי דער זכרון דערלויבט): ר׳ שמואל קליינבאַרד מיט זיין ברודער דוד, משה זשיכלינסקי, מענדל באַגנאָ, מרדכי מאָריטץ מיט זיין ברודער משה, מיין ברודער דוד כץ און מענדל מאָטיל. פון אינגערן דור האָבן זיך באַטייליקט: דער געלער דוד מאָטיל מיט זיין ברודער משה, איסר מאיר מאָטיל מיט זיינע ברידער: אהרן מרדכי, אפרים, יעקב, הערשל, שמעון יוסף, חיים נח באַגנאָ, יעקב זשיכלינסקי, יעקב מענדל קעללער, חיים קוטשינ־סקי, דער געלער לייבל מאָטיל, משה דאַנציגער, הערשל דאַנציגער. עס האָבן אַרויסגעוויזן סימפּאַטיע פאַר אונזער אַרבעט: דער חזן ר׳ יעקב מיללער מיט זיין אידעם, מאיר דוד טרעמסקי, הערשל זילבערשטיין, יצחק ברעסלער, יעקב לינדערמאַן. איך האָב זיך אין דער דאָזיקער חברותא געפילט מעשה־מחותן, ווייל איך האָב שוין זיך געקענט באַווייזן מיט סטאַזש אין דער אַרבעט און מיט פּראַקטישע אויפטוען.

די פאַרזאַמלונג האָט אויסגעווײלט אַ קאָמיטעט: יושב־ראש — ר׳ שמחה בינם, קאַסירער — ר׳ שמואל קליינבארד, און איך אַלס סעקרעטאַר. אַזוי אַרום איז געשאַפן געוואָרן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין גאָסטינין.

די דאָזיקע געשעעניש האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע התנגדות ביי די חסידים. מען האָט אונז אָנגעהויבן צו רודפן. צוערשט האָט מען מעכבֿ־הקריאה געווען אין שטיבל, און אַ צייט שפּעטער האָט מען אונז איינפאַך אַרויסגעטריבן פון חסידים־שטיבל...

דאַן האָבן מיר באַשלאָסן אַראָפּצוברענגען אַ ציוניסטישן רעדנער, וואָס זאָל אויפשטורעמען אונזער אַרבעט אין גאָסטינין. מיר האָבן איינגעלאַדן

פון װלאָצלאַװעק דעם שוחט ר׳ סענדער טכורש *), װאָס האָט געשמט פאַר אַ פייערדיקן רעדנער און באַװאוסט געװען פון זיין אויפריכטיקער ליבע צו ציון און ציוניזם. מיר האָבן דעמאָלט געהאַט שװעריקייטן צו באַקומען דעם בית־המדרש פאַר האַלטן דאָרט דרשות — די ראשי־הקהל האָבן דאָס נישט דערלאָזט. האָבן מיר דעריבער פשוט פאַרכאַפּט די שול.

באַלד ביי דער ערשטער פאַרזאַמלונג איז די שול געװען איבערגעפּאַקט מיט אידן. נישט נאָר די אָרגאַניזירטע ציונים זיינען געקומען, נישט נאָר די סימפּאַטיקער, נאָר אַפילו חסידים פון אַלערליי הויפן זיינען געקומען הערן. די עיקר דאגה זייערע איז געװען צי עס װערן נישט דאָרט חלילה געהאַלטן קיין מיסיאָנערישע דרשות...

דער רעדנער האָט ביי אונז געװיילט אַ װאָך צייט. יעדן טאָג איז ער אויפגעטראָטן מיט זיינע פייערדיקע דרשות און געשאַפן נפשות פאַר ציון.

דאַן האָבן מיר באַשלאָסן צו עפענען אַ „חדר מתוקן“. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער אמתער „הייליקער“ קריג פון חסידישן צד. זיי האָבן גע־טענהט אַז די ציוניסטן גייען אָפּשמדן, ר״ל, די קינדער. נישט געקוקט אויף דעם אַלעמען האָבן מיר אַראָפּגעבראַכט אַ לערער פון דאָברין, חיים מנחם לעדערבערג. װי לערער איז „חדר מתוקן“ זיינען דערנאָך געװען יעקב טשעכאַנאָװער, יקיר װאַרשאַװסקי **) א. אַנ.

די מחלוקתן אין שטאָט האָבן זיך צעפלאַקערט. עס איז געקומען אַזוי װייט, אַז װען ר׳ שמחה בונים איז נפטר געװאָרן האָבן זיך די חברה־קדישא־לייט אַנטזאָגט זיך מתעסק צו זיין מיטן מת... נישט געװאָלט געבן אַפילו דאָס שװאַרצע טויטן־װעגעלע... די ציוניסטישע עסקנים האָבן זיך דאַן גענומען צו זיין טהרה, צוגעגרייט אַ „מטה“, און געטראָגן אים ביז צו דער שול, װאו מ׳האָט אים מספּיד געװען. פון דער שול ביז צום בית־הקברות — אַ מהלך װעג — האָבן זיך געטוישט די נושאי־המטה.

איך װיל דאָ דערמאָנען אַ כאַראַקטעריסטישן עפּיזאָד װאָס האָט פּאַסירט

---

*) ר׳ סענדער טכורש האָט געהערט אין װלאָצלאַװעק צו די גרינדער פון „מזרחי“ און אַלע זיינע צװייגן. ער איז געװען אַ נאָענטער מיטאַרבעטער פון װלאָצלאַװעקער רב, דעם גרויסן ציוני, הרב י. ל. קאָװאַלסקי. ר׳ סענדער טכורש האָט אין די סוף צװאַנ־ציקער יאָרן זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל און איז געװען רב אין כפר חיטין.

**) יקיר װאַרשאַװסקי איז געװען שפּעטער לערער אין אַ ריי גימנאַזיעס אין פּוילן, געװען באַקאַנט װי אַ צאַרטער העברעאישער שרייבער.

אין יענער צייט. מיר האָבן געהאַט באַשלאָסן צו גיין מיט די תלמידים פון „חדר מתוקן״ אין שול אַריין שמחת־תורה צו הקפות. דאָרט אַהין האָבן אַלע חברות געטראָגן די ספרי־תורה מיט טאַנץ און געזאַנג. מיר האָבן מיט די תלמידים, מיט ציוניסטישע פענער אין די הענט, פאַרכאַפּט דעם באַלעמער און אָנגעהויבן זינגען ציוניסטישע שירים — און ווען מיר האָבן געזונגען

אַ געדרוקטע מעלדונג וועגן „תורה ודעת״

Еврейскій хедеръ
**І. Б. КАЦЪ**
**Гостынинъ,** Варш. губ.




בית ספר עברי
ודעת
של י. ב. **כץ** גאסטינין

דיא 4 יאהר פראקטיקע האבען אינז גיגעבען דיא איבערצייגונג, אז גאבטינין דארף האבען אזא ארט שולע וואס זאלל גילערענט ווערען אין אגרויסע מאהס **ידישע למודים**. דארונטער זאלל אויך מיט געהן **אלגעמיינע למודים** דארום האבע בעשלאסען צו פערברייטערן דיא פראגראמע .פון אונזער בית ספר תורה ודעת.
ידישע למודים וועט גילערנט ווערען.

גרונדליך עברי. תורה, עם פירוש רשי, נביאים, כתובים גמרא, העברעאיש, היסטוריה, דקדוק, שרייבען, רעכענען, דיקטאנדע, שירים, דאוונען, לייענען אין ספר תורה עפ דקדוק, א. ז. וו.

צי אלגימיינע למודים,

האבע גישלאסען קאנטראקט מיט א רוסישען לערער ער זאלל **קיממען אין שולע** לערנען לויט פראגראמע **פין 2 קלאסען גימנאזיום**. איך האבע צי גענוממען א נייעם זעהר גיטען בייא הילפער צי ידישע למודים אינטער מיין אויפזיכט, איך האבע אייך פערברייטערט דיא היגענישע צישטאנד פין שולע.

מיר קוממען נישט מיט קיינע פוסטע הבטחות, דען אללע ווייסען אז מיר זענען ווייט, פין אזעלכע מיטעלן, אייך איז יעדען גוט בעוויסט מיין איבערגיגעבענהייט אין טרייהייט, צי מיין בית ספר, וועלכע איז דיא בעסטע גאראנטיע פאר דיא שנעללע פארטשריט פין מיינע תלמודים, אלזא. בעטען מיר זעהר דיא וואס ווילליען אב געבען זייערע קינדער אין מיין בית ספר, צי קוממען בעצייטענס אין שולע פערשרייבען זיך, מיר זאללען קאננען איינארדנען דיא למודים אין יעדע קלאס, תלמידים ווערען אנגינימען אין יעדע קלאס פין א מענומאלען פרייז .1 רוב. ביז .5 רוב.

מיט אכטונג **י. ב. כץ**

די „התקוה" איז אַרויס מיט אַ געוואַלט דער דאָזער, משה אליהו דאָמב — ס'טייטש, אין אַ שול — האָט ער געשריגן — זאָל מען זינגען אַזעלכע הפקר־דיקע לידער? אַזאַ חילול הקודש!

עס האָט אויסגעבראָכן אַ געוואַלטיקער טומל. די בעלי־בתים וועלכע זיינען אָבער געווען ציוניסטיש געשטימט, ווי אברהם יעקב שאטאן און זיין ברודער, יהודה בעריש האָבן אַרויסגעוואָרפן דעם דאָזער פון שול...

ויהי אחרי מות ר' שמחה בונים ז"ל, דעמאָלט האָט דער לערער יקיר וואַרשאַווסקי פאַרלאָזט גאָסטינין — איז באַשלאָסן געוואָרן איך זאָל איבער־נעמען דעם „חדר מתוקן", און אין דער פרייער צייט זאָל איך זיך קענען אינגאַנצן אָפּגעבן מיט ציוניסטישער אַרבעט. איך האָב די שולע געגעבן אַ נאָמען „תורה ודעת". איך האָב געלאָזט דרוקן פּאָסט־קאַרטלעך מיטן פּלאַן פון די לימודים אין דער שולע. די קאַרטלעך זיינען אויפגעהאָנגען געוואָרן אויף פאַרשידענע עפנטלעכע פלעצער. אייניקע קאַרטלעך האָב איך אויך אויפגעהאָנגען אויף די אינעווייניקסטע טירן פון דער שול. זעט אָבער אויס, אַז ס'האָבן זיך געפונען אין גאָסטינין נישט־פאַרגינערס, וועלכע האָבן די קאַרטלעך אַראָפּגעריסן. האָב איך זיך מיישב געווען, געוואַרט ביז פרייטיק, שפּעט פאַרנאַכט, זיך אַריינגעגנבעט שטילערהייט אין דער שול, אויפגע־האָנגען די קאַרטלעך, פאַרפעסטיקט מיט טשוועקלעך, מ'זאָל דאָס נישט קענען אַרונטעררייסן אום שבת... און אַזוי אַרום איז דאָס טאַקע געהאָנגען ביז איבער שבת...

איך האָב געפירט דער „בית־הספר" דערפאָלגרייך. מיינע תלמידים זיינען היינט צעזייט און צעשפּרייט איבער פאַרשידענע לענדער — די מער־הייט אין ישראל, זיינען אָנגעזאַפּט מיט חלוציות, מיט אהבת ישראל, אהבת הארץ והשפה. מיט אַ גרויסן טייל פון זיי קען איך ב"ה שטאָלצירן.

ווען איך האָב פאַרלאָזט גאָסטינין, איבערצונעמען אַ„חדר מתוקן" אין קוטנע, האָב איך איבערגעגעבן מיין בית־ספר צו מיין מיטהעלפער, אברהם דוד קוטשינסקי, וועלכן מ'האָט דעמאָלט גערופן „המורה הקטן".

# רבנים
# און
# מלמדים

## הערש־לייב לייזעראָוויטש (ישראל)


הערש־לייב לייזעראָוויטש

שוין אַריבער זעכציק יאָר געדענק איך דיך מיין שטאָט, גאָסטינין. דיין נאָמען האָט אַרויסגעלויכטן ווייט אַריבער דיינע גרענעצן, אין זכות פון גאָסטינינער תהלים־איד, דעם גרויסן צדיק. אַ לאַנגע קייט פון דורות האָסטו פון זיך אַרויסגעגעבן — תלמידי־חכמים, צדיקים, בעלי־מלאכות און פשוטע אידן, מיט נשים צדקניות. אַ שיינע אידישע קהילה איז געווען גאָסטינין, מיט אַ בית־מדרש, אַ שול און אַ חסידים־שטיבל. מיט אַ סך אינסטיטוציעס, ווי: מושב זקנים, לינת הצדק, גמילת־חסדים־באַנק, הכנסת כלה א.אַ.וו. עס דער־מאַנען זיך די שיינע שבתים און ימים־טובים. עס שטייען מיר פאַר די אויגן די אידישע געסלעך, דאָס לעבן פון די שכנים, די ליבשאַפט און טרייהייט פון איינעם צום אַנדערן. יעדערער האָט זיך געפרייט מיט יענעמס שמחה און אויך זיך מצער געווען אין יענעמס טרויער. דאָס גאַנצע אידישע גאָסטי־נין האָט געלעבט ווי איין משפחה.

ווער האָט פאַרמירט און געשטאַלטיקט דאָס אידישע גאָסטינין? ווי אומעטום האָבן דאָס געטאָן אויך אין גאָסטינין די דערציער. און אָט ווער עס זיינען געווען די מלמדים אין גאָסטינין: ר׳ סענדער, ר׳ לייזער און זיין זון יוסף, וואָס האָט איבערגענומען די ירושה פון מלמדות נאָך זיין פאָטער. ר׳ גרונם מלמד און ר׳ אברהם פליישמאַן. דאָס זיינען געווען די דרדקי־מלמדים. זיי האָבן איינגעפלאַנצט ביי די קינדער דעם „מודה אני״ און „שמע ישראל״. ווען ר׳ סענדער מלמד איז נפטר געוואָרן זייענדיק קרוב צו מאה שנים, האָט גאַנץ גאָסטינין אים באַגלייט און מספיד געווען. יעדער איד האָט זיך געזען פאַר זיינעם אַ תלמיד.

על־פי־רוב איז דאָס לעבן פון די מלמדים געווען אַ שווער לעבן, דחקות

און אָרעמקייט האָבן אַרויסגעפּייפּט פון יעדן ווינקל. זיי האָבן אָבער באַ־טראַכט זייער אַרבעט ווי אַ מלאכת־הקודש און מיט ליבע און איבערגעגעבנ־קייט געפירט זייערע חדרים, אויפברענגענדיק אַ סך תלמידים.

עס זיינען אויך געווען חומש מיט רש״י און גמרא מלמדים, ווי: ר׳ לייבל צישיק, אברהם יצחק האָלצמאַן, ר׳ יחזקאל באַגנאָ, ר׳ לוי מלמד, אַ איד אַ זקן, אַ גרויסער תלמיד־חכם, נפטר געוואָרן אין טיפן עלטער. לומדים האָבן אים נאָכגעזאָגט גרויסע שבחים אין זיין לערנען.

די רבנים אין גאָסטינין האָבן באַרייכערט דאָס לעבן אין שטאָט. נישט נאָר האָבן זיי געפירט זייער עדה לויט דעם אידישן דרך, נאָר אויך געווען די פירשפּרעכער פון קהל פאַר די מאַכט־אָרגאַנען. זיי זיינען געווען ווייט באַקאַנט איבער דער גאַנצער מדינה. ר׳ יחיאל מאיר ליפשיץ ז״ל איז נאָך אַלס יונגערמאַן געוואָרן רב אין גאָסטינין. זיין גרויסקייט אין תורה, זיין עניוות און זיין ליבע צו יעדן יחיד האָט אים דערפירט צו ווערן אַ רבי בישראל און דער גרויסער צדיק־הדור. דער גאָסטינינער רבי איז מפורסם געוואָרן אין דער גאַנצער אידישער וועלט. ער איז נפטר געוואָרן ערב ש״ק, כ״א שבט, תרמ״ח. דאָס כסא הרבנות האָט פאַרנומען דער קינסקער רב ר׳ יואב־יהושע, אַ בעל מחבר פון ספרים, א תלמיד פון סאָכאַטשאָווער רבין, ר׳ אברהם, דעם „אבני נזר״. נאָך זיין פאַרלאָזן גאָסטינין, האָט דעם כסא הרבנות פאַרנומען הרב ר׳ חיים משולם הכהן אָטערמאַן, אַ גרויסער תלמיד־חכם, אַ תלמיד פון אָסטראָווצער רבין, ר׳ מאיר יחיאל הלוי, פון די גרעסטע תלמידי־חכמים אין דער רבנישער וועלט. אַז ר׳ חיים משולם הכהן האָט פאַרלאָזט דעם כסא הרבנות אין גאָסטינין, האָט זיין אָרט פאַרנומען ר׳ דוד סילמאַן, אַ איידעם פון אָסטראָווצער רבין, און אַ זון פון כמעלניקער רב, ר׳ אהרן סילמאַן. געווען איז ער אַ מנהיג פון „מזרחי״ און ער האָט פאַרשטאַרקט דעם ציוניסטישן אידעאַל אין שטאָט. ער איז יונג נפטר געוואָרן, 10 טעג אין שבט, תרפ״ב.

דאַן איז ווידער אַנטשטאַנען די פראַגע, ווער עס זאָל פאַרנעמען דעם כסא הרבנות. מיט אַ גרויסער מערהייט איז געוויילט געוואָרן הרב ר׳ יצחק מאיר באָרנשטיין. ער איז געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם, אַ תלמיד פון גערער רבין דעם „שפת אמת״ ז״ל. געווען אויך אַ חבר אין „מזרחי״ און געפירט די קהילה אין גאָסטינין אין דעם דאָזיקן גייסט. הרב ר׳ יצחק מאיר איז געווען דער לעצטער רב אין גאָסטינין און איז צוזאַמען מיט די אידן פון גאָסטינין פאַרפייניקט געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים.

**משה דאַנציגער (ישראל)**

# שמחה-בונים דאַנציגער

שמחה-בונים דאַנציגער איז געבוירן געוואָרן אין ווישעגראַד אין יאָר 1853. ער האָט געשטאַמט פון אַ פאַנאַטיש־פרומער חסידישער היים. אין ווישעגראַד האָט אין זיינע יונגע יאָרן געלעבט דער שפּעטער באַרימט געוואָרענער ציוניסטישער מנהיג נחום סאָקאָלאָוו. סאָקאָלאָוו האָט פרי פאַרלאָזט זיין געבוירן־שטעטל און שמחה־בונים דאַנציגער האָט אים נאָכגעפאָלגט אין ווישעגראַד אין אַלע זיינע קערונגען און ווענדונגען. אין שפּעטערדיקע יאָרן האָט שמחה־בונים אָפּט צוגעגעבן, אַז דעם לוסט צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל האָט ער גענומען ביי זיי גרויסן בן־עיר.

שמחה־בונים איז פון דער נאַטור געווען אַן אַקטיווער מענטש און גלייכצייטיק דערמיט איז ער געווען אַן אידעאַליסט, ער האָט זיך באַטייליקט אין דעם קאַטאָוויצער צוזאַמענפאָר פון די חובבי־ציון. אין יאָר 1885 איז ער אַריבער וואוינען קיין גאָסטינין. אין יענע יאָרן איז ער נאָך געווען אַ גערער חסיד אָבער צוזאַמען מיט דעם האָט ער געפּרעדיקט ציוניזם אין שטעטל. אַוודאי האָט מען אין גערער הויף געקוקט אויף דעם קרום. די גערער חסידים אין גאָסטינין האָבן אים דערפאַר גערודפט, מבזה געווען און אָפּגעשפּאָט פון אים.

די פּאָפּולאַריטעט פון שמחה־בונים איז אָבער געוואָקסן צווישן די מתנגדישע קרייזן און צווישן פאָלק. ער האָט זיינע געדאַנקען פאַרשפּרייט און געפונען אַ סך צוהערער, וואָס האָבן געוואָלט זיך דערוויסן וועגן ציוניזם און ארץ־ישראל און האָבן אין דעם ציוניזם געפונען זייער אָנהאַלט.

נישט געקוקט אויף דער קראַנקייט, פון וועלכער ער האָט געליטן — ער איז געווען אַן אַסטמע־ליידנדיקער — האָט ער נישט אויפגעגעבן זיין ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע און טעטיקייט. עס איז דעמאָלט אַנשטאַנען אַ ציוניסטישע גרופּע, וואָס איז געווען קליין אין צאָל און נישט צו־באַדייטנדיק אין איר השפּעה.

אַלט זייענדיק 53 יאָר איז שמחה־בונים אַוועק פון דער וועלט אין יאָר 1906.

י. מאַרביד

# יקיר וואַרשאַווסקי

הגם נישט קיין גאָסטינינער געבוירענער, איז יקיר וואַרשאַווסקי געווען פאַררעכנט ווי אַן אייגענער. ער איז טאַקע געקומען אין אונזער שטאָט פון מלאַווע, זיין געבוירנשטאָט, נעבן דער געוועזענער דייטשער גרענעץ, ער האָט אָבער אין פאַרלויף פון די יאָרן, אין וועלכע ער האָט געלעבט אין גאָסטינין, זיך אידענטיפיצירט מיט איר יוגנט, געקעמפט איר קאַמף און געווען איר וועגווייזער.

יקיר וואַרשאַווסקי איז געבוירן געוואָרן דעם 14טן מאַרץ 1885 אין אַ חסידיש־סוחרישער פאַמיליע. ער האָט געלערנט אין חדר, אין חסידים־שטיבל און פאַר זיך. גלייכצייטיק מיט לערנען גמרא, האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט ספרי־חקירה, קבלה און חסידות. אונטער דער השפּעה פון זיין בן־עיר, דעם גרויסן אידישן שרייבער, יוסף אָפּאַטאָשו, האָט ער אין זיין פריער יוגנט אָנגעהויבן צו לייענען די העברעאישע ליטעראַטור און לערנען פרעמדע שפּראַכן. צו 20 יאָר איז ער אַוועק קיין וואַרשע און נאָך דער חתונה האָט ער זיך באַזעצט אין גאָסטינין, וואו ער איז געוואָרן אַ העברעאישער לערער.

שוין אין גאָסטינין האָט יקיר וואַרשאַווסקי אַרויסגעוויזן גרויסע פּע־איקייטן ווי אַ לערער. זיינע תלמידים האָבן אים ליב געהאַט, און ער האָט זיי אַרומגענומען מיט אַ סך ליבע. די קעגנזייטיקע באַציאונג איז געווען פון פאַרטרויען און אַכטונג. דעריבער האָט יקיר וואַרשאַווסקי פון צייט צו צייט איבערגעלייענט פאַר זיינע נאָענטסטע מענטשן די ערשטלינגען פון זיין פּעדער. גאַנץ אָפט האָט ער אין זיינע קורצע דערציילונגען געגעבן אָנצוהערן וועגן די פאַרשידענע כאַראַקטערן פון שטעטל און געמאָלן היימישע פּיזאַזשן.

דאָס קליינע שטעטל האָט אָבער וואַרשאַווסקין זיך צוגעגעסן. די פּרנסה האָט נישט געקלעקט. איז ער אַריבער צוריק קיין מלאַווע, וואו ער האָט גע־האַט באַשעפטיקונג ווי אַ בוכאַלטער. ער האָט אָבער פונדעסטוועגן אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט זיינע פריינט. יקיר וואַרשאַווסקיס בריוו זיינען געגאַנגען פון האַנט צו האַנט און די שטאָטישע אידישע אינטעליגענץ האָט זיי גע־שלונגען צוליב זייער פאָלקסטימלעכקייט און צוליב דעם דירעקטן טאָן אין

וועלכן זיי זיינען געווען געשריבן. גאָר באַזונדערס האָבן זיינע געוועזענע תלמידים געוואָלט וויסן וואָס זייער לערער שרייבט.

ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט וואַרשאַווסקי געמאַכט אַ רייזע איבער דייטשלאַנד, איטאַליע, סיריע, ארץ־ישראל און מצרים. ער האָט אָפּ־געדרוקט זיינע רייזע־איינדרוקן אין דער דעמאָלטיקער אידישער און הע־ברעאישער פּרעסע און אַ צייטונג מיט יקיר וואַרשאַווסקיס אַרטיקלען איז געלייענט געוואָרן אין גאָסטינין מיט באַזונדערן אינטערעס און חשק.

ווען ער איז צוריקקומענדיק קיין פּוילן אַנגאַזשירט געוואָרן ווי אַ העברעאישער לערער אין דער אידישער גימנאַזיע אין פּלאָצק, האָט ער זיך נישט זעלטן אַריבערכאַפּן קיין גאָסטינין, וואו ער האָט פאַרבראַכט זיינע

אַ גרופּע גאָסטינינער מיט יקיר וואַרשאַווסקי אין גאָסטינין



זיצנדיק פון רעכטס צו לינקס: יקיר וואַרשאַווסקי, יוסף קעללער, טוביה יאַקובאָוויטש.
שטייענדיק פון רעכטס צו לינקס: איסר־מאיר מאטיל, יעקב לינדערמאַן, אפרים מאטיל.

יונגע יאָרן. גאָסטינין האָט זיך אין צווישן געהאַט געענדערט. אַ סך פון זיינע אינטימע פריינט האָבן פאַרלאָזט די שטאָט, ווער קיין אַמעריקע און ווער אין אַנדערע מקומות. ער האָט אָבער ליב געהאַט די גאָסטינינער לאַנדשאַפט, ליב געהאַט די גאָסטינינער אידן און אין זיין האַרץ האָט זיך תמיד געפונען אַ באַזונדער ווינקעלע פאַר אָט דעם ליכטיקן אידישן שטעטל.

יקיר וואַרשאַווסקי איז אין די יאָרן צווישן ביידע מלחמות געווען אָנגע־שטעלט אין קרן־היסוד און פלעגט אַרומפאָרן איבער דער פוילישער פראָ־ווינץ אין די אינטערעסן פון דעם דאָזיקן פאָנד. זינט 1906 האָט ער געדרוקט בעלעטריסטישע זאַכן און זשורנאַליסטישע אַרטיקלען אין אידישע און העב־ברעאישע צייטשריפטן, אויך אונטער דעם פסעוודאָנים י. בן־אַהרון און י. ורשאי. אין בוך־פאָרם האָט ער אַרויסגעגעבן „הגיונות וזעזועים״, רייזע־בילדער, „מן המולדת״, „מעלות ומורדות״, אַ סעריע קינדער־דערציילונגען אין העברעאיש.

דער ליבער און אידעאַליסטישער יקיר וואַרשאַווסקי האָט געטיילט דעם גורל פון די אידן וואָס זיינען געווען פאַרשפאַרט אין וואַרשעווער געטאָ.

די גאָסטינינער איבער דער גאָרער וועלט וועלן תמיד געדענקען די שיינע געשטאַלט פון זייער העברעאישן לערער יקיר וואַרשאַווסקי, הי״ד.

# דער גאָסטינינער חזן

יואל מיללער

(זכרונות פון זיין זון)



יואל מיללער

קנאַפּע 30 יאָר איז מיין פאָטער, ר' יעקב מיללער, געווען חזן־שוחט אין גאָסטינין. זיין לעבן און ווירקונג אין דעם דאָזיקן שיינעם און אידישן שטעטל האָט איבערגעלאָזט דאָרט אַן אומגעהויערן איינדרוק. ביז היינט צו טאָג ווערן פון גאָסטינינער אויסגעזונגען די זיסע ניגונים פון זייער חזן, מיט נאָגנדיקער בענקשאַפט נאָך זייער פאַרגאַנגענער יוגנט, דערמאָנען זיי מיט ליבע זיין נאָמען.

ווי יעדער חזן, האָט אויך מיין טאַטע געשטרעבט, אַ חוץ צו זיין אַ שליח־ציבור הגון וראוי לכך, אויך אַרויסברענגען אידישע נגינה אין האַרציקע תפילות און אַזוי אַרום אַנטוויקלען אין זיינע צוהערער דעם חוש און טעם פאַר אידי־שער אייגנאַרטיקער מוזיק. שווער איז געווען פאַר אַ חזן דורכצופירן זיין מיסיע בשלימות מיט די קליינע כוחות און די ווייניקע מיטלען, וואָס ער האָט געהאַט צו זיין דיספּאָזיציע. זיין שטאַרקער ווילן אָבער איז אַלעמאָל געווען צו דערהויבן דאָס חזנות צו אַ העכערער מדרגה, אַז ער אַליין זאָל זיין צופרידן און די מנגנים זאָלן הנאה האָבן; און דאָס האָט ער דערגרייכט. ער האָט אַלע מאָל געזונגען מיט אַ כאָר, נישט קוקנדיק ווי גרויס אָדער קליין דער כאָר זאָל זיין, האָט ער צוגעפּאַסט זיינע קאָמפּאָזיציעס לויט די כוחות און פעאיקייטן פון די זינגער. עס האָט זיך אַמאָל געמאַכט, אַז ער האָט נישט געהאַט גענוג קיין שטאָטישע זינגער, האָט ער געבראַכט משוררים פון דער פרעמד. זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן די צוויי ברידער לעוויט — אהרן־הערש און בנימין, וועלכע האָבן געהאַט זייער שיינע שטימען און געווען מוזיקאַליש באַגאַבט. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט בנימין לעוויט פאַרנומען זייער

וויכטיקע שטעלעס אַלס חזן דאָ אין אַמעריקע. אויף זיין לעצטער שטעלע איז ער געווען דער ממלא־מקום פון חזן קוואַרטין אין באָראָ פּאַרק, ברוקלין.

אויפצוהאַלטן אַ כאָר לויט דעם פאַרלאַנג פון מיין פאָטער איז אַלעמאָל געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן: אַזוי פון פינאַנציעלן שטאַנד־פּונקט ווי פון מוזיקאַלישן. קיין פאַרטיקע קאָמפּאָזיציעס האָט ער על־פּי־רוב נישט באַנוצט, ווייל דאָ האָט אים געפעלט אַן אַלט און דאָ אַ טענאָר; ער האָט דעריבער געמוזט שאַפן קאָמפּאָזיציעס, כדי צו קענען צופּאַסן צו די קרעפטן וואָס ער האָט געהאַט. די זינגערס האָבן זיך גאַנץ אָפט געביטן, האָט ער אַלעמאָל געמוזט צוגרייטן נייע געזאַנגען, און דאָס איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעכע שוועריקייט. ס׳האָט אים ממש געפעלט צייט דערפאַר. האָט ער דעריבער אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט אויך אויסער דער היים איינצוזינגען מיט זיינע משוררים; אין שעכט־הויז, אָדער אין וואַלד, וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פון דעם שעכט־הויז, וואַרטנדיק אַז דער קצב זאָל צוגרייטן די בהמה פאַר בדיקה, האָט ער פאַרטראַכט עפּעס אַ קאָמפּאָזיציע, און אַמאָל פאַרנדיק אין דאָרף אַריין שעכטן.

ער איז געווען כולו נגינה. אומעטום און שטענדיק האָט פון אים אַרויס־געקוואַלט אידישע נגינה. מעלאָדיש איז געפלאָסן די נגינה, פול מיט אידישן אינהאַלט, מיטן אידישן קרעכץ און אידישער פרייד. ער האָט זיך פאַרטיפט אין דעם טיפן אינהאַלט פון דער תפילה און מיט אַ סך פאַרשטענדעניש און חן געגעבן איר די פולסטע אינטערפּרעטאַציע.

מיין פאָטער האָט זיך נישט באַגנוגנט בלויז מיט פאַרטראַכטן אַ מעלאָדיע, נאָר זי אויך באַאַרבעט האַרמאָניש פאַרן כאָר. נאַטירלעך איז עס געווען זייער שווער דורכצופירן — ווי קומט עס צו אַ סקידלער יונגן מענטשן, וואָס זיין גאַנצע מוזיקאַלישע קענטעניש איז באַשטאַנען פון אַביסל נאָטן וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט ביים סקידלער חזן, אַז ער זאָל קענען שאַפן טעאָרעטיש־אויסגעהאַלטענע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס? מער מוזיקאַלישע קענטעניש האָט ער דערוואָרבן אַרומפאָרנדיק מיט דעם, פון יענער צייט באַרימטן, חזן מייער לידער׳ס כאָר. צו יענער צייט האָט מען מיין פאָטער אַרויסגענומען פון כאָר און אים אָנגעשטעלט אַלס חזן אין אַ קליין שטעטל אין פּוילן, אָבער מיין פאָטער האָט זיך אַלץ נישט באַגנוגנט מיט דעם ביסל נאָטן וואָס ער האָט געקענט; ער האָט אַלעמאָל געזוכט, געוואָלט וואָס מער זיך דערגרונ־טעווען צו די סודות פון מוזיקאַלישער שאַפונג, דערלערנען וואָס מער די

תורה פון מוזיק. ער האָט אויסגענוצט פאַרשידענע מיטלען די קענטעניש צו קריגן. האָט ער אַ שפּאָר ביסל געלערנט דורך דעם קאָרעספּאָנדענץ־קורס, וואָס דער באַוואוסטער טשענסטאָכאָווער חזן בירנבאַום האָט אָנגעפירט. דאָס האָט אים אַלץ נישט צופרידנגעשטעלט.

דער צופאַל האָט געבראַכט אַ אידישן קאַפּעלמייסטער פאַר דעם סטאַציאָנירנדיקן רוסישן פּאָלק אין גאָסטינין. דער דאָזיקער קאַפּעלמייסטער איז באמת געווען אַ גרויסער פאַכמאַן, אַזוי אין וועלטלעכער ווי אויך אין אידישער מוזיק. זיין נאָמען איז געווען גערשאָוויטש. אַז ער איז געקומען שבת אין שול און געהערט מיין פאָטערס דאַוונען און זינגען מיטן כאָר, איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן. ער האָט זיך באַלד באַפריינדעט מיט מיין פאָטער און פאָרגעשלאָגן צו באַרייכערן אים אין מוזיקאַלישן וויסן. ביי יעדער געלעגנהייט, ווען ביידע — דער חזן און דער קאַפּעלמייסטער — האָבן געפונען אַ שטיקל פרייע צייט, פלעגן זיי פאַרברענגען צוזאַמען און פאַרטיפט זיך אין טעאָרעטישע פּראָבלעמען פון מוזיק.

דאָ האָט זיך געעפנט פאַר מיין פאָטער אַ נייע אינטערעסאַנטע וועלט. גערשאָוויטש האָט אים געלערנט האַרמאָניע, קאָנטערפּונקט און באַקענט אים מיט קלאַסישער מוזיק. אוודאי האָט מיין טאַטע דאָס אויסגענוצט פאַר זיינע שול־קאָמפּאָזיציעס. און אָט האָט מען באַלד געהערט אַ „הודו" פון הלל, באַאיינפלוסט פון די גרויסע שאַפונגען פון היידן; אַ „שושנת יעקב", וואָס האָט געשמעקט מיט שטיקער „טרובאַדור".

עס איז געווען קענטיק ווי געוואַלדיק גרויס איז געווען די השפעה פון דער לערע וואָס ער האָט באַקומען אויף דעם חזנ׳ס מוזיקאַלישער טעטיקייט. עס האָבן זיך צעעפנט ברייט אַלע פאַרבאַהאַלטענע אוצרות און עס האָט פון אים אַרויסגעשטראָמט אַ קוואַל פון אידישער קאָמפּאָזיציע. יענע תקופה איז געווען די סאַמע שעפערישסטע אין זיין לעבן.

דערפאַר טאַקע איז ער געווען אַזוי באַליבט ביי אַלעמען. מיט באַגרעַנעצטע כוחות און אָפּט מיט זעלבסטאָפּפער, האָט ער אַרויסגעבראַכט פון זיך דאָס שענסטע. ער האָט אינספּירירט אַ סך יונגע בחורים, וואָס האָבן געהאַט אַ גוט מוזיקאַליש אויער און גוטע שטימען, און זיינען געוואָרן מיין פאָטערס תלמידים. איינער פון זיי איז געווען דער באַוואוסטער קאָמפּאָזיטאָר, ישראל גלאַטשטיין, וועלכער איז אומגעבראַכט געוואָרן פון די היטלער־מערדער. ישראל גלאַטשטיין האָט אָנגעפאַנגען זיין מוזיקאַלישע קאַריערע

ווי אַ זינגער אין מיין פאָטערס כאָר און שפּעטער האָט ער דערגרייכט זיין אָנערקענונג ווי דער שאַפער פון אָריגינעלע מעלאָדיעס צו טעקסטן פון באַוואוסטע אידישע פּאָעטן. ער האָט אויך אַ סך בייגעטראָגן צום אידישן טעאַטער אין וואַרשע און אין לאָדזש.

מיין פאָטערס תלמידים זיינען איצט צעשפּרייט איבער אַ סך לענדער — אין ישראל, אין אַמעריקע. און חסידים האָט מיין פאָטער געהאַט זייער אַ סך. זיי האָבן אים פּשוט פאַרגעטערט. אומעטום האָבן זיי מיטגענומען דעם טאַטנס נגינה. אין גאָסטינינער היימען אין ניו־יאָרק הערט מען אָפט מיין טאַטנס קאָמפּאָזיציעס. די דאָזיקע גאָסטינינער אידן מעסטן אַנדערע חזנים און זייערע געזאַנגען מיט דעם אַרשין פון גאָסטינינער חזן, ר׳ יעקב מיללער...

זאָל דאָ אויך פאַרצייכנט ווערן אַ קאַפּיטל שוועריקייטן וואָס מיין טאַטע האָט געהאַט מיט די כאָר־זינגערס. געווען צווישן די משוררים אויך אָרעמע קינדער. מיין פאָטער האָט זיי צוגעזאָגט עטלעכע רובל פאַרן זינגען און אָפּגעשפּאָרט פון זיינע קליינע הכנסות און זיי אויסגעצאָלט. איז געשען אָבער אָפט, אַז עטלעכע טעג פאַר יום־טוב זיינען די עלטערן פון די קינדער געקומען צו מיין פאָטער און דערקלערט, אַז זייערע אינגלעך קענען גאָר נישט קומען זינגען, ווייל זיי האָבן נישט וואָס אָנצוטאָן: דעם פעלט אַן אַנצוגל, אַ צווייטן אַ פּאָר שיך; און ווי צו להכעיס האָט עס געטראָפן דווקא מיט די בעסערע זינגערלעך, מיט דעם בעסטן אַלט אָדער סאָפּראַן, וואָס איז באַשטימט געווען צו זינגען אַ סאָלאָ. האָט שוין מיין פאָטער נישט געטרוט, צונויפגעבראַכט אַלע רעסורסן און געזען אַז אַלץ זאָל דערליידיקט ווערן; טאַקע מיט גרויסע אָנשטרענגונגען, אָבער אַלץ איז געווען באַזאָרגט. די קינדער, וועלכע האָבן נישט געהאַט וואָס אָנצוטאָן, זיינען געווען פאַרפּוצט צו קומען זינגען. דאָס זיינען געווען קליינע צרות — אָבער מיט גרויסע זינגער זיינען געווען גרויסע צרות... ווייל ס׳רוב זינגער האָבן קיין נאָטן נישט געקענט. איז נאַטירלעך אָנגעקומען שווער זיי אויסצולערנען די קאָמפּאָזיציעס; מיט אַ סך מי און געדולדיקע שווערע אַרבעט, האָט דער חזן אַרויסגעקראָגן פון זיי דאָס בעסטע, און אַז אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק, האָבן עטלעכע פון זיי אָנגעוואָרן דעם חשק און נישט געוואָלט זינגען. באַדאַרף מען שוין ווידער אָנפאַנגען מיט נייע זינגער און אויפסניי אָנהויבן איינשטודירן דעם כאָר. און אַ חוץ די אַלע אָנשטרענגונגען האָט מיין פאָטער געציטערט איבער די זינגער, אַז זיי זאָלן חלילה זיך נישט פאַרקילן און נישט ווערן הייזעריק; האָט ער זיי

געקוקט אונטער די אויגן, זיי געצערטלט, זיי פאַרבעטן צו קומען אין הויז, יום־טוב אין דער פרי צו קומען טרינקען הייסע טיי מיט צובייסן, אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדענונג און דורכגיין בשלום. און אַז עס איז געקומען פאַר ימים־נוראים, איז געוואָרן אַ לעבעדיקע וועלט! ספּעציעל די נאַכט פון סליחות. כדי צו זיין זיכער, אַז דער גאַנצער כאָר זאָל זיין צוזאַמען און קיינער זאָל זיך נישט פאַרשפּעטיקן, איז די גאַנצע חברה זינגער געשלאָפן ביי אונז אין הויז און עס האָט זיך געטאָן אויף טיש און אויף בענק. אָבער אַז מען האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביים עמוד, האָבן זיך אַלע צרות אויס־געהיילט — אַלץ איז געווען כדאי, ווייל דער כאָר האָט געזונגען איין קאָמפּאָ־זיציע נאָך דער אַנדערער, און פאַרשאַפט נחת און באַפרידיקונג, אַזוי דעם חזן ווי דעם עולם מתפללים. פון שול האָט זיך די נגינה אַריבערגעטראָגן אין די אידישע היים. ביי די שניידער־טישן און לעבן די שוסטער־בענקלעך, אין די וואַרשטאַטן פון די זאָקנמאַכער האָט מען געהערט די זיסע ניגונים. גאַנץ גאָסטינין האָט מיטגעזונגען מיט מיין טאַטן, ע״ה.

אויך ווי אַ שוחט האָט זיך מיין פאָטער אויסגעצייכנט. ער האָט ווי אַן אמתער ירא־שמים אָפּגעהיטן די ריינקייט פון זיין מלאכת הקודש. ער איז געווען רעספּעקטירט און באַליבט פון אַלע שיכטן פון דער אידישער באַפעלקערונג. פון זיין שחיטה האָבן געגעסן חסידים, מתנגדים, יראים און שלמים, וואָס האָבן מדקדק געווען. ער איז געווען אַ בן־תורה און נאָכגע־פאָלגט די נייעסן אין דער אַנטוויקלונג פון דער העברעאישער ליטעראַטור. אַ מעורב עם הבריות, האָבן אים מענטשן ליב געהאַט, ווייל ער האָט געהאַט פאַר יעדן אַ גוט וואָרט און יעדן אַנטקעגנגעטראָגן אַ ברייטן שמייכל פון גוטפּריינטלעכקייט. מיט זיין גוטער עצה און קלוג וואָרט האָט ער זיך געוואונען די סימפּאַטיעס פון קהל.

דער גאָסטינינער חזן איז נפטר געוואָרן אין דעטראָיט אין עלטער פון 85 יאָר. אויף זיין מצבה איז איינגעפאַסט זיין בילד איינגעהילט אין טלית, ווי ער פלעגט שטיין ביים עמוד אין דער גאָסטינינער שול.

# מיין פידל

מיר דרוקן דאָ איינס פון די לידער, צו וועלכע דער גאָסטינינער חזן יעקב מילער ע״ה האָט פאַרפאַסט די מוזיק ווען ער איז שוין געווען אַ קרוב לשמונים

איך בעט ביי מיין פידל: שפּיל מיר אַ ניגון
פון ליבע און שיינקייט און גליק;
דערוועק אין מיין האַרץ כאָטש אַ ביסעלע גלויבן,
דערמונטער מיין טרויעריקן בליק.

אַ, שפּיל מיר דעם ניגון פון חשק צום לעבן,
טענער פון האָפנונג און טרייסט;
דערשטיק די געפילן וואָס נאָגן ביים האַרצן —
באַשאַף אין מיין קערפּער אַ גייסט.

יאָ, איך האָב פון לעבן גענומען אַמאָל,
געטרונקען פון בעכער דעם וויין;
טאָ שפּיל מיר מיין פידל פון די גליקלעכע צייטן,
ווען ס'האָט נאָך געבלישטשעט אַ שיין.

און עס ענטפערט די פידל: „צו גרויס דיין בקשה,
געפּלאַצט שוין די סטרונעס, מיין פריינט.
נאָר קרעכצן און זיפצן, דערשטיקטע געוואַלדן —
דאָס איז מיר געבליבן אויף היינט.



מיכל געלבאַרט

# ישראל גלאַטשטיין

## מיכל געלבאַרט

**טויזנטער** און טויזנטער אידישע קינדער איבער דער גאָרער אידישער וועלט וועלן וויינען און טרויערן, ווען זיי וועלן זיך דערוויסן אויף וואָס פאַר אַ טראַגישן אופן די נאַצישע רוצחים האָבן אומגעבראַכט זייער באַליבטן קאָמפּאָזיטאָר, ישראל גלאַטשטיין. גאָטעניו, פאַרוואָס שווייגסטו זיי? פאַרוואָס נעמסטו נישט נקמה אָן די מערדער, וועלכע האָבן צוגערויבט אַזויפיל פרייד פון אַזויפיל אידישע קינדערלעך?! ווער עס האָט נאָר אַמאָל בייגעוואוינט אַ געזאַנג־לעקציע אין אַ אידיש־וועלטלעכער שול, אָדער געזעסן ביי וועלכן עס איז קינדער־קאָנצערט, אין וועלכער עס איז שטאָט, אין וועלכן עס איז לאַנד וואו אידן געפינען זיך נאָר און געזען די ליכטיקע פנימלעך, די שטראַלענדיקע אויגעלעך און מיט פרייד אָנגעפילטע הערצעלעך פון די אידישע קינדערלעך, בשעת זיי זינגען גלאַטשטיינס וואונדערלעכע קינדער־לידער — די וועלן באַנעמען דעם גרויסן פאַר־לוסט וואָס די אידישע מוזיק, די אידישע שול און ספּעציעל דאָס אידישע קינד האָבן געליטן.



ישראל גלאַטשטיין

עס איז געווען אין 1908, ווען איך בין אָנגעקומען אין זאַנדבערגס גרויסן

---

דער מחבר פון דעם אַרטיקל איז דער באַקאַנטער קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט מיכל געלבאַרט. ער האָט אונז צוגעשיקט די מוזיק פון ישראל גלאַטשטיין צום טעקסט פון ליד פון גרויסן אידיש־העברעאישן דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן.ביידע — דער פּאָעט און דער פּאַרפּאַסער פון דער מעלאָדיע — זיינען אומגעקומען אין די יאָרן פון חורבן.

טעאַטער אין לאָדזש אַלס כאָריסט. דעם זעלביקן טאָג איז אויך אָנגעקומען אַלס כאָריסט ישראל גלאַטשטיין. אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ פרום בלאַס פּנים און גרויסע פאַרחלומטע אויגן. איך פון אָזראָקאָוו און ער פון גאָסטינין.

ער האָט מיר גישט איינמאָל דערציילט פון דעם גאָסטיניער חזן ר׳ יעקב מיללער, ביי וועמען ער האָט געזונגען אין דער גאָסטינינער שול און ביי וועמען ער האָט באַקומען די ערשטע ידיעות אין מוזיק. ישראל גלאַטשטיין איז געווען אַ קינד פון דער אידישער אָרעמקייט און האָט זיך געצויגן צו דער וועלט פון נגינה. שוין אין זיין היים האָט ער אַרויסגעוויזן באַזונדערן טאַלאַנט צו קאָמפּאָזיציע. ווען עס פלעגט אָנקומען די „ראָמאַנצייטונג״ פון וואַרשע, האָט ער געשלונגען די נאָטן פון יעדן נייעם ליד און האָט עס מיט חברה משוררים איינגעזונגען. גאַנץ אָפט האָט ער פּרובירט זיינע אייגענע כוחות און צו אַ טעקסט פון אַ ליד האָט ער צוגעטראַכט אַן אייגענע מעלאָדיע, וואָס דער חזן האָט אים געהאָלפן עס אַראָפּשרייבן.

אונזער „זשאַלאָוואַניע״ אין טעאַטער איז געווען צו אַכט רובל אַ חודש. אונזערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט און שטום געפרעגט: ווי אַזוי קען מען לעבן פון אַזאַ געהאַלט? זיינען מיר ביידע אַרויס אין גאַס, שפּאַצירט, גע־שמועסט, זיך נענטער באַקענט און אויסגעפונען, אַז מיר זיינען אייגנטלעך ביידע געקומען קיין לאָדזש מיט איין שטרעבן און איין ציל: לערנען מוזיק, כדי צו קענען ווערן קאָמפּאָזיטאָרן און שאַפן פאַר די אידישע פאָלקס־מאַסן אידישע נגינה. האָבן מיר באַשלאָסן, אַז צוזאַמען וועט זיין לייכטער צו הונ־גערן. האָבן מיר געזוכט, געפונען און געדונגען איין אייזן־בעטל פאַרביידן אין אַ ביליקער אַכסניה אין באַלוט. געלעבט האָבן מיר אויף צוויי „טשאַסטעס״ מיט אַ גלאָז מילך אַ טאָג. ביידע צוזאַמען האָבן מיר געוואויגן 180 פונט און אויסגעזען ווי ר׳ צדוקס פייג באַך די פערציק טעג... גייענדיק צו און פון טעאַטער יעדן טאָג, פלעגן מיר אויסמיידן אַלע וואַסערלעך און בלאָטקע־לעך, מחמת אונזערע צעפליקטע שיך — און בלאָטעס זיינען ברוך־השם אַלעמאָל געווען גענוג אין די באַלעטער געסלעך. דערפאַר האָבן מיר אָבער פלייסיק געלערנט, שטודירט און פאַרפולקאָמט זיך אין מוזיק־קאָמפּאָזיציע.

יעדער נאַכט אויפן געלעגער זיינען מיר לאַנג געלעגן וואַך און פאַר־רעדט דעם הונגער מיט אונזערע פאַנטאַזיעס וועגן יענער גליקלעכער צייט ווען מיר וועלן שאַפן אידישע מוזיק, דיריגירן אידישע כאָרן און פּאָפּולאַרי־זירן אידישע געזאַנגען.

נאָך עטלעכע יאָר הונגערן און לערנען, האָבן מיר פאַרלאָזן לאָדזש און זיך געלאָזט אין דער וועלט אַריין צו זוכן און געפינען אונזער גליק. וואַנדערנדיק, בין איך אָנגעקומען קיין אַמעריקע און שפּעטער זיך דערוואוסט, אַז גלאַטשטיין געפינט זיך אין לובלין, וואו ער שאַפט פּרעכטיקע קאָמפּאָזיציעס פאַר גרויס און קליין. ספּעציעל צייכנט ער זיך אויס מיט שאַפן קינדער־לידער. אין 1920 איז אין וואַרשע דערשינען זיין ערשטע גרויסע זאַמלונג „געזאַנג און שפּיל" — 50 הערלעכע לידער און געזאַנג־שפּילן פאַר קינדער, צו די טעקסטן פון משה בראָדערזאָן און י. קאַצענעלסאָן. די לידער זיינען געזונגען געוואָרן אין אַלע אידישע קינדער־שולן בכל תפוצות ישראל און קינדער האָבן פריידיק געזונגען גלאַטשטיינס לידער. וועלכעס אידיש קינד, וואָס האָט וואָס איז באַזוכט אַ אידישע שול קען נישט זינגען גלאַטשטיינס „מאַרש־ליד":

„איינס און צוויי און דריי און פיר,
וואָס מיר זיינען — זיינען מיר..."

„ציפּעלע", „פעלד־אַרבעט", „פעלדער גרינען, פעלדער רוישן" און נאָך און נאָך וואנדערלעכע לידער.

ישראל גלאַטשטיין איז געווען דער ערשטער צו שאַפן אַ אידישע אָפּערע, אין אידיש, „פּאַטימאַ". שפּעטער האָט זיך גלאַטשטיין באַזעצט אין בערלין, וואו ער האָט געשאַפן גאָר וויכטיקע מוזיק־ווערק, וועלכע האָבן אַרויסגערופן גרויס אויפזען אין דער אידיש־מוזיקאַלישער וועלט, צווישן זיי: „חורבן", „שולמית", „קלינגען גלעקער", „וויג־ליד" און „ציפּעלע", וואָס זיינען דערשינען אין אַמעריקע.

ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד און געצוואונגען פייניקן אידן איז ישראל גלאַטשטיין אַנטלאָפן קיין וואַרשע, פון וואַנען איך האָב פון אים געקראָגן דעם לעצטן בריוו, וואו ער בעט זיך: „זיי זיך מרחם אויף מיר און ברענג מיך אַריבער קיין אַמעריקע". זינט דאַן האָב איך פון אים נישט געהערט, ביז — איך האָב איבערגעלייענט אין דער היגער אידישער פרעסע די רשימה פון די מאַרטירער־קדושים, וואָס די נאַצי־בעסטיעס האָבן אומגעבראַכט אין וואַרשע, צווישן וועלכע איך האָב געזען דעם נאָמען ישראל גלאַטשטיין. גלאַטשטיינס נגינה וועט אייביק לעבן מיט אונז.

# די זון פאַרגייט אין פלאַמען

ווערטער פון יצחק קאַצענעלסאָן, מעלאָדיע פון י. גלאַטשטיין

די זון פאר- גייט אין פלא- מען די זון מען זעט זי
- א נונג- האָפ מיינגייט-פאר זוי - א קוים
איז נאכט די נאכט די טרוים מיין לעשט- פאר זוי
זעט זוי- א שווארץ און שטום איז נאכט די טער- פינצ
הארץ מיין אוים זעט זוי - א ער - טרוי מיין אוים
דיין אויף לייכט באלד ניט זאָרג דו וועלט דו וועלט
ער - טרוי מיין איז ביק - איי טאָג
פלאָג מיין איז ביק - איי

די זון פאַרגייט אין פלאַמען,
די זון — מען זעט זי קוים.
אַזוי פאַרגייט מיין האָפענונג,
אַזוי פאַרלעשט מיין טרוים.

די נאַכט, די נאַכט איז פינצטער,
די נאַכט איז שטום און שוואַרץ;
אַזוי זעט אוים מיין טרויער,
אַזוי זעט אוים מיין האַרץ.

וועלט, דו וועלט, דו זאָרג ניט —
באַלד לייכט אויף דיין טאָג!
אייביק איז מיין טרויער,
אייביק איז מיין פלאָג.

# יום־כיפּור אין גאָסטינין

**שמואל קעללער**

ניו־יאָרק



שמואל קעללער

צום געהייליקטן אָנדענק פון מיין האַרציקער, ליבער משפּחה און פון אַלע אידן פון מיין שטאָט, גאָסטינין, וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש־השם, פון די היטלער־בעסטיעס.

די נאַכט פון ערב־יום־כיפּור. מען הערט פון אַלע זייטן דאָס געשריי און געפּילדער פון די עופות, וואָס מען שלאָגט מיט זיי כפּרות. עס פילן זיך די געשמאַקע ריחות פון די אידישע בעקערייען, וואו מען באַקט איצט די חלות און קינסטלעריש־געפלאָכטענע קוילישן. פרויען און מיידלעך טראָגן די פרישע געבעקסן דורך די גאַסן און איילן זיך מיט דעם אַהיים. אויך די שוחטים זיינען באַזונדערס פאַרנומען. זיי שעכטן הינער, הענער, קאַטשקעס און גענז, און וואַרטנדיק פון איין עוף אויף אַ צווייטן, האַלטן זיי דערווייל דעם חלף אין מויל...

עס געדענקט זיך אַזוי די געשטאַלט פון דעם חזן ר׳ יעקב מיללער, וואָס איז אויך געווען אַ שוחט. ער פלעגט ערב יום־כיפּור אַרומגיין שעכטן כפּרות און אים פלעגט באַגלייטן דער שול־שמש, דער אַלטער ר׳ הערש־לייב. אַ וואוילער מענטש געווען אָט דער ר׳ הערש־לייב. ער האָט שטענדיק ליב געהאַט זיך צו חברן מיט יונגע מענטשן. ער האָט, נעבעך, געהאַט אַ מום, ער איז געווען אַ חרש; אַז מען האָט אים געוואָלט עפּעס זאָגן, האָט מען אים געמוזט אַריינשרייען אין אויער אַריין. אַז ער פלעגט אָנקלאַפּן אין אַ לאָדן, האָט מען גלייך געמוזט צו אים אַרויסגיין, ער האָט נישט גערעדט שטיל נאָר געשריגן, און אין דער נאַכט פון ערב יום־כיפּור, האָט מען זיין שטימע געהערט איבער דער גאַנצער שטאָט.

די מקוה איז געווען פאַרנומען אַ גאַנצע נאַכט. אידן זיינען געגאַנגען זיך טובל זיין לכבוד יום־טוב. אייניקע אידן, די רייכערע, האָבן זיך באַשטעלט ספּעציעלע וואַנעס.

ערב יום־כיפּור, גאַנץ פרי, איידער די זון איז אַרויס, איז מען געגאַנגען זאָגן סליחות און שוין פאַרבליבן צום דאַווענען. אָפּגעדאַוונט, האָט מען זיך אַוועקגעזעצט זאָגן התרת־נדרים. דריי האָבן זיך אַוועקגעזעצט און איינער האָט געזאָגט. אַ סך זיינען געווען אַביסל שטומפּיק אויף דער עברי, פלעגן זיי זאָגן אַביסל שטילער.

עס איז אויך געווען אַ מנהג ערב יום־כיפּור צו גיין אויפן בית־החיים. די חברה־קדישא האָט געטיילט לעקעך מיט בראָנפן. זינט איך געדענק, איז מיין זיידע ר׳ ישראל איטשע קעללער ז״ל געווען גבאי פון חברה־קדישא. איך האָב מיין זיידן שטאַרק ליב געהאַט און אין מיינע קינדער־יאָרן זייער אַ סך פאַרברענגט אין מיין זיידנס הויז. איך האָב געוואוסט, אַז יעדן ערב

אַ לוויה אין גאָסטינין



יום־כיפור אינדערפרי פאַרט מיין זיידע אַרויס צום בית־החיים מיט לעקעך און בראָנפן, האָב איך זיך געאײַלט צו זיין דאָרט אין צייט.

ווען איך בין אָנגעקומען צום זיידן, איז שוין לעבן טיש געשטאַנען אַ קויבער אָנגעפילט מיט צעשניטענעם לעקעך, אויפן טיש זיינען געשטאַנען עטלעכע פלעשער מיט בראָנפן און די צוויי קברנים, אברהם יעקב שאטען און לייבוש רודעס זיינען שוין געווען אין שטוב.

אברהם יעקב איז געווען אַן אויסגעפּאַשעטער איד מיט נישקשה פון אַ בייכל, צוויי רויטע בעקעלעך און די נאָז איז ביי אים אָפט געווען רויט, אָבער מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַן ערלעכן איד.

לייבוש רודעס, באַקאַנט מיט צונאָמען „דער הויכער לייבוש", איז געווען אַן אויסגעצויגענער איד מיט צוויי לאַנגע פיס, אַ קורץ שוואַרץ בערדל. מיט זיינע צוויי גרויסע „שפּרייזערס" פלעגט ער גיכער אָנקומען אויפן בית־החיים, ווי די וואָס זיינען געפאָרן מיט פערד און וואָגן.

עס איז אָנגעפאָרן מענדל פישער מיט זיין אייגענער בריטשקע. דאָס איז געווען אַ איד מיט אַ קאַלטן לונג־און־לעבער. ער איז געווען אָן אַ גאַל — וואָס דו זאָלסט אים ניט האָבן געזאָגט, אַריינגעזאָגט — אים פלעגט דאָס ניט אַרן. ער פלעגט יענעם אָנקוקן און אפילו נישט אַ פּינטל טאָן מיט אַן אויג.

די צוויי קברנים האָבן אַרויסגעטראָגן דעם לעקעך מיטן בראָנפן, און דאָס אַרויפגעלייגט אויף דער בריטשקע. דערווייל איז אָנגעקומען ר' לייבקע ווילנער, דער גבאי־שני פון דער חברה־קדישא. אַלע האָבן זיך אויסגעזעצט אויף דער בריטשקע. איך בין געזעסן לעבן זיידן. איך האָב זיך געפילט זייער דערהויבן, וואָס איך פאָר צוזאַמען מיטן זיידן און מיט די אַלע גרויסע אידן.

אָנגעקומען אויפן בית־החיים, האָבן מיר שוין געטראָפן דאָרט אַ סך אידן ביי די קברים; איינער האָט געהאַלטן אין האַנט אַ מענה־לשון, אַ צווייטער איז געשטאַנען מיט אַ תחינה. אייניקע האָבן געזאָגט תהלים. די טירן פונעם אוהל פון גאָסטינינער רבין ז"ל זיינען געווען ברייט אָפן. מענטשן זיינען אַריין און אַרויסגעגאַנגען.

אַרום דעם גדר זיינען געווען אָנגעצונדן אַ סך ליכט. דער קבר איז געווען באַוואָרפן מיט קוויטלעך, מיט פאַרשידענע בקשות. אין פאָדער־הויז פון בית־החיים אין דעם אַזוי־גערופענעם „טהרה־שטיבל", איז געשטאַנען אַ לאַנגער טיש באַדעקט מיט צוויי טישטעכער. אויפן טיש זיינען געווען

אויסגעשטעלט פלעשער בראָנפן און דערנעבן, אין הויכע שטויסן, איז געווען אָנגעלייגט דער לעקעך.

אויבן־אָן, ביים טיש, זיינען געשטאַנען מיין זיידע און ר׳ לייבקע וויל־נער און געטיילט יעדן „לעקעך מיט בראָנפן" און יעדן אָנגעווינטשעוועט: „אַ גוט און געזונט יאָר"...

איך האָב געוואַרט ביז מיין טאַטע איז אַרויסגעקומען אויפן בית־החיים. צו יענער צייט איז מיין טאַטע בלויז געגאַנגען צום „אוהל", און ווען מיין טאַטע איז פאַרטיק געוואָרן, זיינען מיר צוזאַמען אַהיימגעפאָרן.

ווען מיר זיינען אַהיימגעקומען, איז שוין געווען שפּעטלעך. מיר האָבן זיך באַדאַרפט צואיילן. מיר האָבן זיך איבערגעטאָן און זיך געלאָזט גיין צו מנחה. גייענדיק, האָט מען געקענט זען, ווי פון אַלע גאַסן און געסלעך האָבן אידן געצויגן, ווי לאַנגע שנורן, צו די שולן. די שולן זיינען געווען פול מיט ליכט. אָרעמע און רייכע מענטשן — אַלע האָבן געברענגט ליכט.

ביי מנחה זאָגט מען שוין על־חטא. פיל אידן וויינען שוין. אין פאָדער־הויז פון שול און אין בית־המדרש זיינען געשטאַנען אַ סך קערות מיט פאַרשידענע אויפשריפטן צו געבן צדקה. יעדער איד האָט עפּעס אַריינגע־וואָרפן אין דעם אָדער אין יענעם טעלער.

אַהיים־גייענדיק פון מנחה האָט מען געזען ווי די אידישע געוועלבער פאַרמאַכן זיך. ביי ר׳ אברהם יצחק לאָמזער, ביי ישעיה וויינזילבער און ביי אברהם פינטשעווסקי זיינען שוין די שניט־קראָמען געווען געשלאָסן. ווען מיר זיינען אַריינגעקומען אין הויז, האָט מען געקענט אין יעדן ווינקל דערפילן די קדושה פון יום־כיפור. מיין ליבע מוטער און מיין עלטערע שוועסטער, טשאַרנא, האָבן געגרייט דעם טיש צו דער סעודה־המפסקת. אַ סך ליכט זיינען געשטאַנען אויפן טיש. דאָס וואַשן זיך און זאָגן דעם „שאו ידיכם" איז אויך געווען אַנדערש ווי אַ גאַנץ יאָר. מיר האָבן זיך ביים עסן אַביסל געאיילט, מער ווי געוויינטלעך. מיין באַזונדערע מיסיע איז געווען צו דערלאַנגען מים אַחרונים צום בענטשן. ביים בענטשן זיינען אונזערע אַלעמענס אויגן געווען געווענדעט אויף אונזער פאָטער. מיין פאָטערס אויגן זיינען געווען פאַרגאָסן מיט טרערן, ווען ס׳איז געקומען צו „רחם נא" אָדער צו „ונא אַל תצריכנו... לא לידי מתנת בשר ודם". ער האָט עס אַרויסגע־זאָגט מיט אַזוי פיל טיפער רעליגיעזיטעט און אמונה׳דיקן געבעט. דאָס האָט

אויף אונז שטאַרק געווירקט און אונזערע אַלעמענס אויגן זיינען אויך פייכט געוואָרן פון טרערן.

נאָכן בענטשן זיינען מיר כסדר, לויט דעם עלטער, צוגעגאַנגען צו אונזער פאָטער, ער זאָל אונז בענטשן. זיינע הענט האָט ער אַרויפגעלייגט אויף יעדנס קאָפּ און אונז געבענטשט און זיינע אויגן זיינען געווען פייכט.

מיין טייערע מוטער איז געשטאַנען ביי די ליכט און געזאָגט מיט געוויין די תחינה פאַר ליכט־בענטשן. מיין פאָטער האָט זיך אָנגעטאָן דעם קיטל מיטן טלית און דעם אויבערמאַנטל און מיר זיינע אַלע געגאַנגען צו אונזער זיידן ר׳ ישראל איטשע ז״ל. ווען מיר זיינען אָנגעקומען צום זיידן, האָבן מיר שוין דאָרט געטראָפן מומעס און פעטערס און זייערע קינדער. אַלע זיינען געקומען צום קאָפּ פון דער משפחה צו קריגן ברכות און ווינטשע־וואַניעס און אויך צוריק אָנווינטשן.

דער זיידע איז שוין געווען גרייט צו גיין צו כל־נדרי. אונזער באָבע חיה־שרה, אַן אידעלע, פרומע פרוי, אַן אמתע אשה צנועה, איז געשטאַנען איבער דעם יום־כיפורדיקן מחזור און געזאָגט פאַרשידענע תחינות. מיר זיינען צו איר צוגעגאַנגען. זי האָט אונז אויסגעטיילט פאַרשיידענע ברכות.

פרויען זיינען אין גאָסטינין נישט געגאַנגען צו כל־נדרי, אַזוי אויך אין די אַרומיקע שטעטלעך, צוליב אַן אומגליק וואָס איז פאָרגעקומען אין דער ניט־ווייטער שטאָט לענטשיץ, אין דער ווייבער־שול ביי כל־נדרי. ס׳איז דאָרט אויסגעבראָכן אַ שריפה. אַ פרוי האָט בלויז אַ געשריי געטאָן: פייער! האָבן אַלע פרויען אָנגעהויבן לויפן צו די טרעפּ, וואָס האָבן געפירט צום אַרויס־גאַנג. זיינען 30 פרויען אין דער ענגשאַפט דערדריקט געוואָרן צום טויט. האָבן די רבנים אין דער גאַנצער געגנט אַרויסגעגעבן אַן איסור, אַז פרויען זאָלן נישט גיין צו כל־נדרי.

אַרויסגייענדיק מיטן זיידן פון הויז האָט מען געקענט זען ווי פון אַלע געסלעך און גאַסן שטראָמען אידן צו כל־נדרי. יעדער האָט געהאַט אַ גאָטס־פאָרכטיק פנים. יעדער, וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען מיין זיידן און פאָטער, האָט זיך אָפּגעשטעלט ווינטשן. און ווען איך האָב זיך אויסגעדרייט און געקוקט אויף דער מערב־זייט, האָב איך געזען ווי די זון לאָזט זיך אַראָפּ צווישן די בערג, און לאָזט איבער בלוטיקע, פייערדיקע פלעקן אויפן הימל, איז מיך באַפאַלן אַ שטאַרקע מורא. עס האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט, ווי מען גרייט זיך אין הימל צום יום־הדין, ווי די מלאָכים איילן זיך צו טאָן גאָטס

שליחות און ברענגען דעם גרויסן ספר־הזכרונות, ווי עס שטייט געשריבן: „היום יכתב בספר הזכרונות החיים והמות" — היינט ווערט געחתמעט ווער ס'זאָל לעבן און ווער ס'זאָל שטאַרבן, און דער קטיגור שטייט פאַר דעם כסא הכבוד און רעדט שלעכטס אויף אידן און רעכנט אויס אונזערע חטאים...

פון די דאָזיקע קינדערשע געדאַנקען מייַנע איז מיך באַפאַלן אַ פחד. האָב איך מיך געטוליעט צו מיין זיידן. מיין ליבשאַפט צום זיידן איז געווען זייער גרויס. איך האָב אַלעמאָל געהאַט אַ געפיל, אַז ווען איך בין מיט מיין זיידן בין איך באַשיצט פון אַלעם שלעכטן. מיין זיידע האָט אויף מיר גע־האַט אַ גרויסע השפעה. אַ גאַנץ יאָר האָט מיין זיידע געדאַווינט אין חסידים־שטיבל. נאָר ימים־נוראים האָט ער געדאַווינט אין שטאָטישן בית־המדרש. ער איז געווען דער בעל־מתחיל. אַמאָל פלעגט זיין דער בעל־מתחיל דער דיין, ר' שמואל וואָלף פינטשעווסקי, אָבער צוליב זיין עלטער און שוואַכקייט, האָט דאָס איבערגענומען מיין זיידע.

אַריינקומענדיק אין בית־המדרש, האָט אונז אַ שווינדל געטאָן אין די אויגן פון די הונדערטער ליכט פון הענג־לייכטער, פון קעסטלעך אָנגעפילט מיט זאַמד, פון טעפּ, פון אומעטום האָט זיך געגאָסן ליכטיקייט. אויפן באַלע־מער האָבן געברענט וואַקסענע ליכט. אויפן דיל איז געלעגן היי.

אידן האָבן זיך געוואונטשן אַ גוט און געזונט יאָר. אַ סך אידן, וואָס האָבן אַ גאַנץ יאָר געפירט אַ ברוגז, האָבן זיך איבערגעבעטן, ווייל מען האָט געוואוסט, אַז בין אדם לחבירו איז יום־כיפור נישט מכפר, בלויז בין אדם למקום.

אַ סך אידן זיינען שוין געשטאַנען מיט די טליתים איבער די קעפּ און געזאָגט תפילה־זכה. דער שמש, מיכאל בער, אַ הויכער איד מיט אַ גרויסער שוואַרצער באָרד מיט אַביסל גרויע האָר געמישט, שטייט אויפן באַלעמער און וואַרט ביז אַלע אידן וועלן זיך צוזאַמענקומען. ער האָט געקענט יעדן איינעם און געוואוסט ווער עס פעלט נאָך. דאָס איז געווען אַ איד, וואָס האָט דאָמינירט איבער דעם בית־המדרש צוליב דעם, וואָס ער איז געקומען פון אַ שיינער משפחה און געקענט לערנען. ער האָט אין זיך געהאַט אַ געוויסע מאָס פון חוצפה און קיינעם נישט געשוינט אַחוץ געוויסע בעלי־בתים. ער פלעגט שטיין אויפן באַלעמער און אַרונטערשרייען און יעדן אָנרופןביים נאָמען. ווען יונגעלייט האָבן געשמועסט ביים דאַווענען, פלעגט ער אָנרופן זיי ביים נאָמען, אַז די טאַטעס זאָלן הערן. אינגערע אינגלעך פלעגט ער

אַרויסטרייבן פון בית־המדרש צוליב די קלענסטע קלייניקייטן. אָבער ערב יום־כיפור איז ער געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש. ער איז געשטאַנען אויפן באַלעמער מיטן טלית איבערן קאָפּ. ער הויבט אויף דעם טלית, וואָס איז געלעגן איבער זיינע אויגן, קוקט זיך אַרום און גיט אַ קלאַפּ אין שולחן, אַ צייכן מ׳זאָל ווערן שטיל. ער איז צוגעגאַנגען צו דער מזרח־וואַנט, וואו ס׳איז געשטאַנען ר׳ לייבוש ליפשיץ ז״ל, אַ זון פון דעם הייליקן גאָסטינינער רבין זצ״ל, ער איז געווען אַ הויכער מיט אַ שניי־ווייסער באָרד, אַ הדרת־פּנים, איין אויג אַביסל קלענער פון צווייטן, האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ער האַלט אַן אויג אויף אייך.

ר׳ לייבוש איז מיט פּאַמעלעכע טריט נאָכגעגאַנגען מיכאל בער שמש אַרויף צום ארון־קודש. דער שמש האָט אים דערלאַנגט אַ ספר־תורה, און ר׳ לייבוש האָט זיך מיטן ספר אויסגעדרייט צום עולם און מיט אויסער־געוויינטלעכער פּאָרכטיקייט געזאָגט: „אור זרוע לצדיק ולישרי לב שמחה״.

אַלע ווי איינער האָבן מיט גרויס התלהבות דעם פּסוק אַ סך מאָל איי־בערגעחזרט. ר׳ לייבוש איז מיט דראָבנע טריט אַרונטער מיט דער ספר־תורה פון די טרעפּ, וואָס האָבן געפירט פונעם ארון־קודש. איך געדענק ווי מיין טאַטע האָט זיך צוגערוקט צו די טרעפּ און מיטן טלית אָנגערירט די ספר־תורה און אַ קוש געטאָן דעם טלית. ר׳ לייבוש איז מיט דער תורה אַרומגעגאַנגען דעם באַלעמער און אַלע האָבן זיך געשטופּט מיט זייערע טליתים צו קושן די תורה. דער איינדרוק איז אומפאַרגעסלעך.

מען האָט אַזוי לאַנג געזאָגט „אור זרוע לצדיק״, ביז ר׳ לייבוש האָט צוריק אַריינגעשטעלט די ספר־תורה אין ארון־קודש און געלאָזט די טירלעך אָפן, ביז דער בעל־תפילה האָט געמאַכט „שהחיינו״.

כל־נדרי האָט געזאָגט דער בעל־מוסף, ר׳ לייבוש שוחט. אָבער איידער ער האָט אָנגעהויבן זאָגן, האָט זיך פון איין זייט פונעם בעל־תפילה אַוועק־געשטעלט ר׳ לייבוש ליפשיץ און פון דער צווייטער זייט ר׳ אברהם יצחק לאָמזער, וואָס איז געווען דער בעל־תוקע.

ר׳ אברהם יצחק לאָמזער איז געווען אַ שטאַרק־באַוואָקסענער. זיין באָרד און פּאות און זיינע וואָנסעס האָבן אינגאַנצן פאַרשטעלט זיין פּנים. די אויגן זיינען ביי אים געווען באַהאָנגען מיט לאַנגע ברעמען, אַז מען האָט זיי קוים אַרויסגעזען. אָבער אַז ער האָט זיי אויף אייך אָנגעשטעלט, האָבן זיי געקוקט בייז. זינט איך געדענק אים, האָב איך ביי אים קיינמאָל ניט

געזען קיין פריינטלעכן אויסדרוק פון פּנים. אַ בייזער איד געווען. צוליב דעם, וואָס זיין נאָז איז שטענדיק געווען אָנגעשטאָפּט מיט טאַבאַק, איז זיין לשון נישט געווען קלאָר, און מען פלעגט זיך דאַרפן איינהאַלטן פון לאַכן ווען ער האָט גערעדט. פון אַ „מם" איז ביי אים געוואָרן אַ „בית". אַז ר' לייבוש ליפשיץ האָט געזאָגט „על דעת המקום", האָט ער געענטפערט „על דעת אַבקום". „בישיבה של מעלה", איז ביי אים אַרויסגעקומען „בישיבה של בעלה"... אָבער אַן אָפּגעהיטענער איד, אַ בן־תורה און ירא־שמים איז ער געווען.

ביי די שמונה־עשרה האָט יעדער אַריבערגענומען דעם טלית איבערן קאָפּ. איך בין געשטאַנען אונטער מיין טאַטנס טלית און טרערן האָבן אַראָפּ־געטריפט אויף מיין קאָפּ. איך האָב מיטגעוויינט, ווייל איך האָב געהערט מיין טאַטן וויינען. איך געדענק נאָך די „יעלות" און „סלח נא", „אָשמנו", „כי הנה כחומר" — ווי אַזוי ר' לייבוש שוחט האָט געזאָגט. און ווער געדענקט נישט דעם געיאָמער און געוויין ביי „שמע קולנו", ווען מען איז דערגאַנגען צו „אַל תשליכנו לעת זקנה".

נאָך מעריב זיינען די אידן זיך נישט צעגאַנגען. ר' לייבוש ליפשיץ איז צוגעגאַנגען צום עמוד זאָגן מיטן עולם, פּסוק ביי פּסוק, שיר היחוד. און אַפילו נאָך שיר היחוד זיינען אויך נישט אַלע אַהיים געגאַנגען. אַ סך אידן זיינען געבליבן אַ גאַנצע נאַכט אין בית־המדרש. פילע האָבן געלערנט מסכת יומא, אַ סך האָבן אַ גאַנצע נאַכט געזאָגט תהלים.

יום־כיפור זיינען מיר פרי אויפגעשטאַנען צו גיין מיטן טאַטן אין בית־המדרש. איך האָב ליב געהאַט צו הערן מיין זיידן דעם בעל־מתחיל און דעם בעל־שחרית ר' אברהם משה האַלענדער, שפּעטער מיין פֿאָטער, און דעם בעל־מוסף ר' לייבוש שוחט. איך קען נאָך איצט הערן אין מיינע אויערן ווי אַזוי מיין זיידע האָט אויסגעזונגען: „הא־ל בתעצומות עוזך" און ווי אַזוי ר' אברהם משה האַלענדער האָט מיט זיין הייזעריקער שטימע אויסגעדרייט דעם „המלך". איך געדענק ווי זיינע צוויי זין, מענדל און יהושע, האָבן אים אונטערגעהאָלפן. איך געדענק נאָך די מאַרשן, וואָס זיי האָבן אויס־געזונגען.

זיי האָבן עפּעס נישט געהאַט קיין געפיל פאַר נגינה.

איך האָב מיך נישט געקענט דערוואַרטן ווען זיי וועלן שוין אַוועקגיין פון עמוד. ווען אברהם משה האָלענדער האָט געזאָגט „שיר המעלות

ממעמקים קראתיך ד׳״ און זיך שטאַרק צעוויינט, ווי יונג איך בין דעמאָלט געווען, האָט דאָס מיך נישט גענומען. ער האָט געהאַט עפּעס אַ מאָדנעם טאָן אין זיין שטימע, ער איז זיך צעגאַנגען אין אַ געוויין מיט אַ הייזעריקייט און איך האָב זיך נישט געקענט דערוואַרטן ביז ר׳ לייבוש שוחט וועט צוגיין דאַווענען מוסף.

איך האָב שוין געהערט אַ סך חזנים אין מיין לעבן, איך האָב נאָך אָבער נישט געהערט זאָגן אַזאַ מלכיות־זכרונות־שופרות, ווי ר׳ לייבוש שוחט האָט געזאָגט.

אין דער אַלטער היים האָט דער בעל־תפלה נישט געזאָגט „הנני העני ממעש״, ווייל די תפילה האָט גאָרנישט צו טאָן מיט די מתפללים. דאָס איז אַ תפילה בלויז פאַרן שליח־ציבור. ר׳ לייבוש שוחט פלעגט אָבער נעמען דעם טלית איבערן קאָפּ און זאָגן „הנני העני ממעש״, און דערביי זיך גוט אויסגעוויינט.

אין מיינע שפּעטערדיקע יאָרן, ווען איך האָב שוין געזונגען ביי אונזער אומפאַרגעסלעכן חזן ר׳ יעקב מיללער ז״ל, האָט ער דאָס זעלבע געטאָן. ר׳ לייבוש שוחט האָט אויך געהאַט צוויי אונטערהעלפערס: זיין זון יצחק־וואָלף און אַן איידעם, אָבערביידע זיינען געווען זייער וויט פון קענען זינגען. זיי פלעגן אים אַלעמאָל אַרונטערפירן פון וועג. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווי געשמאַק און זיס ער האָט געזאָגט. ווער געדענקט נישט, וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעטאָן, ווען ס׳איז געקומען צום „ונתנה תוקף״. אין דער ווייבערשער שול איז דעמאָלט געווען אוממעגלעך איינצושטילן די געוויינען און קולות. וויפיל מיכאל בער דער שמש האָט געקלאַפּט אין שולחן, אַז זיי זאָלן שטיל ווערן, האָט נישט געהאָלפן. ס׳האָט גענומען אַ שטיק צייט ביז מ׳האָט זיי איינגעשטילט. און דעמאָלט ערשט האָט ר׳ לייבוש שוחט אָנגעהויבן זאָגן זיין מתיקותדיקן „ובשופר גדול יתקע וקול דממה דקה ישמע״, און זיך צעזינגען ביי „כבקרת רועה עדרו״. איך האָב שוין אַ סך כאָרן געהערט, אָבער דאָס אַלץ קומט נישט צו דעם זאָגן, וואָס איך האָב געהערט אין גאָסטינינער בית־המדרש.

איך האָב אַלעמאָל אין זינען, ווען איך שטיי אין אַמעריקע ביים עמוד, צו דער עבודה, ווען דער חזן זינגט אויס דעם „והכהנים״ און קומט צו „היו כורעים״, פאַלן אין דער גאַנצער שול „כורעים״ בלויז דער חזן און דער רב, אָבער ווען ר׳ לייבוש שוחט האָט אויסגעזונגען די „עבודה״ און

אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען איך האָב שוין געזונגען מיט דעם חזן ר׳ יעקב מיללער ז״ל, זיינען אַלע אידן, יונג און אַלט, געפּאַלן „כורעים״.

ווער קען פאַרגעסן ווי אַזוי די אידן אין גאָסטינין האָבן געזאָגט „אלה אזכרה״, וואו ס׳ווערט דערציילט ווי אַזוי מען האָט אומגעבראַכט די עשרת הרוגי מלכות. וויפיל טרערן האָבן אונזערע טאַטעס און זיידעס פאַרגאָסן ביי דער תפילה?

וויפיל טרערן זיינען עס געוואָרן איינגעזאַפּט אין די יום־כיפּורדיקע מחזורים? וויפיל פון אונזערע טאַטעס און זיידעס, מאַמעס און באָבעס טרערן ליגן איינגעזאַפּט אין אָט די תפילות?...

צווישן מוסף און מנחה האָט מען שוין געזען אַ סך בלאַסע פּנימער. דער טאַטע האָט מיך אַרויפגעשיקט אין דער ווייבערשער שול צו זען וואָס די מאַמע מאַכט. אויפן שול־הויף זיינען אַ סך מענטשן געלעגן אויסגעלייגט אויפן גראָז. איינער, וואָס שטייט מיר נאָך איצט פאַר די אויגן, איז געווען מענדל אייזנהענדלער. דאָס איז געווען זייער אַ טייערער מענטש, כאָטש אַ איד אַ לץ. אַ גאַנץ יאָר זיינען פון זיין מויל אַרויסגעקומען פאַרשידענע קללות, דאָך איז ער געווען אַ גרויסער בעל־טובה. ער איז געלעגן אויס־געצויגן אויפן גראָז און אַלעמאָל געשמעקט פון אַ פלעשל טראָפּנס, וואָס מען פלעגט רופן „האַרץ־שטאַרק״. אָט זע איך אַ איד, מיט אַ זילבערן קאַפּל אויפן קאָפּ. ער טראָגט צו מיין זיידן דאָס שקעטעלע מיט אַ שמעק־טאַבאַק. דאָס איז געווען ר׳ יוסף טרעמסקי, אויך אַ בייזער איד. אַ איד, וואָס פלעגט זאָגן ווערטלעך; אָבער טאָמער האָט אים עמעצער פאַרטשעפּעט, האָט שוין גאָט באַדאַרפט יענעם העלפן. דאָס איז געווען אַ „פּאַס פולווער״. צוזאַמען דערמיט, אָבער, אַ וואוילער איד, אַן ערלעכער איד.

אָט די אַלע אידן האָב איך זייער שטאַרק ליב געהאַט. זיי מיך אויך. אַ סך האָב איך געלערנט פון זיי און ביז היינט איז אַ סך דערפון געבליבן ביי מיר.

מנחה האָט מיין טאַטע געדאַוונט. איך געדענק, אַז מפטיר־יונה פלעגט קויפן עפּשטיין. איך געדענק נישט זיין ערשטן נאָמען. ער איז געווען אַ ליטווישער איד, געקומען פון לאָמזשער געגנט. ער האָט געהאַנדלט מיט וועלדער און שפּעטער אויפגעשטעלט אַ טאַרטאַק, וואָס האָט געשניטן האָלץ. דאָס איז געווען אַ איד אַ גרויסער בעל־עברי. ער פלעגט זאָגן די הפטרה הויך און מיטן טראָפּ. מען פלעגט הערן יעדעס וואָרט.

צווישן מנחה און נעילה זיצן אויך בישט אידן לײדיק, מען זאָגט תהלים. ביי דער מזרח־וואַנט לעבן ר׳ לייב ליפשיץ זיצט אַ איד און קוקט אַריין אין אַ ספר מיט צווי פּאָר אויגן־גלעזער. דאָס איז געווען ר׳ פישל ציוויע. גערופן האָט מען אים „דער שוואַרצער פישל״. אין זיינע יונגע יאָרן, האָט מען דערציילט, זיינען זיינע האָר אויפן קאָפּ און זיין באָרד געווען שטאַרק שוואַרץ און זיין פּנים איז געווען טונקל, אָבער ווען איך האָב אים געקענט, איז ער געווען שניי־ווייס, אָבער אויף זיינע ברעמען האָבן זיך נאָך געוויזן שוואַרצע פעדעמער. ער איז געווען אַ גרויסער חריף און אַ „צנא מלא ספרא״. ס׳איז אַפילו געווען אַ יש אומרים, אַז ער קוקט אַריין אין ספרים חיצונים. מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ שטיקל משכיל. מיין זיידע פלעגט מיך אַמאָל שיקן צו אים נאָך אַ ספר. ער האָט געהאַט אַ סך ספרים. און אַז ער פלעגט מיך געבן דאָס ספר, האָט ער מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל דאָס קיינעם בישט געבן נאָר דעם זיידן אין האַנט.

דער טאָג שטייט נישט. די זון רוקט זיך ווייטער צו מערב. דער עולם אין בית־המדרש גרייט זיך צו נעילה, די לעצטע תפילות פון יום־כיפור. די האַלב־פאַרחלשטע אידן, מיט זייערע בלאַסע פּנימער, קומען אַריין אין בית־המדרש פון שול־הויף. אין בית־המדרש איז די לופט זייער שווער פון דעם שטויב, וואָס ס׳האָט זיך אָנגעזאַמלט פון דעם היי אויפן דיל צונויפ־געמישט מיטן ריח פון די צאַנקענדיקע ליכט. דורך די פענסטער דרינגען אַריין שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון. עס קוקט אויס ווי אַלץ וואָלט געווען אונטער אַ דינעם נעפּל. אַ שטילקייט הערשט אין בית־המדרש. דער עולם איז גרייט צו נעילה. אָט הערט מען פון שמש אַ קלאַפּ אין שולחן און מען פאַנגט אָן זאָגן „ובא לציון גואל״.

דער בעל־תפילה גייט צו צום עמוד. אַביסל שוואַך, אָבער מיט אַ ריינער שטימע, פאַנגט ער אָן דעם סקאַרבאָוון קדיש פון נעילה. אַ סך פון דעם עולם העלפן אונטער. אַלע זאָגן שמונה־עשרה פון נעילה מיט גרויס התלהבות. מען עפנט ברייט דעם ארון־קודש, וואו עס שטייען אַלע ספרים. דער ארון־קודש בלייבט אָפן ביז נאָך נעילה.

די זון רוקט זיך ווייטער. דער טאָג האַלט ביים אַוועקגיין. דער עולם זאָגט „שלש־עשרה מידות״. איך קען נאָך איצט הערן אין מיינע אויערן די קולות און געוויינען ביים זאָגן „מדת הרחמים״, אָדער דאָס זאָגן פון בעל־תפילה „יהי רצון מלפניך שומע קול בכיות״. דער געיאָמער, די גע־

וויינען האַלטן ביזן סוף פון די תפילות. מיט די לעצטע כוחות זאָגט מען „אָבינו מלכנו".

נאָך דעם שרעקלעכן חורבן, האָט מען ערשט פאַרשטאַנען פאַרוואָס אידן האָבן אַזוי געוויינט, ווען זיי האָבן געזאָגט „אָבינו מלכנו קרע רוע גזר דיננו, אָבינו מלכנו עשה למען הרוגים על שם קדשך, אָבינו מלכנו עשה למען באים באש ובמים על קידוש שמך, אבינו מלכנו נקום לעינינו נקמת דם עבדיך השפוך".

דאָס געוויין מיט דער התלהבות פון די תפילות האָבן אָנגעהאַלטן ביז די שטויביקע לופט און די טונקלקייט פון בית־המדרש האָט אַדורכגעדרונגען דאָס שאַלן פון דער תקיעה־גדולה.

***

הייליק איז געווען דער הייליקסטער טאָג יום־כיפור אין אונזער אַלטער היים. עס קען אָבער נישט זיין הייליק בלויז איין טאָג, דאָס גאַנצע לעבן איז געווען פול מיט קדושה. אידיש לעבן איז געווען גאַנץ און מיט אינהאַלט, זינפול און דורכגענומען מיט לויטערע באַגערן און אויבערשטע האָפענונגען.

די דאָזיקע וועלט איז מער נישטאָ. זי איז פאַרשניטן געוואָרן. טיף אין אונזער זכרון און האַרץ וועט די דאָזיקע וועלט אייביק לעבן.

# גאָסטינין אין די יאָרן 1928-1914

**ישכר מאָטיל**



ישכר מאָטיל

באַלד מיטן אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג, איז די דייטשע אַרמיי אַריינגעדרונגען אין די געביטן פון פוילן, וואָס זיינען באַזעצט געווען פון רוסישן מיליטער. די רוסן האָבן זיך צוריקגעצויגן ביז וואַרשע.

ביים ערשטן ווידערשטאַנד מצד דער רוסישע אַרמיי האָבן זיך די דייטשן צוריקגעצויגן ביז הינטער וולאָצלאַוועק.

אויף מזרח זייט פון גאָסטינין האָט זיך אַ קליינע דייטשע אָפּטיילונג פאַרשפּעטיקט און געבליבן שטעקן צווישן גאָמבין און גאָסטינין. כדי צו פאַראייניקן מיט דער רעגולערער דייטשער אַרמיי, האָבן די דייטשן, קליין אין צאָל, אַרומגערינגלט גאָסטינין און עס באַשאָסן פון אַלע זייטן. די רוסן, מיינענדיק, אַז עס איז אַן אַטאַקע פון דער רעגולערער דייטשער אַרמיי, האָבן זיך פאַר שרעק באַהאַלטן און צעלאָפן. אויך די ציווילע באַפעלקערונג איז זיך געלאָפן באַשיצן אין געמויערטע הייזער און אין קעלערס.

מיר האָבן צו יענער צייט געוואוינט אויף דע סטאָדאָלנער גאַס, בעסער באַוואוסט ביי די אידן אין גאָסטינין ווי „דאָס טויטע געסל", ווייל אַלע לוויות זיינען געגאַנגען דורך דער סטאָדאָלנער גאַס. אַנטקעגן אונז איז געווען אַ געמויערטע קאָמפּאַניצע מיט אַ גרויסן צעמענטענעם קעלער. האָט זיך אונזער גאַנצע משפּחה, מיין פאָטער, מוטער, פיר ברידער און דריי שוועסטער און דער פעטער בן־ציון קעללער, וואָס איז גראָד געווען ביי אונז אין הויז, געלאָזט לויפן איבער דעם געסל אַריבער צום קעלער, כדי זיך צו באַשיצן פון די קוילן. ווען דאָס שיסן האָט אויפגעהערט און די דייטשן זיינען אַדורך גאָס־טינין, איז יעדער אַרויס פון זיין באַהעלטעניש, צוריק צו זיין היים.

אונזער גאַנצע משפחה און דער פעטער בן־ציון זיינען אויך אַרויס פון דער באַהעלטעניש, אַריבער דאָס געסל צוריק צו אונזער היים. די רוסן האָבן דערווייל, מיט דער הילף פון די אַנטיסעמיטישע פּאָליאַקן, זיך אַ נעם געטאָן צו זוכן די שולדיקע אין זייער מפּלה, אויף וועמען זיי זאָלן וואַרפן די שולד. און אַזוי ווי מיר זיינען אַריבער דאָס געסל צו אונזער היים, זיינען זיי באַלד אַריין און באַשולדיקט מיין פאָטער און פעטער בן־ציון אין געבן צייכנס פון אַ דאַך צו די דייטשן, זיי באַשולדיקט הייסט עס, אַז זיי זיינען „שפּיאָנען".

מיר האָבן זיך ביי זיי געבעטן און געוויינט, אַז זיי זאָלן אונזער פאָטער און פעטער מיט אונז איבערלאָזן, אַז מיר אַלע האָבן זיך בלויז באַשיצט אין צעמענטענעם קעלער, און נישט אונזער פאָטער און נישט אונזער פעטער זיינען שפּיאָנען. זייער ענטפער איז געווען, אַז אַלע אידן זיינען שפּיאָנען און די צוויי אידן שפּיאָנען וועלן זיי באַלד דערשיסן. און זיי האָבן אונזער פאָטער און פעטער מיט זיך מיטגענומען. מיר זיינען געווען פאַרצווייפלט, אָבער גאָרנישט געקענט טאָן. אַ שרעק איז אַלעמען באַפאַלן, אַ מורא פאַר די רוסישע זעלנער און איבערהויפּט פאַר די קאָזאַקן.

אין אָוונט האָבן זיך מיינע צוויי ברידער, משה און יעקב־לייב, געלאָזט אין גאַס אַריין מיט די היט אַראָפּגעצויגן איבער די אויגן, אַז מען זאָל זיי נישט דערקענען, אויסצוגעפינען וואָס מען הערט פון אונזער אומגליקלעכן פאָטער און פעטער. זיי זיינען צוריקגעקומען מיט פאַרביטערטע הערצער און קיינעם נישט איבערגעגעבן, וואָס זיי האָבן אויסגעפונען. זיי האָבן זיך דער־וואוסט, אַז צוויי אַזייגער ביינאַכט וועלן די צוויי אידישע „שפּיאָנען" דערשאָסן ווערן (דאָס האָט איין קריסט דעם צווייטן איבערגעגעבן). פאַרביטערטע און פאַרוויינטע זיינען מיר אַלע געזעסן און געבעטן צו גאָט אויף אַ ישועה.

צוויי אַזייגער ביינאַכט האָט מען געהערט עטלעכע שאָסן. משה און יעקב־לייב האָבן זיך היסטעריש צעוויינט. מיר האָבן זיי מיטגעהאָלפן ביז מיר זיינען אַוועקגעפאַלן מידע און דערשלאָגענע. באַלד אינדערפרי איז מיין מוטער מיט מיינע ברידער געלאָפן געוואויר צו ווערן, וואָס עס הערט זיך. עס איז זיי לייכטער געוואָרן אויף זייערע הערצער, ווען זיי האָבן אויסגעפונען, אַז קיין עקזעקוציעס זיינען נישט פאָרגעקומען. זיי האָבן זיך אויך דערוואוסט, אַז במשך פון דער נאַכט האָט מען פאַרנומען נאָך עטלעכע אידן און דייטשן, צווישן זיי דעם רב און דעם דייטשן פּאַסטאָר.

איסר מאיר מאָטיל האָט זיך אונטערגענומען צו גיין בעטן רחמנות פאַר

דעם רב און די אַנדערע אַרעסטירטע אידן. ער האָט זיך געמאָלדן צו דעם רוסישן פּאָלקאָווניק, וואָס האָט געהאַט זיין קוואַרטיר ביי רישטאָווען אין האָטעל.

ווען דער רוסישע פּאָלקאָווניק האָט געהערט וועגן וואָס דער איד איז געקומען, האָט ער אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער און אים געוואָלט דערשיסן אויפן אָרט פאַר דער חוצפה, וואָס אַ איד קומט בעטן פאַר די אידישע „שפּיאָנען".

איסר מאיר איז קוים מיטן לעבן אַרויס. אַ בלאַסער און שטאַרק דער־שראָקענער, האָט ער זיך פאַר מורא באַהאַלטן. דאָס האָט די גאָסטינינער אידן נאָכמער צעשראָקן און צעטומלט. מיטאָגצייט האָט זיך פאַרשפּרייט די נייעס, אַז די גאָסטינינער פאַר־מלחמהדיקע נאַטשאַלסטוואָ איז צוריקגעקומען. און דעמאָלט איז טאַקע געשען אַ נס.

אונזערע פעטערס, נאָטע מאָטיל און יעקב מענדל קעללער, זיינען באַלד געגאַנגען זען דעם קניאַזש (פירשט). זיי האָבן דעם קניאַזש איבערגעגעבן, אַז דער רב, מיין פאָטער און פעטער, ווי אויך אַ סך אַנדערע אידן זיינען איינגעזעצט געוואָרן אין טורמע און מען באַשולדיקט זיי ווי שפּיאָנען.

דער קניאַזש האָט זיי פאַרזיכערט, אַז ער וועט טאָן אַלץ זיי צו באַפרייען און ער האָט זיי באַרואיקט, אַז עס וועט זיי קיין שלעכטס נישט געשען, אויב דער מזל האָט זיי צוגעשפּילט און זיי לעבן נאָך. שפּעטער, אין דעם זעלבן טאָג, איז דער רב באַפרייט געוואָרן. אַ טאָג שפּעטער — מיין פאָטער און פעטער. און אין עטלעכע טעג שפּעטער — אַלע אידן, ווי אויך די דייטשן.

די גאָסטינינער אידן האָבן זיך געפרייט מיט דער באַפרייאונג פון רב און פון די אַנדערע אַרעסטירטע אידן.

אונזער פרייד איז געווען אין־לשער; מיר זיינען געווען גליקלעך איבער דעם נס, וואָס האָט אונז צוריקגעגעבן אונזער פאָטער און פעטער לעבעדיקע.

מיין פאָטער און פעטער בן־ציון האָבן אונז דערציילט, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט אין די ערשטע שעה'ן און אין דער ערשטער נאַכט פון זייער אַרעסט. מען האָט זיי שטאַרק באַוואַכט און זיי אָנגעזאָגט, אַז באַלד, באַלד, וועט מען זיי דערשיסן.

אין דער שטוב, וואו מען האָט זיי געהאַלטן, האָבן זיי געמוזט קניען די גאַנצע צייט. ווען מען האָט אַריינגעפירט נאָך עטלעכע אידן און אַביסל שפּעטער דעם רב און אויך עטלעכע דייטשן מיטן פּאַסטאָר, זיינען זיי זיכער

געווען, אַז דאָס זיינען זייערע לעצטע מינוטן. זיי זיינען זיכער געווען, אַז דעם רב און דעם פּאַסטאָר האָט מען געבררענגט בכדי צו זאָגן מיט זיי ווידוי. ערשט שפּעטער האָבן זיי זיך דערוואוסט, אַז אויך דער רב און דער פּאַסטאָר געפינען זיך אונטער דער זעלבער באַשולדיקונג. שפּעטער אין טאָג אַריין, ווען מען האָט דעם רב באַפרייט, איז די ישועה אויך פאַר זיי געקומען.

די שלאַכטן הינטער וולאָצלאַוועק זיינען אָנגעגאַנגען עטלעכע וואָכן ביז די רוסן האָבן זיך צוריקגעצויגן צו דער מערב־זייט פון גאָסטינין. די גאָסטי־נינער האָבן דעמאָלט איבערגעלעבט גרויס שרעק צוליב די קאַמפן, און מורא געהאַט, אַז דאָס גאַנצע שטעטל וועט חרוב ווערן. די אידן האָבן געלעבט אין שרעק פאַר די רוסישע זעלנער. זיי זיינען ווייניק אַרויס אין גאַס און ווי אַלע גאָסטינינער געשלאָפן אין די מלבושים, גרייט זיך צו ראַטעווען יעדע סע־קונדע.

נאָך עטלעכע וואָכן האָט זיך די רוסישע אַרמיי צוריקגעצויגן אויף מזרח, צווישן גאָסטינין און גאָמבין.

גאָסטינין האָט אויך דאָסמאָל געהאַט מזל. די רוסן זיינען אַזוי שנעל גע־לאָפן, אַז זיי האָבן קיין צייט נישט געהאַט צו ראַבירן און פּאָגראָמירן אידן. אויך די שטאָט האָט נישט געליטן קיין שאָדנס.

די שלאַכטן אויף מזרח זייט פון גאָסטינין האָבן אָנגעהאַלטן עטלעכע טעג און די רוסישע אַרמיי האָט געהאַלטן אין איין אַנטלויפן.

אין עטלעכע חדשים אַרום האָבן די דייטשן אָקופּירט גאַנץ פּוילן.

## די דייטשע אָקופּאַציע

דאָס לעבן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע איז געווען זייער שווער. די שטאָט איז געווען באַוואַכט. אין אַלע עקן פון שטאָט האָבן געהיט דייטשע פּאַטרולן, נישט געלאָזט אַריינברענגען אָדער אַרויספירן קיין לעבנסמיטלען אָדער אַנדערע סחורות. צען אַזייגער אָוונט האָט זיך קיינער נישט געטאָרט געפינען אין גאַס. עס זיינען איינגעפירט געוואָרן ברויט־ צוקער־ און מעל־ קאַרטן. פאַר די קראָמען זיינען געשטאַנען לאַנגע רייען. נישט קוקנדיק אויף די אַלע שוועריקייטן האָט זיך דאָס לעבן אָנגעהויבן נאָרמאַליזירן.

די גימנאַזיעס, די שולן און די חדרים האָבן זיך געעפנט און יעדער איינער איז צוריקגעגאַנגען צו זיין באַשעפטיקונג. דאַן האָבן די גאָסטינינער

אידן גענומען צוריק גוטצומאַכן די מאַטעריעלע און גײַסטיק־מאָראַלישע היזקות וואָס די מלחמה האָט איבערגעלאָזט, ווי אויך צו שאַפן נוצלעכע אינסטיטוציעס, וואָס די צייט האָט געפאָדערט.

צום ערשטן איז געשאַפן געוואָרן אַן אומזיסטע קיך, וואו מען האָט אַרויס־געגעבן מאָלצייטן דער אָרעמער אידישער באַפעלקערונג אין שטאָט און די דורכוואַנדערער, וואָס זיינען צוליב דער מלחמה געבליבן היימלאָז, און אַ סך הונגעריקע פון די גרויסע שטעט, פון וואַנען מענטשן האָבן זיך אַרויס־געלאָזט זוכן אַ שטיקל ברויט איבער די פּראָווינץ־שטעטלעך.

אין דער אַרבעט אַרום דער קיך האָט זיך באַטייליקט די גאַנצע אידישע יוגנט און עס האָט איר געהאָלפן די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג.

די פרויען האָבן געקאָכט און סערווירט, אויך געזאָרגט וועגן דער היגיע־נע. די מענער האָבן געשאַפן די געלט־מיטלען פאַר דער קיך. זיי האָבן מיט דער הילף פון די פרויען איינגעאָרדנט פאַרשיידענע אונטערנעמונגען, ווי אַ בלימל־טאָג, דורכגעפירט פאַנטן־לאָטעריעס, טאַנץ־אָוונטן און אָפט גע־געבן טעאַטער־פאָרשטעלונגען.

דאָס אידישע טעאַטער, וואָס איז אַמאָל באַקעמפט געוואָרן פון די חסי־דישע און פרומע בעלי־בתים, וואָס האָבן זייערע קינדער נישט געלאָזט גיין זען די פאָרשטעלונגען, איז איצט געוואָרן זייער פּאָפּולער. מען איז איצט געלאָפן אין טעאַטער, איינזעענדיק ווי נוצלעך דאָס געלט איז פאַר דער קיך. די עלטערן האָבן מער נישט געשטערט זייערע קינדער גיין זען די אידישע פאָרשטעלונגען. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז צו איין פאָרשטעלונג זיינען מיינע פעטערס נאָטע מאָטיל און יעקב מענדל קעללער און אַ גרופּע אַנדערע בעלי־בתים געווען די הויפּט־מחותנים. נאָטע — דער קאַסירער, יעקב מענדל — דער פאַרוואַלטער. זייערע פרויען האָבן איינגעאָרדנט דעם בופעט און זיינען געווען די באַדינער.

אין 1915 איז אויך געגרינדעט געוואָרן די נייע חברה „לינת הצדק״. די ערשטע גבאים פון דער חברה זיינען געווען: יוסף גאָנשאָר, מיין פרויס ברודער, וואָס איז אומגעקומען מיט זיין פרוי און צוויי קינדער אין וואַרשעווער געטאָ; בן־ציון קעללער — מיין מוטערס ברודער, וועלכער איז אומגעקומען מיט זיין פרוי און טאָכטער צוזאַמען מיט אַלע גאָסטינינער, דעם 17טן אַפּריל 1942 אין כעלמנאָ.

די „לינת הצדק״ האָט געהאַט זייער אַ גרויסע אויפגאַבע, ווייל עס האָט

## די „התחיה"־פאַרוואַלטונג און דער דראַמאַטישער קרייז „הבימה" אין גאָסטינין



זיצנדיק פון רעכטס צו לינקס: דוד כץ, וואַסערמאַן, טוביה יאַקובאָוויטש, יעקב זאַרכין, אדאם דאמב, מרדכי מאָריטץ, יוסף גאנשאר. :—: עוֹשטע ריי, שטייענדיק פון רעכטס צו לינקס: העניך קוטשינסקי, יחיאל־זלמן מאטיל, פייגע סאַרנע, באַשע זיידעמאַן, יעקב־לייב מאָטיל, חיים־סענדער, זאַנדמאַן, דבורה זאַיאָנץ, העצקע סאַרנע און חנא זאַיאָנץ.
צווייטע ריי, שטייענדיק פון רעכטס צו לינקס: יעקב סאַרנע, מרדכי־ראובן מאסקאל, יעקב גאָסטינסקי, שמואל קעללער, ברוך־מאיר מאָטיל, חיים־יהושע טאַבאַטשניק, ישראל־זעליק קוטשינסקי, יהושע־נח ווילנער.

אין גאַנץ פּוילן דעמאָלט געהערשט אַ טיפוס־עפּידעמיע. אין גאָסטינין איז אַ גרויסע צאָל אידן קראַנק געוואָרן אויף טיפוס.

די לינת הצדק האָט געהאָלפן מיט מעדיצינען און געלט יעדן וואָס האָט זיך נאָר גענויטיקט און צו אַלע קראַנקע געשיקט צוויי מיטגלידער אומצוגיין מיט זיי גאַנצע נעכט, אָפטמאָל אויך גאַנצע טעג. די לינת הצדק האָט גע־שאַפן אירע פאָנדן דורך די זעלבע וועגן ווי די אומזיסטע קיך, ווי אויך אַרויסגעשיקט מענטשן צו זאַמלען געלט אויף חתונות און אַנדערע אידישע שמחות. אויך פּורים זיינען געשיקט געוואָרן פאַרשטעלטע פּורים־שפּילער פון הויז צו הויז, וואָס האָבן געשאַפן געלט־מיטלען פאַר די באַדערפעענישן פון לינת הצדק.

די טיפוס־עפּידעמיע האָט זיך איינגעשטילט נאָכן מיטנעמען מיט זיך קרבנות, ווי: מיין פרויס פאָטער אליעזר גאָנשאָר, יעקב ליפּע קויפמאַן, וואָלף נאָסינאָוויטש, יוסף חיים האָדעס און אַנדערע; אויך דעם פעלדשער זלמן מיכאלסקי, וואָס האָט אַ סך מענטשן פון דער מגיפה געראַטעוועט, האָט זיך אַליין נישט געקענט העלפן און איז געשטאָרבן בעת דער עפּידעמיע.

די געזעלשאַפטלעכע ענערגיע איז דאַן אויסגענוצט געוואָרן פאַר קולטור־טעטיקייטן. מען האָט געעפנט אַ לייען־זאַל ביי דער פּרץ ביבליאָטעק, וואָס האָט ביז דאַן בלויז אַרויסגעגעבן ביכער צום לייענען, און פאַרשאַפט אַ גרעסערע צאָל ביכער. די פּרץ־ביבליאָטעק האָט אַרויסגעגעבן אויסער אידישע ביכער אויך פּוילישע און העברעאישע. די פּרץ־ביבליאָטעק האָבן געשטיצט די יוגנט און די פּראָגרעסיווע בעלי־בתים.

אַ סך מיטגעהאָלפן האָט די שטודירנדיקע אידישע יוגנט פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, ווי: פּלאָצק, וולאָצלאַוועק, קוטנע, זשיכלין, גאָמבין, קאָוואַל, ראדזשיעווע, ליפּנע, ריפּין, ווישעגראַד און אַנדערע שטעט, וואָס האָבן געלערנט אין דער גאָסטינינער גימנאַזיע.

אין יאָר 1915 איז אויך געגרינדעט געוואָרן די „התחיה". די „התחיה" האָט געהאַט דריי אָפּטיילונגען:

א. — „הרצליה", אַ ריין־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע;

ב. — „מכבי", אַ טורן און ספּאָרט־פאַראיין;

ג. — „הבימה", אַ דראַמאַטישער קרייז.

די „הרצליה" איז געוואָרן אָנגעפירט פון דער ציוניסטישער גרופּע. „מכבי", וואו די מערהייט פון דער יוגנט האָט באַלאַנגט, איז אָנגעפירט

געוואָרן פון אַ פאַרוואַלטונג, אין וועלכער עס זיינען געווען פאַרטראָטן אַלע ריכטונגען. דאָך איז דאָס אוניפאָרם־היטל פון „מכבי״ געווען באַצירט מיט ווייס און בלוי, די סימבאָלישע קאָלירן פון ציוניזם, וואָס יעדער מיטגליד האָט געטראָגן מיט שטאָלץ צו יעדן אויספלוג און יעדן ספּאָרטס־יום־טוב.

די „הבימה״, אונטער דאָמבס רעזשי, האָט צוגעצויגן די פּעאיקסטע יוגנט און זיך געגרייט אויפצופירן גוטע פאָרשטעלונגען.

די „התחיה״ האָט אָפּגעקויפט דאָס הויז אויף דלוגא לעבן לוסטגאָרטן גאַס, וואו דער ערשטער גאָסטינינער קינאָ איז געווען און פריער דאָס רוסישע טיי־הויז (טשיינע), אַביסל עס אָפּגעפרישט און זיך אַריינגעקליבן מיט אירע דריי אָפּטיילונגען.

„מכבי״ האָט איינגעקויפט ספּאָרט־מכשירים און איינגעלאַדן הערשל האָלצמאַנס אַן אייניקל, איטשע האָלצמאַנס אַ זון פון קוטנע, וואָס האָט זיך געלערנט אין גאָסטינינער גימנאַזיע, צו זיין דער ספּאָרט־אינסטרוקטאָר. ער האָט איינגעפירט מענער־ און פרויען־גרופּן, זיי געלערנט מאַרשירן און איבן.

מיט שטאָלץ האָט ער דעם גאַנצן ספּאָרט־פאַראיין, מיט זיינע מענער און פרויען־גרופּן, געפירט איבער די גאָסטינינער גאַסן, אויף זייערע אויס־פלוגן. שפּעטער האָט דער „מכבי״ אַנגאַזשירט אַ ספּאָרט־לערער, פינקעלשטיין, פון וואַרשע, מיט אַ מאָנאַטלעכן געהאַלט.

ביי אַן אויספלוג אין קוטנע, האָט די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג מקבל־פנים געווען די גאָסטינינער „מכבי״ און זיך צוגעקוקט ווי דוד כץ, דער פאָרזיצער אין יענער צייט, האָט געפירט די מענער און פרויען־גרופּן איבער די קוטנער גאַסן, און דערנאָך זיך צוגעקוקט צו די איבונגען ביי דעם ספּאָרט־פעסטיוואַל.

ווען דער גאָסטינינער „מכבי״ איז געקומען נאָך זשיכלין איז געווען יום־טוב אין שטעטל.

די „הבימה״ האָט געשטעלט זייער גוטע טעאַטער־פאָרשטעלונגען אין שטאָט און אויך אין די שכנותדיקע שטעט — פלאָצק, קוטנע, זשיכלין — מיט גרויס דערפאָלג.

אין 1915 האָט זיך באַזעצט אין גאָסטינין דער דיריגענט דזשאַלאָווסקי מיט זיין משפחה. געקומען איז ער פון לאָדזש. דזשאַלאָווסקי האָט אָרגאַני־

## מענער גרופּע פון טורן אין ספּאָרט־פאַראיין „מכבי" אין 1915



ערשטע ריי, זיצנדיק פון רעכטס: חיים גערשט, ליפּע פלוצער, חיים ברעסלער, משה־יאָסקע מאָטיל, ברוך־מאיר מאָטיל, העניך לינדערמאַן, העצקע סאַרנע, אליעזר פליישמאַן, חיים־יהושע טאַבאַטשניק, מרדכי־ראובן מאָסקאַל, יאָסקע מאָריטץ, חיים־סענדער זאנדמאַן, דאָס קינד ישעיה זשיכלין. :—: צווייטע ריי, פון רעכטס: ישראל שייער, ישראל־זעליק קוטשינסקי, העניך קוטשינסקי, איציק ברעסלער, משה מאָריטץ, דער טורן־לערער פינקעלשטיין, טוביה יאַקובאָוויטש, שמואל קעללער, דוד לעווי, יעקב לעווקאָוויטש, איסר־מאיר מאָטיל, יעקב זרחין. :—: דריטע ריי, פון רעכט: אברהם־הערשל מאָטיל, אומבאַקאַנט, שמואל־ברוך מאָטיל, ישראל־הערש זשאָלאַנדזש, יחיאל באָטשאַן, זיסקינד גאָלדמאַן, כהנא, מרדכי מאָריטץ, פּרץ קעללער. :—: פערטע ריי, פון רעכטס: פישל ברעסלער, צוויי אומבאַקאַנט, שוואַרצבאַרד, אומבאַקאַנט, יאַנקל ניסענאָוויטש, יוסף קאָוואַדלא, אומבאַקאַנט. :—: פינפטע ריי, פון רעכטס: איטשע כץ, חיים צווייגהאַפט, יוסף באַגנאָ, חנא זאַיאַנץ, ברוך־מאיר מאָטיל, אומבאַקאַנט, פייוויש ליכטענשטיין, אַברהם זאַיאַנץ, חיים קרוטשיק. :—: לעצטע ריי, פון רעכטס: אַברהם נוסענאָוויטש, קאוועגט, יצחק־אייזיק גערשט, הערשל צווייגהאַפט, ישכר מאָטיל, שמואל מאַרקעוויטש, יעקב סאַרנע, ראובן ליכטענשטיין.

זירט אַ יוגנט־כאָר און אויפגעפירט געלונגענע קאָנצערטן. נאָך עטלעכע יאָר האָט דזשאַלאָווסקי מיט זיין משפחה פאַרלאָזן גאָסטינין.

די גאַנצע הכנסה פון טעאַטער־פאָרשטעלונגען און קאָנצערטן איז גע־גאַנגען פאַר דער פרץ־ביבליאָטעק און דער קיך.

אַדאַם דאָמבס פאָרשטעלונגען האָבן שטאַרק אַנטוויקלט דעם געשמאַק פאַר דער בינע ביי אַלע גאָסטינינער. און ווען אַ אידישע טרופּע פון וואַרשע אָדער לאָדזש איז געקומען קיין גאָסטינין, איז אַלע מאָל דאָס טעאַטער געווען פול. איינמאָל, שבועות־צייט איז וואַקסמאַן מיט זיין טרופּע פון לאָדזש געקומען געבן דריי פאָרשטעלונגען אין גאָסטינין. דער רב האָט שבועות ביים דאַווענען געהאַלטן אַ דרשה, אַז די גאָסטינינער אידן טאָרן בשום־אופן נישט דערלאָזן מחלל יום־טוב זיין און לאָזן שפּילן טעאַטער אום יום־טוב. ער האָט אויס־גערופן אַ חרם אויף וואַקסמאַנען מיט זיין טרופּע און אויך געשטעלט שומרים אין דער גאָמבינער גאַס, כדי נישט אַדורכצולאָזן די, וואָס ווילן יאָ גיין זען די פאָרשטעלונג. וואַקסמאַן האָט געשפּילט די ערשטע און די צווייטע פאָר־שטעלונג פאַר עטלעכע באַזוכער, פאַר די וואָס האָבן אַריבערגעקלעטערט דעם פּלויט פון אַ זייטן־גאַס. די דריטע פאָרשטעלונג מוצאי שבועות, ווען ער האָט געשפּילט „די סיבירער גלאָקן" איז דאָס טעאַטער געווען געפּאַקט. וואַקסמאַן איז אַרויף אויף דער בינע אַ באַגייסטערטער, באַגריסט די טעאַטער־באַזוכער און זיי פאַרזיכערט, אַז ער וועט דאָס גאָסטינינער פּובליקום קיינ־מאָל נישט פאַרגעסן. די גאָסטינינער האָבן יאָ פאַרגעסן „דעם חרם", נישט דאָס טעאַטער.

אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע איז אויך געשאַפן געוואָרן די אידישע קהילה־פאַרוואַלטונג אין גאָסטינין. די גמינע האָט אָנגעפירט מיט אַלע אי־דישע רעליגיעזע און אַנדערע אידישע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן אין שטאָט.

אין 1915 איז אין שטאָט פאַרענדיקט געוואָרן דער בוי פון דער עלעק־טרישער סטאַנציע. און אין מיטן זומער זיינען די גאָסטינינער גאַסן באַלויכטן געוואָרן מיט עלעקטרישע ליכט; באַלד דערנאָך האָבן פון דעם ליכט גענאָסן די רעגירונגס־געביידעס און אַ סך פּריוואַטע הייזער. דאָס ליכט איז געגעבן געוואָרן פון זון־אונטערגאַנג ביז 12 אין אָוונט און שפּעטער ביז 1 ביינאַכט.

אַזוי האָט זיך געלעבט אונטער דעם יאָך פון דייטשער אָקופּאַציע, אָבער נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן מצד די דייטשן איז אָפּטמאָל געטאָן געוואָרן מער ווי אין נאָרמאַלע באַדינגונגען פון שלום און זאַטקייט.

## אין אומאָפּהענגיקן פּוילן

דאָס אויפשטעלן פון אומאָפּהענגיקן פּוילן ביים סוף פון ערשטן וועלט־קריג האָט אָנגעפילט די הערצער מיט אַ סך האָפענונג און אַ שטימונג פון דערוואַרטונג האָט אַרומגענומען די פּוילישע אידן.

די באַפעלקערונג האָט זיך אָרגאַניזירט. עס האָבן זיך געשאַפן פאַר־איינען פון יעדער ריכטונג, וואָס האָט עקזיסטירט אויף דער אידישער גאַס: דער „בונד", לינקע און רעכטע פּועלי־ציוניסטן, אַלגעמיינע ציוניסטן, קאָ־מוניסטן מיט זייערע סימפּאַטיקער און אַגודיסטן.

די אַרבעטער־גרופּן האָבן בשותפות געשאַפן אַ באַוועגונג צו גרינדן פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין שטאָט. אין אַ קורצער צייט איז געלונגען מיט דער הילף פון די ראַדיקאַל־געשטימטע אידישע סטודענטן און אַ דאַנק דער אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן די אידישע אַרבעטער אין שטאָט צו אָר־גאַניזירן פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ נאָדל־פאַראיין, ווי אויך פאַראיינען פון טראַנספּאָרט, הויזדינערשאַפט, קאָמאַשנמאַכער און פריזירער.

די אַלע פאַראיינען האָבן געהאַט איין לאָקאַל, וואו יעדער פאַך האָט געהאַט זיין פאַרטרעטער אין דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער אַרבעט. אין דעם לאָקאַל פון דעם פּראָפ.־פאַראיין זיינען אויך געגעבן געוואָרן לעקציעס און פאָרלעזונגען אויף אידיש און פּויליש. עס זיינען אויך געגעבן געוואָרן קורסן אין לייענען און שרייבן.

די לעקציעס און פאָרלעזונגען האָבן געגעבן די גאָסטינינער שטו־דירנדיקע יוגנטלעכע, וועלכע זיינען אין יענער צייט געווען זייער דעמאָ־קראַטיש און פּראָקסטימלעך געשטימט.

אַחוץ דער פּראָפעסיאָנעלער אַרבעט זיינען אויך איינגעאָרדנט געוואָרן ערשטע מאַי־פייערונגען און גאַסן דעמאָנסטראַציעס.

איינמאָל, פאַר אַזאַ גאַסן־דעמאָנסטראַציע, האָבן מיר זיך געכאַפּט אין דער לעצטער מינוט, אַז אַלץ האָבן מיר צוגעגרייט, נאָר קיין רויטע פאָן האָבן מיר נישט.

עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט. מיר זיינען געלאָפן צו יהושע נח (ווילנער), אים מיט זיין פרוי אויפגעוועקט און אים דערציילט וועגן אונזער פאַרלעגנהייט. יהושע נחס פּנים איז געוואָרן פאַרכמורעט. ווי אַלעמאָל ווען

ער איז געווען אין אַ פאַרלעגנהייט האָט ער אַרויפגעלייגט אַ פינגער אויף דער אויבערשטער ליפּ און געטראַכט וואָס צו טאָן. מיר האָבן באַמערקט, אַז יהושע נחס פּנים ווערט פאַרענדערט צום גוטן. ער האָט געגעבן אַ בליק צו פייגען. פייגע האָט זיך באַלד געכאַפּט, וואָס איר מאַן יהושע־נח מיינט און היסטעריש אויסגעשריגן: „דאָס נישט, עס איז אַ נייע בלוזע, איך האָב זי אַפילו נאָך נישט געטראָגן!"

יהושע־נח האָט זיך גאָרנישט דערשראָקן פאַר איר פּראָטעסט. ער האָט בלויז געזאָגט פייגען איין „יאָ". מיר האָבן געהאַט נאָך עטלעכע שעה צייט צו מאַכן די פאָן. מיט עטלעכע מינוט שפּעטער איז פייגע געשטאַנען מיט אַ שער און איינגעשניטן די שיינע נייע בלוזע און אָנגעהויבן נייען די רויטע פאָן. אויף אַזאַ אופן איז געשאַפן געוואָרן די פאָן פאַר דער ערשטער גאַסן־דעמאָנסטראַציע אין יאָר 1919 אין גאָסטינין.

די ערשטע צייט האָט די פּאָליציי נישט געשטערט די גאַסן־דעמאָנסטראַציעס, ווייל אין גאָסטינין זיינען געווען פראַנצויזישע מיליטער־אָפּטיילונגען.

ווי לאַנג די פראַנצויזן זיינען געווען אין שטאָט, האָט זיך די פּוילישע פּאָליציי זייער איידל און פיין אויפגעפירט ביי הויז־זוכונגען. זיי האָבן געזוכט קאָמוניסטישע ליטעראַטור און געזוכט האָבן זיי אָן אויפהער. אַלע אידן זיינען ביי זיי געווען קאָמוניסטן. ווען די פראַנצויזן האָבן פאַרלאָזט די שטאָט איז די פּאָליציי געוואָרן חוצפּהדיק און גראָב. ביי גאַסן־דעמאָנסטראַציעס האָבן זיי אַלץ געטאָן, כדי די דעמאָנסטראַציע צו צעשטערן און גאַנץ אָפט געשלאָגן די אָנטיילנעמער. ביי הויז־זוכונגען האָבן זיי זיך אויפגעפירט שרעקלעך, אומפאַרשעמט.

מיט דעם אויפקום פון די פּאַרטייען האָט זיך אויפגעלייזט די „התחיה" מיט אירע אָפּטיילונגען.

די אומזיסטע קיך איז שוין מער נישט געווען נויטיק, געבליבן איז בלויז דער דראַמאַטישער קרייז אונטער אַדאַם דאָמבס רעזשי.

אין יאָר 1919 איז געקומען הילף צו די אידן אין גאָסטינין פון די גאָס־טינינער לאַנדסלייט אין אַמעריקע. שפּעטער איז געשאַפן געוואָרן אַ דאַנק דער אַמעריקאַנער הילף, די גמילות־חסדים באַנק, וואָס האָט אַ סך אידן געהאָלפן מיט אָן־פּראָצענטיקע הלוואות.

אַן איבערברוך אין די טעטיקייטן איז אַריינגעקומען אין אידישן גאָסטינין

מיטן אויסברוך פון דער פויליש־רוסישער קריג. די באָלשעוויסטישע אינ־וואַזיע האָט אַריינגעשלעפּט דאָס ציבורישע לעבן אין גאָסטינין אין אַ סטאַ־גנאַציע. פּוילן האָט מאָביליזירט די מיליטער־פּליכטיקע. אידישע יוגנט האָט על־פּי־רוב נישט געוואָלט גיין אין דער פּוילישער אַרמיי; זי האָט נישט געוואָלט קעמפן קעגן די רויט־אַרמייער. פילע יוגנטלעכע האָבן געגלויבט, אַז לענין און טראָצקי ברענגען די גאולה.

אין סאַמע ברען פון דער מלחמה, אין זומער 1920, האָט דער חזן יעקב מיללער, וואָס איז זייער באַליבט געווען ביי דער גאַנצער אידישער באַפעל־קערונג, פאַרלאָזן גאָסטינין און אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע.

אָנפאַנג 1921 איז אין גאָסטינין נפטר געוואָרן דער רב, הרב סילמאַז. ווען די שטאָט האָט זיך אַביסל באַרואיקט האָט זי זיך געגרייט אויפצונעמען אַ נייעם רב. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ קאַמף צווישן די חסידים און מתנגדים. געוואונען האָבן די מתנגדים. מיט דער הילף פון די ציוניסטן איז דער ביעל־סקער רב, הרב באָרענשטיין, געוואָרן רב אין גאָסטינין.

הרב באָרענשטיין איז געווען ציוניסטיש געשטימט. ער איז געווען אַ ליבער מענטש. זיין פרוי און זיינע צוויי טעכטער — אויך ליבלעכע מענטשן, און האָבן אַלעמאָל גערן פאַרברענגט מיט עמך.

אין 1921 האָט זיך פּוילן גענומען צו פאַרריכטן די מלחמה־פאַרלוסטן, וואָס די באָלשעוויסטישע אינוואַזיע האָט איבערגעלאָזט. די אידן אין גאָסטי־נין האָבן זיך אויך גענומען צוריק צו זייער איבערגעריסענער אַרבעט, צוריק געעפנט אַלע קולטורעלע, פּראָפעסיאָנעלע און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַני־זאַציעס, וועלכע האָבן אין די לעצטע יאָרן זיך געהאַט פאַרמאַכט.

## די פּרץ־ביבליאָטעק

די פּרץ־ביבליאָטעק איז געווען דער שטאָלץ פון שטאָט און אַלע, אָן אונטערשיד פון פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט, האָבן געזאָרגט פאַר איר עקזיסטענץ. יעדער האָט געטאָן, וואָס עס איז נאָר געווען מעגלעך, כדי צו פאַרגרעסערן די צאָל ביכער.

ביים עפענען די פּרץ־ביבליאָטעק איז גערופן געוואָרן אַן אַלגעמיינע פאַר־זאַמלונג. די פאַרזאַמלונגען זיינען גערופן געוואָרן איין מאָל אַ יאָר מיט דעם צוועק צו וויילן אַ נייע פאַרוואַלטונג און רעווידיר־קאָמיסיע. די פאַרוואַלטונג

## די פאַרוואַלטונג און רעווידיר־קאָמיסיע פון דער נאָמבערג־ביבליאָטעק אין 1933



זיצנדיק פון רעכטס: לוטקע מאָטיל, מאַניע קעללער (זרחין), רפאל בוראַק, שאפרין, בן־ציון מאָריטץ. :—: שטייענדיק פון רעכטס: שמואל מאטיל, חנא זאַיאָנץ, שלום קעללער, חיים ברעסלער, יעקב־לייב פינטשעווסקי, יחיאל־מאיר קעללער.

איז באַשטאַנען פון ניין מיטגלידער; די רעווידיר־קאָמיסיע פון דריי מיט־גלידער.

די וואַלן זיינען געווען פראָפּאָרציאָנעלע. די פאַרוואַלטונג האָט שוין געהאַט אַן אויסגעאַרבעטן פּלאַן: 65% פון די געלטער איז געגאַנגען פאַר קויפן אידישע ביכער, 25% פאַר פּוילישע ביכער און 10% פאַר העברעאישע ביכער. דאָך האָט די צאָל פּוילישע ביכער איבערגעשטיגן די אידישע, ווייל אידישע ביכער זיינען געווען אַ סך טייערער.

שלום האָט געהערשט אין דער פּרץ־ביבליאָטעק ביז 1923, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די פּאַרטיי־רייבונגען אין שטאָט. זיכער האָט זיך עס אָפּגערופן אויך אויף דער ביבליאָטעק.

ס׳האָבן נישט געהאָלפן לאַנג־דויערנדיקע דיסקוסיעס. די צדדים זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען, הגם עס איז געווען קלאָר, אַז גאָסטינין איז צו־קליין צו האָבן צוויי אידישע ביבליאָטעקן.

די פּועלי־ציון, לינקע און רעכטע, האָבן זיך פאַראייניקט מיט די קאָ־מוניסטן און אַנדערע גרופּן און אָנגעהויבן אַ פאַרביטערטן קאַמף קעגן דער בונדישער גרופּע.

דער „בונד" האָט זיך צוריקגעצויגן פון דער פּרץ־ביבליאָטעק און אין עטלעכע וואָכן שפּעטער געעפנט די „מעדעם־ביבליאָטעק" און אַ לייען־זאַל אין דעם בונדישן לאָקאַל אויף דער קוטנער גאַס, אַנטקעגן־איבער דעם לוסטגאָרטן.

נאָך אַ יאָר צייט האָבן די פאַרוואַלטער פון דער פּרץ־ביבליאָטעק איינ־געזען, אַז עס איז פאַר זיי שווער אויסצוהאַלטן די ביבליאָטעק, אָפּגערעדט פון צוקויפן נייע ביכער. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אונטערהאַנדלונגען וועגן שלום. דער „בונד" איז איינגעגאַנגען צו ליקווידירן די מעדעם־ביבליאָטעק און איז צוריק אַריין אין דער פּרץ־ביבליאָטעק, וואו די אַרבעט איז ווידער אָנגעגאַנגען ווי אַמאָל. אין יענע יאָרן האָט שוין די ביבליאָטעק געהאַט עטלעכע טויזנט ביכער, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין שטייגן אין צאָל.

ווען איך מיט מיין פרוי זיסעלע האָבן פאַרלאָזט גאָסטינין און זיינען אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע, האָב איך די גאַנצע צייט אָנגעהאַלטן אַ שריפט־לעכן קאָנטאַקט מיט די חברים און פריינט פון דער פּרץ־ביבליאָטעק, זיי געהאָלפן מיט וואָס עס איז נאָר געווען מעגלעך. אין 1933 האָב איך געקראָגן די פאָטאָגראַפיעס פון די מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג און רעווידיר־

קאָמיסיע פון דער „נאָמבערג־ביבליאָטעק״. דער נאָמען פּרץ־ביבליאָטעק האָט געמוזט געענדערט ווערן, ווייל די פּוילישע רעגירונג האָט פאַרמאַכט די „פּרץ־ביבליאָטעק״.

## צוריק געעפנט די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג

די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן געהאַט איין צענטראַלן קאָמיטעט, וואו אַלע פאַכן זיינען געווען פאַרטראָטן. יעדער פאַך־קאָמיטעט האָט אַכטונג געגעבן, אַז דער אָפּמאַך מיט די בעלי־בתים זאָל אָפּגעהיט ווערן און די אַרבעטער וואָס ווערן אָנגעשטעלט זאָלן זיין פאַראיינס־מיטגלידער.

ווען עס זייבען קיין פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען נישט געווען אין גאָסטינין, האָט אַן אַרבעטער געשקלאַפט אומגעציילטע שעה׳ן אַ טאָג. לערן־אינגלעך אָדער מיידלעך האָבן חוץ לערנען דאָס פאַך, אויך געמוזט טאָן אַלע שמוציקע אַרבעטן פאַר דעם בעל־הבית. ווען די פאַכן זיינען געוואָרן אָרגאַניזירט, איז

### דער „בונד״ און „צוקונפט״ אין גאָסטינין (1928)



זיצנדיק פון רעכטס: פּייוויש ליכטענשטיין, רפאל בוראַק, שלמה מאטיל, כומטשע קאפמאן, משה מאָריטץ, עטקע ראק, יעקב־לייב פּינטשעווסקי, ישכר מאטיל, לאה׳טשע מאקאָווסקי, אברהם זאַיאָנץ, חנא זאַיאָנץ, שמחה גאָלדמאַן, זלמן מאטעלינסקי, ליפּע פלוצער.

איינגעפירט געוואָרן אַן אַכט־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג און קיין שום אַנדער אַרבעט אויסער דעם פאַך, וואָס ער האָט זיך געלערנט, האָט קיינער נישט געדאַרפט טאָן. ווען דאָס הויז־דינערשאַפט פאַך האָט זיך אָרגאַניזירט, איז אויך איינגעפירט געוואָרן אַ ניין־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג און זעקס אַרבעטס־טעג אין אַ וואָך.

אַזוי איז די אַרבעט פון דעם פראָפ.־פאַראיין, וואו אַלע פּאַרטייען זיינען געווען פאַרטראָטן, צוגעגאַנגען בשלום. יעדער האָט פאַרשטאַנען, אַז די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג איז נישט און דאַרף נישט זיין פּאַרטייאיש.

אין יאָר 1922 האָבן די קאָמוניסטן אָנגעהויבן אַ קאַמף צו פאַרכאַפּן דעם פאַראיין אָדער אים צו צעברעכן. צו אַ מיטינג פון פאַראיין זיינען זיי גע־קומען און זיך אַוועקגעזעצט ווי גאַרנישט זיי מיינט מען.

אַזוי ווי איך בין צו יענער צייט געווען פאָרזיצער פון דעם פאַראיין, איז מיר אויפפאַלנדיק געווען, וואָס אַלע אַן אויסנאַם האָבן זיך מיטאַמאָל באַוויזן צו דעם מיטינג. איך האָב זיך באַלד געכאַפּט וואָס די קאָמוניסטן זיינען אויסן צו טאָן און האָב געשווינד אַראָפּגענומען פון טיש די דערלויבעניש פון דער מאַכט און דעם סטעמפּל מיט דער ליסטע פון די מיטגלידער און עס אַריינ־געלייגט ביי מיר אין טאַש. די קאָמוניסטן האָבן דאָס באַמערקט און זיי האָבן געפאָדערט, אַז איך זאָל די אַלע זאַכן צוריק אַוועקלייגן אויפן טיש. איך האָב זיך אָפּגעזאָגט נאָכצוקומען זייער פאַלאַנג, האָבן זיי זיך געלאָזט צום טיש, בכדי מיט געוואַלד עס צוצונעמען. עס האָבן זיי אָבער פאַרשטעלט דעם וועג: שמואל וואָלף פינטשעווסקי, אברהם הערש מאָטיל, שמואליק מאָטיל, שלמה צווייגהאַפט, שמעון ראובן דזשענציאָל, אליעזר פליישמאַן, אַלע פּועלי־ציוניסטן און עטלעכע אַנדערע און קיינעם צו מיר ניש צוגעלאָזט. ווען זיי האָבן זיך צו מיר נישט געקענט אַדורכרייסן, האָבן זיי פאַרשפּאַרט די טיר און קיינעם נישט אַרויסגעלאָזט. פאַר מורא האָבן אַ סך מיידלעך אָנגעהויבן צו וויינען און שרייען. עס איז געוואָרן אַ גרויסער טומל.

די גרופּע וואָס האָט מיך באַשיצט האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל אַרויס דורכן פענסטער און אַוועק. און ווען איך וועל אַוועק, זיינען זיי זיכער, אַז אַלץ וועט זיך ענדיקן, ווייל דאָס וואָס זיי ווילן, איז די דערלויבעניש, דעם סטעמפּל און די ליסטע פון די מיטגלידער.

איך האָב זיך צו זיי צוגעהערט, אַרויס דורכן פענסטער און אַוועק אַהיים. דער טומל האָט זיך דערנאָך איינגעשטילט.

אויף אַזאַ מפלה האָבן זיי זיך נישט גערעכנט.

מיר זיינען ווייטער אָנגעגאַנגען מיט דער אַרבעט פון דעם פּראָפ.־פאַראיין. קיינעם פון די קאָמוניסטן האָבן מיר נישט אויסגעשלאָסן, נאָר געהאַלטן אַן אויג אויף זייער טעטיקייט. און אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען ביז איך און מיין פרוי האָבן פאַרלאָזן גאָסטינין.

## „בונד"

די בונדישע אָרגאַניזאַציע איז געווען די גרעסטע אין שטאָט און האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף דער אידישער גאַס.

דער „בונד" האָט געהאַט אַ לאָקאַל מיט אַ לייען־זאַל אין דער קוטנער גאַס אַנטקעגן דעם לוסטגאָרטן. אַ „צוקונפט" יוגנט־גרופּע, אַ קינדער־גרופּע — „סקיף" און „מאָרגנשטערן" — אַן אַרבעטער־געזעלשאַפט פאַר פיזישער דערציאונג.

דער „בונד" און די „צוקונפט" געזעגענען זיך מיט ישכר מאָטיל



זיצנדיק פון רעכטס: ישכר מאָטיל, יעקב־לייב פינטשעווסקי, ליפּע פלוצער, זלמן אָספּע, אַברהם זאַיאָנץ, ביילע לעווי, רפאל בוראַק.

דער מאַן, וואָס אַ דאַנק אים האָט דער בונד געהאַט אַ שטאַרקע לאָקאַלע אָרגאַניזאַציע, איז געווען יעקב לייב פּינטשעווסקי. ער האָט צוגעצויגן צום „בונד" אַ גרויסע טייל פון דער יוגנט.

שפּעטער, פאַר מיין אָפּפאַרן קיין אַמעריקע, איז געווען אַ בונדישער לאוו־ניק, מיין ברודער שלמה מאָטיל און יעקב לייב פּינטשעווסקי און אַברהם זאַיאָנץ זיינען געווען בונדישע ראַטמענער.

די אָרגאַניזאַציע האָט געהאַלטן אין איין געווינען איינפלוס ביי דער יוגנט, וואָס איז געווען זייער אַקטיוו. די אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעפירט אָוונט־קורסן און אויפקלערונגס־אַרבעטן צווישן דער „צוקונפט" און דעם „סקיף".

איך האָב קיינמאָל נישט איבערגעריסן, זייענדיק דאָ אין אַמעריקע, די פאַרבינדונגען מיט אַלע מיינע חברים אין פוילן.

## אַנדערע פּאַרטייען

די פּועלי־ציון האָבן געהאַט זייער לאָקאַל אויף דער זשיכלינער גאַס. דער זעלבער לאָקאַל האָט אויך געדינט פאַר אַ קלוב, וואו מען האָט געקענט קריגן אַ טרונק און עפּעס צו עסן. די פּועלי־ציון האָבן אויך געהאַט אַן איי־גענעם ספּאָרט־פאַראיין.

דער פירער פון די פּועלי־ציון איז געווען שמואל וואָלף פּינטשעווסקי.

די ציוניסטן האָבן געהאַט זייער אָרגאַניזאַציע און געטאָן אַרבעט לטובת ארץ־ישראל.

זייערע פירער זיינען געווען יעקב זרחין, קרישנעווסקי, טוביה יאַקאָ־באָוויטש, איציק ברעסלער, יעקב לינדערמאַן, אברהם דוד קוטשינסקי, משה מאָריטץ און אַנדערע.

די אַגודיסטן האָבן געהאַט אויסער אַן אָרגאַניזאַציע אויך אַן אייגענע בית־יעקב שולע, וואו די לערערין איז געווען קריסע שטערן, שטערנס אַ טאָכטער.

די קאָמוניסטן זיינען געוואָרן זייער שטאַרק באַלד נאָך פוילנס באַפריי־אונג. אומלעגאַל און נישטיק אין די שפּעטערדיקע יאָרן.

די אַלע פּאַרטייען האָבן זיך איינצייטיק אויך פאַרנומען מיט שטאָטישער און אַלגעמיין־פּאָליטישער טעטיקייט.

## וואַלן אין שטאָט

די פּאַרטיי־אַרומרייסעניש איז געוואָרן פאַרביטערטער פון טאָג צו טאָג, און ווען עס האָבן זיך אונטערגערוקט די ערשטע פוילישע וואַלן צום סיים און שטאָט־ראַט איז געוואָרן לעבעדיק אין שטעטל.

אויף דער אידישער גאַס זיינען אַרויס מיט קאַנדידאַטן־ליסטעס: דער „בונד״, פּועלי־ציון, ציוניסטן און אַגודיסטן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף מיט וואַל־מיטינגען און אַגיטאַציע פון יעדער גרופּע באַזונדער. יעדע אָרגאַניזאַציע האָט אַראָפּגעבראַכט צו אירע וואַל־מיטינגען פאָרשטייער פון אירע צענטראַלעס פון וואַרשע.

אין דעם טאָג פון די וואַלן צום שטאָט־ראַט איז דאָס גאַנצע שטעטל געווען געשפּאַנט מכוח די רעזולטאַטן. שפּעט אין אָונט, ווען די שטימען זיינען געווען איבערגעציילט, האָט זיך דער „בונד״ אַרויסגערוקט אויפן ערשטן פּלאַץ מיט דריי קאַנדידאַטן. דערוויילט זיינען געוואָרן: שלמה מאָטיל, יעקב לייב פינטשעווסקי און אַברהם זאַיאָנץ. די פּועלי־ציון — איינעם: יהושע מאָטיל. ציוניסטן — איינעם: משה בראַקמאַן. די אַגודיסטן — איינעם: יעקב לעווי.

אין אַלעגמיין איז דערוויילט געוואָרן אַ סאָציאַליסטישער שטאָט־ראַט. פיר־און־צוואַנציק ראַטמענער זיינען דערוויילט געוואָרן: עלף פון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי פּ.פּ.ס., דריי פון בונד, איין פּועלי־ציוניסט, זיבן פון די בירגערלעכע קריסטן, איין ציוניסט און איין אַגודיסט.

דער נייער שטאָט־ראַט האָט אויסגעוויילט אַ מיטגליד פון פּ.פּ.ס. פאַר דעם בירגערמייסטער. פון די דריי לאַוניקעס איז איינער געווען פון פּ.פּ.ס. און איינער פון בונד.

דאָס ערשטע, וואָס דער נייער שטאָט־ראַט האָט דורכגעפירט, איז געווען אַ געזעץ, אַז אַלע גאָסטיניגער, וואָס בויטיקן זיך אין האָלץ צו באַהייצן זייערע היימען, זאָלן עס קריגן בחינם פון די שטאָט־וועלדער, וואָס גאָסטינין האָט געהאַט בשפע. עס זיינען באַלד געשיקט געוואָרן וועגענער מיט האָלץ פאַר דער גאַנצער אָרעמער באַפעלקערונג אויפן חשבון פון דער שטאָט.

דער סאָציאַליסטישער שטאָט־ראַט האָט אָנגענומען אויך אַנדערע ליבעראַלע געזעצן, ווי, למשל, דער באַשלוס צו בויען דאָס ערשטע אַרבעטער־הויז אין שטאָט. דאָס הויז איז אויפגעשטעלט געוואָרן אויף עק דלוגע גאַס,

הינטער די אַמאָליקע קאָשארן, וואו עס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן די עלעמענטאַרע רעגירונגס־שולן.

אין אַלגעמיין איז געווען אַ גוטע שטימונג ביי דער גאַנצער דעמאָקראַטיש־געשטימטער באַפעלקערונג.

## אַ באַן אין גאָסטינין

אין יאָר 1923 האָט זיך געעפנט די ערשטע באַן־ליניע אין שטאָט. די ליניע האָט זיך גערופן פלאָצק־לאָדזש. די באַן איז דערוויל געגאַנגען ביז ראַדזשיעווע און אַ בריק איבער דער ווייסל האָט געזאָלט די באַן פירן ביז פלאָצק.

אין גאָסטינין איז דער וואָקזאַל געווען הינטער עפשטיין־בעקערס טאַרטאַק, אויף מזרח־זייט פון דעם „בחורשן וועגל". צוגעפאָרן איז מען דורך דער פאַרלענגערטער גאָמבינער גאַס. און אָט אַזוי איז גאָסטינין געוואָרן אַ שטאָט מיט אַ באַן־סטאַנציע.



סוף אַפּריל 1928 האָב איך מיט מיין פרוי פאַרלאָזט גאָסטינין. געלאָזט הינטער זיך אַ שטעטל פול מיט געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, אַ שטעטל פול מיט לעבעדיקע אידן, אַ טיפּיש אידיש שטעטל אין פּוילן.

געווען אַמאָל אַ שטעטל גאָסטינין, נישטאָ מער גאָסטינין, פאַרשניטן געוואָרן אַ שטיק אידיש לעבן. אין די הערצער און געדעכעניש פון די לעבנ־געבליבענע לאַנדסלייט וועט די שטאָט און אירע אידן לעבן אייביק.



שלמה גאָסטינסקי

# די דזשאָינט אַקציע

שלמה גאָסטינסקי

די דייטשן האָבן אַלץ מער און מער אַרויסגעפירט פון פּוילן אַלע סאָרטן תבואות און לעבנס־מיטלען, און דאָס וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט פאַר דער אויסגעהונגערטער באַפעלקערונג, האָט די מאַכט שטרענג קאָנטראָלירט. מענטשן האָבן נישט דערעסן און דאָס האָט זיך אָפּגערופן אויפן געזונט־צושטאַנד פון דער באַפעלקערונג אין די שטעט און שטעטלעך, גאָר באַזונדערס אויף די אָרעמע שיכטן פון איר אידישן טייל. אומעטום האָבן געהערשט עפּי־דעמישע קראַנקייטן; אַ סך זיינען געפאַלן קרבנות פון דער טיפוס־עפּידעמיע. אין די גרויסע שטעט, וואַרשע, לאָדזש, האָט זיך דער חורבן נישט אַזוי אָנ־געזען ווי אין די קלענערע שטעטלעך, וואו אַלע האָבן געלעבט ווי איין משפּחה. איז איינער געשטאָרבן פון טיפוס, האָט דאָס גאַנצע שטעטל געטרויערט און באַוויינט דעם קרבן.

אין אַזאַ שטעטל ווי אונזער גאָסטינין, וואו די טיפוס־עפּידעמיע האָט אַוועקגעריסן עטלעכע צענדליק קרבנות, איז דער חורבן געווען מוראדיק גרויס. די גמינע און דער מאַגיסטראַט האָבן געמוזט אויסברייטערן די הילפס־אַקציע. אין אַ הויז אויף דער דלוגא גאַס האָט דער מאַגיסטראַט איינ־געאָרדנט אַ שפּיטאָל אויסשליסלעך פאַר טיפוס־קראַנקע; אויף דער פּאָב־טעטשנע גאַס האָט מען יעקב מאָטילס הויז פאַרוואַנדלט אין אַ לאַזאַרעט, ספּעציעל פאַר אידישע חולאים.

נישט געווען כמעט קיין הויז אָן קראַנקע. יעדער איינער האָט געלעבט מיטן געדאַנק, אַז ער איז אַ קאַנדידאַט אויף קראַנק צו ווערן.

אויף דער חברה „לינת הצדק" האָט מען אין שטעטל אָנגעהויבן קוקן

אַנדערש. פריער האָט מען זיי באַטראַכט ווי אַ כנופיה יונגעלייט, וואָס זייער גאַנצע עובדא באַשטייט זיך צו פאַרשטעלן אום פורים און צו האָבן דורכן יאָר אַ פּאָר אַסיפות מיט כיבוד. אין דער אמתן אָבער האָט „לינת הצדק" געלייסטעט גרויסע הילף פאַר די קראַנקע. די חברה פלעגט העלפן אַן אָרעמען קראַנקן מיט געלט אָדער מעדיקאַמענטן. איר גרעסטע הילף איז באַשטאַנען און דעם, וואָס אַ מיטגליד פון דער חברה פלעגט קומען וואַכן ביים קראַנקן דורך דער נאַכט; דאָס האָט דערמעגלעכט די שטוביקע, דעם קראַנקנס פאַמיליע, זיך אויסצורוען און קענען אויף מאָרגן אָנגיין מיט זייער נאָרמאַלן

## „לינת הצדק" אין גאָסטינין



שטייענדיק פון רעכטס: פייוויש ליכטענשטיין, שמואל קעללער, חנא זאַיאָנץ, שמואל־ברוך מאָטיל,
זיצנדיק פון רעכטס: ישראל־זעליק קוטשינסקי, יוסף גאנשאר, יצחק־אייזיק גערשט, שלמה מאטיל,
העניך קוטשינסקי. אונטן: יעקב סארנע, ברוך־מאיר מאטיל.

לעבנס־שטייגער. איצט, ווען ס׳האָבן געבושעוועט טיפוס און דיזענטעריע, האָט „לינת הצדק" אונטער דער פירערשאַפט פון מיין פריינט יאָסל גאָנשער, אָרגאַניזירט און אויסגעברייטערט איר טעטיקייט. גאָנשער האָט צוגעצויגן צו דער הילפס־אַרבעט יונגע מענטשן, וואָס האָבן שטאַרק אַרויסגעהאָלפן די שווער־געטראָפענע פאַמיליעס.

איך וויל דאָ פאַרצייכענען דעם פאַל מיט מיין חבר שמואל־חיים האָדעס. נישט קיין מיטגליד פון דער לינת הצדק, האָט ער דורכאויס געוואָלט וואַכן ביי קראַנקע. ער איז נאָך געווען צו־יונג פאַר אַזאַ אַרבעט, און וויפיל מ׳האָט ביי אים נישט געבעטן צו נעמען אויף זיך אַן אַנדער אַרבעט, איז ער באַ־שטאַנען אויף זיין פאַרלאַנג. ער האָט זיך אָנגעשטעקט מיט טיפוס און איז ליידער אַליין געשטאָרבן.

די באַציאונג אין שטעטל צו דער „לינת הצדק" האָט זיך ראַדיקאַל גע־ענדערט. די חברה איז געוואָרן ביז גאָר אָנגעזען. אַלע האָבן מיט טיפן דאַנק אָפּגעשאַצט די אומדערמידלעכע טעטיקייט פון מיין ענערגישן פריינט יאָסל גאָנשער. (אין די חורבן־יאָרן, איז ער מיט זיין גאַנצער משפחה אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ).



אין מיטן ווינטער 1917 איז קיין גאָסטינין אַראָפּגעקומען פון וואַרשע אַ פאָרשטייער פון דער אַמעריקאַנער אידישער „דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע", וואָס האָט דאָרט פונקציאָנירט זינט אַ צייט. איך דערמאָן זיך נישט צי דער דזשאָינט־פאָרשטייער האָט געהאַט צו דערליידיקן אין גאָסטינין אויך אַנדערע ענינים. איך געדענק אָבער גוט, אַז זיין עיקר מיסיע איז געווען צו אויסגעפינען די צאָל אידן אין שטעטל, וואָס וועלן צום קומענדיקן פסח זיך נויטיקן אין הילף, אין טראַדיציאָנעלן קאַמפּיין פון מעות־חטין.

צו יענער צייט האָבן אידישע פאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס אין פוילן שוין געקענט פונקציאָנירן לעגאַל. אַפילו אין אַזאַ שטעטל ווי גאָסטינין האָבן אַלע פאַרטייען זיך שוין געהאַט אָרגאַניזירט, ווער מיט אַ גרעסערער, ווער מיט אַ קלענערער צאָל מיטגלידער. מיט אָט די אָרגאַניזירטע גרופּירונגען האָט דער דזשאָינט־שליח אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען וועגן שאַפן אַ פאַראייניקטן קאָמיטעט, וואָס זאָל אָנפירן מיט דער הילפס־אַקציע. ס׳האָט זיך אַרויסגע־שטעלט, אַז דער דזשאָינט האָט מיט אַ צייט פאַר דעם דורכגעפירט אין גאָסטי־נין אַ הילפס־אַקציע דורך פריוואַטע פערזאָנען, וואָס האָבן די דזשאָינט־

געלטער פאַרטיילט אויף אַ נישט־יושרדיקן און פשוט אומערלעכן אופן. די אָרגאַניזיר־אַרבעט פונעם קאָמיטעט האָט דער דזשאָינט־שליח דורכגעפירט דורך דער גמינע. דער דאָזאָר נטע מאָטיל האָט געלאָזט אַרויסהענגען אַ מודעה אין שול און אין בית־מדרש און געמאָלדן, אַז דער ערשטער צונויפקום פון די פאַרטיי־פאַרטרעטער וועט פאָרקומען מאָנטיק, אין זאַל פון דער גמינע.

שבת און זונטיק איז דאָס שטעטל געגאַנגען אויף רעדלעך. יעדע פאַרטיי, יעדעס קלייזל האָט זיך באַמיט דעלעגירן אין געפּלאַנטן קאָמיטעט זיינע בעסטע מענטשן, כדי אַזוי אַרום געווינען פּרעסטיזש ביים גאָסטינינער אי־דישן עולם.

דעם פאָרזיץ פון דער ערשטער פאַרזאַמלונג אין דער גמינע האָט געפירט דער דזשאָינט־שליח. די גמינע איז געווען פאַרטראָטן דורך נטע מאָטיל און הערשל אַלבערשטיין; די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט דעלעגירט אברהם־דוד קוטשינסקין און יעקל לינדערמאַנען; די פאָלקס־פאַרטיי, הגם קליין אין צאָל, האָט אויך צוגעשיקט צוויי פאַרטרעטער: וו. שאַפּראַן און דוד גליקסבערג; די אָרטאָדאָקסן: יצחק שטערן און שמואל־מאיר ברוזדאָוסקי; פון די פּועלי ציון: דוד לעווי און דער שרייבער פון די שורות. דער „בונד" האָט נישט געשיקט קיין פאַרטרעטער, ווייל צו יענער צייט האָט דער „בונד" זיך אָפּגעזאָגט פון יעדער בשותפותדיקער אַרבעט מיט דער גמינע. דער דזשאָינט־פאָרשטייער האָט פאַרלאַנגט, אַז אַלע אָנוועזנדיקע זאָלן זיך חתמנען אויף אַ דעקלאַראַציע, אַז יעדער איינער טראָגט די אַחריות פאַר דער גאַנצער אַרבעט פונעם קאָמיטעט. יצחק שטערן און הערשל אַלבערשטיין האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון געבן זייער חתימה, זיי זיינען פונדעסטוועגן געבליבן אין קאָ־מיטעט, ווייל אַלע אַנדערע האָבן גאַראַנטירט פאַר זייער אָרנטלעכקייט. אַזוי אַרום האָבן די פאַרטרעטער פון די גאָסטינינער אידישע פאַרטייען און גרו־פּירונגען קאָנסטיטואירט דעם נייעם הילפס־קאָמיטעט. מיטן וואַרשעווער שליח איז אָפּגערעדט געוואָרן, אַז כדי דער דזשאָינט זאָל וויסן אין וואָס פאַר אַ קוואַנטום מעל אויף מצות גאָסטינין נויטיקט זיך, זאָל דער קאָמיטעט אין משך פון צוויי וואָכן צושיקן קיין וואַרשע אַ נאָמענטלעכע ליסטע פון אַלע נויטבאַדערפטיקע.

מיט דריי טעג שפּעטער איז ביים רב פאָרגעקומען די צווייטע פאַרזאַמ־לונג פונעם קאָמיטעט. די ציוניסטן האָבן פאַר דער צייט צוריקגעצויגן זייער פאָרזיצער אברהם־דוד קוטשינסקי און אָנשטאָט אים דעלעגירט טוביה יאַ־

קובאָוויטש, וואָס איז ביי דער אידישער באַפעלקערונג געווען מער פּאָפּולער. נטע מאָטיל האָט געעפנט די זיצונג און פאָרגעשלאָגן מ׳זאָל אויסוויילן דעם רב פאַר דעם פערמאַנענטן פרעזעס פונעם קאָמיטעט. איך האָב אַרויסגע־שטעלט די קאַנדידאַטור פון טוביה יאַקובאָוויטש, ווי דעם פאַרטרעטער פון דער גרעסטער פאַרטיי אין גאָסטינין. יאַקובאָוויטש האָט זיך אָבער צוריק־געצויגן לטובת דעם רב. די פאַרטיי־פאַרטרעטער האָבן מיטגעבראַכט נאָמענ־טלעכע רשימות פון הילפס־באַדערפטיקטע. ס׳האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט, אַז די ליסטעס זיינען נישט געווען קיין אויסשעפּנדיקע. יעקב לינדערמאַן האָט פאָרגעשלאָגן, אַז מ׳זאָל שבת באַקאַנט מאַכן אין שול און אין בית־מדרש, אַז יעדער, וואָס מוז אָנקומען צו צדקה, זאָל זיך פאַרשרייבן אין דער גמינע, אָדער ביי איינעם פון די קאָמיטעט־מיטגלידער. דער פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרן מיט אַן אויסבעסערונג פון דוד לעווי, ס׳זאָל אין דער געשריבענער באַקאַנטמאַכונג בפירוש באַטאָנט ווערן, אַז ס׳האַנדלט זיך נישט אין צדקה אָדער קצבה, נאָר אין אַ מתנה, וואָס אונזערע ברידער פון אַמעריקע האָבן אונז געשיקט, און קיינער דאַרף זיך נישט שעמען קומען אָנגעבן זיין נאָמען און קריגן זיין חלק פון דער מתנה.

כדאַי צו פאַרצייכענען אַ כאַראַקטעריסטישן אינצידענט, וואָס איז פאָר־געקומען ביי דעם פּונקט, דער ערשטער פון אַ ריי שפּעטערדיקע רייבונגען און חילוקי־דעות אין דער געשיכטע פונעם הילפס־קאָמיטעט. דער פאָר־שטייער פון די אָרטאָדאָקסן, מאיר ברוזדאָווסקי האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן יעקב לינדערמאַנס פאָרשלאַג, מחמת „ס׳איז נישט שיין מ׳זאָל אָנווייזן דער גמינע ווי אַזוי צו שרייבן אַ מודעה און בכלל דאַרפן די יונגע אין קאָמיטעט זיצן און הערן און נישט וועלן זיין די טאָנגעבער”. דער דאָזאָר, נטע מאָטיל, האָט ברוזדאָווסקין איבערגעשלאָגן די רייד און אים אָנגעוויזן, אַז ער דאַרף זיך נישט אָננעמען פאַרן כבוד פון דער גמינע און דער עיקר, די הילפס־אַקציע קומט נישט פון דער קהילה און קיינער וועט אין קאָמיטעט נישט זיין מער מיוחס פונעם צווייטן. דוד לעווי האָט אויפגעפאָדערט דעם פאָרזיצער, ער זאָל אונטערשטרייכן, אַז אַלע פאַרטרעטער אין קאָמיטעט, אָן אונטערשיד פון עלטער, האָבן גלייכע רעכט און ער פאָדערט, אַז שמואל־מאיר ברוזדאָווסקי זאָל זיך אַנטשולדיקן פאַר זיינע באַליידיקנדיקע ווערטער לגבי די אינגערע קאָמיטעט־מיטגלידער. דער פאָרזיצער האָט פאַר שלום וועגן געפּרואווט מאַכן דעם אינצידענט צו קליין־געלט; ער האָט אָנגעוויזן, אַז

ס׳לוינט זיך נישט צו באַליידיקן אויב עמעצער כאַפּט זיך אַרויס מיט אַ וואָרט. סוף־כל־סוף ווילן אַלע טאָן אַ גוטע זאַך: יושרדיק פאַרטיילן די הילף פונעם דזשאָינט. ער האָט געבעטן דעם דאָזאָר באַזאָרגן די מודעה, כדי מ׳זאָל די צווייטע וואָך קענען אָפּשיקן די ליסטעס קיין וואַרשע. דערמיט האָט זיך די זיצונג געשלאָסן.

די עקזיסטענץ פונעם קאָמיטעט איז דערווייל באַקאַנט געוואָרן אין שטעטל אויך אָן דער מודעה. אַ סך זיינען ממש אויפגעריכט געוואָרן. פאַר־טרעטער פונעם קאָמיטעט זיינען געגאַנגען פון הויז צו הויז און פאַרשריבן די צאָל מיטגלידער פון דער פאַמיליע. ס׳האָט אויך געטראָפן, אַז אייניקע האָבן זיך פאַרשריבן ביי צוויי אָדער אַפילו מער קאָמיטעט־פאַרטרעטער.

## גרינדער, פאַרוואַלטונג און רעווידיר־קאָמיטעט פון דער גמילות־חסדים־קאַסע אין גאָסטינין




משה זיגער, י. מ. קרושנעווסקי, יעקב לינדערמאַן, ישראל־מאיר רוסאַק, אפרים מאַטיל, משה מאַטיל, בעריש זשיכלינסקי, משה מאָריטץ, טוביה יאַקובאָוויטש, בן־ציון קעללער, יעקב זשיכלינסקי, מ. ב. זאנדמאַן.

אין דער האָפענונג צו קריגן אַ טאָפּלטן חלק פון די צוגעזאָגטע פּראָדוקטן. יודל וואַסערטרעגערס ווייב, „פּאַטיע מיניע״, אַ אידענע אַ שם־דבר אין גאָסטינין, איז געקומען צום שרייבער פון די שורות מיט גאַנצע טענות וועגן יושר: „היתכן, וואו איז דער ווין אויף אַרבע כוסות! און פלייש, פיש און אַנדערע זאַכן?״ מ׳האָט איר געזאָגט, אַז אָט די אַלע זאַכן זיינען אין מיין רשות און מיט באַנומענע קולות האָט זי געפאָדערט איך זאָל עס איר גלייך געבן. עס זיינען אויך געווען פאַלן פון אויסבאָרגן קינדער, כדי צו קריגן אַ גרעסערן צוטייל פון מעל. אַזאַ סאָרט האַנדלען האָט זיך גענומען נישט אַזוי פון אומאָרענטלעכקייט, ווי פון דער שרעקלעכער נויט, וואָס האָט געהערשט אין שטעטל.

אין די פּאַרטייען האָט זיך אויך געטומלט. יעדע איינע האָט געזוכט צו שלאָגן פונעם ענין פּאַרטיי־קאַפּיטאַל און געוואָלט אַז איר ליסטע פון הילפס־באַדערפטיקע אויף פסח זאָל זיין גרעסער ווי די פון דער צווייטער פּאַרטיי. עס זיינען טאַקע געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך פאַרשריבן אויף דער ליסטע נישט דערפאַר ווייל זיי האָבן זיך גענויטיקט אין הילף, נאָר כדי צוליב־טאָן אַ געוויסן פּאַרטיי־מיוחס. עס האָבן זיך געשאַפן צדדים. מרדכי ברוך־מאָטלס, וואָס האָט תמיד געהאַלטן, אַז די גמינע איז גענוג און אַז „מ׳דאַרף נישט די פּאַרטייען מיט די יונגען, וואָס ווילן אַלץ פאַרכאַפּן און אומעטום זאָגן דעות״, האָט אין דער אָפּאָזיציע געשפּילט די ערשטע פידל; זיין הויפּט־קעגנער איז געווען חיים־לייב מאַסקאַל; ער האָט אַרויסגעשטעלט דעם אַרגומענט, אַז „מ׳האָט שוין געזען, וואָס ס׳איז געשען אין די פריער־דיקע יאָרן, ווען די שיינע בעלי־בתים האָבן פאַרטאַכלעוועט דאָס געלט פון דער קהילה און אָרעמעלייט האָבן געהאַט אַ קרענק צו עסן, אַפילו קיין קאַרטאָפל האָבן זיי נישט געגעבן״.

דער דאָזיקער קאַמף איז, ווי געווײנטלעך אין גאָסטינין, אָנגעגאַנגען אין פּראָגנט פון מאירל בוראַקס רעסטאָראַן, וואו ס׳פלעגן זיך פאַרזאַמלען די וואַסערטרעגער. דער ראש־המדברים איז געווען מענדל וואַסערטרעגער. ער האָט שוין יוצא געווען פאַר זיינע פאַך־חברים, בערל, יודל און גרשון; צום רומל פלעגן זיך צושאַרן לייבע זאַמד־פירער מיט זיין זון, אייזיק דער ווירזאָבניק, מרדכי סאָלמאַנאָוויטש האָט געפירט דאָס רעדל. ער פלעגט אַריינזאָגן מרדכי ברוכן, אַז „ס׳וועט אים גאָרנישט העלפן. די יונגע ווען דאָס מאָל געווינען מחמת זיי זיינען גערעכט״. דערביי פלעגט מרדכי סאָלמאַ־

באַוויטש זיך ווענדן דירעקט צו די וואָס זיינען אַרום אים געשטאַנען: „וואָסי, טוביה יאַקובאָוויטש פּאַסט דיר נישט? און יעקל לינדערמאַן איז דיר נישט צום כבוד? ער ברויך צו האָבן די מיוחסים, אונזערס איינער פּאַסט נישט פאַר אים!"

מרדכי ברוכס מאָטיל פלעגט אים נישט שולדיק בלייבן קיין ענטפער. ער פלעגט רעדן וועגן דער גמינע, אָט ווי ער וואָלט אַליין געווען אַ דאָזאָר און פלעגט אויספּשטלען: „די גמינע וואָלט פּעוונע געגעבן אַ מאַרק פאַר יעדן קאָפּ אין דער משפּחה. וואָס וואָלט עס ביי איר דען אויסגעמאַכט? אָבער אַז מ'וויל נישט די דאָזאָרעס זאָלן האָבן אַ דעה, ווילן זיי קיין געלט נישט געבן. און זינט ווען האָבן די ציוניסטן זיך גענומען זאָרגן פאַר אָרעמעלייט? גיט זיי נאָר פּאַלעסטינע, זיינען זיי אייך מוחל אַלץ מיטאַנאַנד".

ביי אַזאַ געזעמל פלעגט אָפּט זיך אַרויסרוקן אַ קליינוואוקסיקער פאַר־שוין, וואָס פלעגט ענטפערן אַלעמען; דאָס רעדן איז אים אָנגעקומען ביטער שווער, ער פלעגט זיך פאַרהיקען און מאַכן לאַנגע הפסקות צווישן איין וואָרט און אַ צווייטן, דאָס אָבער וואָס ער פלעגט זאָגן, איז תמיד געווען טרעפלעך, צו דער זאַך, אויסגעהאַלטן אין געדאַנק, און מ'פלעגט אים אויסהערן מיט געדולד. ער האָט פאַרמאָגט אַ פּעאיקייט צו איבערצייגן אַפילו אַ קעגנער, וואָס פלעגט מיט אים דיסקוטירן. באַזונדערס איז ער געווען ווי ביי זיך אינ־דערהיים, ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט אין פאַרטיידיקן אָרעמע, אַרבעטנדיקע מענטשן. זיין נאָמען איז געווען ווײַנשטיין. געשטאַמט האָט ער פון לאָדזש. ער האָט זיך אָבער געפילט אין גאָסטינין ווי אַ תושב. ער פלעגט ביי אָט די ווערטער־קאַמפן נישט דיסקוטירן דירעקט מיט מרדכי ברוכס, נאָר זיך ווענדן צום אַרומיקן עולם מיט דער פראַגע: „זינט ווען זאָרגט עס די גמינע פאַר אָרעמעלייט אין גאָסטינין? בראש פון דער גמינע שטייען דאָך לויטער גבירים, מענטשן וואָס פאַרמאָגן הייזער און גיטער, און זיי דאַרפן עס זיין די פאַרטרעטער פון די קבצנים, וואָס בויטיקן זיך אין הילף? דערמאָנט זיך נאָר ווי איז עס צוגעגאַנגען אין די פריערדיקע יאָרן! וואָס האָט די גמינע געטאָן פאַר די אָרעמע אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר? זאָרגן זיך עפּעס אַ סך די גבירים אין גאָסטינין וואָס אָרעמעלייט האָבן נישט די מעגלעכקייט צו קויפן אַפילו דאָס ביסל, מ'שטיינס געזאָגט, וואָס דער דייטש גיט אויף קאַרטן?" „מיר מוזן האָבן", פלעגט ווײַנשטיין מיט גרויס מי אַרויסציען פון זיך די ווערטער, „אונזערע פאַרטרעטער, וואָס זאָלן מיט יושר פאַרטיילן די הילף

לויט דער צאָל מיטגלידער אין אַ משפּחה. ווי שטייט דאָרט אין פּרק: 'אם אין אני לי מי לי', אָט אַזעלכע פאַרטרעטער אין קאָמיטעט דאַרפן זיי האָבן אויף זייערע ליסטעס. אויס מיט פאַרלאָזן זיך אויפן יושר פון די רייכע! מיר מוזן צולייגן אַ האַנט!"

ביי די ווערטער פלעגט וויינשטיין אַרויסנעמען פון בוזעם־קעשענע אַ ליסטע און ווייזן, אַז ס'זיינען שוין אויף איר אָנגעשריבן אַ צאָל פאַמיליעס און ער פלעגט אויפפאָדערן דעם עולם צוהערער זיך צו פאַרשרייבן אויף דער ליסטע און אָנגעבן די צאָל מיטגלידער פון זייערע משפּחות. אַז אַ גרשון וואַסערטרעגער פלעגט דערויף מעלדן, אַז ער האָט זיך שוין איינגעשריבן אויף דער ליסטע ביי בער גאָנשער און ליפּע פּלוצער, פלעגט וויינשטיין אים באַרואיקן, אַז ס'איז די זעלביקע ליסטע פון דער אַרבעטער־פּאַרטיי און גרשון פלעגט שוין זאָרגן, אַז זיין טאָכטער, וואָס האָט זיך נאָך נישט געהאַט פאַרשריבן אויף קיין ליסטע, זאָל זיך פאַרשרייבן ביי וויינשטיינען.

פאַרשטייט זיך, אַז די אַנדערע פּאַרטייען זיינען אויך נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט, זיי האָבן אויך געאַרבעט מעשים אַריינקריגן אויף זייערע ליסטעס אַ וואָס גרעסערע צאָל איינגעשריבענע. קרישנעווסקי פון די ציוניסטן האָט איינגעלייגט ווערלטן. זיין עיקר אַרגומענט איז געווען, אַז מיט די ציוניסטן גייען־מיט די חשובסטע בעלי־בתים אין גאָסטינין און דערפאַר דאַרפן די אָרעמעלייט זיך פאַרשרייבן בלויז ביי זיי. די ציוניסטן האָבן, קענטיק, גע־מאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען צו האָבן די גרעסטע צאָל נעמען. זיי האָבן אָבער זייער אַרבעט געפירט נישט מיט רעש, נאָר שטילערהייט, פון מענטש צו מענטש. ווי ס'האָט זיך אָבער שפּעטער אַרויסגעשטעלט, האָט די מאַסע געטרויט מער דער אַרבעטער־פּאַרטיי; ביי איר האָבן זיך פאַרשריבן די גרעסטע צאָל משפּחות, אין דער זיכערקייט, אַז די אַרבעטער־פּאַרטיי וועט פאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן בעסער ווי די אַנדערע.

די זיצונג פונעם קאָמיטעט, וואָס איז פאָרגעקומען מיטוואָך נאָך יענעם שבת, איז גלייך פון אָנהויב־אָן געווען אַ שטורמישע. די פּאַרטיי־פאַרטרעטער האָבן געמוזט עפענען די קאָרטן, אָנגעבן די צאָל משפּחות, וואָס האָבן זיך ביי זיי פאַרשריבן. אויף דער ליסטע פון דער גמינע האָבן זיך פאַרשריבן 25 משפּחות, אויף דער ליסטע פון דער אַרבעטער־פּאַרטיי, פּועלי־ציון —37 משפּחות, פון די ציוניסטן — 22, פון די פאָלקיסטן — 6 און פון די אָר־טאָדאָקסן בלויז 5. שמואל ברודזאָווסקי, דער פאַרטרעטער פון די אָרטאָדאָקסן,

האָט דאָס דערקלערט דערמיט, וואָס צווישן די פרומע אידן, שעמען זיך אַ סך אָנצוקומען נאָך הילף. אין סך־הכל איז די צאָל הילפס־באַדערפטיקע געווען ביי אַ הונדערט נפשות — פאַר אַזאַ שטעטל ווי גאָסטינין אַ גענוג־גרויסער פּראָצענט; אַ טייל פון די איינגעשריבענע האָבן אַפילו געהאַט אַרבעט, אָבער נישט גענוג פאַרדינט אויף חיונה.

דוד לעווי האָט פאָרגעשלאָגן, אַז דער קאָמיטעט זאָל אויסטיילן אַ קאָמיסיע פון דריי מיטגלידער, וואָס זאָלן טראָגן די אַחריות פאַר דער פאַרטיילונג פון געלט און מעל. טוביה יאָקובאָוויטש האָט איגנאָרירט דעם פאַרשלאַג און געשטעלט די פראַגע, ווער וועט אויסטיילן דאָס געלט און מעל, ווען ס׳וועט אָנקומען פון וואַרשע? די מערהייט קאָמיטעט־מיטגלידער האָבן זיך אַרויס־געזאָגט דערפאַר, אַז דער גאַנצער קאָמיטעט זאָל זיין באַטייליקט ביים פאַרטיילן די הילף. דער דאָזאָר נטע מאָטיל האָט אָנגעוויזן, אַז דאָס פאַרטיילן פון געלט און פון מעל, איז אַן אַרבעט וואָס פאָדערט צייט, דערפאַר זאָל מען בעסער אָנשטעלן צוויי מענטשן פאַר אַ געוויסן געהאַלט און מען זאָל אויסוויילן אַ קאָמיסיע וואָס זאָל קאָנטראָלירן די אַרבעט פון די אָנגעשטעלטע; ער האָט דערביי צוגעזאָגט, אַז דאָס געהאַלט פאַר די אָנגעשטעלטע וועט צאָלן די גמינע. מיט אַ מערהייט פון 8 צו 3, איז דעם דאָזאָרס פאָרשלאַג אָנגענומען געוואָרן. דער דאָזאָר האָט פאָרגעשלאָגן אָנצושטעלן פייוויש אונגער און יצחק וואָלף לאָמסקי. קיינער האָט נישט געהאַט אויסצוזעצן קעגן די צוויי פער־זאָן, און זיין פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרן.

מיטן אויסוויילן פון דער קאָנטראָל־קאָמיסיע איז עס צוגעגאַנגען אַ סך שווערער. יעדער פּאַרטיי האָט געוואָלט האָבן אירן אַ מענטשן אין דער קאָמיסיע. נטע מאָטיל האָט געמאַכט אַ פיינעם זשעסט. ער האָט אָנגעוויזן, אַז די קאָמיסיע דאַרף באַשטיין בלויז פון דריי, אָבער יעדער קאָמיטעט־מיט־גליד, וואָס וועט וועלן פרייוויליק מיטאַרבעטן מיט דער קאָמיסיע דאַרף צוגעלאָזט ווערן צו דער אַרבעט. דערוויילט געוואָרן זיינען: נטע מאָטיל, דער דאָזאָר, טוביה יאַקובאָוויטש און שלמה גאָסטינסקי.

דער רב, ווי דער פאָרזיצער פונעם קאָמיטעט, האָט אָנגעוויזן, אַז די זיצונג האָט אָפּגעטאָן אַ וויכטיקע אַרבעט, אָבער די קאָמיטעט־מיטגלידער דאַרפן נישט מיינען, אַז נאָכדעם ווי מ׳האָט אויסגעוויילט די קאָמיסיע פון דריי, זיינען זיי פּטור פון יעדער אַרבעט און ער האָט פאָרגעלייגט, אַז דער קאָמיטעט ווי אַ גאַנצער זאָל זיך מתחייב זיין צו טאָן יעדע מעגלעכע אַרבעט.

שאַפּראַן פון די פּאָלקיסטן האָט געשטעלט די פראַגע, צי דער קאָמיטעט וועט האָבן אַ ספּעציעלן סעקרעטאַר, אָדער די סעקרעטאַר־אַרבעט וועט אויס־פירן דער גמינע־סעקרעטאַר. דער דאָזאָר, נטע מאָטיל, האָט דערויף גע־ענטפערט, אַז די גמינע וועט זיך אונטערוואַרפן דעם באַשלוס פון דער מערהייט, ער מיינט אָבער אַז דער גמינע־סעקרעטאַר איז באַקאַנט מיט דער אַרבעט, און דער עיקר, מ׳וועט איינשפּאָרן איבעריקע הוצאות. לבסוף האָט דער קאָמיטעט אָנגענומען דעם פאָרשלאַג, וואָס ס׳האָט געמאַכט טוביה יאַקובאָוויטש: דער קאָמיטעט זאָל פון זיך אויסטיילן איינעם, וואָס זאָל פּראָטאָקאָלירן אַלע באַשלוסן פון דער קאָנטראָל־קאָמיסיע. ווי קאַנדידאַטן פאַר אַ סעקרעטאַר זיינען אַרויסגעשטעלט געוואָרן יעקל לינדערמאַן פון די ציוניסטן און דוד לעווי פון דער אַרבעטער־פּאַרטיי. פאַר דער אָפּשטימונג האָט דער פאַרטרעטער פון די אָרטאָדאָקסן, שמואל־מאיר ברודזאָווסקי אָפּ־געגעבן אַ דערקלערונג, אַז ער זעט נישט איין וואָס זיין גרופּע האָט נאָך צו טאָן אין קאָמיטעט, היות די גאַנצע אַרבעט ווערט קאָנטראָלירט פון די ציוניסטן. כדי אויסצומיידן סכסוכים, איז אויפן פאָרשלאַג פון די ציוניסטן דערוויילט געוואָרן ה. שאַפּראַן, ווי דער פאָרשטייער פון די קלענערע גרו־פּירונגען, ווי דער סעקרעטאַר פונעם קאָמיטעט.

דער פאָרשטייער פון די אָרטאָדאָקסן האָט אויף דער זעלבער זיצונג געפאָדערט, אַז מען זאָל צו דער ליסטע פון נויטבאַדערפטיקע צושטעלן אַ קיימא־לן פון 20 משפחות אָן נעמען. ס׳זיינען פאַראַן — האָט ער דערקלערט — אַזוי פיל פאַמיליעס, וואָס ווילן נישט קומען בעטן קיין הילף, אָבער מען דאַרף זיי געבן די הילף אויף דעם שטייגער פון מתן־בסתר. אָט דער פאָר־שלאַג האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם. מען האָט זיך געקאָכט און געזידלט און פאַרוואָרפן מיט אַרגומענטן און די געמיטער האָבן זיך צעהיצט.

די יונגע האָבן געזיגט. די גמינע האָט זיך געמוזט צוהערן צו דער שטים פון די פאַרטייען. דער טיפּ תקיף איז אַראָפּ פון דער געזעלשאַפטלעכער אַרענע.

דער קאָמיטעט האָט די הילף אויסגעטיילט אָן פּניות, אָביעקטיוו און אָרנטלעך.

די ערשטע דזשאָינט הילפס־אַקציע אין גאָסטינין האָט נישט בלויז גע־שטיצט די אָרעמעלייט, יורדים און קרבנות פון דער מלחמה, נאָר האָט אויך צעמענטירט און באַווירקט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין שטעטל.

גרשון יודקאָווסקי (ישראל)

# אונזערע יוגנט-פירער

אונזער גאָסטינינער אידישע יוגנט איז אין אַ היפשער מאָס געווען דורכ־גערדרונגען מיט די אידעאַלן פון ציון און אידישער אויפלעבונג אין ארץ־ישראל. די מערהייט האָט נישט געזען פאַר זיך קיין שום צוקונפט זיך אויס־צולעבן אין דער אייגענער היימשטאָט אָדער אין די שטעט און שטעטלעך פון פוילן, וואו דער רעגירונגס־רעזשים האָט אַלץ מער באַצוועקט צו באַ־שווערן דאָס לעבן פון די אידישע בירגער. די אידישע באַפעלקערונג אין גאָסטינין האָט סימפּאַטיזירט מיט דער ציוניסטישער יוגנט און האָט אויף אַלע אופנים געגעבן אַן אויסדרוק צו די דאָזיקע סימפּאַטיעס.

לאָמיר דעריבער דערמאָנען די מנהיגים פון אונזער יוגנט, וואָס האָבן איינגעפלאַנצט דעם הייליקן אידעאַל אין אירע הערצער. זיי האָבן מיט דעם פייער פון זייערע צעפלאַמטע נשמות אָנגעצונדן פונקען פון אידעאַליזם און איבערגעגעבנקייט אין יעדן יוגנטלעכן, וואָס איז געשטאַנען אין קרייז פון זייער השפעה. זיי האָבן געבויט אינסטיטוציעס אין שטאָט, אויפגעשטעלט אַ דור וואָס איז געווען גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר ציוניסטישע אידעאַלן. אַ דאַנק זייער טעטיקייט האָבן זיך אַ צאָל גאָסטינינער געראַטעוועט פון דעם לעצטן חורבן און האָבן, איינגלידערנדיק זיך אין דער מחנה פון חלוצים, פאַר־לאָזט די אַלטע היים און געקומען קיין ארץ־ישראל, צו בויען דאָס לאַנד און אַליין אויפגעבויט צו ווערן.

לאָמיר דערמאָנען דעם יוגנט־מנהיג י. מ. קרושנעווסקי ז״ל. ער איז געווען דער ריכטיקער פירער אין גאָסטינין. אַ מענטש וואָס האָט זיך נישט געיאָגט נאָך כבוד, אָבער יעדער איינער האָט פאַר אים געהאַט דעם גרעסטן דרך־ארץ. ער איז תמיד געווען געטריי און וואַכזאַם פאַר אונזער באַוועגונג און אַנטקעגן געטראָגן יעדן איינעם זיין הילף. ער האָט געשטרעבט אַליין צו קומען אין לאַנד — און נישט איינמאָל האָט ער פאַר די אידן אין גאָסטינין אויפגעקלערט, אַז קיין שום צוקונפט איז נישטאָ אין גלות. מיר העלפן נאָר — פלעגט ער זאָגן — אויפבויען פרעמדע לענדער, דאָרט פאַרווענדן מיר אונזער גאַנצע ענערגיע און פּאָטענצן — און אונזער

גאַנצער אייגנטום וועט אַריינפאַלן אין זייערע הענט. שוין צייט — האָט ער געזאָגט — זיך צו פאַרטראַכטן וועגן דעם אייגענעם גורל.

אין דער צייט ווען אַנדערע פון צווישן זיינע פריינט האָבן געשטרעבט, אַז זייערע קינדער זאָלן דערגרייכן „תכלית" אין לעבן, ווערן טיטולירטע פראָפעסיאָנאַלן — האָט ער שטאָלצירט מיט דעם פאַקט, אַז זיין זון איז אַן אַרבעטס־מענטש אין ארץ־ישראל, אַ מיליטער־מאַן און בירגער אין דעם לאַנד, וואָס וועט ווערן אַ זעלבסטשטענדיק אידיש לאַנד.

י. מ. קרושנעווסקי האָט נאָך מיט אַ צייט פריער פאָראויסגעזען דעם חורבן פונעם פוילישן אידנטום. יעדן יחיד האָט ער אַרויסגעהאָלפן עולה

## די אָנפירנדיקע יוגנט אויף אַלע געביטן — פון יאָר 1915 ביז 1920



זיצנדיק פון רעכטס צו לינקס: הערשל מאָריטץ, שלמה מאטיל, יעקב סארנע, מרדכי־ראובן מאסקאל, פייוויש ליכטנשטיין. :—: שטייענדיק פון רעכטס צו לינקס: (נאָמען נישט באַקאַנט), זלמן ברעסלער, יהושע דאמב, יהושע מאָטיל, יחיאל־יהושע פלוצער, שמואל קעללער, זיסקינד גאָלדמאַן, וואַסערמאַן, שמואל־ברוך האָדעס, שמחה גילמאַן.

צו זיין קיין ארץ־ישראל. ער איז פאַר אונז פאַרבליבן ווי אַ וועג־ווייזער און אַ זויבערער ציוניסטישער עסקן. זאָל זיין אָנדענק בלייבן פאַר אונז הייליק און טייער.

***

יעקב לינדערמאַן איז געווען אַ איד אַ בן־תורה. ער האָט פאַרמאָגט אַ גאָלדן האַרץ און אַ גרענעצלאָזע ליבשאַפט פאַר יעדן איד. ער האָט תמיד געהאַלטן לאַנגע און טיפזיניקע רעדעס און געוואָלט איבערצייגן, אַז דער ציוניזם איז אַ פאָלקס־באַוועגונג און אַן אויפגייענדיקער לעבנס־שטייגער. ער האָט געזען די וויכטיקייט פון דעם, אַז בראש פון אַלערליי אידישע אינ־סטיטוציעס, עקאָנאָמישע, קולטורעלע ווי אויך פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע זאָלן שטיין ציוניסטן. אַלע אָנשטרענגונגען פון פּוילישן אידנטום — אַריינ־גערעכנט דאָס גאָסטינינער — דאַרפן גיין אין דער ריכטונג צו צוגרייטן די יוגנט פאַר אַ נייעם לעבן אין אידישן לאַנד. ער האָט אַלע יאָרן געטרוימט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, אָבער ס׳איז אים נישט באַשערט געווען.

זאָל אונז בלייבן טייער זיין אָנדענק.

***

זיגער ז״ל האָט געשמט פאַר אַ מאַן מיט אַ ברייטן וויסן און פיקחות האָט פון אים אַרויסגעשפּרודלט. ער איז אָבער געווען אַ קעגנער פון אָנ־ווענדן טעראָר אין לאַנד. נישט איינמאָל האָט ער מודה געווען, אַז נאָר מיט געוועד וועט מען קענען אויסקעמפן אַ זעלבסטשטענדיקע ארץ־ישראל — און עס וועט קומען אַ תקופה פאַר אַ מאַסן־איינוואַנדערונג אין לאַנד.

זאָל בלייבן פאַראייביקט זיין אָנדענק.

***

גד זשיכלינסקי איז געווען אַ באַגאַבטער און דענקענדיקער מענטש. ער איז געווען אַ קעגנער פון קאָמפּראָמיסן. נאָר מיט כוח — האָט ער געהאַלטן — קען מען זיך אויסקעמפן אין לעבן אַ קיום. אין די רייפערע יאָרן האָט ער דורכגעמאַכט אַ שווערע קראַנקייט. ער האָט געשטרעבט אַרויסצוציען די יוגנט פון אַפּאַטיע און גלייכגילטיקייט. די יוגנט דאַרף זיך מקריב זיין פאַר דער נאַציאָנאַלער אומאָפּהעגיקייט אין ארץ־ישראל — נאָר אויף דעם וועג קען מען דערגרייכן אַ נצחון. ער האָט געטרוימט צו זיין אַקטיוו אין די

רייען פון דעם אונטערגרונד אין לאַנד — אָבער צום ציל איז אים נישט באַשערט געווען צו דערגיין. ער איז אומגעקומען מיט אַלע אונזערע קדושים.

***

זאָל אויך דאָ דערמאָנט ווערן אַ מענטש, וואָס איז געשטאַנען אין אַן אַנדערן לאַגער, האָט נישט געגלויבט אין ציוניסטישן דרך, ער איז אָבער געווען טיף־דורכגעדרונגען מיט ליבע צום אידישן פאָלק און צו זיין קולטור:

יעקב לייב פינטשעווסקי, אַ מאַן מיט צעשטראַלטע אויגן און פלינקע אָריגינעלע געדאַנקען. ער איז דערצויגן געוואָרן אין דער תקופה פון רעוואָלוציעס און איינגעאָטעמט אין זיך די טעאָריעס פון סאָציאַליזם — און געבליבן איז ער טריי דעם „בונד". טיילמאָל האָט ער איבערראַשט מיט זיין אייגנאַרטיקן געדאַנקען־גאַנג. ער האָט ליב געהאַט אידן אַזוי ווי זיי זיינען, מיט זייער גורל און געראַנגל. געווען אַ באַגייסטערטער חסיד פון אידישער פאָלקס־קולטור, פון אידיש לשון און אידישער ליטעראַטור.

ווי דער גאַנצער „בונד" אין פוילן, האָט ער מיט ברען פאַרטיידיקט דעם „דאָ", און געקעמפט און געהאָפט, אַז אידן וועלן באַקומען פולע רעכט פאַר לעבן, אַרבעט און פרנסה אין פוילן. ער איז געווען דער ערשטער קרבן ביי דער ליקווידאַציע פון די אידן אין גאָסטינין, און מיטגעמאַכט דעם טראַגישן גורל פון די אידן אין פוילן.

***

לאָמיר זיי אַלע געדענקען, די דאָזיקע אידעאַליסטישע יוגנט־פירער, וואָס האָבן געדינט ווי מוסטערן אין זייער איבערגעגעבנקייט פאַר אידישע אידעאַלן און וואָס האָבן געלערנט די אידישע יוגנט אין גאָסטינין צו לעבן אַ פול אידיש לעבן.

# די
# פועלי־ציון
# יוגנט
# אין
# גאָסטינין



שלמה צווייגהאַפט

**שלמה צווייגהאַפּט (ישראל)**

אונזער שטעטל גאָסטינין האָט געציילט ביי 400 אידישע משפחות, בערך אַ 15% פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, און האָט זיך אויסגעצייכנט אויף אַלע געביטן פון קולטורעלן, געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן. דער אַלטער דור איז נאָך איינגעלעבט געווען מיט די טראַדיציעס פון פריער־דיקע תקופות, שפּעטער געווען אונטערן איינפלוס פון גאון רבי יחיאל מאיר ליפשיץ ז״ל. עס רעדט זיך דאָ פון דער עפּאָכע פון פאַרן ערשטן וועלט־קריג. ווי אַזוי האָבן אידישע קינדער דעמאָלט באַקומען זייער גייסטיקע דערציאונג, און ווער זיינען עס דעמאָלט געווען די דערציער — די באַקאַנטע מלמדים, על פּי רוב אידן אָן פּעדאַגאָגישע קענטענישן, וואָס האָבן לשם פּרנסה געמוזט קנעלן מיט קינדער. און עס איז גוט באַקאַנט ביי וואָסערע באַדינגונגען קינדער פלעגן פאַרברענגען פון פרי ביז שפּעט אין אָוונט אין די אַזוי־גערופענע חדרים. דער חדר איז אויך געווען דער וואוין־אָרט פונעם מלמד מיט זיין משפחה, וואָס האָט טיילמאָל געציילט ביז 8־10 נפשות. און צוזאַמען מיט די חדר־אינגלעך האָבן זיי זיך געמוזט אויסלעבן על־פּי־רוב אין איין צימער. 10 שעה אין טאָג האָבן קינדער דאָרט פאַרברענגט, זומער אָן לופט און ווינטער אָן די געהעריקע ליכט — דאָרט האָבן זיי באַקומען זייער גייסטיקע דערציאונג. איך וויל דאָ דערמאָנען עטלעכע מלמדים, וואָס זיינען זיכער באַקאַנט ביי גאָסטינינער לאַנדסלייט, ווי לייביש טרעמסקי, לייזער מלמד מיט זיין זון יאָסל מלמד — דאָס מלמדות איז איבערגעגאַנגען בירושה פון פאָטער צו זון — אברהם מאיר פליישמאַן און לייבל ציזשיק.

און גאָר אַ נייעס איז געווען ווען דער באַקאַנטער לערער און דערציער

רבי יונה ברוך כץ האָט באַשלאָסן צו עפענען אַ מאָדערנע העברעאישע שולע אונטערן נאָמען „תורה ודעת", אָדער ווי מ'האָט עס דעמאָלט גערופן „חדר מתוקן". די שולע האָט שוין געהאַט אַן אַנדער צורה ווי אַ „חדר". צוויי גרויסע, ליכטיקע צימערן; יעדער תלמיד האָט געהאַט זיין שטענדיקן בענקל און נישט געטוישט זיין זיץ־אָרט אָן דעם לערערס דערלויבעניש. אין ווינקל פון יעדן צימער איז געשטאַנען אַ גרויסער שוואַרצער טאָוול מיט קרייד, ווי אויך אַ ספעציעלער אָרט פאַרן לערער — אַ קאַטעדרע. מ'האָט געלערנט שרייבן און לייענען עברית, דקדוק, תנ"ך און חשבון. די עלטערע תלמידים האָבן אויך געלערנט רוסיש און פויליש. חוץ דעם האָט מען דאָרט אויך געלערנט געזאַנג און ספאָרט. אַ גלאָק האָט צוואַויסן געגעבן די צייט פון אָנהויב און סוף פון די לערן־פויזעס. מיר פלעגן אָפט מאַכן שפּאַצירן אויסער די שטאָט, אין וואַלד (דיבאנקעס) און אין אַנדערע פלעצער און הנאָה געהאַט פון דער שיינער נאַטור און פראַכטפולע פייזאַזשן, מיט וועלכע גאָסטינין

## קאָמיטעט פון פועלי־ציון אין גאָסטינין (1932)



זיצנדיק פון רעכטס צו לינקס: **אפרים מאָטיל, שלמה צווייגהאַפט, פעסע איזביצקי, אלעזר פליישמאַן.**
שטייענדיק פון רעכטס צו לינקס: **גרשון מאָטיל און עזרא מאָטיל.**

האָט זיך אויסגעצייכנט. חנוכה און פּורים זיינען דורך די שילער איינגע־אָרדנט געוואָרן פאָרשטעלונגען. אין די נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע יום־טובים פלעגט דער לערער פאַר די תלמידים איבערגעבן דעם אינהאַלט פון די פייערונגען, אָבער גלייכצייטיק פלעגט ער דעם יום־טוב באַלייכטן נאַציאָנאַל, ציוניסטיש. ביי דער שולע איז אויך טעטיק געווען אַ קינדער־ביבליאָטעק אונטערן נאָמען „פּרח". די תלמידים האָבן פון דאָרט געליען ביכער צום לייענען.

אָבער אין אַ שיינעם טאָג האָט רבי ברוך כץ ליקווידירט די שולע, וואָס האָט זיך דערוואָרבן שוין אַזאַ גוטן נאָמען. ער איז אַריבער קיין קוטנע, באַקומענדיק דאָרט אַ לערער־פּאָסטן אין דער אידישער גימנאַזיע. די אויס־זעצונגען מצד די עלטערן און שילער האָבן גאָרנישט געקענט העלפן. בלית ברירה האָבן די שילער זיך פאַנאַנדערגעשפּרייט אין פאַרשידענע ריכטונגען. טייל זיינען ווידער אַריין אין די חדרים, אַנדערע אין די אַלגעמיינע, אידישע פאָלקס־שולן, און גאָר אַ גרויסער טייל איז אַריינגעטרעטן אין דער רעגירונגס־גימנאַזיע. ביז דאַן האָבן אידן אויסגעמיטן די גימנאַזיע, מחמת דעם וואָס מ'איז געצוואונגען געווען צו לערנען און שרייבן אין שבת. אָבער די צייטן האָבן זיך מיטאַמאָל געביטן, אַנדערע ווינטן האָבן אָנגעהויבן בלאָזן. די יוגנט האָט געלעכצט נאָך בילדונג. זייער פיל אידישע שילער זיינען אַריין אין דער גימנאַזיע. אין די נידעריקערע קלאַסן האָבן די אידישע שילער באַטראָפן 30־40 פּראָצענט.

דער לערער פון אידישער רעליגיע אין דער רעגירונגס־גימנאַזיע איז געווען פּראָפ. יעקב זרחין, וועלכער איז גלייכצייטיק אויך געווען דירעקטאָר פון די אידישע פאָלקס־שולן. פּראָפ. זרחין אַליין איז נישט געווען רעליגיעז, דערפאַר איז ער אָבער געווען אַ נאַציאָנאַלער איד, אַן איבערגעגעבענער ציוניסט. און פונקט ווי רבי כץ, אַזוי האָט ער אויך דערצויגן די אידישע שילער אין ציוניסטישן גייסט. צוזאַמען מיט רעליגיע האָט ער אויך גע־לערנט ציוניזם. די יום־טובים האָט ער באַלויכטן אין נאַציאָנאַלן גייסט, ציוניסטיש. אין די נאַציאָנאַלע פּוילישע פייערטעג, ווען די קריסטלעכע שילער האָבן דעמאָנסטרירט זייער יום־טוב פון אומאָפּהענגיקייט, פלעגט פּראָפ. זרחין פאַרזאַמלען די אידישע שילער אין דער סינאַגאָגע און פאַר זיי אויפקלערן — צוזאַמען מיט די ציוניסטישע עסקנים, ווי קרושניעווסקי, לינדערמאַן, יאַקובאָוויטש א. אַנד. — דעם זין פון יום־טוב און נישט פאַרזוימט

צו דערמאָנען און אונטערשטרייכן די אויפגאַבן, וואָס שטייען פאַרן אידישן פאָלק און זייערע שטרעבונגען פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייאונג אין אייגענעם לאַנד.

צוזאַמען מיטן נאַציאָנאַלן מאָמענט, וואָס האָט אָנגעהויבן אויפבליען ביי דער יוגנט און שילער, האָבן זיך אויך דערטראָגן די ערשטע שוואַלבן פון סאָציאַליסטישן געדאַנק. די שילער פון די העכערע קלאַסן, משה קליינ־באַרט און שלמה קראַנץ, וועלכע זיינען געווען אידייאיש נאָענט צום סאָציאַ־ליזם, זיינען פאַקטיש געווען די פּיאָנערן צו פאַרשפּרייטן דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק צווישן די אידישע שילער. זיי האָבן געשאַפן אַ קרייז צו באַקענען די יוגנטלעכע מיט דער געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אין די ראַמען פון אַ ספּאָרט־אָפּטיילונג, וואָס האָט געשפּילט פוטבאָל. געווען איז דאָס אין די לעצטע יאָרן פון ערשטן וועלט־קריג. מיט דעם באַלעם אין האַנט פלעגן מיר שילער שפּאַצירן צוויי מאָל אין וואָך אין וואַלד אַריין, צו די דיבאַנקעס, און מיט אינטערעס זיך צוהערן צו די לעקציעס פון קראַנץ און קליינבאַרט.

אונזער שילער־קרייז, וואָס האָט אין זיך איינגעזאַפּט די לערע פון ציוניזם דורך די לערער כץ און זרחין, האָט גלייכצייטיק אויך זיך באַקענט מיט דער אידיי פון סאָציאַליזם — און דער קרייז איז פאַקטיש געווען דער קערן פאַר דער שפּעטערדיקער פּועלי־ציון־באַוועגונג אין גאָסטינין.

מיט דער אַנטשטייאונג פון דער פּוילישער רעפּובליק, און גלייכצייטיק נאָכן פּאָגראָם אין יפו, ווען ס׳איז דערמאָרדעט געוואָרן יוסף חיים ברענער מיט זיינע חברים, האָבן אַ גרופּע סימפּאַטיקער פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל באַשלאָסן צו גרינדן אין גאָסטינין אַ פּועלי־ציון פּאַרטיי. די איניציאַטאָרן זיינען געווען: שמואל וואָלף פּינטשעווסקי, אברהם הערש מאָטיל, אליעזר פליישמאַן, אפרים מאָטיל, סענדער גערשט און יהושע מאָטיל. איך בין געווען פון די איינגעלאַדענע חברים צו דער פאַרזאַמלונג אין לאָקאַל פון דער „אַגודה״, אין הויז פון יצחק סאַרנע, אויף קוטנער גאַס. מיר זיינען געווען דער אַוואַנגאַרד צו ווערבירן נאָך חברים און צוגרייטן די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, וואָס איז שוין פאָרגעקומען פייערלעך אין אייגענעם לאָקאַל, אין הויז פון מענדל באַגנע, אויף אָלשאָווע 1.

ביז דער גרינדונג פון דער פּועלי־ציוניסטישער גרופּע איז אייגנטלעך קיין פּאַרטייאיש לעבן אין גאָסטינין נישט געווען. די גאַנצע געזעלשאַפט־

לעכע אַרבעט האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, אַרום דער י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק און שפּעטער אין אַ געוויסער מאָס אַרום די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. גאָסטינין האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אירע שיינע טראַדיציעס, וואָס האָבן אויך אין די יאָרן פון פונאַנדערגעשפּילטן פּאַרטייאישן קאַמף, באַווירקט אַלע שיכטן פון דער אידישער באַפעלקערונג און האָבן אָפּגעהיט די ריינקייט פון קעגנזייטיקע באַציאונגען.

די פּועלי־ציון האָבן אָנגעפירט אַן אינטענסיווע אַרבעט אויף אַלע געביטן. עס איז אַ סך געטאָן געוואָרן פאַרן קרן־קימת, קרן־היסוד לטובת דעם פאָנד פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. אין קאָמיטעט פאַר קולטור־אַרבעט האָבן פיגורירט: שמואל־וואָלף פינטשעווסקי, יהושע מאָטיל מיט זיין פרוי רוזשקע ראָזענבערג, פּראָפ. יצחק שאָר פון קוטנע, שלמה ניימאַן. מ׳האָט

## דער קאָמיטעט פון פּועלי־ציון אין גאָסטינין



זיצנדיק פון רעכטס צו לינקס: קרייצער, אלעזר פליישמאַן, שמואל־וואָלף פינטשעווסקי, אפרים מאטיל, דזשענציאָל.
שטייענדיק פון רעכטס צו לינקס: וואָווע מאַריטץ, קרייצער, שמעון־ראובן דזשענציאָל, (נאָמען נישט באַקאַנט), אברהם מיכאלסקי, שמולעק מאטיל.

געעפנט אָוונט־קורסן פאַר יוגנטלעכע, וואָס האָבן צוליב פאַרשידענע סיבות נישט באַזוכט קיין שולן.

אין שטאָט־ראַט און אין דער אידישער קהילה איז פּועלי־ציון געווען פאַרטרעטן דורך די חברים יהושע מאָטיל און סענדער גערש, וואָס האָבן ענערגיש פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון דער אידישער באַפעלקערונג.

די לעצטע יאָרן ערב דעם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה איז אין גאָסטינין געשאַפן געוואָרן אַן אָפּטיילונג פון „החלוץ" מיט אַ הכשרה־פּונקט פאַר 2 צענדליק חברים. זיי האָבן דאָרט באַקומען די צוגרייטונג פאַר קאָלעקטיווער אַרבעט און לעבן אין ארץ־ישראל. איינצלנע חברים פון דעם הכשרה־קיבוץ האָבן נאָך שווערע איבערלעבענישן, דורכמאַכנדיק די נאַצישע פאַרניכטונגס־לאַגערן און אויך דעם רוסישן גלות אין סיביר — ענדלעך געפונען דעם וועג צו דער באַפרייטער מדינת ישראל.

# „פרייהייט"
# און
# „רויטער סקויט"

**שמואל וואָלף פינטשעווסקי**



שמואל וואָלף פינטשעווסקי

1923. די יוגנט אין גאָסטינין איז געווען דעמאָלט באַהערשט פון „בונד" און פון די אַסימילאַטאָרישע קאָמוניסטן, וואָס גרופירן זיך צווישן דער יוגנט וואָס לערנט אין דער פוילישער גימנאַזיע.

ענדלעך געלינגט אַ קליינער צאָל יוגעלייט, וואָס זיינען דורכגעזאַפט מיט די אידעאַלן פון ציוניזם און דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם, דורכצוברעכן דעם אַנטי־ציוניסטישן איז, וואָס איז אונז געשטאַנען אין וועג. ביסלעכווייז האָבן מיר דערוואָרבן פאַר אונזערע אידייען נייע חברים. מיר האָבן געדונגען אַ קליינעם צימער, דאָרט האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אין די אָוונטן. מיר זיינען געווען אַקטיוו פאַר ציוניסטישע פאָנדן, אין וואַלן צום קאָנגרעס, און אַנדערע טעטיקייטן.

ביי דער גרינדונג פון „פרייהייט" אין פוילן, האָבן מיר זיך אַלע אָנגעשלאָסן אין דער פאַרטיי פועלי־ציון (צ. ס.). אויפן אָרט האָבן מיר געגרינדעט אַן אָפּטיילונג פון דער „פרייהייט" פאַר יונגערע קינדער. אין פאַרלויף פון דער צייט האָבן מיר אויך געגרינדעט דעם „רויטן סקויט". ווען עס האָבן זיך דערנענטערט די וואַלן צום שטאָט־ראַט האָבן מיר געהאַט די ערשטע געלעגנהייט עפנטלעך אַרויסצוטרעטן מיט אונזער וואָרט פאַר דעם אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל.

# קאָמוניסטישע יוגנט

ש. מאַקאָווסקי (בעלגיע)



שמואל מאַקאָווסקי

דער אָפּקלאַנג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט זיך אויך דערטראָגן צו אונז אין שטעטל. אַ טייל פון דער שטודירנדיקער יוגנט אין דער גאָסטיניבער גימנאַזיע בראש מיטן סטודענט קראַנץ, האָט אויף זיך גענומען די מיסיע צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַם פאַר דער לינק־אָריענטירטער יוגנט. יעדן שבת האָבן זיך אין די אַרומיקע וועלדער פון גאָסטינין פאַרזאַמלט קרייזלעך פון דער יוגנט, וואָס איז מערסטנטייל באַשטאַנען פון אָרעמען שטאַנד, וואָס האָבן אָבער אויך צוגעצויגן יחידים פון דער באַלעבאַטישער יוגנט.

מיט דער גרינדונג פון דעם פּראָפעסיאָנעלן נאָדל־פאַראיין, האָט זיך געשאַפן אַ לעגאַלע מעגלעכקייט פאַר עפנטלעכע עקאָנאָמישע און קולטורעלע אַרבעטן — איז דאָך די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין פּוילן געווען אומלעגאַל. אונטער דער אָנפירונג פון קאָמוניסטן איז אויסגעבראָכן אַ סטרייק ביי די שניידער, וואָס איז לרוב באַשטאַנען פון לערנאינגלעך. עס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן רעפעראַטן און לעקציעס איבער פּאָליטישע און ליטעראַרישע טעמעס מיט דיסקוסיעס. קעסטל־אָוונטן האָבן זיך פאַרצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט. מ׳האָט געזאַמלט געלט לטובת דעם אומלעגאַלן אינטערנאַציאָנאַלן רויטן הילפס־פאָנד, וואָס האָט געהאָלפן די קרבנות פון רעאַקציאָנערן פּוילישן רעזשים. — מאַקאָווסקי איז געווען סעקרעטאַר.

די יוגנטלעכע וואָס האָבן געגלויבט אין רעוואָלוציע זיינען געווען אידעאַליסטן. זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין פון דער פּוילישער מאַכט, פון דער פּאָליציי, און נישט ווייניקער, פון דער נאַאיווער היימישער קליינשטעטלדיקייט,

וואָס האָט נישט געקענט פאַרטראָגן די חוצפּה פון אידישע בחורים און מייד־לעך ווידערצושפּעניקן מלכות, זאָל עס אַפילו זיין אַנטיסעמיטיש און רעאַק־ציאָנער.

די פרייהייטלעכע געדאַנקען האָבן אָבער דאָך אַרומגענומען אויך אַ טייל פון דער גאָסטינינער אידישער יוגנט.

## דער קאָמיטעט פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין אין גאָסטינין



זיצן פון רעכטס צו לינקס: ליבע מיכאַלסקי, יהושע אַפּעלאַס, הערש מאַרקאָוויטש.
שטייען פון רעכטס צו לינקס: פלוצער, זייבקאָוויטש, ניסינאָוויטש, ראַב נאָוויטש, חיה אָסטע.



ראָוז שושנה

# די פּרינצעסין, גאָסטינין

ראָוז שושנה

אין הייליקן אָנדענק פון מיין מאַמען, הינדע בראַוואַרסקאַ־מאָזער, וואָס איז אומגעקומען פון די היטלער־מערדער.

מיין מאַמע איז יאָרן־לאַנג געווען אַן אלמנה, נישט געוואָלט אַ צווייט מאָל חתונה האָבן; אָפּגעפּינצטערט איינע אַליין אירע יונגע יאָרן, ווייל זי האָט נישט געוואָלט אונז, פּיצלעך קינדער, געבן אַ שטיף־טאַטן.

ערשט ווען איך האָב ווי גאָר אַ יונג מיידל זיך געקליבן חתונה האָבן מיטן רעדאַקטאָר לאַזאַר קאַהאַן, הי״ד, האָט מיין מאַמע חתונה געהאַט פאַר אַ גאָסטינינער תושב, און איז געוואָרן אַ גאָסטינינערין. אַזוי אַרום בין איך געוואָרן פאַרבונדן מיט גאָסטינין.

איך האָב זייער ליב געקראָגן אָט די שיינע, ריינע שטאָט גאָסטינין. איך געדענק ביז היינט צו טאָג אַזוי גענוי דעם אָנגענעמען און שטאַרקן איינדרוק, וואָס די שטאָט האָט אויף מיר געמאַכט, ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל געקומען קיין גאָסטינין. די ריינקייט אין די הייזער און אין די גאַסן, די שיין־אָנגעטאָנענע פרויען. גאָר אַנדערש ווי אין אַנדערע פּראָווינץ־שטעטלעך. עפּעס ווי אַ בת־מלכה, ווי אַ פּרינצעסין, האָט גאָסטינין אויסגעזען אין מיינע אויגן. און אַז איך האָב אָנגעהויבן אָפטער צו קומען אַהין האָב איך זיך איבערצייגט, אַז איך האָב קיין טעות נישט געהאַט, אַז דער ערשטער איינדרוק מיינער איז געווען אַ ריכטיקער.

גאָסטינין איז געווען אַ סך אינטעליגענטער ווי אַ סך אַנדערע אידישע שטעטלעך פון דער זעלבער גרויס אין דעמאָלטיקן פּוילן.

אפשר איז עס געווען דערפֿאַר, וואָס אין גאָסטינין איז געווען אַ גימנאַזיע און אַן אָפֿיצירן־שולע. די שטאָט איז פֿול געווען מיט סטודענטן פֿון די אַרומיקע שטעטלעך, און אַפֿילו פֿון גרעסערע שטעט. קיין גאָסטינין זיינען געקומען סטודענטן שטודירן אין גימנאַזיע, ווייל דאָרט איז געווען לייכטער זיך אַריינצוקריגן, ווי עס איז געווען אין אַנדערע גרעסערע שטעט.

האָט טאַקע גאָסטינין אויך געצויגן אַביסל חיונה פֿון אָט די סטודענטן. מען האָט זיי געהאַלטן אויף קוואַרטיר, געקאָכט פֿאַר זיי עסן, און דערביי אַליין דערווייל אויך אָפּגעגעסן אַ מיטאָג.



פֿון רעכטס: ראָוז שושנה, איר שוועסטער חוה ברעסלער (אומגעקומען), איר מאַמע הינדע מאַזער פֿון גאָסטינין, איר באָבע חנה יאַקובאָוויטש און איר ברודער פֿיליפּ

אָט זע איך זי די גרויסע גימנאַזיע אויף קוטנער גאַס. אַ געביידע וואָס וואָלט זיך נישט געשעמט צו שטיין אין דער גרעסטער שטאָט פֿון פּוילן. די קוטנער גאַס האָט געקענט אַ סך דערציילן, ווייל זי האָט זיך געצויגן העט ווייט אַוועק אונטער דער שטאָט, וואו זי איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שאָסיי, אַרומגענומען פֿון ביידע זייטן מיט געדיכטע ביימער, וועלכע האָבן פֿאַרשטעלט מיט זיך די טיפֿקייט פֿון וואַלד, אין וועלכן די יוגנט האָט ליב געהאַט אָפֿט צו שפּאַצירן.

ווי ראָמאַנטיש און שיין האָט אויסגעזען אָט דער קוטנער שאָסיי אין אַ שבת נאָכמיטאָג, ווען דאָס יונגוואַרג פֿון שטעטל האָט זיך אַרויסגעלאָזן

אויפן שפּאַציר. דער גאָסטינינער וואַלד וואָלט געקענט אַ סך דערציילן וועגן די דיסקוסיעס, וואָס האָבן זיך דאָרט געפירט, און וועגן גליקלעכע און אומ־גליקלעכע ליבעס. מען איז געווען יונג, יונג אין געפיל, און דאָך איינגעבויגן אונטער דעם עול פון ערנסטקייט. די אַמאָליקע יוגנט — און די גאָסטינינער אַריינגערעכנט — איז געווען פול מיט פליכטן און אויפגאַבן; מען איז ניט געווען אַזוי זאָרגלאָז ווי די היינטיקע יוגנט.

די שפּאַצירן אויפן „הור־ההר״ באַרג, די לאַנגע שוואַרצע טאָרף־פעלדער, די פיר־עקיק־געשניטענע שטיקלעך טאָרף (באַהייצונג־מאַטעריאַל, מיט וועלכן מען פלעגט הייצן די אויוונס), וואָס זיינען געלעגן אויסגעשפּרייט אויף די פעלדער צום טריקענען — באַגלייטן מיך אומאויפהערלעך, ווען איך דערמאָן זיך אין גאָסטינין.

אָט זע איך זי, די טעמפּעראַמענטפולע יוגנט, בעתן פירן דיסקוסיעס וועגן טעאַטער און וועגן אַנדערע פּראָבלעמען.

אָט זע איך זיי, די פרומע אידן, בעת פירן היציקע וויכוחים וועגן פּאָליטיק, ווען זיי זיינען אין אַ ברייטער ריי, שבת נאָכן דאַווענען, געגאַנגען אויפן ברייטן מאַרק־פּלאַץ.

איך זע זי, די גרויסע, שיינע, שטאָלצע שול... איך זע זיי די שיינע, שטאָלצע אידן.

איך זע פּאַר מיינע אויגן די גאָסטינינער אַמאַטאָרן, וואָס האָבן ליב געהאַט טעאַטער מער פון זייער לעבן, וואָס האָבן זיך מוסר־נפש געווען פּאַר קונסט, פאַנאַטיקער פון אידיש טעאַטער...

אידיש טעאַטער איז ביי זיי געווען ווי לופט, ווי שפּייז, אָן וועלכע מען קען נישט עקזיסטירן. זיי האָבן אומדערמידלעך געאַרבעט איבער זיך, רעפּע־טירט, שטודירט און געשפּילט טעאַטער. און פיין געשפּילט! דאָס איז געווען די בעסטע אַמאַטאָרן טרופּע פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך און וואָס האָבן זיי דען נישט געשפּילט? אַלץ פון דער בעסערער ליטעראַטור, ווי: טשירי־קאָווס „אידן״, אַנ־סקיס „דיבוק״, קאָברינס „יאַנקל בוילע״, איבסענס „גייס־טער״, פּשיבישעווסקיס „שניי״, שלום אַשס „מיטן שטראָם״, יעקב גאָרדינס „גאָט, מענטש און טייוול״.

און האָבן זיי נאָר דערשמעקט, אַז אַ פּראָפעסיאָנעלער שוישפּילער געפינט זיך ערגעץ אין דער נאָענט, האָבן זיי זיך געלייגט אין דער לענג

און אין דער ברייט און ער האָט געמוזט זיך אונטערגעבן און ביי זיי אויפ־טרעטן.

האָבן זיי זיך טאַקע אַמאָל דערוואוסט, אַז איך בין געקומען צו גאַסט צו מיין מאַמען, זיינען געקומען צו לויפן דעלעגאַציעס, אַז איך מוז מיט זיי שפּילן. עס האָט נישט געהאָלפן מיין ענטפער, אַז איך בין נאָר געקומען אויף אַ קורצע צייט, זיי האָבן מיך און זיך באַלד איינגעשפּאַנט אין דער אַרבעט.

אָט זע איך פאַר מיר אַדאַם דאָמב, וועלכער האָט געהאַט אין גאָסטינין אַ פאָטאָגראַפישע סטודיאָ, וואָס האָט מער געדינט פאַר אַ זאַמלפּונקט פאַר די אַמאַטאָרן ווי פאַר אַ מקור פון פרנסה.

אָט קומט אַריין אַ קונה, וויל זיך פאָטאָגראַפירן, אָבער דאָמב האָט נישט קיין צייט, ער מוז צוערשט פאַר אונז ענדיקן זיין דעקלאַמירן.

ווען איך האָב אין גאָסטינין אויפגעפירט מיט דער אַמאַטאָרן גרופּע, „גאברי און די פרויען" פון פינסקין, האָט ער געשפּילט מיט מיר די מענער הויפּט־ראָלע. און שפּעטער איז טאַקע דער אַדאַם דאָמב געוואָרן אַ פּראָ־פעסיאָנעלער אַקטיאָר. ער האָט אַוועקגעוואָרפן די פאָטאָגראַפישע סטודיאָ, וואָס האָט אים געגעבן גוט פּרנסה און איז אַריינגעטראָטן אין „וויקט" (וואַר־שעווער אידישער קונסט־טעאַטער) און שפּעטער אין דער „ווילנער טרופּע".

אוןָ אָט זע איך די רייצנד־שיינע פּעלאַ סאַרנאָ, און זאַנדמאַן, און קעלער, און יעקב לייב מאָטיל, און שלמה גאָסטינסקי, אַלע, אַלע האָבן געאַרבעט פאַר דער פאָרשטעלונג מיט לייב און לעבן. ווער אויף דער בינע און ווער פאַר דער בינע.

נו, און יעקב גאָסטינסקי, וואָס האָט ער נישט געטאָן פאַרן וואויל פון טעאַטער, און אַלע אַנדערע, וואָס זייערע נעמען איך געדענק נישט און וואָס האָבן גאָר אַ סך בייגעשטייערט צו אַנטוויקלען דעם געשמאַק פאַר דעם בעסערן אידישן טעאַטער אין גאָסטינין און די אַרומיקע שטעט, וואו זיי זיינען אויפגעטראָטן.

אָט זע איך דאָס טעאַטער, די פייער־לעשער־רעמיזע אויף דער גאָמבינער גאַס, נישט ווייט פון דער שול, אַ סטראַזשאַצקע בודע, זייער פּרימיטיוו, אָבער די ליבע אידן האָבן געשטראָמט אַהין מאַסנוויז צו די אידישע פאָרשטעלונגען.

ווען איך בין אַ צווייט מאָל געקומען צו גאַסט קיין גאָסטינין און דאָרט האָט דאַן אויך געווײלט אויף וואַקאַציע דער באַרימטער זינגער־שוישפּילער,

יעקב קעלטער, נו, וועלן די גאָסטינינער איינגעשפּאַרטע עקשנים־אַמאַטאָרן אַדורכלאָזן אַזאַ געלעגנהייט? האָט מען אונז בײדן איינגעשפּאַנט... און אָפּזאָגן זיי, די ליבע האַרציקע גאָסטינינער, האָט מען נישט געקענט... האָבן מיר געשפּילט אייניקע איינאַקטערס (פאַרשטייט זיך, אָן האָנאָראַר). און ווידער האָבן זיי זיך אויסגעצייכנט, סיי מיטן שפּילן און סיי מיט זייער איבערגעבנקייט און ליבע צו דער גאַנצער אונטערנעמונג.

און אָט זע איך ווידער פאַר מיר די ליבע חנה באַגנא, שמואל קעלער און אַנדערע אין מאַרק אָרנשטיינס „דאָס אייביקע ליד" און אין פּרצס „נאָך קבורה", וואָס מיר האָבן דעמאָלט געשפּילט.

און נישט בלויז אויפן געביט פון טעאַטער איז די גאָסטינינער יוגנט געווען טעטיק, נאָר אויך אויף אַנדערע קולטורעל־געזעלשאַפטלעכע געביטן.

עס געדענקט זיך זייער גוט די האַרציקייט פון די גאָסטינינער אידן אויך צו די וואָרט־זאָגער פון פּוילישן אידנטום. זיי האָבן זיך מיט כבוד באַצויגן צו די חשובע רעפערענטן, וואָס זיי האָבן אַראָפּגעבראַכט פון וואַרשע און פון לאָדזש. אויך מיין מאַן, דער פאַרשטאָרבענער רעדאַקטאָר לאַזאַר קאַהאַן, איז געווען צווישן די, וואָס זיינען געקומען קיין גאָסטינין מיט אַ פאָרלעזונג. ווי הונגעריק זיינען זיי געווען נאָך וועלטלעך וויסן, געשלונגען האָבן זיי וועגן סטרינדבערגן און זיין שאַפן, וואָס מיין מאַן האָט גערעדט וועגן אים.

געבליבן זיינען נאָר זכרונות...

יצחק זאַנדמאַן (ישראל)

# גאָסטינינער אידן

טיילמאָל דוכט זיך, אַז עס איז בכלל קיין נעכטן נישט געווען. דו האָסט נישט געהאַט קיינמאָל קיין טאַטע־מאַמע, נישט קיין שוועסטער און ברידער, פרוי און קינדער, פריינט און באַקאַנטע — עס דוכט זיך דיר, אַז דו ביזט גאָר פון אַ שטיין געבוירן...

אָט טרעט איך אויף דער גאָסטינינער ערד צוריק. אַ קאַלטקייט האָט מיך אַרומגענומען, אַ שוידער: קיינער איז נישט פאַרבליבן, אַלעמען האָט דער מערדער פאַרטיליקט. און אַ בענקשאַפט נעמט דיך אַרום צו דעם אַמאָל. דו זעסט זיי די מענטשן, די קראָמען, די הייזער, די היימען און עס ווילט זיך פאַראייביקן יעדע שטימע און יעדן ניואַנס. עס קומט מיר אַנטקעגן דאָס פריילעכע געלעכטער פון קינדער, די זאָרג פון דעם טאַטן, וואָס מוסרט מיט ליבע זיינע קינדער, דאָס צאַרטע פליסטערן פון אַ פאַרליבט פאָרל; איך וואָלט פאַראייביקט דעם קרעכץ פון אַ קראַנקן, דאָס געוויין פון אומגליקלעכע, דעם נאָגעודיקן ניגון ביים לערנען אַ בלאַט גמרא, אָדער אַ קאַפּיטל תנ״ך.

**
*

ס'איז דאָס יאָר 1946, נאָכן אָנקומען צוריק קיין גאָסטינין. קיינעם, קיינעם האָב איך נישט געטראָפן. און מיין אויער האָט נישט פאַרנומען קיין אידישן קלאַנג, נישט אויפגעכאַפּט קיין היימישע שטים.

אָט איז דער וואָקזאַל — דער זעלבער אויסזען ווי פריער. נישט געענדערט איז אויך די באַן־גאַס. אָבער אויף דער גאָמבינער גאַס האָב איך באַלד פאַר זיך דערזען די גרויזאַמע ווירקלעכקייט. נישטאָ קיין זכר פון אַ אידיש לעבן אין גאָסטינין. אָפּגעמעקט איז דער בית־המדרש, דאָס שטיבל, נישטאָ די שול, דאָס הויז פון רב, די גמינע, די מקווה.

גיי איך אַזוי פאַרטיפט אין מיינע רעיונות און קלאָג אין זיך אויף דעם גרויזאַמען חורבן. אָט דאָ איז געווען אונזער בית־המדרש.

## דער בית־המדרש

אַ גרויסער, הילצערנער בנין מיט גרויסע פענסטער, וואָס קוקן אַרויס צו דער גאָמבינער גאַס. אינעווייניק זיינען צעשטעלט לאַנגע טישן מיט נאָך לענגערע בענק, און אַנטקעגן דעם אַ וואַנט־שאַנק מיט ספרים. אויף דער מזרח־וואַנט שטייט דער באַלעמער — און עטלעכע טרעפּן פירן דיך צום ארון־קודש. אין סאַמע מיטן פון בית־המדרש זעט זיך אָן דער אויפרוף־טיש מיט צוויי זייטן טרעפּן פאַר די אַרויפגייער און אַראָפּגייער. אויף דעם אויף־רוף־טיש האָט מען מכבד געווען די מתפללים מיט עליות צו דער תורה. אויף דעם־אָ אָרט האָט אויך דער רב געהאַלטן זיינע דרשות ראש־השנה פאַרן בלאָזן שופר און שבת־שובה. דורכרייזנדיקע מגידים האָבן אויך פון דעם טיש מהנה געווען די הערצער פון די בית־המדרש־אידן מיט חריפות־דיקע דרשות און גערופן די מתפללים צו תשובה. פון דעם אָרט האָט מען אויך געהערט רעדעס וועגן דער אויפלעבונג פון ציון. עס האָבן זיך פון דאַנען געטראָגן די פּראָטעסטן קעגן דער וועלט פאַר די אידישע צרות און ליידן, הספדים נאָך גדולי התורה והאומה.

דער נישט־געקרויניגטער הערשער איבערן בית־המדרש איז געווען מיכאל בער (פּלוצער) דער שמש. אַביסל העכער פון מיטעלן וואוקס האָט ער גע־האַט אַ לאַנגע ווייסע באָרד. זיינע אויגן זיינען געווען באַוואָקסן מיט גע־דיכטע, בייז־שוואַרצלעכע ברעמען. ער האָט דאָס געעפנט און פאַרשלאָסן דעם בית־המדרש. אויף זיין באַפעל — מיט אַ קלאַפּ אין באַלעמער — האָט מען אָנגעהויבן דאַווענען. אויף דעם רוף פון שמש — ווידער מיט אַ קלאַפּ אין באַלעמער — האָט דער בעל־תפילה געלאָזט הערן זיין שטימע. ער האָט אויפגערופן צו קריאת־התורה, און אַליין איינגעקאַסירט די נדרים.

טראָץ זיין שטרענגן בליק, וואָס פלעגט טיילמאָל אָנוואַרפן אַ שרעק אויף קינדער, איז ער גראָד געווען מילד אין כאַראַקטער, געשפּילט זיך מיט קינדער און דערציילט פאַר זיי לוסטיקע מעשהלעך. נישט איינמאָל פלעגט ער מיך דערמאָנען, אַז אַ דאַנק אים האָט מען מיך געמאַכט פאַר אַ אידן אין דער ריכטיקער צייט — אויפן אַכטן טאָג. און ער האָט מיר דערציילט אַלע פּרטים וועגן דעם: איך בין געבוירן געוואָרן אַ שוואַך און דאַר נפשל. „פאַכמענער" האָבן געעצהט אַז מען זאָל צוואַרטן מיטן ברית ביז איך וועל אין זיך איינזאַמלען מער כוחות. מיכאל בער, דער שמש ז"ל, האָט

אָבער אַ זאָג געטאָן באַפּעלעריש: שניידט! ער וועט זיין אַ יונג מיט ביינער... און כך הוה.

אויף דער גאַס אַרויס האָט זיך געלאָזט הערן דורך די ווענט פון בית־המדרש דער גמרא־ניגון פון די בחורים, הגם די לעצטע יאָרן איז זייער צאָל נישט געווען גרויס. אָבער שטענדיק האָבן זיך געפונען לערנער, וואָס האָבן געזאָרגט אַז דער קול פון תורה זאָל געהערט ווערן.

פונקט אַנטקעגן דעם אַריינגאַנג פון בית־המדרש איז געווען די וואוי־נונג פון רב. דאָס ערשטע צימער פון דער וואוינונג האָט געדינט ווי דאָס בית־דין־שטוב.

ר׳ יצחק מאיר באָרנשטיין ז״ל איז געווען דער לעצטער רב אין גאָס־טינין. פון מיטעלן וואוקס איז ער געווען, אַביסל אַ פולער מיט אַ שיינער טונקל־ברייטער באָרד דורכגעוואָרפן מיט זילבערנע האָר.ביים גיין אין גאַס האָט ער געטראָגן מיט זיך אַ טונקל־ברוינעם שטעקן מיט אַ ווייס־מעטאַלן הענטל.

אַז דער רב האָט מספּיד געווען אין שול־הויף אָנגעזעענע נפטרים האָט ער צענומען די הערצער פון די פאַראָבלטע אידן, טרערן האָבן זיך געגאָסן פון אַלעמענס אויגן. ווען דער רב האָט געדאַוונט אַלס שליח־ציבור די ימים־נוראים זיינען זיך צעגאַנגען די הערצער ביי די מתפללים.

זיינע זין, משה מרדכי און גדליהו האָבן אים באַגלייט ווי משוררים ביים דאַווענען. גדליהו האָט פאַרמאָגט מוזיקאַלישע פעאיקייטן. משה מרדכי האָט אין גאָסטינין זיך נישט איינגעהאַלטן, געשטרעבט זיך אויסצולעבן אין די גרעסערע שטעט.

דעם רבס טעכטער, חנה און גיטל,ביידע זיינען געווען ברונעטינס און ביז גאָר באַחנט — איינע האָט חתונה געהאַט מיט פאַלעק לאַנדבערג, רע־דאַקטאָר פון פּועלי אגודת ישראל אָרגאַן, און איינער פון די הויפּט־פירער. דעם רבס טעכטער פלעגן אַרויסרופן אַ פאַרבענקטן זיפץ ביי די חסידישע בחורים אין חסידים־שטיבל, וואָס האָט אָפּגעטיילט דעם רבס וואוינונג. דאָס זינגען און לאַכן פון רבס טעכטער האָבן זיך אָפט אויסגעמישט מיטן ניגון פון די לערנער.

## דאָס שטיבל

אַזוי ווי אין אַלע שטעט און שטעטלעך אין פוילן, איז אויך אין גאָסטי־נין דער אידישער קיבוץ געווען געטיילט אין שאַטירונגען. עס האָבן זיך

גרופּירט באַזונדער אגודה־לייט און פּועלי־אגודה און אַפילו מער עקסטרעם רעליגיעזע. מיר האָבן דאָ פאַרמאָגט ציוניסטן פון אַלע מינים. בונדיסטן, פֿאָלקיסטן און אַפילו ק,אָמוניסטן. עס האָבן אויך נישט געפעלט אַסימילאַ־טאָרן און סתם אידן פון אַ גאַנץ יאָר. אָבער דער האַרבער אידישער גורל האָט אַלעמען פאַראייניקט. די פאַרשידענע גזירות פון דער פּוילישער מאַכט האָט אַלעמען וויי געטאָן און די געפאַר איז געהאַנגען אָן אונטערשיד איבער אַלעמענס קעפּ.

דאָס שטיבל איז געווען די נאַטירלעכע פעסטונג פון די חסידישע קרייזן. אין דער גרעסטער מערהייט האָבן זיי אונטערשטיצט די רעליגיעזע פּאַרטיי פון אַגודת־ישראל. צווישן די חסידים זיינען אויך געווען אָנהענגער פון „מזרחי". אַ טייל פון דער יוגנט האָט באַהאַלטענערהייט סימפּאַטיזירט מיט די ראַדיקאַל־סאָציאַליסטישע באַוועגונגען. אין שטיבל זיינען אַלע געווען חסידים, געדאַוונט אין נוסח — אָבער זיי זיינען נישט געווען געאייניקט ביים פאָרן צום רבין. יעדע גרופּע האָט פאַרהערלעכט איר רבין צו וועלכן זי פלעגט פאָרן נאָך אַן עצה און ברכה. פאַר דעם רבונו־של־עולם זיינען זיי אַלע געווען איין מחנה. אין שטיבל האָבן געדאַוונט צוזאַמען גערער און אַלעקסאַנדרער חסידים, סאָכאַטשאָווער און סקערנעוויצער, סטריקאָווער און אָסטראָווצער.

שבת צו שחרית האָבן די גערער חסידים געדאַוונט אין צוויי מנינים: זיבן דרייסיק אינדערפרי און צען אַזייגער.

דער אַריינגאַנג צום שטיבל האָט זיך פאַרנומען דורך דעם פאָדערהויז מיט דער פאָדלאָגע פון צעמענט. אין פאָדערהויז איז די רעכטע טיר געעפנט געוואָרן אין בית־המדרש אַריין — און די לינקע טיר האָט געפירט צום רבס וואוינונג.

האַרט ביי אַריינגאַנג אין שטיבל איז געשטאַנען אַ לייטער. אויף אָט דעם לייטער האָט מען זיך געקענט אַרויפכאַפּן צום בוידעם.

אַריינקומענדיק אין שטיבל איז אין דער רעכטער זייט געשטאַנען אַ גרויסע פאַס מיט וואַסער פאַר נטילת־ידים מיט אַ לאַנגן הענגענדיקן האַנטוך, תמיד נאַס פון ווישן די הענט. ביים פאַס איז אויך געשטאַנען אַ קליין שעפעלע, וואָס האָט אין זיך איינגעזאַמלט דאָס אומריינע וואַסער ביים שווענקען די הענט. און זעקס מאָל האָט יעדער איינער באַדאַרפט שווענקען (דריי מאָל יעדע האַנט), בויגנדיק דעם קערפּער רעכטס און לינקס איבערן פאַס — אַרויסצובאַקומען פון דאָרט אַביסל וואַסער. די גרעסטע טייל וואַסער איז גראָד

פאַרגאָסן געוואָרן אויף דער הילצערנער פּאָדלאָגע. אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז אין די לעצטע יאָרן די פּאָס פאַרטוישט געוואָרן אויף אַ כיור.

ביי דער רעכטער וואַנט פון דער פּאָס איז געשטאַנען אַ לאַנגער טיש מיט בענק. דער טיש האָט געדינט פאַר די מתפללים אַוועקצולייגן דעם סידור, חומש, אָדער מחזור, דאָרט האָט מען אויך אַוועקגעלייגט דעם טלית און תפילין־זעקל. אין דער אָ זייט האָבן דאָס רוב געדאַווענט „קאָלטע״ חסידים. זיי זיינען אויך געפאָרן צום רבין, אָבער נישט אָפט. זיי האָבן נישט מיטגע־טאַנצט דעם התלהבותדיקן ריקוד און נישט אָנטייל גענומען אין די חסידישע מסיבות. איינער פון אָט די חסידים איז געווען ר׳ לייבוש בענדער, דער תבואה־סוחר, אַ נידעריקער און דיקער איד מיט אַ גלייך בערדל. זיינע פיר זין האָבן געהייסן: פישל, יאָסל, יעקב און שמחה. ער האָט אויך פאַר־מאָגט עטלעכע טעכטער. שמחה, דער אינגסטער פון די זין, איז אין די לעצטע יאָרן געוואָרן אַ לערנער.

דער גביר פון שטיבל איז געווען ר׳ מאיר ברוסטאָווסקי, אַ שיינער איד מיט אַ פּרעכטיק־לאַנגער באַזילבערטער באָרד. געווען איז ער אַ בעל־תפילה. ווען ער איז געשטאַנען פאַרן עמוד איז געווען פאַר אַלעמען ממש אַ יום־טוב. זיינע דריי זין האָבן געהייסן: יאַנקל, יחיאל־משה און לייבוש. ער האָט אויך פאַרמאָגט פיר טעכטער. ר׳ יאַנקל ברוסטאָווסקי, אויך אַ בעל־תפילה, האָט געהאַט די זכיה צו שטאַרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט נאָך אין די גוטע צייטן.

זאָל אויך דערמאָנט ווערן ר׳ מענדל וויינגאַרטן, אַן עלטערער איד, אַ חסיד, פלעגט לערנען צוזאַמען מיט ר׳ יששכר פינטשעווסקי, געווען בקי אין ש״ס און געלערנט זוהר.

איינע פון די בולטע געשטאַלטן אין שטיבל איז געווען ר׳ אַברהם מרדכי כהן, אַ איד אַ גיבור מיט אַ ווייסער ברייטער באָרד און מיט אַ לאַנגן וואָרצל ביים אויג. ער איז שוין געווען אַ בן־שמונים און ער האָט נאָך געהאַלטן זיין חזקה אַלס שליח־ציבור ביים עמוד. ימים־נוראים איז ער געווען דער בעל־שחרית און יום־כיפור האָט ער אויך געדאַווענט מנחה. אַז ער האָט געגעבן אַ קלאַפּ אין באַלעמער האָבן ממש די ווענט געציטערט.

און איצט ר׳ אברהם יצחק דער טינטן־מאַכער, אַ קליין דאַר אידל, ער איז אָבער געווען דער בעסטער שווימער אין גאַנצן געגנט. די ראַטיי־אָזערע פלעגט ער אַדורכשווימען שטייענדיק, עסנדיק פאַר איינוועג אַ מאָלצייט.

אָט איז ר׳ אברהם מאיר פליישמאַן, דער דרדקי־מלמד פון תלמוד־תורה, הונדערטער קינדער זיינען דורך זיין האַנט אַדורכגעגאַנגען, געקנעלט מיט אַלעמען דעם אַלף־בית. אין שטיבל איז ער געווען באַקאַנט מיט זיין טיפן זיפץ וואָס ער האָט פון זיך אַרויסגעגעבן, ווען דער בעל־שחרית האָט אין די ימים־נוראים אויסגעשריגן פאַר עמוד דעם „שיר המעלות ממעמקים קראתיך ה׳״. דעם טיפן זיפץ האָט ער געלאָזט הערן פון אונטערן טלית, וואָס איז אים געווען איבערגעדעקט איבערן קאָפּ — דאָס איז געווען אַ סימן אַז די תפילה דאַרף מען זאָגן מיט אַ סך האַרץ.

נאָך אַ מלמד איז באַקאַנט געווען אין שטעטל, ר׳ אברהם יצחק האָלצ־מאַן, אַ נידעריקער מיט אַ טונקל־ברוין בערדל. מ׳האָט אים געהאַלטן פאַרן גרעסטן למדן. געלערנט האָט ער מיט בחורים גמרא מיט תוספות און פוסקים.ביים לערנען תנ״ך, דער עיקר ישעיהו, האָט ער געציטערט מיט אַלע אברים. נישט איין תלמיד איז באַפאַלן אַ שרעק ווען דער מלמד האָט אים אַריינגע־זאָגט אַן אויפגערעגטער: „הוי, גוי חוטא...״

לאָמיר נאָך דערמאָנען אַ גאַנצע ריי פרומע, אָפּגעהיטענע חסידים. אָט איז ר׳ שמואל הערש פיינזילבער מיט זיינע זין, ישראל יצחק און יאָשע, ר׳ ישראל דוד אַלבערשטיין, דער לאוניק פון אגודת־ישראל און ר׳ יאַנקל לוי דער ראַטמאַן פון דער זעלבער אַגודה. אָט איז ווידער ר׳ ישעיהו פרינץ און ר׳ חיים דאָמב. ר׳ שלום אַלבערשטיין — אַן אור־אייניקל פון גאָסטיני־נער רבין. ר׳ שלום האָט נישט פאַרלאָזן פריער דאָס שטיבל ביז ער האָט נישט אויסגעזאָגט גאַנץ תהלים. ר׳ יעקב לאָמזער, דער בעל־קורא, און ר׳ אלחנן פלאַצמאַן, אַ באַטעמטער חסידישער בעל־תפילה. און אָט איז ר׳ אפרים יצחק ראָטנבאַך, דער שאַרפער חסיד, געקענט גוט לערנען, פאַרמאָגט אַ שאַרפן קאָפּ — מען האָט אים אויך גערופן „גרינבוים״. געווען איז ער דאזער אין גמינע. אויף די ימים־נוראים און שבועות איז ער געפאָרן צום רבין. אַז מען האָט אים קריטיקירט הלמאַי ער לאָזט איבער זיין פרוי אין קימפעט און פאָרט צום רבין, האָט ער דעם ענטפער געגעבן אַ פרייטיק צו נאַכט פאַר קבלת־שבת. ער האָט געגעבן אַ קלאַפּ אין באַלעמער און אָנגעהויבן בזה הלשון: ווען אַ מענטש ווערט קראַנק סכנות נפשות, און מען מוז אים טאַקע באַלד אָפּערירן, צי וועט עמעצן איינפאַלן צו זאָגן, אַז דער קראַנקער זאָל זיך אָפּזאָגן פון דער אָפּעראַציע, באשר בכן איינער פון זיין משפחה איז חלילה קראַנק? ניין. איך, מורי ורבותי, בין קראַנק אויף מיין

נשמה, ווען עס קומען אָן די ימים־נוראים, פיל איך, אַז איך מוז האָבן אַ דרינגענדיקע אָפּעראַציע אויף מיין נשמה — צי דאַרף איך מוותר זיין אויף דעם, און, חלילה, אומקומען ?...

לאָמיר פאַרענדיקן מיט ר׳ שמואל (שמעלקע) זאַרקאָווסקי, דער פייער־דיקער חסיד, און ר׳ בערל זאָנשיין, געווען אַ צייט פאָרזיצער פון דער קהילה, ר׳ מאָטל האָבערגריץ, דער בעל־מוסף אין די ימים־נוראים, און ר׳ יעקב אַריה זונדמאַן, דער בעל־תוקע.

***

יעדע שטאָט האָט געהאַט אירע אידן, גאָסטינין איז נישט געווען קיין אויסנאַם. מיר האָבן ליב געהאַט גאָסטינין, ווייל דאָרט זיינען געווען אידן. אָט די אידן האָבן געלייגט זייער חותם אויף דער שטאָט. אָן אָט די אידן וואָלט גאָסטינין נישט געווען גאָסטינין. זיי זיינען מער נישטאָ. גאָסטינין שטייט, גאָסטינין אָן אידן. נישט מער מיין שטאָט, ס׳איז נישט די זעלבע גאָסטינין.

# קולטור־
# און טעאַטער־
# טעטיקייט

**יעקב גאָסטינסקי**



יעקב גאָסטינסקי

די גרויסע דערוואַכונגס־עפּאָכע אין מזרח־אייראָפּע, די השכלה, האָט אָנגע־שטעקט די יוגנט אין גאָסטינין מיט וועלטלעכע אידייען. אַ שטעטל ווי אַלע שטעטלעך, מיט אַ טראַדיציע פון גאָטספּאָרכטיקייט און חסידות, איז עס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צענטער פון פּאָרגעשריטענע געדאַנקען און טעטיקייטן.

די ציוניסטישע באַוועגונג אין גאָסטינין האָט פאַרכאַפּט אַ סך פאָלקס־מענטשן און האָט געהאַט אַ שטאַרקע השפעה איבער זיי. שמחה־בינעם דאַנ־ציקער איז צו יענער צייט געווען דער פירער פון דער ציוניסטישער אָר־גאַניזאַציע פונעם שטעטל און אַרום אים האָבן זיך גרופּירט ליבעראַלע עלעמענטן און פאָלקס־מענטשן. ס׳פלעגן אָפט פאָרקומען פאַרזאַמלונגען און לעקציעס מיט אָראָפּגעבראַכטע רעדנער פון וואַרשע.

די יוגנט פון יענער צייט איז געווען אונטער דעם איינפלוס פון דער נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווער באַוועגונג, „פּועלי־ציון״. אַ סך פון דער יוגנט האָבן זיך אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט און איינער פון זיי איז געווען יוסף קעללער, דער פירער פון דער יוגנט, וואָס האָט אַ סך בייגעטראָגן דערצו, אַז גאָסטינין זאָל אויפלעבן און דאָס מאָדערנע קולטור־לעבן זאָל זיך דערהויבן צו אַ העכערער מדרגה.

אין גאָסטינין, ווי אין אַנדערע שטעטלעך, האָבן זיך אַריבערגעטראָגן די זאָקן־פאַבריקלעך פון דער גרויסער אינדוסטריעלער שטאָט, לאָדזש. מיט דער אַנטוויקלונג פון דער קליינער אינדוסטריע איז צום לעבן־געקומען

אין גאָסטינין די „פּ.פּ.ס.", דער „בונד" און די „פּועלי־ציון". זיי אַלע האָבן געהאָלפן פאַרבעסערן דעם אַרבעטערס עקאָנאָמישע באַדינגונגען.

די שווערע לאַסט פון פּרנסה וואָס איז געלעגן אויף די פּלייצעס פון די טאַטעס, האָט געצוואונגען אַפילו די קינדער פון חסידישע פאַמיליעס צו ווערן זאָקן־מאַכער. די באַמיאונגען פון די רעליגיעזע קרייזן אָנצוהאַלטן דעם אַלטן שטייגער האָבן זיך נישט איינגעגעבן.

ווי עפּעס אַ וואַלד־פייער האָט זיך פון די גרעסערע שטעט אַריבערגע־כאַפּט אין די קלענערע שטעטלעך. די זאָקן־אַרבעטער האָבן אויפגעכאַפּט די פרייהייט־לאָזונגען, די רעוואָלוציע־לידער, די פאָלקס־לידער, טעאַטער־לידער און זיי געזונגען מיט ברען און באַגייסטערונג. ווען מען גיט אַ טראַכט

## אַ בילד פון גאָסטינינער דראַמאַטישן קרייז אין גאָמבינער וואַלד



שטייענדיק פון רעכטס: יעקב־לייב מאָטיל, יעקב גאָסטינסקי, דבורה זאַיאָנץ, יעקב צעלעמענסקי, אַדאַם דאָמב, פייגע סאַרנע, אפרים קאפמאן, שלמה קראַנץ, בראנקע — אַ פּלאָצקער מיידל. :—: קניענדיק פון רעכטס: אַ גאָמבינערין, ישכר מאטיל, שמואל מאַרקאָוויטש, לייטשע מאַקאָווסקי, בערל לעווי. :—: לעצטע ריי זיצנדיק פון רעכטס: יעקב־לייב פינטשעווסקי, קיילע גאָלדמאַן, מאַשע דזשענציאַל, פּעסע נאַרווע (וויצמאַן), בער גאָנשאַר, חנא זאַיאָנץ, משה קליינבאַרד, חיים־סענדער זאַנדמאַן.

פון דער גרופּע געפינען זיך אין אַמעריקע: יעקב גאָסטינסקי, ישכר מאָטיל און יעקב צעלעמענסקי, אַ גאָמבינער, וואָס איז געווען איינער פון די קעמפער אין דעם וואַרשעווער אויפשטאַנד, חיים־סענדער זאַנדמאַן געפינט זיך אין ישראל און בער גאנשאר איז געשטאָרבן אין אַמעריקע אין 1944.

פון יענע יאָרן, דערמאָנט מען זיך, אַז ניט נאָר אַליין איז מען געווען יונג, נאָר יענער גאַנצער פעריאָד פון אידישן לעבן איז געווען יונג און פרילינגדיק.

גאָסטינין האָט שוין צו יענער צייט פאַרמאָגט אַ ביבליאָטעק. די יוגנט האָט געלייענט פאַרשידענע ביכער אַריינגערעכנט טעאַטער־ליטעראַטור. דאָס איז געווען דער ערשטער שטויס, אַז די יוגנט זאָל אָרגאַניזירן אַ דראַמאַטישן קרייז און שפּילן אידיש טעאַטער. יוסף קעללער איז געוואָרן דער אָנפירער פון דער גרופּע. דער קאַפּעלמייסטער פון רוסישן מיליטערישן אָרקעסטער, וואָס איז געווען אַ איד, האָט אויף זיך גענומען די איניציאַטיוו אויפצופירן די ערשטע צוויי פּיעסן — „הערצעלע מיוחס״ און „דער ווילדער מענטש״. יוסף קעללער האָט געשפּילט די הויפּט־ראָלן איןביידע פּיעסן. די אויפ־פירונגען, פאַרשטייט זיך, זיינען געווען פּרימיטיוו.

מיט יאָרן שפּעטער האָבן זיך אַרום דער ביבליאָטעק גרופּירט פאַר־שידענע „איסטן״. די פאַרוואַלטונג פון דער ביבליאָטעק האָט טאָלערירט אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען. פון די טוער אַרום דער ביבליאָטעק האָט זיך אויסגעצייכנט שלמה קראַנץ מיט זיין וויסן און אינטעליגענץ. ער האָט געהאַט אַ סך פאַרדינסטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. מיט יאָרן שפּעטער האָט ער זיך אַריבערגעצויגן קיין ביאַליסטאָק, געאַרבעט ביי זיין פּראָפעסיע אַלס אַדוואָקאַט און איז אין דער זעלבער צייט געווען אַקטיוו אין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

די גאָסטינינער ביבליאָטעק האָט געהאַט אַ לייען־זאַל מיט צייטונגען און ביכער. די ביבליאָטעק האָט דורכגעפירט דיסקוסיעס וועגן ליטעראַרישע ווערק און פון צייט צו צייט אַראָפּגעבראַכט פון וואַרשע אָדער פון לאָדזש רעפערענטן. די לעקציעס זיינען געווען אויף פאַרשידנאַרטיקע טעמעס, סיי פּאָליטישע און סיי ליטעראַרישע. די דאָזיקע לעקציעס האָבן אַריינגעבראַכט אַ סך לעבן, אויפגערודערט און אויפגעמונטערט די אידישע יוגנט.

מיין שוועסטער ראָכטשע און מיין ברודער שלמה, וועלכע זיינען אויך געווען זייער אַקטיוו אַרום דער ביבליאָטעק, האָבן געהאַט אַ געוואַלדיקע השפּעה אויף מיר און דורך זיי טאַקע האָב איך זיך צוגעכאַפּט צום „עץ הדעת״ און אָנגעהויבן לייענען ביכער. די יוגנט האָט דעמאָלט געדורשט נאָך וויסן און געשלונגען יעדעס נייע בוך און יעדע נייע אויסגאַבע. דאָס האָט געשטויסן די יוגנט צו באַטייליקן זיך אין דעם קולטור־לעבן וואָס האָט זיך צעוואַקסן אין גאָסטינין.

## די אַנטוויקלונג פון די דראַמאַטישע קרייזן

די באַוועגונג פון די דראַמאַטישע קרייזן האָט זיך צעבליט אין אַלע שטעטלעך. אָבער גאָסטינין האָט אין דעם פאַל געהאַט מער מזל פון אַנדערע שטעטלעך. דער פּראָפעסיאָנעלער שוישפּילער, אַדאַם דאָמב, האָט צו יענער צייט געוואוינט אין גאָסטינין און ער האָט אָרגאַניזירט די אַמאַטאָרישע גרופּע אַרום דער ביבליאָטעק.

אַדאַם דאָמב איז געווען אַן אַקטיאָר מיט אייראָפּעאישע מאַניערן און האַלטונג. ער האָט געשפּילט אין רוסישע און פּוילישע טרופּעס, געטראָגן עלעגאַנטע אָנצוגן, און ניט געהאַט אין זיך דאָס ספּעציפיש־אידיש קנייטשע־לע. ער האָט ניט געקענט רעדן קיין אידיש אָבער דורך דער צייט פון זיין אַרבעט און רעזשיסירן מיט די אידישע אַמאַטאָרן האָט ער זיך אויסגע־לערנט די אידישע שפּראַך.

חוץ זיין שוישפּילערישער פּראָפעסיע האָט ער געהאַט אַ פאָטאָגראַפישע סטודיאָ. זיין קינסטלערישער חוש פאַר פאָזירן האָט גע׳שמ׳ט אין אונזער שטאָט. אגב, האָט אַדאַם דאָמב געשפּילט אין אסתר־רחל קאַמינסקיס טרופּע און שפּעטער מיט אידאַ קאַמינסקי אין לעמבערג. מיט אַ צייט שפּעטער האָט ער געשפּילט אין אַסטראַכאַנער רוסישן טעאַטער. אין 1943 איז ער געשטאָרבן אין רוסלאַנד *).

פון זיין גרויסער טעאַטער־דערפאַרונג האָבן מיר געלערנט ווי אַזוי צו שפּילן טעאַטער. מיר האָבן אַרויפגעקוקט צו אים ווי חסידים צו זייער רבין. פון זיין אַרבעט האָבן מיר געהאַט נחת־רוח. איך רעכן דאָ אויס די נעמען פון די אַמאַטאָרן וואָס האָבן אַ סך בייגעטראָגן צו דעם דערפאָלג פון דער גרופּע. אַ דאַנק זייער ליבשאַפט און מי, וואָס זיי האָבן אַריינגעלייגט אין דער זייער וויכטיקער אַרבעט איז דער דראַמאַטישער קרייז געגאַנגען פון דערפאָלג צו דערפאָלג:

אַדאַם דאָמב, הויפּט־אַקטיאָר און רעזשיסאָר. פייגע סאַרנאָ, חנה באַגנע־קעללער, דבורה סאלאָמאָנאָוויטש, לאה טאַבאַטשניק, יהושע־נח ווילנער, חנא זייאָנץ, יעקב־לייב מאָטיל, יעקב סאַרנע, העניך קוטשינסקי, ישראל קוטשינ־סקי, ישכר מאָטיל, בער גאָנשער, רעגינאַ מאָטיל, שלמה גאָסטינסקי, ברוך

*) זע יצחק גרודבערג־טורקאָוו „יידיש טעאַטער אין פּוילן", פאַרלאַג: יידיש בוך — וואַרשע, 1951; און יאָנאַס טורקאָוו „פאַרלאָשענע שטערן", 2טע טייל, פאַרלאַג: צענטראַל פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע, 1953.



דער „דאָרפס־יונג״ (יאַנקל בוילע)
פון לעאָן קאָברין, געשפּילט
אין גאָסטינין

פּראָקאָפּ — יעקב גאָסטינסקי
נאַטאַשע — פייגע סאַרנע
יאַנקל בוילע — אַדאַם דאַמב

מאָטיל, הערש קרוטשיק, העצקע סאַרנע, שמואל מאַרקאָוויטש, חיים־יהושע טאַבאַטשניק, מרדכי מאָסקאַל, יחיאל־משה פּלוצער.

אונטער דער פירערשאַפט פון אַדאַם דאַמב האָבן מיר געשפּילט דעם פאָלגנדיקן רעפּערטואַר: „דער מטורף״, „גאָט, מענטש און טייוול״, דער פּרעמדער״ (יעקב גאָרדין), „די אידן״ (טשיריקאָוו), „דער דאָרפס־יונג״ (לעאָן קאָברין), „די נבלה״ (פּרץ הירשביין), „גבריאל און זיינע טעכטער״ (דוד פּינסקי), „דער דיבוק״ (ש. אַנ־סקי), „דער פאָטער״ (סטרינדבערג), „די גייסטער״ (איבסען), „שניי״ (פּשיבישעווסקי), „קין״ (דיומאַ) און נאָך אַ סך אַנדערע פּיעסן פון בעסערן רעפּערטואַר.

אין אייניקע פּיעסן האָט מיט אונז אויך מיטגעשפּילט די אידישע שוי־שפּילערין ראָוז שושנה, וועלכע לעבט איצט אין ניו־יאָרק. זי האָט צו יענער צייט געשפּילט אין לאָדזשער אידישן טעאַטער און ווען זי פלעגט קומען אַהיים אויף וואַקאַציע צו איר מוטער, האָט זי ניט געקענטביישטיין דעם נסיון און האָט מיט אונז מיטגעשפּילט.

דער דערפאָלג פון דער גאָסטינינער אַמאַטאָרן־גרופּע האָט דערגרייכט אין אַ סך אַרומיקע שטעט און שטעטלעך און די אויפפירונגען האָבן געמאַכט

אַזאַ רושם, אַז די טרופּע איז איינגעלאַדן געוואָרן קיין פּלאָצק, קוטנע, גאָמבין, פון די אָרטיקע קולטורעלע אינסטיטוציעס, און מיר האָבן געשפּילט קאָבּרינס „דער דאָרפס־יונג", טשיריקאָווס „די אידן" און ש. אַנ־סקיס „דער דיבוק".

די אידישע פאָלקס־מענטשן אין די אַלע שטעט האָבן אונז אויפגענומען מיט דער גרעסטער ליבע און וואַרעמקייט. מיר האָבן דערפילט, אַז די גאָסטינינער אַמאַטאָרן־טרופּע איז אַ יש. מיר האָבן זיך געפילט דערהויבן פון דער אָנערקענונג מצד די פּראָפעסיאָנעלע רעזשיסאָרן, וועלכע האָבן אַליין פאָרגעלייגט מיט אונז צו אַרבעטן. דער ערשטער פּראָפעסיאָנעלער רעזשיסאָר, וואָס איז איינגעלאַדן געוואָרן ער זאָל מיט אונז אויפפירן אַ פּיעסע, איז געווען יעקב ווייסליץ פון דער ווילנער טרופּע. ווייסליץ האָט מיט אונז אויפגעפירט „מיטן שטראָם" פון שלום אַש. די פּיעסע האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג, און מיט דער אויפפירונג האָט די גאָסטינינער אַמאַטאָרן־טרופּע אַריינגעשריבן נאָך אַ שיין בלעטל אין איר געשיכטע.

די גאָסטינינער אַמאַטאָרן־טרופּע האָט אַ סך בייגעטראָגן צום אידישן קולטורעלן לעבן און אַוודאי צום אידישן טעאַטער אין דער פּוילישער פּראָווינץ. עס איז נישט מיין אויפגאַבע זיי צו שילדערן און זיי צו כאַראַק־טעריזירן ווי אַ פּראָפעסיאָנעלער קריטיקער, אָבער ווי אַ מיטגליד פון דער גאָסטינינער אַמאַטאָרן־טרופּע, פיל איך, אַז ביי דער געלעגנהייט האָבן זיי פאַרדינט, אַז איך זאָל דאָ אין קורצן כאַראַקטעריזירן זייער אַרט שפּילן און דאָס דורכפירן די ראָלן, אין וועלכע זיי זיינען אויפגעטראָטן.

איך וועל אָנהויבן פון לעאָן קאָבּרינס „דער דאָרפס־יונג". שמואל קעללער האָט געשפּילט די ראָלע פון הירש־בערן. ער האָט געמאַכט אַ רושם מיט זיין שפּילן. ער האָט דעם כאַראַקטער פון דעם פּולבלוטיקן פישער־איד הירש־בער דורכגעפירט ווי אַן אַקטיאָר, וואָס ווייסט וואָס ער טוט און ווייסט וואָס ער וויל. קעללער איז געווען אַ קערנדיקער אַקטיאָר מיט גוטער קוואַלי־טעט און געבוירענע פעאיקייטן פאַר דער בינע.

די ראָלע פון כאַציען איז געשפּילט געוואָרן פון חיים־סענדער זאַנדמאַן (ער לעבט איצט אין ישראל). ער האָט דורכגעפירט די ראָלע מיט פאַר־שטאַנד און דער עיקר: ער האָט באַנומען די ראָלע מיט איר גאַנצער טעכ־ניק ווי אַזוי אָנצושרעקן דעם פּרימיטיוון יאַנקל בוילע מיט דער „יפת־תואר לילית".

אַדאַם דאָמבס „יאַנקל בוילע" איז אַרויסגעקומען אַ פּראַכטפולער פאַר־

טרעט. די שטים, די קערפּערלעכע באַוועגונג און די גאַנצע האַלטונג איז נישט געווען פון אַן אויסגעטראַכטער פיגור. מען האָט אים, זעענדיק אים אויף דער בינע, געגלויבט, אַז ער איז טאַקע יאַנקל בוילע.

פייגע סאַרנע, די שיינהייט פון גאָסטינין, האָט געשפּילט די ראָלע פון דער דאָרפס־מויד נאַטאַשאַ, אין וועמען יאַנקל בוילע איז שטערבלעך פאַר־ליבט. איר נאַטאַשאַ איז אַרויסגעקומען צו צאַרט.

זלמן דער פישער־יונג האָט געשפּילט יהושע־נח ווילנער. ער האָט פאַר־שטאַנען דורך־און־דורך די ראָלע. ער איז געווען צוגעפּאַסט צו דער ראָלע מיט זיין אויסזען און מיט זיין פיגור.

חנא זייאָנץ און דבורה סאַלאָמאָנאָוויטש האָבן געשפּילט די ראָלן פון טאַטע־מאַמע פון דער ניט־געראָטענער כייקע. זיי האָבןביידע זיך ספּראַוועט מיט די ראָלן גאָר פיין.

## אַ סצענע פון „דאָרפס-יונג” געשפּילט פון גאָסטינינער דראַמאַטישן קרייז



זיצנדיק פון רעכטס צו לינקס: אַדאַם דאָמב, שמואל קעללער, פייגע סאַרנע, חנא זאַיאָנץ. ביי דער פישער־נעץ פון רעכטס צו לינקס: הערצקע סארנע, הערש קרוטשיק, יהושע־נח ווילנער, חיים־סענדער זאנדמאן.

חנה באָגנע־קעללער אַלס כייקע האָט אויסגעפּורעמט אַ כאַראַקטער און מען האָט איר געגלויבט, אַז זי איז אַזוי דערצויגן געוואָרן, אַז זי איז פאַר־וואָרצלט אין דער סביבה.

אַ זייער פיינע ראָלע אין דער פּיעסע איז דער פּויער פּראָקאָפּ. צו שפּילן גוט אַזאַ ראָלע איז אַ דערגרייכונג אין דער שוישפּיל־קונסט. די דאָזיקע ראָלע האָט דער רעזשיסאָר מיר צוגעטיילט.

אין אַנדערע פּיעסן האָבן זיך אויסגעצייכנט מירל מאָטיל און מאַניאַ קליינבאַרד,ביידע גראַדואירטע פון אוניווערזיטעטן. זיי זיינען געווען טאַ־לאַנטירטע שוישפּילער און האָבן געשפּילט מיט אַ־נערלעכער פּאַרטיפונג, ווי געניטע שוישפּילער, גאָר ניט ווי אַמאַטאָרן.

יעקב־לייב, דער „פּאַצעט" און אינטעליגענט, איז געווען דער שטענ־דיקער סופליאָר. ער האָט אַ סך בייגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג פון דער גאָסטינינער אַמאַטאָרן־טרופּע. שלמה גאָסטינסקי איז געווען דער שטענדיקער בינע־פּאַרוואַלטער. מיט זיין אַרבעט האָט ער שטענדיק געהאָלפן, אַז די אויפפירונגען זאָלן דורכגיין גלאַטיק. הערש קרוטשיק־קראַוז האָט זיך אויס־געצייכנט אין עפּיזאָדן־ראָלן. זיין יוגנטלעכע פיגור האָט געהאַט אַ סך חן אויף דער בינע.

בער גאָנשער, מיין אומפאַרגעסלעכער לאַנג־יאָריקער חבר, האָט גע־שפּילט אין ש. אַנ־סקיס „דער דיבוק" די ראָלע פון מאיר־שמש. ער האָט געשפּילט די ראָלע מיט אַ סך פּיעטעט. אין דער סצענע, ווען דער רבי ראַנגלט זיך מיט דעם דיבוק און נאָכדעם גיט ער דעם שטעקן צו מאיר־שמש און באַפעלט אים צו גיין אויפן בית־עולם אַרויסצורופן דעם מת פאַר אַ דין־תורה, זיינען געווען מאָמענטן, וואָס מ׳קען זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן. בער גאָנשער האָט מיט זיין שפּילן באַווירקט די צושויער פון טעאַטער צו גלויבן, אַז דער שמש האָט אַ שווערע מיסיע דורכצופירן. מיט זיין אָפּגיין פון דער בינע האָט ער געשאַפן די אילוזיע, אַז אַלע אָנוועזנדיקע אין טע־אַטער באַגלייטן אים צום בית־עולם...

ישכר מאָטיל איז געווען דער אַקטיווסטער געזעלשאַפטלעכער טוער. אויף אים איז געפאַלן דער גורל צו זיין דער היטער פון אַלע קולטורעלע דערגרייכונגען אין גאָסטינין און ער האָט זיין מיסיע דורכגעפירט בשלימות.

אין גאָסטינין פלעגט פון צייט צו צייט קומען שפּילן וואַקסמאַן מיט זיין טרופּע און אַנאַ יאַקובאָוויטש מיט איר טרופּע (אַנאַ יאַקובאָוויטש געפינט

זיך איצט אין אַמעריקע און שפּילט פון צייט צו צייט). איין זייער אינטערע־
סאַנטן עפּיזאָד איז ווערט דאָ איבערצוגעבן. וואַקסמאַנס טרופּע איז אין אַן
ערב־שבועות געקומען קיין גאָסטינין צו שפּילן די צוויי יום־טוב־טעג יעקב
גאָרדינס „שלמה׳קע שאַרלאַטאַן״. האָט דער רב זיך דערוואוסט דערפון
און האָט אַרויסגעגעבן אַן איסור, אַז די גאָסטינינער אידן זאָלן ניט גיין
צו דער פאָרשטעלונג. די יוגנט, וועלכע איז שוין געווען מיטגעריסן פון
דער פרייהייטס־באַוועגונג, איז דוקא יאָ געגאַנגען זען די פאָרשטעלונגען און
האָט נאָך באַווירקט אַנדערע צו גיין אין טעאַטער אַריין, און די פאָרשטעלונ־
גען זיינען געווען גוט־באַזוכט.

די טעאַטראַלישע טעטיקייט פון גאָסטינין האָט בישט נאָר אויסגעאיידלט
דעם קינסטלערישן געשמאַק פון די מענטשן, וואָס האָבן זיך אין איר באַטיי־
ליקט, נישט נאָר האָט זי אויסגעלערנט זיי צו זען, באַוואונדערן און הנאָה
האָבן פון אַ אידישער טעאַטער־פאָרשטעלונג. די דאָזיקע טעטיקייט, מיט
וועלכער מיר האָבן זיך אין אונזער יוגנט פאַרנומען אין אונזער אַלטער היים,
האָט געשטויסן אַ סך פון אונז צו דערנענטערן זיך צום אידישן טעאַטער
אין די שפּעטערדיקע יאָרן. אַזוי איז דעם שרייבער פון די שורות אויסגעקומען,
זייענדיק שוין אין אַמעריקע, אָנטייל צו נעמען אין די אויפפירונגען פון
„ארטעף״. נישט איין מאָל זיינען מיר גוט צונוץ געקומען די אַמאַטאָרישע
פאַרזוכן פון גאָסטינין אין מיין טעאַטער־טעטיקייט אין אַמעריקע. די טעאַטער־
ירושה פון די דראַמאַטישע קרייזן אין גאָסטינין איז נישט געגאַנגען לאיבוד.

# צו
# דער געשיכטע
# פון
# אידישן טעאַטער
# אין גאָסטינין

**חיים־סענדער זאַנדמאַן**



חיים־סענדער זאַנדמאַן

איך וויל דאָ דערציילן אַן עפּיזאָד פון אידישן אַמאָל אין גאָסטינין, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער איבערגעגעבנקייט, מיט וועלכער עס האָט זיך אויסגעצייכנט די אידישע יוגנט אין איר זוכעניש צו געפינען אַ תיקון פאַר דעם צוריקגעשטאַנענעם לעבן אין שטעטל.

וויפל מי און ענערגיע האָבן די דאָזיקע יונגעלייט אַריינגעלייגט אין אויפשטעלן אַ דראַמאַטישן קרייז אין גאָסטינין! די ערשטע טריט זיינען געשטעלט געוואָרן שוין אין 1908. אַרום דעם דעמאָלטיקן קרייז האָבן זיך קאָנצענטרירט אַלע ליבהאָבער פון אידישן טעאַטער.

די גרופּע איז באַשטאַנען פון יוסף קעללער, בן־ציון קעללער, רחל מאָטיל, איטקע פּינטשעווסקי (גליקסבערג), טוביה יאַקובאָוויטש און אַנדערע. איסר־מאיר מאָטיל איז געווען סופליאָר.

האָט די גרופּע אַמאַטאָרן זיך פאַרנומען צו שטעלן אַ פּיעסע. קיין רע־פּערטואַר האָט מען נישט געהאַט. האָט מען אָנגעהויבן לייענען און נישטערן צווישן די פּיעסן. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן אויפצופירן גאָרדינס „דער ווילדער מענטש״. די גרופּע האָט אָנגעהויבן צו רעפּעטירן און די פּיעסע איז אויסרע־זשעסירט געוואָרן.

קיינעם איז נישט איינגעפאַלן אידער־וואָס־ווען פעסטצושטעלן וואו וועט מען דאָס די פּיעסע שפּילן. אַרויסגעוויזן האָט זיך שפּעטער, אַז די פּוילישע שטאָט־טאַטעס האָבן נישט געוואָלט פאַרדינגען דעם שטאָטישן זאַל פאַר אַ אידישער פאָרשטעלונג. איז מען טאַקע אַרומגעגאַנגען אָן קעפּ.

די גרופּע איז באַלד אָבער געפאַלן אויף אַן המצאָה: מען וועט אויפבויען אַן אייגענעם זאַל!

און אומר ועושה: חברה האָבן פאַרקאַטשעט די אַרבל און האָבן מיט דער הילף פון די ברידער מרדכי, הערשל און יעקב מאָטיל אויפגעשטעלט אַ זאַל פון ברעטער, וואָס זיי האָבן געבאָרגט הויפּטזעכלעך ביי אַברהם ברעסלער. די הילצערנע געביידע איז אויפגעבויט געוואָרן ביי דער בוך, נעבן דער רוסישע באַניע.

די דאָזיקע אימפּראָוויזירטע שאָפּע האָט געדינט ווי די היים פאַר דעם דראַמאַטישן קרייז אין גאָסטינין. עולם איז געקומען, האָט הנאָה געהאַט און אָנגעקוואָלן פון אויפטו פון די יונגע פאַטריאָטן פון אידישן טעאַטער.

אין אָט דער געביידע זיינען פאָרגעקומען אַ ריי פאָרשטעלונגען.

## „די אידן" געשפּילט פון גאָסטינינער דראַמאַטישן קרייז




זיצנדיק פון רעכטס צו לינקס: **פייגע סאַרנע, יעקב־לייב מאטיל, שמואל קעללער, אַדאַם דאַמב, דבורה זאַיאַנץ, חנא זאַיאַנץ.** :—: שטייענדיק פון רעכטס צו לינקס: **באַשע זיידעמאַן, העניך קוטשינסקי, יעקב סאַרנע, יהושע־נח ווילנער, ישראל־זעליק קוטשינסקי, יעקב גאָסטינסקי, חיים־סענדער זאנדמאַן, ברוך־מאיר מאטיל און חיים־שיע טאַבאַטשניק.**

# PROGRAM

przedstawienia amatorskiego
na cel dobroczynny.

**Dramat w 4 aktach A. WAJTERA p. t.**

# NIEMOWA

OSOBY:

| | |
|---|---|
| Aleksander | A. Domb |
| Ojciec | Ch. Zając |
| Matka | M. Dzięciołówna |
| Nuchim Kaplicer | J. Sarna |
| Jego żona | L. Makowska |
| Asja ich córka | F. Sarnówna |
| Wujek | I. Apelast |
| Ciotka jego żona | P. Wajcmanówna |
| Reb Łajb | H. Kruczek |
| Gość | I. Kac |
| Przyjaciel | Ch. S. Zandman |
| Purysz | J. Sarna |
| Chasyd | I. Kac |

*Reżyser:* ADAM DOMB.

*Sufler:* J. L. Motyl.

*Dekorator:* J. Sarna.

*Słowo wstępne przez* Pinczewskiego.

נאסטינין      שטאדט טעאטער

# פראגראם

שבת ד. 4-טן לוטי 1932 קומט פאר א טעאטער-פארשטעלונג
פון די גאסטינינער יידישע אמאטארן פאר א וואלטעטיקן צוועק

# דער שטומער

א דראמע אין 4 אקטן פון א. ווייטער.

פערזאנען:

| | |
|---|---|
| אלעקסאנדער | א. דאמב |
| דער פאטער | ח. זייאנץ |
| די מוטער | מ. דזשענטשאל |
| נחום קאפליצער | י. סארנע |
| זיין פרוי | ל. מאקאווסקא |
| אסיא זייער טאכטער | פ. סארנע |
| דער פעטער | י. אפעלאסט |
| זיין פרוי | פ. ווייצמאן |
| מחותן רב לייב | ה. קרוטשעק |
| מחותן | א. קאץ |
| דער פריינט | ח. ס. זאנדמאן |
| דער פרוש | י. סארנע |
| א ייד | א. קאץ |

רעזשיסער אדאם דאמב

סופלער י. ל. מאטיל

דעקאראטער י. סארנע

איינלייטונג פון פינטשעווסקי.

# ווי אַזוי און וואָס מען האָט געלייענט *)

**טוביה יאַקובאָוויטש**



טוביה יאַקובאָוויטש

די גאָסטינינער יוגנט, וואָס האָט געפּילט אַ דראַנג צום בוך, איז פאַר דער אַנטשטייאונג פון דער ביבליאָטעק אַדורכגעגאַנגען עטלעכע עטאַפּן.

דער ערשטער איז געווען: פון די ביכלעך, וואָס די מאַמעס האָבן געקויפט ביי די אַדורכוואַנדערנדיקע אידן, וועלכע האָבן געהאַט פאַרשיידענע מעשיות: ז׳ בעטלער, ג׳ אַחים, מעשה בעל־שם־טוב א. א. פון אַנדערע אידישע ביכער האָט מען כמעט נישט געוואוסט. דער צווייטער עטאַפּ איז געווען — השכלה־ספרים, וועלכע „יחידי סגולה״ האָבן געקראָגן געבאָרגט פון אַלטן ר׳ פישל ציוויע. דאָס זיינען געווען לעבענסאָנס (ריבל), גאָרדאָנס (יל״ג), בראַנדשטעטערס, יצחק ערטערס שריפטן א. א. ווייטער איז געווען אַ ביסל ראָמאַנטישע ליטעראַטור, וואָס מען האָט גענומען פון מרדכי מאָריץ: אברהם מאַפּוס — אהבת ציון, אַשמת שומרון און עיט צבוע; אַ ביסל וויסנשאַפטלעכע ביכער, ווי דברי ימי העולם — שולמאַנס, ידיעת הטבע — בערנשטיינס, און אַלטע אומגעבונדענע „הצפירה״ס פון סלאָנימסקיס צייטן און אַלטע „המליץ״ן.

שפּעטער איז אין פלאָצק געגרינדעט געוואָרן אַ העברעאישע וואַנדער־ביבליאָטעק, וואָס האָט איבערגעשיקט ביכער פון שטאָט צו שטאָט צו פאַר־אַנטוואָרטלעכע חברים. די וואַנדער־ביבליאָטעק איז שוין באַשטאַנען פון וויסנ־שאַפטלעכע און מאָדערנע בעלעטריסטישע ליטעראַטור: פּרצס שריפטן (כל

---

*) איבערגעדרוקט פון אַן אויסגאַבע פון דער י. ל. פרץ ביבליאָטעק אין גאָסטינין, וואָס איז דערשינען צו איר 20־יאָריקן יובילײ.

כתבי י. ל. פרץ), דער בלינדער מוזיקאַנט (המנגן העיוור) קאָראָלענקאָס, די קינדער פון געטאָ — זאַנגווילס און נאַנסנ׳ס ביכער ; על פרשת דרכים א. א.

דער ערשטער טראַנספּאָרט ביכער איז אָנגעקומען נאָך גאָסטינין אויף דעם אַדרעס פון דעם שרייבער פון די שורות מיטן אויפטראַג, אַז נאָכן אַדורכלייענען פון אַלע ביכער זאָל מען זיי איבערשיקן נאָך לובין. אָבער איידער מען האָט נאָך באַוויזן אַוועקצושיקן די ביכער נאָך לובין, איז מען שוין געקומען פון באלסק.

עס האָבן זיך שפּעטער אויך באַוויזן אין גאַס שמרס, בלושטיינס און ספּעקטאָרס ראָמאַנען. געהאַלטן האָט זיי דער איינבינדער יצחק טשאַרקע. ער האָט אויך געהאַט זשול ווערנס ווערק און אַנדערע גראָבבייכיקע ראָמאַנען, ווי : דער אינדיאַנער פירסט, גאָלדגרובן פון קאַליפאָרניע א. א. ישראל יצחק צימערמאַן האָט אויך געהאַט אַ ביסל ביכער און זיי געגעבן צום לייענען פאַר אַ געוויסן אָפּצאָל. איסר מאיר מאָטיל האָט ווידער געשפּייזט מיט הומאָריסטישע ליטעראַטור. ער פלעגט אויסטיילן דעם ענגלישן הומאָריסטישן וואָכן־בלאַט „פיפּעפּאקס״, א. א.

קיין אידישע ציטונגען זיינען דעמאָלט אין גאָסטינין נאָך נישט געווען. עס איז דאַן אָנגעקומען איין „הצפירה״ — צו יונה ברוך כץ. איידער דער בריוונטרעגער איז געקומען, האָט שוין געוואַרט אַ גרופּע מענטשן מיטן אַלטן ר׳ פישל ציוויע בראש. נאָך נישט באַוויזן אַדורכצולייענען דעם „על הפרק״ סאָקאָלאָווס, האָט שוין דער אַלטער הערש לייב דער שמש צוגעכאַפּט אַלס צווייטער שותף דעם בלאַט, ווייל ער האָט נאָך געמוזט געבן דעם דריטן שותף ר׳ יעקב מיללער, און ערשט צום לעצטן האָב איך די צייטונג באַקומען. איבערהויפּט איז דעמאָלט צוגעגאַנגען מיט ביכער־טוישן, אַזוי ווי פאַר די היסטאָרישע צייטן מיטן חפצים־אויסטויש : „איך גיב דיר אַ האַק און דו גיב מיר אַ בערן־פעל״, אַז איינער האָט געוואָלט קריגן אַ בוך, האָט ער זיך פריער געמוזט שאַפן אַ צווייטס צו קענען בייטן.

דער טויש איז אַפילו געגאַנגען מיטן דעמאָלסטיקן רב אָטערמאַן ע״ה. איך האָב אים געברענגט, פאַרשטייט זיך, אונטער דער פאָלע, דעם „הדת והחיים״, האָט ער מיר אויסגעליען דעם „השארת הנפש״, „המבקש״, פון סאָקראַטעסן, א. א.

בכלל קען מען זאָגן איז דעמאָלט די ליבע צום בוך געווען שטאַרקער ווי היינט. נישט געקוקט דערויף וואָס דאָס בוך איז שווער אָנגעקומען, האָט

מען עס זיך פאַרשאַפט. מען איז אַפילו געגאַנגען צופוס נאָך פלאַצק אויס־צוטוישן אַ פּאָר ביכער. עס איז נישט געווען אַזוי ווי היינט, ווען אַ סך זיינען ביבליאָטעק־מיטגלידער, נישט אַזוי צוליב דעם בוך, ווי בכדי צו קענען אויסנוצן דאָס שטים־רעכט צו פאַרטיי־צוועקן.

די פאַראינטערעסירונג צום אידישן בוך האָט אַרומגענומען ברייטערע שיכטן פון דער יוגנט מיט דער רעוואָלוציע פון 1905. דעם אָנהויב האָט געמאַכט די אומלעגאַלע ליטעראַטור, וואָס איז געוואָרן באַזאָרגט דורך די פאַרטיי־פאָרשטייער פון בונד, פּ.פּ.ס., ס.ד., וואָס זיינען אַהער געקומען. עס איז כדאַי צו באַמערקן, אַז די יוגנט פון די אויבנדערמאָנטע ריכטונגען, איז זיך צוזאַמענגעקומען מיט דער פאַרטיי־ליטעראַטור ביי אַ ציוניסט אין שטוב.

# גאָסטינין,
# שטאָט
# דו מיין ...

חנה באַגנאָ־קעללער



חנה קעללער

אין אונזער שטעטל גאָסטינין, ווי אין די מערסטע שטעט און שטעטלעך פון רוסיש־פוילן, איז די שטאָטישע פאַרוואַלטונג געווען אַ רוסישע, אָבער אינעם יאָר 1914, ווען די מלחמה איז דערקלערט געוואָרן, האָבן אַלע רוסישע באַאַמטע פאַרלאָזט די שטאָט. באַלד איז געשאַפן געוואָרן אַ ציווילע מיליץ צו האַלטן אָרדענונג.

אומרואיקייט און מורא האָבן אַרומגענומען די באַפעלקערונג. גאָסטינין איז געלעגן נישט ווייט פון דער דייטשער גרענעץ. אַלעמענס אויגן זיינען געווען געווענדט צו דער מערב־זייט פון דער שטאָט, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט בערג.

געווען איז דאָס אין אַ פרימאָרגן, ווען פון קאָוואַלער וועג האָט זיך באַוויזן אַ דייטשער אַוואַנגאַרד, זיך אַרומגעקוקט אין שטעטל און צוריקגעריטן. ס׳האָט אָבער לאַנג נישט גענומען און פון די בערג האָט אַראָפּגענידערט אַ מחנה דייטשע סאָלדאַטן. זיי האָבן מאַרשירט אַ גאַנצן טאָג דורך אונזער שטעטל אויפן וועג צו וואַרשע, איבערלאָזנדיק אַ קליינע צאָל סאָלדאַטן און אָפיצירן איבערצונעמען די שטאָט.

ס׳זיינען אַוועק טעג, שטילע טעג, אָבער די שטילקייט איז געווען אַ פיינלעכע, אַ נישט־זיכערע, די לופט האָט געשמעקט מיט פולווער.

דאָס מיליטער האָט זיך צוריקגעצויגן אויפן וועג צו דער דייטשער גרענעץ. זיי האָבן מאַרשירט אַ גאַנצן טאָג ביז אין דער נאַכט אַריין.

ווידער האָט די באַפעלקערונג איבערגעלעבט שרעק. די דייטשן האָבן געמאַכט אָפטע רעוויזיעס, דורכגעפירט אַרעסטן, צוגענומען מיט זיך אַ סך

מענטשן. צווישן זיי מיינע ברידער, אויך דעם נגיד אהרן ברעסלער, דעם געוועזענעם דייטשן אַפּטייקער יאהנע און אַ רוסישן פּאָליציסט.

דערווייל האָבן זיך די רוסן צוריקבאַוויזן אין שטאָט. מיטאַמאָל האָט מען געזען צוריקפירן פאַרשידענע מלחמה־מכשירים, וועגענער מיט אַ סך פאַרוואונדעטע זעלנער. מ׳האָט דערפילט, אַז עפּעס איז נישט גלאַטיק אין די רייען פון דער רוסישער אַרמיי. באַלד האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן אַ צוריקטריט פונעם מיליטער און וואָס ווייטער אַלץ אין אַ גרעסערער אומ־אָרדענונג זיינען זיי געלאָפן. מיטאַמאָל האָט זיך געהערט אַ געדיכטע קאַ־נאָנען־שיסעריי.

דאָס שיסן איז געוואָרן שטאַרקער און נענטער. ס׳האָט אויסגעוויזן ווי ס׳איז אינגאַנצן עטלעכע קילאָמעטער פון אונזער הויז, ווייל די שויבן אין אונזער שטוב האָבן זיך געטרייסלט.

מיין פאָטער, וועלכער איז אינצווישן צוריקגעקומען פון קוטנע און זיך דערוואוסט, אַז זיינע זין זיינען פון די דייטשן צוגענומען געוואָרן, האָט גע׳עצה׳ט, אַז די מאַמע מיט די קינדער זאָלן זיך אַריבערקלייבן צו אונזער פריינט איטשע מאיר סטריקאָווסקי, וועלכער האָט געוואוינט אין צענטער פון שטאָט אין אַ געמויערטער קאַמעניצע, וואו ס׳איז געווען זיכערער ווי אין אונזער הילצערנער הייזקע. מיין מוטער מיט די קינדער זיינען אַהין אַוועק. געבליבן בין איך מיט מיין פאָטער, ווייל כ׳האָב אים נישט געוואָלט איבערלאָזן אַליין אין הויז. זיינען מיר ביידע געזעסן שטיל אין דער פינצטער.

אין מיטן דער נאַכט האָבן מיר דערהערט ווי מען צעהאַקט דעם פאַרקאַן אַרום אונזער הויז. מיר האָבן דעם אָטעם איינגעהאַלטן, נישט גערירט זיך פון די ערטער. מיין פאָטער האָט אין דער שטיל געשעפּטשעט אַ תפילה. ער האָט אָפּגעגעבן אַ שבח דעם רבונו של עולם, וואָס מען האָט דאָס הויז נישט צענומען. מיט קלאַפּנדיקע הערצער האָבן מיר זיך צוגעהערט צו דעם צוריקטריט פון די זעלנער, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ גאַנצע נאַכט.

מיט דעם באַגינען פונעם טאָג האָט מען מער קיין זעלנערישע טריט נישט געהערט. ס׳איז געוואָרן שטילער און שטילער. מענטשן האָבן זיך איינציקווייז באַוויזן אין גאַס. פּלוצים האָט מען דערזען רייטערס מיט גרויע פּעלערינעס און העלמען אויף די קעפּ. האָט מען שוין פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז אַ דייטשער אַוואַנגאַרד. ווען זיי האָבן געזען די געוועלבער געשלאָסן, האָבן

דער לאַסט־אויטאָמאָביל, אין וועלכן מיר זיינען געפאָרן קיין גאָמבין שפּילן דעם „דיבוק"



דער ערשטער ביים שאָפער: **יעקב גאָסטינסקי.** די ערשטע ריי, וואָס מען קאָן זען: **יעקב־לייב פּינטשעווסקי, יעקב־לייב מאטיל, פייגע סאַרנע.** צווייטע ריי: **בערל לעווי, פּעסע נארווע.** דריטע ריי: **ישכר מאטיל, בער גאנשאר.** פערטע ריי: **שלמה קראַנץ, חנא זאַיאָנץ.**

זיי „העפלעך" געפרעגט, צי ס'איז אַ יום־טוב טאָג און דאַן באַפוילן די איינוואוינער אויפצומאַכן די קראָמען.

די סוחרים, וועלכע האָבן מיט שרעק דורך די שפּאַרעס געקוקט און געזען די פריינטלעכע האַלטונג פון די דייטשן, זיינען תיכף אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן און אויפגעמאַכט די געשעפטן.

באַלד האָט דאָס דייטשע מיליטער גענומען אַריינמאַרשירן אין שטאָט. זיי האָבן אַרויסגעוויזן פריינטלעכקייט צו דער באַפעלקערונג, ספּעציעל צו קינדער, וועלכע האָבן זיך אין דער צייט שוין געהאַט פאַרזאַמלט אין גאַס. די זעלנער האָבן די קינדער געטיילט צוויבעק און שאָקאָלאַד.

די באַפעלקערונג האָט זיך ביסלעכווייז באַרואיקט און אַלע וועלכע האָבן זיך געהאַט פאַרקליבן צו פריינט אינעם צענטער פון שטאָט, האָבן זיך צוריקגעקערט צו זייערע היימען. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון דער דייטשער אָקופּאַציע.

די דייטשן האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן אַרויספירן פון די דערפער אַלע פּראָדוקטן, ווי ווייץ, קאָרן, קאַרטאָפל, עופות, בוריקעס, פּרוכטן און נאָך. די פויערים האָבן נישט געהאַט וואָס אַריינצוברענגען אין שטאָט צום פאַרקויפן, דערפאַר האָט זיך דער האַנדל אָפּגעשטעלט. די אַרבעטער האָבן קיין אַרבעט נישט געהאַט, אַפילו דאָס זאָקנמאַכעריי, וואָס איז געווען די גרעסטע פּראָדוקציע פון שטאָט, האָט זיך אָפּגעשטעלט.

די שטימונג איז געווען זייער אַ געדריקטע. מענטשן זיינען אַרומגע־גאַנגען און נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט זיך. די יוגנט האָט אויפגע־וואַכט און האָט זיך אַ נעם געטאָן צו געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. דאָס ערשטע האָבן זיי צוריק אויפגעלעבט די אַמאָליקע חברה „לינת הצדק" מיט אַ פרויען־אָפּטיילונג אויף צו נעכטיקן ביי קראַנקע, ווייל אין יענער צייט האָט אָנגעהויבן בושעווען די טיפוס־עפּידעמיע, וואָס האָט פאַראורזאַכט אַ סך טויט־פאַלן.

ס'איז אויך געגרינדעט געוואָרן דער פאַראיין „התחיה" אונטער דער פאַרוואַלטונג פון יאָסל גאָנשער, משה פינטשעווסקי, יאַנקל רוסאַק, בן־ציון קעללער, טוביה יאַקובאָוויטש און יעקב זרחין.

אַגב איז ווערט צו דערמאָנען, אַז יעקב זרחין איז געווען אַ צוגעקומענער פון רוסלאַנד, פון וואַנען ער האָט געבראַכט מיט זיך אויך זיין משפחה און געאַרבעט ווי אַ העברעאישער לערער אין דער גאָסטינינער גימנאַזיע. ער

איז געווען אַן אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט און האָט זיך שטענדיק באַ־טייליקט אין וויכטיקע אונטערנעמונגען. די פאַרוואַלטונג פון „התחיה״ האָט געשאַפן אַ טורן־פאַראיין, אין וועלכן ס׳האָבן זיך אָנגעשלאָסן אַ צאָל יוגנט־לעכע, מיט אַ ספּעציעלן לערער פאַר גימנאַסטיק. זיי האָבן אַלע מאָל גע־מאַכט פאַרשידענע אויספלוגן אין אַנדערע שטעט.

די ביבליאָטעק איז ווידער אויפגעלעבט געוואָרן. מען האָט איינגע־אָרדנט אַ לייען־זאַל, מען פלעגט אָפט אַראָפּברענגען גאַסט־שרייבער און קולטור־טוער און פירן אַ ברייט־פאַרצווייגטע קולטור־אַרבעט, אין וועלכער סאַ׳יז כמעט אַריינגעצויגן געוואָרן די גאַנצע יוגנט.

פון די גרעסערע שטעט, וואו די לאַגע איז געווען נאָך ערגער, האָבן משפחות זיך באַזעצט אין גאָסטינין. איינע פון זיי איז געווען אַ משפחה דזשאַלאָווסקי פון לאָדזש. דזשאַלאָווסקי איז געווען אַ מוזיקאַלישער מענטש. ס׳האָט אים לאַנג נישט גענומען צו באַקענען זיך מיט דער יוגנט און ער האָט אויסגעפונען, אַז ס׳זיינען צווישן זיי דאָ באַגאַבטע זינגערס. סאיז גע־גרינדעט געוואָרן אַ געזאַנגס־פאַראיין מיט דזשאַלאָווסקין ווי דעם דיריגענט.

אין דעם כאָר האָבן אָנטייל־גענומען: חיים און רחל צווייגהאַפט, יהושע־נח ווילנער, ברוך־מאיר מאָטיל, יאַנקעל סאַרנאַ, גליקע לעווי, פייגע שטיינמאַן, חנה באַגנאַ, יאַנקעל גאָסטינסקי, חיים־יהושע טאַבאַטשניק, חנא זאַיאָנץ און שמואל קעללער.

דער געזאַנגס־פאַראיין האָט זיך געגרייט צו אַ קאָנצערט מיט אַ רעפּער־טואַר פון אידישע, העברעאישע און צוליב דעם דייטשן מיליטער און באַ־אַמטע — אויך דייטשע לידער.

אויף אַ פאַרזאַמלונג מיט דער פאַרוואַלטונג איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מען זאָל אויך אויף דעם קאָנצערט לייענען און דעקלאַמירן. אין דעם האָט אַרויסגעהאָלפן חיים פויזנער פון שטעטל קאָוואַל נעבן וולאָצלאַוועק, וואָס איז געקומען שטודירן אין דער גימנאַזיע.

חיים פויזנער האָט געהאַט שרייבעריש׳ע פעאיקייטן. ער האָט געהאַט אָנגעשריבן אַ פּאָעמע מיטן נאָמען „שוין ווידער פינצטער״. אין דער פּאָעמע האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט די פּאָגראָמען אויף די אידן, וואָס זיינען פאָרגע־קומען אין יענער צייט. איך האָב די דאָזיקע פּאָעמע פאָרגעלייענט. (ד״ר חיים פויזנער איז היינט־צו־טאָג איינער פון די אָנגעזעענסטע ציוניסטישע פירער אין דער שווייץ).

גליקע לעווי, איינע פון די זינגער, וועלכע איז געווען געבענטשט מיט אַ שיינער אַלט־שטימע און מיט אַ שטאַרקן ווילן צום זינגען, האָט זיך געהאַט אָנגעשלאָסן אינעם געזאַנגס־פאַראיין בסוד פון אירע עלטערן, ווייל זי האָט געוואוסט, אַז איר פאָטער בנימין לעווי, וועלכער איז געווען שוחט אין שטאָט, וואָלט איר נישט דערלויבט צו באַלאַנגען צו אַ געזאַנגס־פאַראיין.

דעם טאָג פונעם קאָנצערט, ווען ס'האָט זיך אין שטעטל גע'רעש'ט און דער עולם האָט זיך געגרייט צום גרויסן אָוונט, האָט מען זיך דערוואוסט, אַז גליקע לעווי וועט אינעם קאָנצערט קיין אָנטייל נישט נעמען. דער פאָטער האָט זיך דערוואוסט, ער האָט זי צוגעשלאָסן און אַפילו צוגענומען אירע שיך. מיר, פונעם כאָר, זיינען געוואָרן צערודערט פון דער נייעס, וועלכע האָט זיך שנעל צעטראָגן איבערן שטעטל, קודם ווייל ס'וועט אויספעלן אַ זינגערין; דערצו האָבן מיר זיך געשראָקן, אַז ס'וועט זיך שלעכט אָפּרופן

## אַ סצענע פון „דאָרפס־יונג" געשפּילט פון גאָסטינינער דראַמאַטישן קרייז



שטייענדיק פון רעכטס צו לינקס: **פייגע סאַרנע, שמואל קעללער, חנה (באַגנאָ) קעללער, חנא זאַיאָנץ, דבורה (סאלאָמאָנאָוויטש) פרידמאַן, חיים־סענדער זאנדמאַן.** :—: אונטן, זיצנדיק אויפן בעט: **אַדאַם דאמב.** ליגנדיק: **יעקב גאָסטינסקי.**

אויף דער אידישער באַפעלקערונג, וועלכע וועט געוויס נישט קומען צום קאָנצערט.

ס׳האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז דער גאָסטינינער עולם איז יאָ געקומען און דער קאָנצערט איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג. די גאַנצע הכנסה פון יענעם אָוונט איז געוואָרן באַשטימט צו קויפן ביכער פאַר דער ביבליאָטעק.

אין יענער צייט איז געקומען קיין גאָסטינין אַדאַם דאָמב איבערצונעמען די פאָטאָגראַפישע סטודיאָ פון זיין ברודער יוליוס. דאָמב האָט געשטאַמט פון פלאָצק. ער איז געווען אַ פויליש־רעדנדיקער אידישער יונגערמאַן. ער האָט געהאַט אַרטיסטישע פעאיקייטן. צייטנווייז האָט ער אויך געשפּילט אויף דער פוילישער בינע. ווי נאָר ער האָט זיך באַקענט מיט דער יוגנט, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער קולטור און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, האָט ער באַמערקט ביי זיי אַרטיסטישע פעאיקייטן. האָט דאמב באַשלאָסן צו גרינדן אַ דראַמאַטישן קרייז.

די יוגנט איז געווען באַגייסטערט פון דעם פּלאַן און נאָך אַ קורצער באַראַטונג איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ דראַמאַטישן קרייז מיט אַדאַם דאָמב אַלס רעזשיסאָר. די אידישע ליטעראַטור איז דאמב׳ן געווען פרעמד, אָבער ער האָט מיט חשק אָנגעפאַנגען צו לערנען אידיש, אַ סך געלייענט און געוואָרן באַהאַוונט אין דער אידישער דראַמע.

די ערשטע פּיעסע, וואָס מען האָט באַשלאָסן אויפצופירן, איז געווען „גאָט, מענטש און טייוול״ פון יעקב גאָרדין. ס׳האָבן אָנטייל־גענומען: יחיאל־יהושע פלוצער, שמואל קעללער, יעקב סאַרנאָ, מרדכי מאסקאל, מירל מאָטיל, פייגע סאַרנאַ, בימצע מאָטיל, מלכה טשאַרקע און אַדאַם דאָמב.

אין גאָסטינין איז געווען אַ זאַל מיט אַ בינע, אָבער קיין זיץ־פּלעצער זיינען צו יענער צייט נישט געווען. דער זאַל האָט באַלאַנגט צו די פייער־לעשער. די פאַרוואַלטונג האָט געקראָגן די דערלויבעניש פאַר דעם זאַל. ווען ס׳האָט זיך דערנענטערט די צייט פון דער פאָרשטעלונג, האָט מען גע־דונגען פערד־און־וואָגן און אַרומגעפאָרן פון הויז צו הויז צונויפנעמען שטולן. אויף יעדער שטול איז געוואָרן אָנגעצייכנט דער נאָמען פונעם אייגנטימער.

דאָס מעבל, וואָס מען האָט געדאַרפט פאַר דער בינע, איז געוואָרן אויס־געבאָרגט פון מענטשן, וואָס האָבן זיך אַלע מאָל באַצויגן מיט סימפּאַטיע צו אונזער אַרבעט. מען האָט אויך געדאַרפט אַן אייזערנע קאַסע אויף דער בינע, אָבער דאָס איז שוין געווען אַ קאָמפּליצירטער ענין. די פאַרוואַלטונג

האָט זיך געוואָנדן צו אפרים מאָטיל, וועלכער איז געווען אַ געזעלשאַפטלעכער טוער און האָט אַלע מאָל געשטיצט אונזערע אונטערנעמונגען. כאָטש דאָס איז געווען כמעט אוממעגלעך פאַר אים צו טאָן, האָט ער דאָך נישט אָפּגעזאָגט און האָט געגעבן זיין אייזערנע קאַסע.

דער טאָג פון דער פאָרשטעלונג איז געווען אַן אמתער יום־טוב. מיט גרויס ענטוזיאַזם האָבן די גאָסטינינער, וועלכע האָבן אָנגעפילט דאָס טעאַטער, אַפּלאָדירט די שפּילער.

נאָך דער פאָרשטעלונג האָט מען געזען די זעלבע מענטשן אין גאַס, זיך טיילן מיט די איינדרוקן פון דער פאָרשטעלונג.

די ערשטע צייט האָבן די שטאָטישע בעלי־בתים נישט אַרויסגעוויזן קיין צופרידנקייט וועגן דעם גאַנצן ענין. אָבער ווען די פאַרוואַלטונג האָט זיי צוגעזאָגט, אַז דאָס געלט פון די קומענדיקע פאָרשטעלונגען וועט גיין פאַר פילאַנטראָפּישע צוועקן, האָבן זיי געקראָגן אַ פריינטלעכערע באַציאונג צו דעם דראַמאַטישן קרייז.

ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן צו שפּילן נאָך אַמאָל „גאָט, מענטש און טייוול״ מיט דער אויסרעכענונג, אַז אויב די גמינע־פאָרשטייער וועלן אויך קומען אין טעאַטער, איז דאָס די פּאַסנדיקסטע פּיעסע.

אין יענער צייט האָבן יחיאל יהושע פּלוצער, איינער פון די וויכ־טיקסטע אַמאַטאָרן, אויך בימצע מאָטיל פאַרלאָזט גאָסטינין. שמואל קעללער האָט איבערגענומען די ראָלע פון „הערשעלע דובראָוונער״. די פרויען־ראָלע פון „ציפּעניו״ האָט דער רעזשיסאָר אַדאָם דאמב פאָרגעשלאָגן, אַז איך זאָל זי שפּילן, ווייל מ׳האָט אים דערציילט, אַז איך האָב שוין איניקע מאָל דעקלאַמירט. איך בין געווען צופרידן אָנצונעמען דעם פאָרשלאָג און צו באַלאַנגען צום דראַמאַטישן קרייז, אָבער איך האָב געוואוסט, אַז מיין פאָטער וועט זיכער זיך קעגנשטעלן.

פונדעסטוועגן האָב איך פּרובירט צו רעדן מיט מיין פאָטער און אים איבערצייגן, אַז אַפילו די טאָכטער פונעם אָנגעזעענעם בעל־הבית נטע מאָטיל נעמט אויך אָנטייל.

ס׳האָט נישט געהאָלפן. מיין פאָטער האָט מיר קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט.

די פאַרוואַלטונג האָט באַשלאָסן צו שיקן צו מיין פאָטער אַ דעלעגאַציע פון די אָנגעזעענע יונגעלייט: משה פינטשעווסקי, יאָסל גאָנשער און בן־ציון קעללער.

זיי האָבן אויפגעוויזן מיין פאָטער, אַז די אַרבעט וואָס די יוגנט טוט איז אַ נוצלעכע. די הכנסה פון די פאָרשטעלונגען גייט פאַר פילאַנטראָפּישע צוועקן. אויך האָבן זיי אים פאַרזיכערט, אַז די פאָרשטייער פון דער גמינע וועלן קומען צו דער פאָרשטעלונג, ווי יעקב זרחין, מענדל קרעל, נטע מאָטיל, משה בראַקמאַן און יעקב מענדל קעללער, מיין שווער ז״ל.

מיין פאָטער האָט אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צו די יונגעלייט און נאָך אַ קורצן שווייגנדיקן ישוב־הדעת מסכים געווען, אַז איך קען אָנטייל־נעמען אין דער פאָרשטעלונג; אַפּנים אַז די רייד פון דער דעלעגאַציע האָבן געהאַט די געהעריקע ווירקונג אויף מיין פאָטער. נאָך אַ געוויסער צייט פון רעפּעטירן די פּיעסע איז באַשטימט געוואָרן דער טאָג פון דער פאָרשטעלונג.

ס׳איז באַקאַנט געוואָרן אין שטאָט, אַז די פאָרשטייער פון דער גמינע קומען אין טעאַטער. זיינען אויך אַנדערע, וואָס וואָלטן קיינמאָל נישט באַזוכט אַ טעאַטער, געקומען צו דער פאָרשטעלונג און אַזוי ווי נישט אַלע האָבן געקענט אַריין צוליב מאַנגל אין פּלאַץ, האָט מען דעם צווייטן אָוונט נאָכאַמאָל געשפּילט די זעלבע פּיעסע.

נאָך דעם איז אויפגעפירט געוואָרן יעקב גאָרדינס „דער מטורף״, „חאַשע די יתומה״ און „דער אומבאַקאַנטער״, שלום עליכמ׳ס „נאר אַ דאָקטאָר״, י. ל. פּרצ׳ס „נאָך קבורה״, טשיראַקאָווס „די אידן״, סטרינדבערגס „פאָטער״, איבסענס „די גייסטער״, אַלעקסאַנדער דיומאַס „קין״ און שלום אַשס „מיטן שטראָם״.

דאמב האָט מיטן דראַמאַטישן קרייז אויך אויפגעפירט דוד פּינסקי׳ס „גאַברי און די פרויען״.

גראָד האָט צו יענער צייט אין גאָסטינין פאַרבראַכט די היינט באַוואוסטע שוישפּילערין ראָוז שושנה. אונזער רעזשיסאָר האָט אויסגענוצט די געלעגנ־הייט און זי פאַרבעטן צו שפּילן אין דוד פּינסקי׳ס פּיעסע די הויפּט־ראָל.

מ׳האָט זיך אויך געגרייט אויפצופירן שלום אַש׳ס „מיטן שטראָם״, איז מען געבליבן שטיין פאַר אַ שווערן פּראָבלעם: וואו נעמט מען אַ שטריימל פאַרן רב? ווער וועט אין דעם קליינעם שטעטל אויסבאָרגן אַ שטריימל? איז שמואל׳ן, וועלכער האָט געדאַרפט שפּילן די ראָלע פונעם רב, געקומען אויפן געדאַנק שרהלע, אַ טאָכטער פון ישעיה פיינזילבער, איינער פון די אָנגעזעענסטע צווישן די חסידישע משפחות אין גאָסטינין, מיט וועמען די

קעללערס זיינען געווען קרובים. ער האָט זיך מיט איר געטראָפן אין געהיים, און זי געבעטן, אַז זי זאָל אים העלפן קריגן איר שוואָגערס שטריימל.

פאַר דער נאַאיווער הסידישער טאָכטער איז דאָס געווען אַ גרויסער נסיון; זי האָט איינגעוויליקט. אַ נאַכט פאַר דער פאָרשטעלונג איז איר שוואָגער, יצחק שטערן, אַ גרויסער חסיד און ירא־שמים, געהאַט סמיכה אויף רבנות, אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע און זי שרה׳לע האָט גענעכטיקט ביי איר שוועסטער.

ביינאַכט, ווען די משפחה איז שוין געשמאַק געשלאָפן, האָט שרה׳לע צוגעבונדן דעם שטריימל צו אַ שטריק און אַראָפּגעלאָזט דורכן פענסטער, וואו מיר האָבן דערויף געוואַרט.

באַלד נאָך דער פאָרשטעלונג בין איך און שמואל אַוועק מיטן שטריימל צו יצחק שטערנס הויז, וואו שרה׳לע האָט שוין געוואַרט אויף אונז. אַזוי איז געראַטעוועט געוואָרן די סיטואַציע און קיינער, סיי איר שוואָגער און סיי די חסידים פון שטאָט, האָבן נישט געוואוסט וועגן דעם.

ס׳איז געבליבן אַ סוד עד־היום.

די געשיכטע מיט גליקע לעווי, וואָס איר פאָטער דער שוחט האָט זי פאַרשלאָסן און די געשיכטע מיטן שטריימל זיינען נישט געווען די איינציקע אינצידענטן, וואָס האָבן געדראָט צו צעשטערן אַ קאָנצערט אָדער אַ פאָר־שטעלונג.

ס׳זיינען אויך געווען אַנדערע. אָט דערמאָן איך זיך אָן יענעם טאָג, אין וועלכן מ׳האָט זיך געגרייט שפּילן די פּיעסע „דער פאָטער" פון סטרינד־בערג. איך האָב געשפּילט די ראָלע פון בערטאַ. יענעם אָוונט זיינען צו אונז געקומען מחותנים „באַשוינען" מיין עלטערע שוועסטער הינדע. מיינע עלטערן האָבן געוואָלט, אַז איך זאָל זיין ביים אויפנעמען די געסט. וויפיל איך האָב זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז איך מוז גיין צו דער פאָרשטעלונג און אַז אָן מיר קען מען די פאָר־שטעלונג נישט אויפפירן, האָט נישט געהאָלפן. מיינע עלטערן זיינען באַשטאַנען אויף דעם, אַז איך מוז בלייבן אין הויז. איך האָב נישט געהאַט קיין אַנדערן אויסוועג, ווי אין דער לעצטער מינוט זיך אַרויס׳גנב׳ענען פונעם הויז.

נאָך דער פאָרשטעלונג, ווען איך בין אַהיימגעקומען, זיינען שוין אַלע געשלאָפן. איך האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר, האָב איך דערהערט מיין פאָטערס טריט. אַ ברוגז׳ער האָט ער מיך אַריינגעלאָזט. אינדערפרי האָב איך אויס־

געמיטן זיך צו טרעפן אויג אויף אויג מיט מיין פאָטער. כ׳בין געווען צופרידן, וואָס מיין פאָטער איז אַוועק אין שול. שפּעטער בין איך געשטאַנען פאַר אונזער געוועלב און געטראַכט פון דער אויפרעגונג, וואָס איך האָב געהאַט איידער איך האָב געדאַרפט אויפטרעטן אין טעאַטער.

פּלוצים האָב איך באַמערקט פונדערווייטנס מיין פאָטער קומען פונעם דאַווענען. מיין האַרץ האָט אָנגעהויבן קלאַפּן פון שרעק. ווען ער האָט זיך דערנענטערט, האָב איך דערזען אויף זיין פּנים אַ צופרידענעם אויסדרוק און אַפילו אַ שמייכל. ער האָט זיך געווענדט צו מיין מוטער און געזאָגט:

— הערסט, גנענדל, חרפּות און בושות האָב איך פון „דיין טאָכטער״.

דאַן האָט מיין פאָטער דערציילט, אַז ער האָט זיך אויפן וועג צו דער שול געטראָפן מיט זיין פריינט יעקב לינדערמאַן. ער האָט אים איבערגעגעבן, אַז אַלע האָבן זייער גוט געשפּילט און ווי חנה האָט אויסגעצייכנט דורכגעפירט איר ראָלע אַלס די צוועלף־יאָריקע בערטאַ.

אונזער דראַמאַטישער קרייז איז געוואָרן באַוואוסט אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. ס׳האָט זיך אויך דערוואוסט פון אונזער אַרבעט דער באַרימטער רעציטאַטאָר יעקב ווייסליץ. ער איז געקומען קיין גאָסטינין און פאָרגעשלאָגן צו לייענען פאַר אונז דעם „דאָרפס יונג״ פון לעאָן קאָברין.

פאַר אַמאַטאָרן איז דאָס נישט געווען קיין לייכטע פּיעסע אויפצופירן, אָבער אַדאָם דאמב, אונזער רעזשיסאָר, איז געווען אַ מענטש מיט גרויסע אַמביציעס, האָט ער באַלד געהייסן צוטרעטן צו דער אַרבעט.

פאַר אָט דער אויפפירונג האָט מען געדאַרפט מער אַמאַטאָרן. האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דעם דראַמאַטישן קרייז: חיים סענדער זאַנדמאַן, יהושע ווילנער, הערש קרוטשיק און דבורה סאַלמאָנאָוויטש.

יעקב גאָסטינסקי האָט אין דער פּיעסע געשפּילט צווײ ראָלן: „ישעיה דער קרעטשמער״ און „פּראָקאָפּ״.

מיט לייב און נשמה האָבן די אַמאַטאָרן זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט, יעדער איינער האָט זיך באַמיט אַרויסצוברענגען דעם טיפּ אַזוי ווי יעקב ווייסליץ האָט רעזשיסירט.

ס׳זיינען געקומען די גאָמבינער אַמאַטאָרן מיט זייער רעזשיסאָר, חיים לוריע, בייצואווינען די פאָרשטעלונג.

אַ געהויבענע שטימונג האָט געהערשט צווישן די באַזוכער. נאָך דער פאָרשטעלונג זיינען די גאָסטינינער און גאָמבינער אַמאַטאָרן זיך צוזאַמענ־

געקומען ביים רעזשיסאָר אין סטודיאָ. די גאָמבינער געסט זיינען געווען אַזוי באַגייסטערט פון דער אויפפירונג, אַז זיי האָבן באַשלאָסן אויך אין זייער שטעטל צו שפּילן דעם „דאָרפס יונג".

דער גאָמבינער רעזשיסאָר חיים לוריע האָט אָנגעפאַנגען רעפּעטירן דעם „דאָרפס־יונג", אָבער פאַר דער ראָלע הירש־בער דער פישער, האָט ער נישט געהאַט קיין פּאַסנדיקן אַמאַטאָר און אַזוי ווי שמואל קעללער האָט גע־שפּילט הירש־בער אין גאָסטינין, האָט ער אים פאַרבעטן צו שפּילן די ראָלע אין גאָמבין.

שמואל האָט די איינלאַדונג אָנגענומען.

אינעם טאָג פון דער פאָרשטעלונג איז אונזער רעזשיסאָר מיט די אַמאַטאָרן געפאָרן קיין גאָמבין בייצואוואוינען די פאָרשטעלונג.

דעם בעל־עגלה, אַ גוטמוטיקן און פריילעכן, האָט מען גערופן, דער בלינדער חיימל, ווייל ער איז געווען בלינד אויף איין אויג; ער האָט אויף זיין בעל־עגלה'שן שטייגער אויסגעשריגן:

— חברה אַקטיאָרן, קריכט שוין אַרויף! — מיר האָבן זיך אַרויפגע־דראַפּעט אויפן וואָגן, דער בעל־עגלה נאָך אונז, ער האָט געגעבן אַ שמיץ דאָס פערדל און איידער מיר קוקן זיך אַרום, זיינען מיר שוין הינטער דער שטאָט.

דער וועג פון גאָסטינין קיין גאָמבין איז געווען אַ שטויביקער. דאָס לויפן פונעם פערד האָט אויפגעהויבן דעם שטויב אין דער הויך, אַז ס'האָט זיך אויסגעוויזן, ווי מיר פאָרן אין אַ נעפּל. פונדעסטוועגן האָט דאָס אונז נישט געשטערט צו פאַרהילכן די לופט מיט געזאַנג. ווען מ'איז דורכגע־פאָרן די וועלדער האָט אַן עכאָ אָפּגעהילכט, ווי ס'וואָלטן געזונגען כאָרן מיט אַ סך מענטשן.

דער בעל־עגלה האָט געזאָגט ווערטלעך אויף אונזער חשבון און מיר האָבן האַרציק געלאַכט.

אַריינקומענדיק אין גאָמבין האָבן מיר דערפילט אַ יום־טוב אין שטאָט. מיר האָבן געזען אויסגעקלעפּט גרויסע אַפישן, אַז היינט ווערט געשפילט דער „דאָרפס־יונג".

מענטשן האָבן נאָכגעקוקט דאָס פערד און וועגעלע, וואָס האָט געפירט די גאָסטינינער טעאַטער־ליבהאָבער. און אַזוי זיינען מיר צוגעפאָרן צום טעאַטער.

## אַ טייל פון דעם דראַמאַטישן קרייז אונטער אַדאַם דאָמב



זיצנדיק פון רעכטס: **יעקב סארנע, יעקב גאָסטינסקי, אַדאַם דאָמב, יעקב־לייב מאטיל, פייגע סאַרנע, מאַניע קליינבארד.**
שטייענדיק פון רעכטס: **ברוך־מאיר מאטיל, שלמה גאָסטינסקי, דבורה (סאלאָמאָנאָוויטש) פרידמאַן, ביביציע מאָטיל, מ. זייף (מאָטיל), הינדע דאָמב, שמואל קעללער, חנה (באַגנאָ) קעללער.**

דער „דאָרפס־יונג" איז אויך אין גאָמבין געשפּילט געוואָרן צוויי מאָל מיט גרויס דערפאָלג.

דאָס איז געווען אַ נסיעה, וואָס לאָזט זיך נישט פאַרגעסן.

***

חוץ די דערמאָנטע פאַראיינען, אין וועלכע ס'האָט זיך באַטייליקט די גאָסטינינער יוגנט, זיינען אויך געווען אַנדערע טעטיקייטן, ווי הילפס־אַרבעט, און אויך אויפן געביט פון בילדונג, מיט וועלכער ס'האָבן זיך אויסגעצייכנט די אידישע סטודענטן פון דער גימנאַזיע. זיי האָבן געגעבן פרייע לעקציעס צו יונגוואַרג, וואָס האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייטן, אָדער די געלעגנהייט אַדורכצומאַכן די עלעמענטאַרע בילדונג.

איינער פון די סטודענטן, אברהם זייף, אַ צוגעפאָרענער פון דער שטאָט ראַדזשיעוו קויאַווסקי, איז געווען זייער טעטיק אין העלפן אויסוואַנדערן בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן געוואָלט פאַרלאָזן פוילן. (דער זעלבער אברהם זייף איז שפּעטער געווען לערער אין וולאָצלאַווקער מזרחי־שול, דאַן געלעבט אין דאַנציק און געהערט צו די פּראָמינענטע ציוניסטן אין שטאָט. ער איז אומגעקומען אין קאַנין אין אויסטערלישע אומשטענדן.)

נאָך דער גרויסער נידערלאַגע אינעם יאָר 1918, וואָס די דייטשע אַרמיי האָט געליטן אויפן מערב־פראָנט, איז אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. מען האָט אַרונטערגעוואָרפן דעם דייטשן קייזער ווילהעלם, די דייטשע אַרמייען זיינען אַנטלאָפן פון אַלע אָקופּירטע לענדער.

דער חלום פונעם פּוילישן פאָלק איז פאַרווירקלעכט געוואָרן. פּוילן איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק.

פאַר די אידן, אָבער, זיינען אָנגעקומען טעג פון באַנייטן פּחד, פּאָגראָמען און אומרוען. עס איז געקומען דער אַנטיסעמיטישער גענעראַל האַלער מיט זיין לעגיאָן, וואָס איז באַשטאַנען פון כוליגאַנעס און פּאָגראָמשטשיקעס; ס'איז געווען אוממעגלעך פאַר אידן דורכצוגיין די גאַסן, זיי האָבן געשלאָגן און געריסן בערד, זיי זיינען באַפאַלן אידן אין די באַנען, מען האָט נישט דערלאָזט אידישע יונגעלייט שטודירן אין די אוניווערזיטעטן.

די יוגנט האָט איינגעזען, אַז זיי קענען מער נישט בויען זייער עקזיס־טענץ אין פּוילן און האָבן גענומען אויסוואַנדערן. אויך איך האָב אינעם יאָר 1920 באַשלאָסן צו פאַרלאָזן פּוילן.

אַדאַנק דער הילף פון דעם געזעלשאַפטלעכן טוער אברהם זייף איז מיר

געלונגען איינצושטייגן אויף אַ קליינער שיף אין דאַנציק, וואָס איז אָפּגעפאָרן נאָך „סווינע־מינדע”, דייטשלאַנד. פון דייטשלאַנד בין איך געפאָרן קיין בעלגיע, וואו מיין ברודער שמואל־ברוך איז שוין געווען אַ לענגערע צייט. אַ יאָר שפּעטער בין איך אָנגעקומען קיין אַמעריקע.

מיין בענקשאַפט נאָך גאָסטינין האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט. כאָטש מען האָט דאָרט שטענדיק געלעבט מיט מורא פאַרן מאָרגן, האָט עס מיך געצויגן צו זען מיינע טייערע און נאָענטע.

נאָך אַ פּעריאָד פון 13 יאָר האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן קיין גאָסטינין און אין דעם יאָר 1934 בין איך מיט אונזער צען־יאָריקער טאָכטער איטאַ־פריידעלע געפאָרן באַזוכן מיין געבוירן־שטאָט גאָסטינין.

כ׳האָב אָנגעטראָפן אַ נייע יוגנט, כ׳האָב נאָר בלויז דערקענט אייניקע פון זיי, וואָס זיינען געווען ענלעך צו זייערע עלטערן. אויך די יוגנט האָט געהאַט אַ דראַמאַטישן קרייז. זייער רעזשיסאָר איז געווען אַ אינגערער ברודער פון יחיאל יהושע פּלוצער.

אַדאָם דאמב איז שוין צו יענער צייט נישט געווען אין גאָסטינין. ער האָט זיך געהאַט אָנגעשלאָסן אין אַ פּראָפעסיאָנעלער אַקטיאָרן־טרופּע אין וואַרשע.

אין דער צייט, וואָס איך בין געווען אין גאָסטינין, האָט דער דראַמאַ־טישער קרייז זיך געגרייט אויפצופירן די דראַמע „גנבים” פון פישל בימקאָ.

אינעם טאָג פון דער פאָרשטעלונג איז געווען די זעלבע יום־טוב׳דיקע שטימונג, ווי אין די פריערדיקע יאָרן.

איך בין געזעסן אין טעאַטער און באַוואונדערט די באַזוכער, מיט וואָס פאַר אַן ענטוזיאַזם זיי האָבן געוואַרט דער פאָרהאַנג זאָל זיך אויפהויבן.

די פאָרשטעלונג איז געווען, ווי איך האָב דערוואַרט — פּרעכטיק אויפ־געפירט פונעם גאַנצן אַנסאַמבל. איך בין אַוועק הינטער די קוליסן צו גראַ־טולירן די שפּילער, באַגייסטערט פון זייער קינסטלערישער אויפפירונג.

זיצנדיק אין טעאַטער אינעם יאָר 1934 זיינען אין מיינע געדאַנקען אויפגעשוואומען פאַרשידענע בילדער און דעראינערונגען פונעם פריערדיקן לעבן און אַקטיוויטעטן אין גאָסטינין.

ווער וואָלט זיך דעמאָלט פאָרגעשטעלט, אַז אין אַ פּאָר יאָר שפּעטער וועט קומען דער גרויסער חורבן, אין וועלכן דאָס הערלעכע קאַפּיטל אידיש גאָסטינין וועט אָפּגעמעקט ווערן...

מאיר און יעקב גאָסטינסקי

# בילדער און טיפּן פון גאָסטינין

געווידמעט דעם הייליקן אָנדענק
פון אונזער שוועסטער זיסע ע"ה

אונזער שטעטל גאָסטינין האָט זיך געפונען אין אַ געגנט פון פעלדער, וועלדער, טייכן, בערג און טאָלן, ווינט־מילן, וואַסער־מילן, ציגעלניעס, צוקער־פאַבריקן, גאָזשעלניעס און אויך טאָרפיאַרנעס, וואָס האָבן פּראָדוצירט אַ ביליקן ברען־מאַטעריאַל, מיט וועלכן די באַפעלקערונג— באַזונדערס דער אָרעמערער קלאַס איינוואוינער — האָט זיך באַנוצט צו באַהייצן די הייזער.

מיט יאָרן שפּעטער איז אויך צוגעקומען עפּשטיינס טאַרטאַק אויף פלאָצקער שאָסיי, וואו מען האָט געשניטן האָלץ אויף ברעטער, און זיי איבער דער ווייסל אַריבערגעפירט קיין דאַנציג און אַנדערע שטעט.

אונזער געבורט־שטעטל, גאָסטינין, איז געלעגן אין מיטן וועג צווישן פּלאָצק און קוטנע. אויף איין זייט איז געווען דריי מייל פון גאָמבין און אויף דער אַנדער זייט דרייט מייל פון קאָוואַל.

דער צענטער פון גאָסטינין איז געווען דער פיר־עקעדיקער מאַרק־פּלאַץ, וואָס איז געווען ברוקירט, פּלאַך און גלאַט. פון אַלע פיר זייטן אַרום דעם מאַרק־פּלאַץ זיינען געווען שיינע טראָטואַרן מיט ביימער אַרום. כמעט אַלע קראָמען און געוועלבלעך זיינען געשטאַנען אויפן מאַרק. ס'האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן די צוויי פּלומפּן, פון וועלכע די וואַסער־טרעגער האָבן אָנגע־נומען וואַסער און אויף שאַנדעס צעטראָגן איבערן שטעטל. אויפן מאַרק־פּלאַץ איז אויך געווען דער מאַגיסטראַט, די פּאָליציי־סטאַנציע און די „קאָזע" (אַזוי האָט מען גערופן די שטאָטישע תפיסה).

עס געדענקט זיך ווי איינמאָל האָבן זיך פלוצלונג אויפן מאַרק דערהערט וויינענדיקע קולות און געשרייען, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון דער קאָזע. דאָס האָט די פּאָליציי געשמיסן אַ אינגל, וואָס איז אַרעסטירט געוואָרן אויף דעם פאַרדאַכט, אַז ער האָט געהערט צו אַ רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי. די פּאָליציי האָט געוואָלט פון אים אַרויסקריגן די נעמען פון די פּאַרטיי־פירער. דאָס אינגל האָט אָבער אַריבערגעטראָגן אַלע פּייניקונגען און האָט קיינעם

נישט אויסגעגעבן. שפּעטער האָט מען זיך דערוואוסט, אַז דאָס איז געווען זעליק האָדעס.

פון דער אַנדער זייט מאַרק, פּונקט אַנטקעגן דעם מאַגיסטראַט, איז געשטאַנען רישטאָווס האָטעל־בערזשע. באַלד דערנעבן איז געווען מאיר בוראַקס אכסניה, וואָס האָט אויך געדינט ווי די סטאַנציע פאַר אַלע באַלע־גאָלעס מיט זייערע דראָזשקעס, קאַרעטעס, בריטשקעס און „פּאָוואָזן", וואָס פלעגן פירן פּאַסאַזשירן אַרויס אין אַנדערע שטעט, און אַריין קיין גאָסטינין.

ביי די זייטן פון מאַרק זיינען געלעגן די צוויי הויפּט־גאַסן פון גאָסטי־נין, די פּלאָצקער און קוטנער גאַסן. די צוויי גאַסן האָבן זיך געצויגן לענג־אויס פון שטעטל און זיינען געווען דער הויפּט שפּאַציר־וועג פון דער גאָסטי־נינער יוגנט. ביים סוף פון דער קוטנער גאַס האָט זיך געפונען דער לוסט־גאָרטן און דער לאַנגער גאָרטן. אין די רוסישע חגאות פלעגן אין דעם לוסט־גאָרטן און אין דעם לאַנגן גאָרטן פאָרקומען פאַרוויילונגען און דער מיליטערישער אָרקעסטער האָט געשפּילט.

דאָס הויז, וואו מיר האָבן געוואוינט, איז געשטאַנען אויף פּלאָצקער גאַס, נישט ווייט פון דער פּוילישער קירך, וואו אָרעמע פּויערים פלעגן אויף דער גאַס פאַר דער קירך קניען און תפילה־טאָן. אָן אַ זייט פון אונזער הויז איז געווען אַ סאָד, וואו עס זיינען געוואַקסן פאַרשידענע פּרוכטן, עפּל, פלוימען, אַגרעסט און „לעזשעלקעס". גאָסטינין האָט בכלל געשמעקט פון פּרוכט־סעדער. סיי אידן און סיי קריסטן, האָבן געהאַנדלט מיט אויבסט.

זומער־צייט פלעגט דער סאָד פאַרדונגען ווערן צו אַ סאַדאָווניק, וואָס פלעגט וואוינען אין סאָד דעם גאַנצן זומער ביז דער פּרוכט־סעזאָן איז אַריבער. ווען די פּרוכטן זיינען שוין געווען אַראָפּגענומען און דער סאַדאָווניק איז אַוועק, דעמאָלט איז דער סאָד געוואָרן פריי פאַר אונז אינגלעך. מיר פלעגן אַרויפקלעטערן אויף די ביימער און אָפּרייסן אָדער אָפּשאָקלען די פאַרבליבענע פּרוכטן — ווער מיט די הענט, ווער מיט שטעקנס אָדער גרויסע שטיינער. דאָס איז געווען אונזער גרעסטער פאַרגעניגן.

אונזער משפּחה — די קעללערס, די עפּשטיינס, ר' לייבוש ליפּשיץ און די „שוואַרצע פריידע" מיט אירע זין האָבן געוואוינט אויף דער פּלאָצקער גאַס. ווען עס האָט זיך אונטערגערוקט די פּוילישע חגא „דער גרינער דאָנערשטיק", וואָס פאַלט אויס אַרום שבועות־צייט, האָבן מיר קינדער גע־מוזט פאַרבלייבן אין די הייזער; מען האָט מורא געהאַט זיך צו ווייזן אויף דער גאַס, ווייל דעמאָלט האָבן די פּאָליאַקן אַרויסגעפירט פון דער

קירך די „טעטעלעך״ (הייליקע בילדער) און זיי געטראָגן אין אַ פּראָצעסיע איבער די גאַסן פון גאָסטינין.

אויף דער קאָוואַלער גאַס איז געשטאַנען די דייטשע קירך, אויף קוטנער גאַס די רוסישע צערקווע, די גימנאַזיע, די פּאָטשט און די מיליטערישע קאַזאַרמעס. אויף גאָמבינער גאַס האָט געוואוינט דער רב. דאָרט איז גע־שטאַנען די שול, דער בית־המדרש און די מקווה.

***

עס איז שוין אַוועק אַזוי פיל יאָרן, זומערן און ווינטערן, וואָס מיר האָבן אונזער שטעטל נישט געזען, און עס וואָלט זיך וועלן אַ קוק טאָן אויף דעם שול־הויף, וואו די חדר־אינגלעך האָבן געפירט „מלחמות״, איין חדר קעגן אַנדערן און אָפּגעהאַלטן „מפּלות״ און „נצחונות״!... עס וואָלט זיך וועלן אַ קוק טאָן אויף דעם שול־באַלעמער, וואו מיר אינגלעך פלעגן שמחת תורה זיך פרייען מיט די הקפות; אויפן בית־המדרש מיט די גרויסע ספרים־שענק און, להבדיל, אויף דעם הור־ההר־באַרג (די דיבאַנקעס), פון וועלכן יעדער גאָסטיניבער האָט דעראינערונגען; אויף דעם ראטיי־יעדזשער טייך, וואו מיר פלעגן זיך זומער־צייט באָדן, און אויף נאָך מקומות, וואָס זיינען טיף איינגעקריצט אין זכרון.

עס געדענקט זיך ווי אונזער שטעטל האָט אויפגענומען דעם ערשטן אויטאָמאָביל (סאַמאָכאָד). די מענטשן אידן און אידענעס, אינגלעך און מייד־לעך, האָבן אַרומגערינגלט דעם דאָזיקן „פויגל״ און גענומען זוכן און טאַפּן כדי צו דערגרונטעווען דעם סוד פון וואַנען עס נעמט זיך די טרייב־קראַפט וואָס מאַכט דעם סאַמאָכאָד צו פאָרן שנעל ווי די באַן און אַן פערד... און ווען דער אויטאָמאָביל האָט זיך אָנגעהויבן שטאַרק צו טרייסלען און פון היבטן האָט געגעבן אַ זעץ אַ ווייסער רויך און דער סאַמאָכאָד איז אַוועק אין אַ גאַלאָפּ, האָבן פויערטעס און פויערים זיך געצלמט און אידן האָבן גע־שעפּטשעט: „נפלאות הבורא!״ געוואַגטע אידישע אינגלעך האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין אַ פאַרמעסט, ווער עס וועט קענען לויפן שנעלער, זיי צי דער אויטאָמאָביל. פאַרשטייט זיך, אַז דער אויטאָמאָביל איז אַרויס דער זיגער... אָבער איין זאַך, וואָס מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען און וואָס האָט אונז גע־עגבערט דעם מוח, איז געווען דער מאַשיניסט פון דעם אויטאָמאָביל. ער זעצט זיך אַריין אינעווייניק, גיט אַ דריי אַ קאָלבע עטלעכע מאָל אַרום, און דער אויטאָמאָביל מאַכט אָן אַ טומל און צאַפּלט זיך אַרויף און אַראָפּ. דער

מאַשיניסט גיט אַ קוועטש אַ קנעפּל און פון פאַרנט צינדן זיך אָן צוויי שטור־קאַצן, וואָס גיבן־צו דעם אויטאָמאָביל עפּעס אַ גאַנץ אַנדער פּנים. דער אויטאָמאָביל האָט אַ סך מאָל פאַראורזאַכט גרויסע שטערונגען. ווען ער איז דורכגעלאָפן די גאַסן, האָבן פערד, איינגעשפּאַנט אין וועגענער, זיך דערשראָקן און אָנגעהויבן בריקעווען, זיך אויפגעשטעלט אויף די הינטערשטע פיס און אָנגעהויבן לויפן מיט אַ ווילדן אימפּעט, אַז עס איז אוממעגלעך געווען זיי איינצוהאַלטן. ס׳איז פאַר מענטשן געווען ממש אַ לעבנס־געפאַר.

***

עס געדענקט זיך, ווי אויפן מאַרק האָט מען אויסגעפּרואווט „שאַטקאָווע״ לאָמפּן. דאָס ליכט פון די דאָזיקע לאָמפּן האָט געשאַפן דעם איינדרוק ווי גאַז־באַלייכטונג. גרופּעס מענטשן האָבן אַרומגערינגלט די לאָמפּן־סלופּעס, באַוואונדערט די נייע באַלייכטונג און דערביי ספּעקולירט ווי אַזוי די לאָמפּן ווערן אָנגעצונדן אָן „זאַפּאַלקעס״ (שוועבעלעך). די פּויערים פון אַרום גאָס־טינין זיינען געקומען מיט זייערע קינדער אין שטעטל אַריין אָנקוקן דעם בייזוואונדער. מיט יאָרן שפּעטער האָט שוין גאָסטינין געהאַט עלעקטרישע באַלייכטונג אין כמעט אַלע גאַסן. די איינוואוינער פון שטעטל האָבן שטאָל־צירט, וואָס גאָסטינין ווערט אַ שטאָט מיט שטעט באַגלייך.

***

עס שווימט אויף אין זכרון יענע צייט, ווען מיר זיינען נאָך געווען גאָר קליינע אינגלעך און דער טאַטע האָט אונז אָפּגעגעבן צו אַברהם־מאיר דעם דרדקי־מלמד און ער האָט מיט אונז אָנגעהויבן קנעלן דעם ערשטן שייטל עברי. ער שטייט פאַר די אויגן — דער מלמד אונזערער — ווען ער פלעגט אַ זאָג טאָן: „קינדערלעך, באַלד וועט אָנקומען ל״ג בעומר! גרייט זיך אָן מיט אייערע כלי־זין, ווייל מיר וועלן גיין אין וואַלד אַריין פּראַוון דעם יום־טוב!״... ווען עס איז געקומען ערב ל״ג־בעומר, פלעגט ער ווידער אַ זאָג טאָן: „קינדערלעך, מאָרגן איז שוין ל״ג־בעומר, גייט אַהיים און זאָגט דער מאַמען זי זאָל פאַר אייך צוגרייטן אויף מאָרגן טיטעלעך עסן, ווייל מיר וועלן דעם גאַנצן טאָג זיין אין וואַלד, און פאַרגעסט נישט צו ברענגען ל״ג־בעומר־געלט!״...

אויף צומאָרגנס, ל״ג־בעומר־טאָג, איז דער מלמד מיט אונז געגאַנגען אין וואַלד אַריין פּראַוון דעם יום־טוב. מיר אינגלעך האָבן געטראָגן אונזערע

כלי־זין — הילצערנע בויגנס מיט אָנגעצויגענע שטריקלעך, טיטעלעך מיט פאַרשידענע מאַכלים, האַרטע אייער, אייער קיכלעך, אַנדערע נאַשערייען. און מיר האָבן טאַקע פאַרבראַכט אין וואַלד ביז די זון איז פאַרגאַנגען...

ווען מיר זיינען אַביסל עלטער געוואָרן, אויפגעוואַקסן, האָט אונז דער טאַטע אָפּגענומען פון אַברהם־מאירן און אונז אָפּגעגעבן צו ר׳ לייבעלע מלמד. ביי אים, ביי ר׳ לייבעלען, האָבן מיר אָנגעהויבן צו לערנען חומש מיט רש״י און דערנאָך גמרא.

ר׳ לייבעלע מלמד האָט באַוואוינט איין צימער וואו עס איז אויך געווען דער חדר. אינמיטן צימער איז געשטאַנען אַ לאַנגער שמאָלער טיש, פוןביידע זייטן טיש — צוויי לאַנגע בענק, אויף וועלכע עס זיינען געזעסן די קינדער. אַביסל טיפער אין צימער זיינען געשטאַנען צוויי בעטן, וואו דער רבי מיט דער רביצין פלעגן שלאָפן. די בעטן זיינען געווען פאַרהאַנגען מיט אַ פאָרהאַנג — אַ סימן, אַז דאָרטן איז ניט מער דער חדר... אָן אַ זייט פון צימער איז געשטאַנען דער אויוון מיט אַ קיך צום קאָכן און אַ פּיעקעליק, וואָס האָט געדינט ווינטער־צייט פאַר אַ געלעגער. נעבן פּיעקעליק, אַביסל אָן אַ זייט, איז געשטאַנען אַ גרויסע פאַס מיט וואַסער, צו וועלכער עס איז געווען צוגעטשעפּעט אַ קופּערנע שעפּ, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ ברעטל, מיט וועלכער די פאַס איז געווען צוגעדעקט. אַביסל ווייטער צו דער טיר־צו — אַ פּאָמויניצע...

ר׳ לייבעלע מלמד איז געווען פון מיטעלן וואוקס, מיט אַ ברייטער, צעפּאַטלטער גרוילעכער באָרד. בטבע איז ער געווען אַ שווייגנדיקער. און כאָטש אין זיין האַלטונג האָט זיך שטאַרק אָנגעזען זיין בטלנות, האָט ער פונדעסטוועגן באַנומען זייער גוט אַן ענין און דאָס וואָס ער פלעגט אַרויס־זאָגן, איז געווען פאַרשטענדלעך.

יעדן פרימאָרגן פלעגן מיר לערנען די סדרה פון דער וואָך. לויט זיין שטימונג פלעגט ר׳ לייבעלע באַשטראָפן די אינגלעך פאַר נישט קענען די סדרה. איז ער געווען אין אַ שלעכטער שטימונג, פלעגט ער די אינגלעך רייסן ביי די אויערן, שטוכקען אין די זייטן, קלאַפּן אין די אַקסלען, א.אַ.וו., פאַר נישט אַריינקוקן אין חומש פלעגט ער דאָס אינגל אָפּשמייסן.

יעדן פרימאָרגן, ווען זיין ווייב שפּרינצע פלעגט אים אַוועקשטעלן דעם פרישטיק אויפן טיש, פלעגן מיר אינגלעך ליב האָבן צו קוקן ווי ער איז זיך נוהג פאַרן עסן. ער פלעגט צוגיין צום פאַס וואַסער, אָנשעפּן אַ פולע

קופּערנע קוואָרט און וואַשן די הענט אפשר צען מאָל, בייטנדיק די קוואָרט פון דער רעכטער האַנט אין דער לינקער און פון דער לינקער אין דער רעכטער. נאָכן וואַשן זיך פלעגט ער אַוועקשטעלן די קוואָרט, אָנכאַפּן די רעכטע זייט פון דער קאַפּאָטע און זיך ווישן די הענט און דערביי זאָגן „שאו ידיכם".

די ברכה איבער אַ כזית ברויט, פלעגט אָנהאַלטן אַ לאַנגע צייט, ווייל ער האָט איין וואָרט איבערגעחזרט פינף מאָל. ביים עסן האָט ער זיך געשאָקלט און געריבן דעם גראָבן פינגער פון דער לינקער האַנט אין ברעג טיש. ביים בענטשן פלעגט ער איבערחזרן צען מאָל אַ וואָרט און רייבן די הענט איינע אין דער אַנדערער אַזוי שטאַרק, אַז זיינע פינגער זיינען געווען באַוואַקסן מיט „אָטשיסקעס". ער פלעגט אויך זיך רייבן מיטן קאַפּעלע דעם קאָפּ און דערביי שפּייען אויף דער פּאָדלאָגע.

אין די ווינטער־טעג פלעגט דער רבי דאַוועגען אין חדר מנחה און מעריב. אָנגעהויבן דאַוועגען האָט ער זייער לאַנגזאַם און זיך דערביי פּאַמעלעך געשאָקלט. צוביסלעך פלעגט ער אַריין אין עקסטאַז און אָנהויבן זאָגן די ווערטער שנעלער און שנעלער, זיך געקלאַפּט מיט דער רעכטער האַנט אין האַרצן אַריין, געריבן די יאַרמולקע אין קאָפּ, אויפגעהויבן אַ פוס איבער די קני און מיט פאַרשידענע העוויות אַרויסגעזאָגט די פסוקים פון דאַוועגען. אַזעלכע סצענעס האָבן זיך איבערגעחזרט פאַר אונז אינגלעך אין חדר.

שפּרינצע, די רביצין, אַ קליין־געוואַקסענע און איינגעבויגענע, האָט געטראָגן אויף איר קאָפּ אַ קופּקע, וואָס איז געווען צוגעדעקט מיט אַ קאָפּ־טיכל. זי האָט דעם רבין אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ. יעדן פרימאָרגן אין דער זעלבער צייט איז שוין דער פרישטיק געשטאַנען גרייט אויפן טיש.

אין איר פרייער צייט פלעגט די רביצין זיך באַשעפטיקן מיט פאַר־צערעווען זאָקן און שטריקן פאַרשידענע זאַכן. אויף אַ טאַבורעטקע, וואָס איז געשטאַנען נעבן אויוון, פלעגט זי זיצן מיט די פיס אָנגעלענט אויף אַ קליין בענקעלע און אויף איר שויס האָט זי געהאַלטן דעם קנויל שוואַרצן פאָדעם, פון וועלכן זי פלעגט אַלעמאָל אַ צי־טאָן און אַריינכאַפּן אין די גרויסע הילצערנע נאָדלען. אַזוי פלעגט די רביצין זיצן שעה'ן לאַנג און שטריקן און אויף אַ מינוט נישט אַרויסגעלאָזט דעם זאָק פון די הענט.

איינמאָל האָט פּאַסירט, אַז דער קנויל שוואַרצער פאָדעם האָט זיך אַרויס־

געגליטשט פון איר האַנט, איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע און האָט זיך גענומען קייקלען איבערן צימער. נאָך איידער די רביצין האָט באַוויזן זיך איינצובויגן און אויפהויבן דעם קנויל פּאָדעם, האָט די קאַץ, וועלכע איז געלעגן אויפן פּיעקעליק און זיך געוואַרעמט, דערזען אַ שוואַרצע לויפנ־דיקע זאַך אויף דער פּאָדלאָגע, האָט זי זיך מיט אימפּעט אויפגעכאַפּט, אויפגעשטעלט די אויערן, אָנגעשטעלט אַ פּאָר בליציקע אויגן, אַראָפּגעשפּרונגען פון אויוון און זיך פאַרמאָסטן אויף דעם קנויל פּאָדעם. ווען די אינגלעך האָבן דאָס דערזען, איז געוואָרן לעבעדיק אַרום טיש... מיר האָבן זיך אָנגעהויבן צו שטורכען איינער דעם אַנדערן, אַ קוק אין דער גמרא, אַ קוק צו דער קאַץ, אַ קוק אויף דער רביצין — און זיך געשטיקט פון געלעכטער...

דער רבי, זיצנדיק מיט די אויגן אַראָפּ אין דער גמרא, האָט דערפילט אַז עפּעס איז דאָ לויז געוואָרן אין לערנען. האָט ער מיטאַמאָל אויפגעהויבן זיינע אויגן און דערזען ווי אַלע זיינע תלמידים פאַרשטעלן זייערע מיילער מיט די פויסטן און שטיקן זיך ממש פון געלעכטער...

— וואָס איז דאָס? — האָט דער רבי געצאָרנט — שקצים! דרך־ארץ!

— און האָט שוין גענומען זיך צום פּאַסיק, כדי אָנצולערנען די ווייסע־חברה'ניקעס פאַר זייער חוצפּה אין מיטן לערנען. אָט אין דער מינוט האָט פּאַסירט, אַז די רביצין האָט זיך איינגעבויגן אויפצוהויבן דעם קנויל פּאָדעם, איז די קאַץ איר פאַרלאָפן דעם וועג און האָט דעם קנויל אַ כאַפּ געטאָן צווישן אירע ביידע פּיסלעך און האָט אים אָנגעהויבן צו קאָלערן איבער דער פּאָדלאָגע. די רביצין, שטייענדיק איינגעבויגן, פאַרטיק דעם קנויל פּאָדעם אָנצוכאַפּן, האָט זיך אויסגעצויגן מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט און אַ געשריי געטאָן: — לייבל! די קאַץ!

דער רבי איז געבליבן שטיין מיטן פּאַסיק אין האַנט ווי אַ צעמישטער. די אינגלעך האָבן אַלע מיטאַמאָל אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער. דער רבי, אַביסל אַ פאַרלוירענער, האָט אַוועקגעלייגט דעם פּאַסיק אויפן טיש, איז צוגעגאַנגען צו דער רביצין, זי אויפגעהויבן, אַנידערגעזעצט אויף דער טאַ־בורעטקע און אַליין זיך געלאָזט נאָך דער קאַץ. ער האָט אַוועקגענומען פון איר דעם קנויל פּאָדעם און דערלאַנגט דער רביצין.

צוריק צום טיש איז דער רבי שוין צוגעקומען אַן אָפּגעקילטער, אַ באַרואיקטער. ער האָט אָבער געוואָרפן בייזע בליקן צו די תלמידים, ווי

איינער זאָגט: „אייער גליק וואָס עס האָט אַזוי פּאַסירט. ווייטער וואָלט איך אייך דאָ אַלעמען צעקאַטעוועט".

***

ווי אַלע שטעט און שטעטלעך, האָט גאָסטינין פאַרמאָגט פאַרשידענע טיפּן און כאַראַקטערן. פיר וואַסער־טרעגער האָט גאָסטינין פאַרמאָגט. פיר פאַרשידענע טיפּן. יעדער באַזונדער האָט געהאַט זיין אייגנאַרטיקע אידישלעכע התנהגות. יעדער פון זיי האָט געהאַט זיין געגנט, זיינע גאַסן, צו באַדינען די איינוואוינער מיט וואַסער. ווער געדענקט נישט זייערע ווערטלעך, זייערע קללות?...

צווישן די גאָסטינינער פורמאַנעס, וועלכע זיינען אַלע געווען שטאַרקע און געוואַגטע יונגען, איז געווען איינער, וואָס מען האָט אים גערופן יעקב פורמאַן. אָט דער יעקב פורמאַן האָט געוואוינט אויף פלאַצקער גאַס, וואו ר' לייבוש, אַ זון פון גאָסטינינער רבין, האָט געוואוינט. יעקב פורמאַן האָט קיינמאָל נישט באַנוצט די בייטש צו זיינע פערד. אַ גרויסער צער־בעלי־חיימניק געווען...

אָפּטמאָל האָט פּאַסירט, אַז די קאַרעטע איז געווען פאַרפולט מיט פּאַסאַזשירן, האָט איינער אָדער צוויי פון די פּאַסאַזשירן געמוזט זיצן אויפן „קאָזשעל" צוזאַמען מיט יעקב פורמאַן. האָט איינמאָל אַ פּאַסאַזשיר, וואָס איז געזעסן אויפן „קאָזשעל", באַמערקט ווי דאָס פערד האָט זיך געשלעפּט כסדר אין אַ זייט. פרעגט דער פּאַסאַזשיר דעם פורמאַן: — וואָס איז דאָס מיט אייער פערדל, איז עס אַביסל קורצזיכטיק?...

— אָ, האָ! פרעגט נישט בעסער — האָט דער פורמאַן געענטפערט.

— וואָס זשע, דאָס פערד איז טאַקע בלינד? — האָט דער פּאַסאַזשיר ווידער געפרעגט.

— איך בין איינמאָל געפאָרן מיט מיין קאַרעטע צום וואָקזאַל, האָט דער טייוול פונקט אָנגעטראָגן דעם שנעל־צוג און אַ פונק פון דעם לאָקאָמאָטיוו האָט פאַרבלאָנדזשעט אין רעכטן אויג אַריין פון מיין פערד — האָט דער פורמאַן דערציילט. — אָבער ווייזט אים נאָר אַ ביסל האָבער, וועט ער עס דערזען אַ סך בעסער מיט איין אויג, ווי אַנדערע פערד מיטביידע אויגן. אַ כיטרער פערד — האָט דער פורמאַן מיט אַ געלעכטער פאַרענדיקט.

**
*

קיין שטענדיקע קלעזמער־קאַפּעליע האָט גאָסטינין נישט געהאַט. נאָר איין קלעזמער איז געווען אין שטעטל, וואָס האָט געשפּילט אויף אַ פּלייט. דאָס שטעטל האָט אים טאַקע דערפאַר גערופן „טירלוטע״... ווען אינעם שטעטל האָט מען באַדאַרפט פראַווען אַ חתונה, האָט מען אַראָפּגעבראַכט פון אַן אַנדער שטאָט אַ קאַפּעליע קלעזמאָרים מיט אַ בדחן.

קיין מושב־זקנים האָט גאָסטינין נישט געהאַט. דערפאַר האָט אָשר מרוז, דער שטענדיקער שיכור פון שטעטל, זיך אויפגעהאַלטן אין פּאָדערהויז פון חסידים־שטיבל און אין די קאַלטע ווינטער־נעכט הינטערן קאַכליענעם אויוון פון בית־המדרש. דער בית־המדרש און דאָס חסידים־שטיבל האָבן זיך געפונען אין איין געביידע.

ברענגען אורחים אויף שבת איז געווען אַ שיינער מנהג ביי אידן. ווען אַן אָרעמאַן איז געקומען פון דער פרעמד אין שטעטל אַריין אויף שבת און מען האָט געקענט דורך אים מקיים־זיין די מצווה פון הכנסת־אורחים, איז עס געווען ביי אידן אָנגעלייגט. ווען אַן אָרעמאַן איז געקומען קיין גאָסטינין, פלעגט ער אַרומגיין איבער די אידישע קראָמען און מאַכן גאַנץ שיינע נדבות. ווען אַן אורח האָט זיך באַוויזן אין בית־המדרש אָדער אין חסידים־שטיבל פרייטיק־צונאַכטס, פלעגן כמעט אַלע מתפללים זיך פאַרען אַרום אים. יעדער איינער פון זיי האָט געוואָלט אים פאַר אַן אורח אויף שבת. מען פלעגט אים ממש צערייסן.

אונזער פאָטער ע״ה, אַז עס פלעגט אים אַמאָל אָפּגליקן מיט אַן אורח אויף שבת, פלעגט ער אים באַדינען ווי מ׳באַדינט אַ קיסר און אים ביים אַוועקלאָזן אָן אַ שיינע נדבה און אים מיטגעבן אין וועג אַריין פון דעם שענסטן און בעסטן.

**
*

יעדן דינסטיק און פרייטיק איז געווען יאַריד אין גאָסטינין. פּויערים פון די אַרומיקע דערפלעך האָבן אויף די פורלעך אַריינגעבראַכט פאַרשידענע שפּייז־פּראָדוקטן: קאָרן, ווייץ, אייער, פּוטער, קעז, עופות, זעק מיט קאַרטאָפל, בינטלעך האָלץ צום ברענען און אַלערליי סאָרטן פרוכט. די פּויערים האָבן אויסגעשטעלט זייער פורלעך אויפן מאַרק און קונים האָבן זיי אַרומגערינגלט באַקוקן און באַטאַפּן די סחורה, זיך געדונגען און געהאַנדלט, ווי דער שטייגער איז.

צו די יאָר־מערק אין גאָסטינין זיינען אָנגעקומען פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך קליינהענדלער מיט זייערע סחורות און דער מאַרק איז געוואָרן אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן פון פאַרשידענע געגנטן.

חוץ די געוועלבלעך וואָס זיינען געווען אין אַלע זייטן פון מאַרק, זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן טישלעך מיט פאַרשידענע שניט־סחורות, קאָלאָניאַל־אַרטיקלען, גאַלאַנטעריי, מענער און פרויען קליידער, שוכוואַרג, זאָקנוואַרג, היטלען, ערדענע טעפּ, שיסלען, קויבערס, אייזערנע בעטן, בלעכענע אויוונס, קאַלך, שטריק, לאָקשן־ברעטער, ריב־אייזנס, הערינג, זייף, ברויט, לעקאַך, געדרייטע בייגל, שפּילצייג פאַר קינדער און נאָך אַ סך אַנדערע אַרטיקלען. ס'האָט זיך געהערט אַ פריילעכער טומל, אַ לעבעדיקער הו־האַ, גערודער, ווי געוויינטלעך אויף אַ יאַריד.

די פּויערים האָבן אָנגעהויבן אַרויסברענגען זייערע פּראָדוקטן וואָס זיי האָבן געבראַכט: אַ קעלבל, אַ „טעלעצע", אַ לאָשעק, אַ שקאַפּע, גענז, קאַטשקעס, גערשטן, פּראָסע, געטריקנטע שוועמלעך, רויע פעלכלעך, היל־צערנע געפעס, בעזימער און אַנדערע זאַכן. דער גאַנצער מאַרק איז געגאַנגען כאָדאָראָם. שניידערס האָבן געלאַטעט פּויערישע קאָזשוכן און סוויטקעס, שוסטערס האָבן פאַריכט אַלטע שטיוול און וואָליקעס, קונים זיינען געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. פּויערטעס, יונגע און אַלטע, האָבן געריסן פון די הענט די אויסטערלישע סחורות, געקויפט רעשטלעך פון סאַמעט און פּליוש, די יונגע פּויערטעס האָבן איינגעהאַנדלט סטענגעס, קרעלן, געזילבערטע אויררינגלעך און פינגערלעך.

פלוצלונג האָט דער עולם זיך אַ לאָז געטאָן אין איין ריכטונג. דאָס איז אָנגעקומען דער שטאָטישער באַאַמטער, וואָס אויף יעדן יאָר־מאַרק פויקט ער אין זיין פּייקל אויף אַלע ראָגן פון מאַרק און רופט אויס די נייע „זאַ־קאָנעס", וואָס מען מעג טאָן און וואָס מען טאָר נישט טאָן. אין דער זעלבער צייט מעלדעט ער, אַז ביי דעם און דעם איז פאַרלוירן געגאַנגען אַ חזיר, ביי יענעם אַ ציג, א.א.וו. מענטשן פאַרזאַמלען זיך אַרום אים און הערן אים אויס. ווען „דער מאַן מיטן פּייקל", ווי מ'האָט אים גערופן, פאַרענדיקט זיין אַרבעט, צעגייט זיך דער עולם.

דער מאַרק־פּלאַץ איז נישט נאָר געווען פאַר יאַרידים און יאָר־מערק, פאַר האַנדל־וואַנדל, נאָר איז אַ סך מאָל אויסגענוצט געוואָרן אויך פאַר פּאָליטישע צוועקן. אַרום דעם יאָר 1905, ווען די צאַרישע רעגירונג האָט

אַרויסגעגעבן אַ רייע פריוויטעס־דעקרעטן, האָט די פוילישע און אידישע באַפעלקערונג פון גאָסטינין דורכגעפירט אויפן מאַרק אַ גרויסע מאַניפעס־טאַציע פאַר פוילנס פרייהייט. ערשטע־מאַי דעמאָנסטראַציעס אין אונזער שטעטל, לויט אונזער זכרון, זיינען קיינמאָל נישט געווען קיין לעגאַלע. אָבער זיי זיינען דורכגעפירט געוואָרן. אַזוי איז געווען ביז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פוילן איז צוריק געוואָרן אַן אומאָפּהענגיק לאַנד.

⁂

מיטן אָנקום פון פרילינג, מיט דער אויפוואַכונג פון דער נאַטור, האָט זיך ביי דער יוגנט דערוועקט אַ פאַרלאַנג צו געניסן פון פרייען, פרישן, בליענ־דיקן דרויסן. ווער געדענקט עס נישט די מאַיאָווע שפּאַצירן אין גאָסטינין? די אידישע איינוואוינער, און באַזונדערס די יוגנט פון יענער צייט, האָבן זיך גרופּענווייז אַרויסגעלאָזט איבער די גאָסטינינער שליאַכן אין די דערפ־לעך אַריין, וואו די בחורים און די מיידלעך, די פאַרליבטע פּאָרלעך, האָבן אין זיך איינגעזאַפּט די מחיהדיקע לופט פון חודש מאַי, וואָס האָט געשמעקט מיט בעז, מיט אַ זיסן ריח, וואָס די מאַמע־נאַטור האָט מיט אַ ברייטער האַנט באַשאָנקען. און ווען מען איז שוין אַביסל מיד געוואָרן פון די לאַנגע שעה'ן אַרומשפּאַצירן, האָט מען זיך אין די דערפלעך דערקוויקט די הערצער מיטן שוואַרצן ברויט און פּוטער מיט זויערמילך און שמאַנט און אַנדערע גוטע מאַכלים, וואָס מ'האָט ביי די פּויערים אין דאָרף איינגעהאַנדלט. אָפּ־געגעסן, אָפּגערוט זיך אַביסל, איז מען אַוועק זיך היידען אויף די הוזשטאַוועס. וויפיל פרייד, וויפיל דערקוויקונג, איז דאָס געווען פאַר דער אידישער גאָס־טינינער יוגנט!

און ווען די הייסע זומער־טעג זיינען אָנגעקומען, זיינען מיר אַוועק אין דעם קוטנער סאָסנע־וואַלד קלייבן רויטע און שוואַרצע יאַגאָדעס, באָראָוועס און שוועמלעך.

נישט איין מאָל האָט אונז פאַרפירט די „קוקאָווקע" מיט אירע טרעלן, נישט זעלטן האָבן מיר פאַרלוירן דעם וועג צוריק. גאַנץ אָפּט, אַנשטאָט צוריקצוקומען אין שטעטל אַריין, האָבן מיר גאָר דערזען גרויסע לאָנקעס, אויף וועלכע עס האָבן זיך רואיק און געמיטלעך געפּאַשעט בהמות. דער פּאַסטעך איז זיך געזעסן נעבן אַ קליין פייערל און אַריינגעוואָרפן אין שייטער שישקעס און פאַרטריקנטע צווייגלעך, וואָס האָבן פון פייער אַרויסגעקנאַקט

צוזאַמען מיט דעם ריח פון געבראָטענע קאַרטאָפליעס. דעם פאַסטעכס פייפל און די פוילישע פאָלקס־לידער, מיט וועלכע ער האָט זיך צעזונגען, זיינען געווען שטיקער פון דער אידישער פּאַנאָראַמע, אָרגאַניש צונויפגעגאָסן זיך מיט אונזער שטעטלדיקן לעבנס־שטייגער...

***

ווינטער־צייט אין גאָסטינין איז פונקט ווי אין אַלע שטעטלעך. יעדער שטיבל ווערט מגולגל אין אַ פּאַלאַצל מיט אַ זילבערנעם דאַך. דאָס שטעטל ווערט ליכטיק פון ווייסן שניי, די לופט איז קאַלט און דערקוויקנדיק, דער עולם גייט אָנגעטאָן אין וואַרעמע קליידער, די פויערים אין זייערע האָריקע בורקעס, פילצענע וואַליקעס און וואַטאָווע הויזן. די קרעמערקעס אויפן מאַרק זיצן אויף פייער־טעפּ איינגעהילט אין זייערע שווערע שאַלן, מיט גראָבע הענטשקעס. די קרעמער טראָגן פוטערנע מאַנטלען, שטיוול און קאַ־לאָשן, און מ׳פּירט געשעפט, ווי דער שטייגער איז.

פאַר די חדר־אינגלעך איז ווינטער אַ וואונדערלעכע צייט געווען. מען מאַכט מענטשעלעך פון שניי, מען וואַרפט זיך מיט שניי־קוילן. ווי נאָר ס׳איז פאַראַן אַ פרייע מינוט פון חדר, שפּילט מען זיך אין שניי.

ווען די טייכלעך און שמאָלע רינשטאָקן ווערן שטאַרק פאַרפרוירן, לאָזט זיך חברה אַרויס גליטשן. דאָס האָבן געטאָן די עלטערע, די גרעסערע אינ־גלעך. די קליינע חדר־אינגלעך האָבן זיך באַגענוגנט מיט גליטשן זיך אויף די פאַרפרוירענע קאַלוזשעס אַרום די צווייי פּלומפּן, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן מאַרק. די גרעסערע, וואָס האָבן זיך געגליטשט אויף אייז־גליטשערס, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן „קוטצקע" (ביים גליטשן זיך איז געווען אַ באַזונדערע קונסט פון קענען זיך אַראָפּזעצן און אַזוי זיצנדיק זיך גליטשן. דאָס האָט געהייסן „קוטצקע").

אויף דעם דיקן שניי, וואָס איז וואָכנלאַנג געלעגן איבער די גאַסן און אָפענע טראַקטן ווי אַ זילבערנער טעפּיך און האָט געבלענדט די אויגן מיט זיין ווייסקייט, האָבן זיך חברה אַרויסגעלאָזט ווער מיט אייגענע שליטנס, ווער מיט געדונגענע, אויף גאַלאָפּ... די לייכטקייט פון די שליטנס, וואָס האָבן זיך געגליטשט אויפן פלאַצקער שאָסיי, די ווייסע פאַרשנייטע סאָסנעס מיט די פאַרפרוירענע „צאַפּענעס" אויף די צווייגן, וואָס זיינען געשטאַנען פוןביידע זייטן שאָסיי, האָבן אונז אַריינגעפירט אין אַ וועלט פון טרוים. די

גלעקלעך, וואָס זיינען געווען אָנגעהאָנגען אויפן האַלז פון פערד, האָבן פריילעך געקלונגען, אַ פאַרע האָט געזעצט פון פורמאַנס מויל, און מיר זיינען געזעסן אינעם שליטן, די קעפּ אַרומגעבונדן מיט וואַרעמע באַשליקלעך און די פרייד איז געווען אַזוי גרויס, אַז קיינער האָט זיך צו אונז נישט געקענט פאַרגלייכן...

***

די זאָקן־אינדוסטריע פון אונזער שטעטל האָט פאַרשפּרייט איר פּראָדוקציע אין אַ סך גרעסערע שטעט, ווי פּלאָצק, קוטנע, וולאָצלאַוועק און אויך אין אַ ריי קלענערע שטעטלעך. אויסאַרבעטן זאָקן אויף אַ האַנט־מאַשין איז ניט געווען פון די זייער קאָמפּליצירטע מלאכות. דאָך זיינען געווען פאַרשידענע אופנים און גראַדאַציעס אין דער אַרבעט. יעדערער האָט געאַרבעט אויף זיין אייגנאַרטיקן אופן — שנעל, לאַנגזאַם, לייכט, שווער.

די זאָקן־מאַכער זיינען געווען שטימונגס־מענטשן. לויט דער שטימונג האָבן זיי געאַרבעט. זינגען ביי דער אַרבעט איז אויך געווען אַן אויסדרוק פון זייער שטימונג.

אַזעלכע לידעלעך ווי מאָריס ראָזנפעלדס „מיין אינגעלע", דוד עדלשטאַטס „מיר ווערן געהאַסט און געטריבן", אָדער די פאָלקס־לידער „פאָניע, פאָניע, גנב", „פייערדיקע ליבע טוט אין האַרצן ברענען", „דירה־געלט", „אָט אַזוי נייט אַ שניידער", אָדער די וויג־לידער, מיט וועלכע אונזערע מאַמעס און באָבעס פלעגן די קינדער איינשלעפערן: „אַז דו מיין קינד וועסט עלטער ווערן, וועסטו וויסן דעם אונטערשיד וואָס איז אָרעם און וואָס איז רייך" — אַזעלכע לידער זיינען אויסגעזונגען געוואָרן פון דער טיפעניש פון דעם האַרצן. אַלע זאָקן־מאַכער אין די גאָסטינינער פאַבריקלעך האָבן געזונגען ביי דער אַרבעט.

אונזער זאָקן־פאַבריקל איז באַשטאַנען פון זיבן געזעלן: אונזערע פיר ברידער, שלמה, מאיר, יעקב און יוסף און דריי פרעמדע. דער ערשטער וואָס איז געוואָרן אַ זאָקן־מאַכער איז געווען יוסף. דער חשק ביי אים צו אַרבעטן איז געווען אַ סך גרעסער ווי צו זיצן ביי דער גמרא. אונזערע עלטערן ע"ה, האָבן דאָס איינגעזען און שלום געמאַכט דערמיט. מאיר, שלמה און יעקב האָבן זיך אויך געריסן צו ווערן אַרבעטער. ווייל צו זיין אַן אַרבעטער צו יענער צייט האָט געמיינט — זיך באַפרייען פון דער פאַנאַטישער און פרומער סביבה. פון אַלע פיר ברידער זאָקן־מאַכער, איז יוסף געווען דער

בעסטער בעל־מלאכה. זיינע זאַקן זיינען אַרויסגעקומען איינס־און־איינס, ווי געפּערלט. מאיר איז געווען דער מאַשין־ספּעציאַליסט. ער האָט גוט פֿאַר־שטאַנען דעם מעכאַניזם און איז געווען אַ מומחה אויף אויסשלייפן אַ פּליגעלע, די נאָדלען זאָלן גוט אַרבעטן, און האָט אויך געקענט אָנשטעלן די מאַשין זי זאָל קענען מאַכן געשפּריצטע זאָקן, וועלכע זיינען פון דער מאַשין אַרויס נישט גאַנץ פּערפעקט. אונזער שוועסטער זיסע האָט געפורעמט אָדער גע־פּרעסט זאָקן און אונזער פאָטער פלעגט אַ סך מאָל איר העלפן אין דער אַרבעט.

לאַנג פלעגן די זאָקן־מאַכער אין אַ פאַבריקל זיך נישט האַלטן. זיי פלעגן כמעט יעדן סעזאָן בייטן זייערע אַרבעט־פּלעצער. איז אונז דעריבער אויסגעקומען צו אַרבעטן מיט פאַרשידענע „טיפּן״ זאָקן־מאַכער. איינער פון די דאָזיקע „טיפּן״, וואָס האָט זיך טיף איינגעקריצט אין אונזער זכרון, איז געווען אפרים באָרשט.

אפרים באָרשט, ווי מיר געדענקען אים, האָט געהאַט אַביסל אַ פאַר־שטייפטע פיגור. צוליב דעם טאַקע פלעגט ער זיצן בשעת דער אַרבעט גלייך ווי אַ סטרונע. ער איז געווען זייער אַ לאַנגזאַמער אַרבעטער. ווי שטייף ער איז געווען קערפּערלעך, האָט ער געהאַט אַ ווייכן כאַראַקטער. ער האָט זיך געקענט, למשל, פאַנאַנדעררײדן מיט אַ זיבן־אַכט יאָריקן קינד און צו אים ריידן נישט אויף „דו״ נאָר אויף „הערן זי״. זיין מוטער האָט געצויגן איר חיונה פון פאַנאַנדערטראָגן מילך און פאַרקויפן באָרשט צו די באַלעבאָסטעס אין גאָסטינין. יעדן פרימאָרגן האָט זי געבראַכט איר אפרימלען פרישטיק אין פאַבריקל אַריין. דער פרישטיק איז באַשטאַנען פון אַ טעפּל געזאָטענע קאַרטאָפעלעך מיט זויערן קרויט־באָרשט און אַ שטיק ברויט מיט פּוטער.

ביי אונז אין שטוב פלעגט מען צו אָנבייסן עסן זעמל מיט פּוטער און פאַרטרינקען מיט קאַווע. קיין געקאָכטע מאַכלים פלעגט מען אינדערפרי נישט צוגרייטן, ווייל עס איז געווען אָנגענומען, אַז אויף פרישטיק זיינען געקאָכטע מאַכלים צו פּראָסט. פונדעסטוועגן האָבן מיר קינדער געקוקט מיט קנאה אויף די גלאַנצנדיקע קאַרטאָפעלעך מיטן קרויט־באָרשט, און די סלינע איז אַזש אַריבער איבערן מויל.

אין קעגנזאַץ צו אפרים באָרשט איז מאָטל מיכאַלסקי געווען אַ שנעלער אַרבעטער. די זאָקן פלעגן אַרויספאַלן פון זיינע הענט איינע נאָך איינע אָן אַן אָפּשטעל. אָט זיצט ער, דאַכט זיך, אין זיין אַרבעט און זעט נישט קיינעם אַרום זיך. פּלוצלונג באַפאַלט אים אַ קאַפּריזנער געדאַנק, שטעלט זיך אויף,

ציילט איבער די זאַקן, טוט זיך אָן און לויפט זיך באָדן צום ראַטיי־יעדזשער — און איידער מען רעדט אַרויס אַ וואָרט צו אים, איז ער שוין נישטאָ! און מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט זיין טאָג אַרבעט. (מאָטל מיכאַלסקי שוין מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דעם אידישן לעגיאָן אין ארץ־ישראל. אויפן וועג צוריק קיין אַמעריקע איז ער געשטאָרבן אין מאַרסעל, פראַנקרייך).

⁂

כאָטש מיר קינדער זיינען געווען פאַרנומען מיט אויסאַרבעטן זאָקן ביי אונז אין שטוב, האָבן מיר אָבער געפּרואווט זיך פאַרווילן פון צייט צו צייט אויף אַ לייטישן אופן. ווען אונזער פאָטער פלעגט זיך פאַרהאַלטן אין וועג אויף זיינע געשעפט־רייזעס, פלעגט אונזער שוועסטער זיסע פאַרבעטן די שכנישע פריינט — בחורים און מיידלעך — צו אונז אין שטוב און פראַווען אַ הוליאַנקע. צו אַזאַ הוליאַנקע פלעגן קומען די קעללערס טעכטער, חוה און פעסע. פעסע איז געווען אַ ספּריט, אַ פלאַמפּייערדיק שיין מיידל. זי האָט שיין געזונגען און גוט געטאַנצט. אַלע האָבן זי ליב געהאַט. צווישן די פאַרבעטענע געסט זיינען אויך געווען שמחה־בונים דאַנציגערס טעכטער, שרה און פייגע. טאָבע־חיהס קינדער זיינען אויך געווען צווישן די געסט. אין שטוב איז געווען פריילעך. מ׳האָט געזונגען און געטאַנצט. דער עולם האָט זיך געקוויקט מיט היימיש־געבאַקענע אייל־קוכנס, פאַרטרונקען מיט אַביסל וויין, געזונגען לידער, דערציילט מעשהלעך און אַנעקדאָטן ביז שפּעט אין דער נאַכט. אַזוי פלעגן מיר פאַרברענגען די פרייטיק־צונאַכטן, ווען דער פאָטער אונזערער פלעגט נישט אַהיימקומען אויף שבת.

די מאַמע אונזערע ע״ה, איז געווען זייער נאָענט באַפריינדעט מיט דער פרוי עפּשטיין. פלעגט אויסקומען, אַז מיין שוועסטער ראָכטשע און איך, יעקב, זיינען זייער אָפט געגאַנגען אַהינצו אין הויז אַריין. עס געדענקט זיך נאָך פון די גאָר קינדערשע יאָרן, ווען מיר זיינע געווען ביי די עפּשטיינס צו אַ חנוכה־פייערונג, וואו עס זיינען געווען פאַרבעטן אַ סך פריינט און באַקאַנטע. איך געדענק, ווי דער עולם האָט זיך אַרומגעזעצט אַרום אַ גרויסן סערווירטן טיש, אויף וועלכן עס זיינען געווען אָנגעשטעלט פאַרשידענע געטראַנקען מיט צובייסן. אין שטוב איז געווען ליכטיק, וואַרעם — אַ מחיה! מיר איז אויסגעקומען צו זיצן אויף דער זייט, וואו די קאַנאַפּע איז געשטאַנען.

די עפּשטיינס זיינען געווען פאַרמעגלעכע און זייער אָנגעזעענע מענטשן אין גאָסטינין. זיי האָבן מיט אַ ברייטער האַנט געהאָלפן נויטבאַדערפטיקטע און געגעבן גמילת־חסדים.

**

דער פּריזיוו (לאָס, ווי מ׳האָט עס גערופן) אין גאָסטינין רופט אַרויס אַ סך זכרונות. גאָסטינין איז געווען אַ פּאָוויאַט. די קלענערע שטעטלעך ווי גאָמבין, סאַניק, און די דערפער און גמינעס אין געגנט, האָבן געהערט צו דער יוריסדיקציע פון דער פּריזיוו־קאָמיסיע אין גאָסטינין.

יעדעס יאָר, אַרום סוכות־צייט, איז די שטאָט פול געווען מיט יונגעלייט, וואָס האָבן זיך באַדאַרפט שטעלן צום פּריזיוו. די „פּריזיוונִיקעס" האָבן פאַרפלייצט די גאַסן און עס האָט געהערשט אַ פריילעכע שטימונג. אין דער זעלבער צייט אָבער האָט די אידישע באַפעלקערונג פון שטעטל געלעבט אין שרעק מחמת די דאָרפישע רעקרוטן. וויסנדיק, אַז זיי זיינען שוין אָפּגעגעבענע סאָלדאַטן, פלעגן זיי באַפאַלן אידישן איינוואוינער, זיי צעשלאָגן און זיך איזדיעקעווען איבער זיי.

דער איינציקער אין שטעטל, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך צו באַשיצן די אידישע באַפעלקערונג אין אַן עת־צרה, איז געווען שלמה בלעכערס זון, שמואל מיכאָלסקי. ער איז געווען אַ פעסט־געבויטער יונג און שטאַרק ווי אייזן. ער פלעגט האָבן צו זיך נאָך עטלעכע פון די געזונטע און געוואַגטע פורמאַנעס, וואָס האָבן צוזאַמען זיך קעגנגעשטעלט די דאָרפישע בויאַנעס און זיי אָנגעבראָכן די ביינער, אַז יענע האָבן פאַרזאָגט אַ צענטן...

ביי אידן צו דינען „פּאַניען" איז געווען אָסור חזיר! האָבן זיך אַ סך אידישע פּריזיוונִיקעס געמאַכט פעלערן, זיך געפּלאָגט גאַנצע נעכט, ניט דערשלאָפן, ניט דערעסן, אַבי נישט צו גיין דינען דעם רוסישן צאַר.

ביי אידישע פּריזיוונִיקעס איז געווען אַ מנהג צו גיין יעדע נאַכט אין בית־המדרש זאָגן תהלים... האָבן די „תהלים־זאָגער" אָפּגעהאַלטן פאַרזאַמלונגען אין בית־המדרש און באַשלאָסן, אַז יעדער איינער, וואָס איז באַפרייט געוואָרן פון „פּאָניען" — איבערהויפּט די פאַרמעגלעכע יונגעלייט — זאָלןביישטייערן צום פאָנד פון די אָרעמע רעקרוטן. דער דאָזיקער באַשלוס איז איבערגעגעבן געוואָרן צו די באַפרייטע יונגעלייט אין דער פאָרם פון אַן אולטימאַטום. קעגן די באַפרייטע יונגעלייט, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו געבן די ביישטייערונג, זיינען אין די נעכט אויסגעפירט געוואָרן „שטראָף־

עקספּעדיציעס״... ביי איניקע האָט מען אַוועקגענומען די הילצערנע טרעפּ פון זייערע הייזער, ביי אַנדערע אַרויסגענומען די לאָדנס פון די פענסטער, ביי אַ סך האָט מען אַראָפּגענומען די שילדן פון די געשעפטן — און נאָך אַנדערע שפּיצלעך אָפּגעטאָן. אַזוי ווי עס איז געווען אַ מנהג אין גאָסטינין צו פירן די אָפּגעגעבענע סאָלדאַטן אין שול אַריין אָפּגעבן אַ שבועה, זיינען שוין די רעקרוטן פאַרבליבן אין שול ביז שפּעט אין דער נאַכט און פון שול האָבן זיי זיך אַרויסגעלאָזט אויסצופירן די „שטראָף״...

*
**

די פאַמיליע אונזערע איז געווען געבענטשט מיט אַ סך פּרנסות. ווילט זיך דאָ פאַרצייכענען זייער אַ טשיקאַווע פּאַסירונג פון אונזער האַנדל־וואַנדל.

מיר האָבן אויך געהאַט אַ געוועלב פון זייף, עסיק און וויין. ווען עס איז געקומען פּורים־צייט, האָט מען שוין אָנגעהויבן צו מאַכן אַלע פּאָרבאַ־רייטונגען צו מאַכן פּסח׳דיקן וויין. מ׳האָט געכשרט די פעסער אָדער „טינען״ מיט אָנגעגליטע שטיינער, איינגעווייקט די זעקלעך ראָזשינקעס און געמאַכט אַנדערע צוגרייטונגען פאַרן כשר־לפּסח וויין.

אונזער באָבע,ביילע, האָט געוואוינט אויפן מאַרק. אין איר הויז איז געווען אַ קעלער, וואָס אַ העלפט פון אים האָט זי פאַרדונגען צום לאָמען אַברהם־אַהרן פאַר זיינע ווינטערדיקע אויבסטן און די צווייטע העלפט פאַר אונזער פאַבריקל. אַלע אונזערע קינדער האָבן זיך געריסן מיטצוגיין מיטן טאַטן אין וויין־קעלער אַריין און צוקוקן ווי אַזוי דער ראָזשינקע־וויין ווערט געמאַכט. מיט מיין קינדערשן שכל האָב איך דעמאָלט נישט געקענט פאַר־שטיין, אַז כדי דער וויין זאָל אַרויסקומען קריסטאָל־ריין און קלאָר, מוז מען דעם וויין פריער „דיסטילירן״. עס איז מיר פּשוט געווען טשיקאַווע צו וויסן, ווי אַזוי עס ווערט אַלץ געמאַכט און וואָס הייסט אַזעלכעס „דיסטילירן״...

שטייען מיר אַזוי אַלע אין קעלער נעבן טאַטן און מיר קוקן זיך איין. דער טאַטע האָט גענומען אַ ספּעציעל־געמאַכט זעקל, אָנגעצויגן אויף אַ גרויסער טין מיט אַן אַרויפגעצויגענעם רייף, כדי דאָס זעקל זאָל זיך האַלטן, און דאָס זעקל האָט דער טאַטע אויסגעשמירט מיט צעריבענע קוילן פון האָלץ־האָלאָוועשקעס און נאָך עפּעס אַזאַ מין שטאָף. דורכן זעקל האָט ער אַריינגעגאָסן דעם ראָזשינקע־וויין אין דער טין אַריין — און אַזוי אַרום איז דער וויין געוואָרן ריין און קלאָר.

עס איז אונז קינדער פאַרזאָגט געוואָרן, נישט „אָנצורירן" פון די פרוכטן, וואָס ליגן אין דער צווייטער העלפט פון קעלער און מיר האָבן טאַקע קיינמאָל נישט געגנבעט קיין עפּל, אָדער באַרנעס פון דאָרטן.

ווען דער לאָמער אַברהם־אַהרן פלעגט אַראָפּקומען אין קעלער איבער־לייגן די פרוכטן, כדי זיי זאָלן נישט אָנהויבן פוילן, פלעגט ער שטענדיק ביי זיין אַרבעט אונטערזינגען אַ זמרל. יעדן עפּל, וואָס ער האָט גענומען אין האַנט אַריין, האָט ער פריער באַשפּיגן, דערנאָך אים געריבן און געפּוצט אין דעם הינטערשטן טייל פון זיינע הויזן און דערביי דעם עפּל אָפּגעשאָצט און אַוועקגעשטעלט אַ פּריז: „אַ זעקסער, אַ זעקסערל"... און אַ צופרידענער שמייכעלע האָט זיך באַוויזן אויף זיין פּנים.

***

אַזוי האָבן מיר געלעבט און געוואַקסן אין אונזער שטעטל, גאָסטינין. אַלץ וואָס אונזערע חושים האָבן באַנומען, האָבן מיר איינגעזאַפּט אין די פריסטע קינדער יאָרן. די דאָזיקע זכרונות לעבן אין אונז עד היום הזה, הגם יאָר־צענדליקער זיינען פאַרביי, אַ סך וואַסערן זיינען פאַרפלאָסן, ימים בלוט זיינען פאַרגאָסן געוואָרן. מיר לעבן נאָך אַלץ מיט אונזער געוועזענער גאָסטינין.

# פון מיין קינדהייט *)

## פלאָרענס קעללער־מאַלמעד


פלאָרענס קעללער־מאַלמעד

מיין אַכט־יאָריקע טאָכטער איז ערשט אַהיימגעקומען פול מיט באַגייס־טערונג: זי ווערט אַ מיטגליד פון אַ קלוב. „מאַמע" — האָט זי זיך צו מיר אָפּגערופן — „קען מיין קלוב אָפּהאַלטן זיין מיטינג אין אונזער היים? וועסט שטעלן כיבוד, אַז דער מיטינג זאָל טאַקע פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אמת־דיקע שמחה פון קלוב?"

„אַוודאי" — האָב איך געענטפערט קוקנדיק אויף איר צעשטראַלט פּנימל און באַגרייפנדיק, אַז מיין קליין מיידעלע ווערט שוין אַ דערוואַקסענע פריילין. ווי אין אַ סך אַזעלכע פאַלן, האָב איך אָנגעהויבן טראַכטן וועגן מיין אייגענער קינדהייט.

פלוצלונג האָבן זיך די בלעטלעך פון קאַלענדאַר צוריקגעבלעטערט און דער לוח האָט באַוויזן דאָס יאָר 1934. כ׳בין געווען אַ צען־יאָריק מיידל, אַביסל עלטער פון מיין אייגענער טאָכטער ביילע־גנענדל, און געזאָלט דאַן צושטיין צו מיין ערשטן קלוב. אָבער דאָ ענדיקט זיך דער פאַרגלייך. מיין קלוב איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין אַ זוניקן זומער־טאָג אין פּוילישן שטעטל גאָסטינין.

די האַנט פון גאָט האָט געפירט דורך מיסטעריעזע וועגן. כאָטש מענטשן האָבן אָפטמאָל ליב צו דענקען, אַז זיי קאָנטראָלירן זייער גורל, דאָך מיט דער צייט נעמען זיי אַרום געדאַנקען, איבער וועלכע זיי מוזן זיך אָפּשטעלן און נאָכדענקען. אין די פריע צוואַנציקער יאָרן פון דעם יאָרהונדערט איז

*) איבערזעצט פון ענגליש.

פאָרגעקומען אַ מאַסן־אויסוואַנדערונג פון די אייראָפּעאישע לענדער אין דעם גרויסן לאַנד פון נאָך גרעסערע געלעגנהייטן, אין די פאַראייניקטע שטאַטן. די פרוי מיטן פאַקל אין ניו־יאָרקער האַפן האָט אויסגעשטרעקט אירע באַגריסנדיקע הענט צו מיינע עלטערן, שמואל און חנה קעללער. פונקט ווי אַנדערע, האָבן זיי פאַרלאָזט זייער געבוירן־לאַנד, זייער משפחות און פריינט. אַ סך זיינען געקומען, אָבער מער ווי זעקס מיליאָן זיינען דאַן דאָרט געבליבן.

אין 1934, נאָך 13 יאָר זיין אין אַמעריקע, האָט מיין מאַמע דערפילט אַ טיפע בענקשאַפט, און אפשר איז דאָס געווען אַן אומבאַוואוסטזיניקע אַנונג פון דעם וואָס דאַרף געשען — צו זען נאָכאַמאָל איר באַליבט שטעטל גאָסטינין. ווען מיין שול האָט זיך פאַרענדיקט, איז מיין מאַמע צוזאַמען מיט מיר אַוועק אין פוילן, אין איר היימשטאָט פאַר אַ וואַקאַציע. דאָס איז געבליבן אין מיין זכרון ביז היינט צו טאָג.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די גליקלעכע צייטן, וואָס כ׳האָב פאַרבראַכט אין גאָסטינין. געבוירן און אויפגעוואַקסן צווישן די הויכע טענעמענט הייזער פון ניו־יאָרק, האָב איך אויף דעם ערשטן בליק זיך דערפילט פרעמד, ווי עפּעס אין אַ לעבן פון לעגענדע און כישוף־מעשהלעך. די קליינע הייזעלעך, דער גרויסער מאַרק, די פערד און וועגענער, האָבן דעם שטעטל געגעבן דעם אַראָמאַט פון אַן אַנטיק...

אָנגעקומען זיינען מיר קיין גאָסטינין זונטיק פרי. די גאַנצע שטאָט איז נאָך געווען איינגעהילט אין טיפן שלאָף, ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו מיין באָבע גנענדל באַגנאָס הויז. טרערן און געלעכטער, אַרומנעמעניש און קושן — וואָס פאַר אַ קבלת־פּנים האָט אונז דאָרט דערוואַרט! באַלד האָבן אָנגעפאַנגען מענטשן פון אַלע זייטן שטראָמען צו זען די אַמעריקאַנער. איך האָב דערפילט די וואַרעמקייט פון מיין באָבעס הענט, ווען זי האָט מיך אַזוי צוגעטוליעט צו זיך. ס׳האָט זיך מיר געדוכט, אַז זי קען מיך ניט גענוג שטאַרק צודריקן צו זיך. וואָס קען זיין ליבער פאַר אַן אייניקלס האַרץ? אַ מאַמע איז אַ מאַמע, ס׳איז אָבער פאַראַן אין אַ קליין מיידעלעס האַרץ פּלאַץ פאַר אַ באָבען... אָט די גאָטס מתנה, וואָס מיינע קינדער זיינען געווען מזלדיק גענוג צו האָבן פון ערשטן מאָמענט פון זייער געבוירן, איז מיר געגעבן געוואָרן ערשט ווען איך בין אַלט געווען 10 יאָר.

באַלד זיינען געקומען אַנדערע איבערלעבענישן. איינער פון די שפּאַנענדיקסטע מאָמענטן יענעם פרימאָרגן איז געווען מיין טרעפונג מיט מיין

צווייטער באָבען, מיין טאַטנס מאַמע. דורכן פענסטער האָב איך באַמערקט גיין אַן עלעגאַנטע דאַמע, אַראָפּשפּאַצירנדיק דורך די קרומע און קליינע געסלעך צו אונז. „דאָס איז דעם טאַטנס מאַמע", האָט מיר מיין מאַמע איינגערוימט אין אויער. אָ, איך האָב גוט געוואוסט ווער זי איז. איך האָב געדענקט אַלע מעשיות, וואָס מיין טאַטע פלעגט דערציילן וועגן זיין ליבער מאַמען, וועלכע ער האָט געשילדערט ווי אַ אידישע מלכה. מיט דער אינסטינקטיווער ליבע, וואָס בלויז זייער יונגע קינדער קענען פילן, בין איך איר אַנטקעגנגעלאָפן. מיט איר איז מיטגעקומען איר אייניקל, מיין קוזין ישראל איטשע, וועמען זי האָט דערצויגן. אַזוי זיינען די ערשטע טעג פאַרביי, אָנגעפילט מיט פרייד זיך צו טרעפן מיט קרובים און פריינט.

ווי אַלץ איבעריקע אין לעבן, איז אונזער באַזוך אין גאָסטינין אַריין אין אַ מין רוטין. איך האָב געוואָלט אייז־קרים, האָט מיין מאַמע געקויפט „לאָדעס". ס'האָט אָבער נישט געשמעקט אַזוי ווי ס'פלעגט שמעקן אינדערהיים און איך האָב עס באַלד צוריקגעשיקט איבערגעחזרט, נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון, אַז מיינע ווערטער טוען גאָר שטאַרק וויי דעם פאַרקויפער. ער האָט זיך אָבער געכאַפּט און צומאָרגנס האָט ער, דערלאַנגענדיק מיר אַ פּאָרציע אייז־קרים מיט שטאָלץ, רעקאָמענדירט „לאָדי אַמעריקאַנסקיע". דאָס האָט געטראָפן אין פּינטל. פון דעמאָלט אָן האָב איך דערפילט אַלע טעמים אין די גאָסטינינער „לאָדעס".

טעג און וואָכן זיינען אַדורכגעגאַנגען. איך האָב געזען פּלעצער, געטראָפן מענטשן, וועגן וועלכע מיין פאָטער פלעגט אָפט דערציילן. כ'האָב געזען דעם הר־ההר, וואו מיינע טאַטע־מאַמע האָבן געהאַט שעהן פון גענוס און גליק. כ'בין געגאַנגען שווימען צו דער ראַטיי אָזערע. געגאַנגען אין שול, וואו מיינע זיידעס פלעגן דאַוונען. מיטגעלעבט די מאַרק־טעג אין שטעטל. אין אָט די טעג איז דאָס שטעטל געווען פול מיט טעטיקייטן, די קראָמען, מיין באָבעס און פעטערס, זיינען געווען פול מיט געפּילדער און גערויש. דאַן האָט מיך מיין באָבע ביילע־פייגע גענומען צו זיך אין שטוב, וואו עס איז געווען רואיק און מנוחהדיק.

האַלטנדיק אין מיינע אָרעמס מיין ליבע ליאַלקע, וואָס איז געווען ווי לעבעדיק, בין איך דורכגעגאַנגען די גאַסן און דעם מאַרק צו איר הויז. די פויערים האָבן צום ערשטן מאָל געזען אַזאַ לעבעדיקע ליאַלקע און אָנגענומען עס פאַר אַ לעבעדיק קינד. מיין באָבע פלעגט אין אַזעלכע טעג דער־

צײלן מיר און מײן קלײנעם קוזין כלערלײ מעשׂיות פון מלכות און פּרינצן פון אַ װײט, װײט לאַנד און עפֿענען אַלטע פאַמיליען־אַלבומען און װײזן אונדז כלערלײ פאָטאָגראַפיעס און בילדער...

כ׳האָב געטראָפן אַ סך מענטשן, װעגן װעלכע כ׳האָב געהערט אין ניו־יאָרק — צװישן זײ די שװאַרצע פּריידע. דורך איר טאַקע האָב איך זיך באַקענט מיט א״ר איניקל פּראַניע בענדער, װאָס איז געװען מײן נאָענטסטער פרײנט. פראַניע בענדער און איר פאַמיליע האָבן מיך אױפגענומען װי אַן אײגענע. געגעסן דאָרט, אַרומגעשפּילט זיך אין טאַטנס װײץ און געשפּילט זיך אױפן זאַמד פון דער פלאַצקער גאַס. די שװאַרצע פּריידע, דעמאָלט 106 יאָר אַלט, איז געזעסן אין פראָנט פון פראַניעס הױז און באַאָבאַכט אונדז מיט אירע אױגן, פון װעלכע עס האָט געשפּרודלט מיט חכמה פון דורות. פּראַניע מיט מיר האָבן געטראַכט צו אָרגאַניזירן אַ מײדלשן קלוב אין גאָסטינין. מיט קינדערשער פשטות, האָבן מיר דורכגעפירט די צוגרײטונגס־אַרבעטן פון אָרגאַניזאַציע. אַזױ װי דאָס איז געװען מײן געדאַנק, בין איך אױטאָ־מאַטיש געװאָרן די פרעזידענטין און זי — די װיצע־פרעזידענטין. אונזער מיטגלידס־אָפּצאָל איז געװען — אַ גראָשן אַ טאָג. אונזער גרופּע איז באַ־שטאַנען פון בלױז 8 מײדלעך. כאָטש אונזערע פינאַנצן זײנען געװען מאָגערע, זײנען אונזערע פּלענער געװען גרױס. מיר האָבן פּלאַנירט אַ פּיקניק. אַרױס־געװיזן האָט זיך, אַז אונזערע גראָשנדיקע שטײערן האָבן נישט דערפירט צו אַ גרעסערן סכום. אונזער אַנטױשונג איז געװען גרױס.

געקומען איז אָבער אונדז צו הילף מײן פעטער אפרים מאָטיל, װעלכער האָט אונדז געגעבן גאַנצע פינף זלאָטעס. אַ שׂמחה, אַ פרײד! אונזער פּיקניק איז דערפאָלגרײך דורכגעפירט געװאָרן — אונזער קלוב איז געראַטעװעט געװאָרן.

דער הױכפּונקט יעדן אָװנט איז באַשטאַנען אין גײן אין קינאָ. אײן מוצאי־שבת האָט מײן מאַמען און מיך גענומען אין טעאַטער אַרײן מײן אָנקל לײבוש באַגנאָ. דער געבױ פון טעאַטער איז געװען אַנדערש װי מיר זײנען געװען געװאױנט צו זען. ס׳איז גיכער געװען װי אימפּראָװיזירט. הינטן זײנען געשטאַנען טישן מיט קוכן און צוקערקעס. צװישן די סצענעס זײנען געװען פּױזעס, בשעת װעלכע די ליכט זײנען אָנגעצונדן געװאָרן. די מענטשן זײנען אַװעק צו די טישן — עסן און שמועסן. כאָטש די אַט־מאָספער אַרום און אַרום איז געװען פרעמד פאַר מיר, דאָך האָב איך, מסתמא,

אַממיינסטן הנאָה געהאַט, ווייל עס איז געוויזן געוואָרן אַן אַמעריקאַנער בילד מיט פוילישע אויפשריפטן.

אין אוצר פון מיינע דעראינערונגען איז געבליבן דאָס טייערסטע און סענטימענטאַלסטע, דער טאָג פון מיין פאַרלאָזן גאָסטינין. אין יאָרן שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען שעקספּירן, וועלכער האָט געזאָגט, אַז „דאָס שיידן זיך איז אַזאַ זיסער טרויער״.

אונזער שיידן זיך האָט זיך אָנגעהויבן ווי אַ יום־טוב. די באַן האָט געזאָלט אַוועקגיין פון קוטנע אין מיטן דער נאַכט. יענעם אָוונט זיינען מענטשן געקומען און אַוועקגעגאַנגען. כאָטש מיר האָבן זיך געזעגנט, האָט עס נישט געמאַכט דעם איינדרוק פון שיידן זיך. צום סוף זיינען געקומען מיינע פריינט. פראַניע און איר משפּחה האָבן מיר געגעבן אַן קליין אויטאָ־גראַפן־ביכעלע ווי אַן אָנדענק־מתנה. יעדער האָט אַריינגעשריבן עפּעס אין בוך — אַ טייל אין אידיש, אַנדערע אין פויליש. ס׳מאַכט קיין אונטערשיד נישט ווי גרויס די איינשרייבונג איז, עס פליסט פון יעדן אות אַזוי פיל וואַרעמקייט. צווישן אַ סך פערזענלעכע מעמענטאָס, וואָס איך פאַרמאָג, ועל איך מיט באַזונדערן געפיל האַלטן דעם דאָזיקן גאָסטינינער אָנדענק. איך האָב זיך מיט פראַניען צעקושט. מיר האָבן זיך צוגעזאָגט איינע צו דער אַנדערע צו שרייבן. געווען זיכער, אַז מיר׳ן זיך אין דער צוקונפט זען.

פלוצלונג איז די צייט געקומען. פאַר דעם קליינעם הויז אויף דער קאָוואַלער גאַס איז געשטאַנען אַ ספּעציעל־געדונגענער אויטאָבוס, וואָס האָט גענומען די גאַנצע פאַמיליעס קעללערס און באַגנאַס קיין קוטנע. מיין טאַטנס ברידער — משה, יחיאל־מאיר, שלום, אַהרן, זייערע ווייבער, די טייערע טאַנטע טשאַרנע, מיין מאַמעס ברודער לייבוש — אַלע, אַלע האָבן געוואָלט מיט אונז זיין ביזן לעצטן מאָמענט איידער מיר זעצן זיך אויף דעם אינטער־נאַציאָנאַלן צוג אויף אונזער וועג אַהיים.

שטייענדיק אין פענסטערל פון דער באַן, איז אונזער גאָסטינינער משפּחה געווען ווי אַ ים מיט פּנימער, מיט הענט וואָס שאָקלען מיט טיכלעך, באַ־גלייטנדיק אונז מיט די בעסטע ברכות.

***

אין מיין נשמה בליט אויף יענער זומער מיט אַלע זיינע בלומען פון אַ קאָלירפול, שטעטלדיק אידיש לעבן. מיט בענקשאַפט דערמאָן איך גאָסטינין, מיט ליבע זיינען אין מיין זכרון פאַרקריצט מיינע משפּחות און ליבע פריינט.

רבקה דאַנציגער־פּונדאַק (ישראל)

# דערמאָנונגען

עס פאַרגעסן זיך נישט די טעג, ווען מיר האָבן געוואַנדערט איבער די שטעגן און געקלעטערט אויף די בערג. ווער געדענקט נישט יענע בערג — די „דיבאַנקעס", וואָס זיינען באַוואַקסן געווען מיט ביימער און גרינס און האָבן פאַרשיכורט די לופט מיט שמעקנדיקע ריחות? פרילינג און זומער פלעגן מיר פאַרברענגען אין דעם שאָטן פון די ביימער, אין שפּאַציר־גענג. אין דעם צויבער פון דער נאַטור האָבן מיר געפונען אַ באַרואיקונג צו אונזערע יוגנטלעכע אויפברויזן, אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך אַלע זאָרגן פון דער היים. ווינטער, ווידער, האָבן מיר, די יוגנטלעכע, זיך געגליטשט איבער די שנייאיקע בערג באַרג־אַרונטער מיט פרייד און טומל — ווי שיין די בערג האָבן אויסגעזען אין ווינטער!

עס געדענקט זיך יענע פריסטע יוגנט, ווען מיר, אַ כאָפּטע קליינוואַרג, טראָגן זיך אַוועק פון שטוב אין וואַלד מיט כלים אין די הענט צו רייסן יאַגדעס. ווער קען פאַרגעסן אונזער פרייד בעת מיר האָבן געוואַנדערט צווישן די שמעקנדיקע נאָדל־ביימער און פייגל־געזאַנג פון אַרום? עס האָבן זיך געשפּרייט וואָלקנס איבער אונזער שטעטל. אין 1939 האָב איך פאַרלאָזט מיין היימשטאָט און זיך געלאָזט גיין מיט דער אומלעגאַלער עליה קיין ארץ־ישראל.



שמואל־ברוך באַגנאָ

# צוויי וועלט-מלחמות

**ש. ב. באַגנאָ (בעלגיע)**

אין יאָר 1914, ווען די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָבן די דייטשע אַרמייען אָנגעפאַנגען צו פאַרנעמען פוילן. די ערשטע אַרמיי האָט אַדורכמאַרשירט אונזער שטאָט גאָסטינין, אויפן וועג קיין וואַרשע, אָבער מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט די דייטשע אַרמיי געמאַכט אַ צוריקטריט ביז צו דער דייטשער גרענעץ. דאָס צוריקמאַרשירן דורך אונזער שטאָט האָט געדויערט ביז אין דער נאַכט אַריין.

יענעם טאָג איז מיין פאָטער נישט געווען אין דער היים; ער איז אַרויסגעפאָרן מיט נאָך סוחרים קיין קוטנע. ווען ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט איז אונזער מוטער געוואָרן אומרואיק. מיר האָבן געהערט דאָס געפּילדער פון די סאָלדאַטן, דעם געקלאַנג פון די פערדישע פּאָדקאָוועס און דאָס קלאַפּן פון די האַרמאַטן־רעדער. מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ שטאַרק קלאַפּן. עס האָט זיך דערהערט אַ פאָדערונג, אַז מיר זאָלן אויפמאַכן די טיר, אין קעגנפאַל וועט מען זי אויפברעכן. מיין מוטער, אַ ציטערנדיקע פון פּחד, האָט אויפגעשלאָסן די טיר. ס'האָבן זיך באַוויזן דייטשע זעלנער מיט אויסגע־שטרעקטע באַיאָנעטן.

— וואו איז דער אייגנטימער פון הויז?

ווען מיין מוטער האָט זיי דערקלערט, אַז מיין פאָטער איז אַוועקגעפאָרן, האָט דער עלטסטער באַפוילן צו זוכן פון בוידעם־שטיבל ביז צום קעלער. נישט געפינענדיק מיין פאָטער האָט דער אָפיציר געהייסן נעמען מיך, דעם נײַנצן־יאָריקן בחור און מיין ברודער יוסף, דרייצן יאָר אַלט.

אַרויסקומענדיק אין דרויסן בין איך געוואָרן צעטומלט. די גאַס איז

געווען באַלייגט מיט מיליטער. זיי האָבן אונז אַריינגעשטעלט צווישן די רייטער און גענומען פירן צום קאָוואַלער וועג. ווען מיר זיינען אַריבער־געגאַנגען דאָס בריקל האָב איך געהערט, ווי אַ זעלנער זאָגט צו מיין ברודער, אַז ער קען אַהיימגיין, ווייל ער איז צו יונג.

נאָך אַ גאַנצער נאַכט טאָפּטשען אין בלאָטעס, זיינען מיר אַריין אין דעם שטעטל קאָוואַל, וואו דאָס מיליטער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ פּאָר מינוט. דאָרט האָב איך דערזען נאָך עטלעכע גאָסטינינער: אהרן ברעס־לער, דער גרעסטער גביר אין שטאָט; יאַהנע דער אַפּטייקער און אַ רוסישן פּאָליציסט.

רעדן צווישן זיך האָט מען נישט געטאָרט, האָבן מיר זיך בלויז איבער־געוואָרפן מיט די בליקן און ווייטער גענומען זיך שלעפּן איבער די וועגן. מיר זיינען דורכגעגאַנגען וולאָצלאַוועק, אַלעקסאַנדראָוו און נאָך שטעטלעך.

אויפן דריטן טאָג זיינען מיר אָנגעקומען אין דער דייטשער שטאָט טויערן, וואו מען האָט אונז אַריינגעפירט אין תפיסה. דער ערשטער ברוך־הבא וואָס מיר האָבן געקראָגן פון אַ באַאַמטן, איז געווען, אַז מיר זאָלן זיך אויסטאָן נאַקעט. צוויי דאָקטוירים האָבן אונז אונטערזוכט און נאָכהער האָבן מיר אַרויפגעצויגן די תפיסה־בגדים.

ס'האָבן זיך דאָ געפונען ציווילע געפאַנגענע צוזאַמען מיט קרימינעלע פאַרברעכער. די דייטשע פאַרברעכער האָבן חוזק געמאַכט מיט די מיאוסטע אויסדרוקן פון אונזער פאַרביטערונג. אין עטלעכע טעג האָט מען אַריינ־געבראַכט נאָך מענער, צווישן זיי דריי גאָסטינינער: לייזער שניידערס זון, יחיאל זלמן מאָטיל מיט זיין שוואָגער (איך האָב פאַרגעסן זיין נאָמען). אָפּגעפינצטערט אַ פּאָר וואָכן אין תפיסה, האָבן מיר אויפגעגעבן די האָ־פענונג, אַז מען וועט אונז באַפרייען.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מען אונז אַריינגעזעצט אין פאַרמאַכטע פערד־וואַגאָנען און אַוועקגעפירט צו דעם גרויסן לאַגער שניידערמיל. אהרן ברעס־לער מיט יאַהנע זיינען פאַרבליבן.

אין שניידערמיל זיינען געווען טויזנטער רוסישע געפאַנגענע, אַ סך פּאָליאַקן און אידן.

די באַדינגונגען זיינען געווען אומדערטרעגלעך. די דייטשן זיינען אויך צו יענער צייט געווען מערדער. פאַר יעדער קלייניקייט האָבן זיי געשלאָגן מכות־רצח. אַ סך מענער זיינען פונעם שלאָגן פאַרבליבן קאַליקעס. מיר,

גאָסטיניגער, האָבן מורא געהאַט צו פרעגן פאַר אַ שטיקל ברויט, האָבן מיר אונטערגעהונגערט. דערצו זיינען געווען גרויסע פרעסט; אויף דער קאַלטער, האַרטער פאָדלאָגע זיינען מיר געשלאָפן און ווערעם פון יעדן מין האָבן זיך אַרום אונז געראָיעט.

אַזוי האָבן מיר זיך אָפּגעמוטשעט דעם גאַנצן ווינטער. אין פרילינג פונעם יאָר 1915 האָבן די דייטשן אַוועקגעפירט אַלע ציווילע געפאַנגענע אין לאַגער האפעלבערג. דאָרט איז געווען נאָך ערגער. דער טיפוס האָט געבושעוועט און האָט פאַרשלונגען יעדן טאָג פרישע קרבנות. דער לאַגער איז געווען דער ערגסטער אין פּרט פון היגיענע. מיר האָבן געלעבט אין איין שרעק, אַז די מגפה זאָל אויך אונז נישט טרעפן. די וואָס זיינען נישט געווען קראַנק האָט מען גענומען צו פעלד־אַרבעט. מיר האָבן נאָך אַלץ געהונגערט, אָבער ס׳איז געווען בעסער ווי צו זיין פאַרשפּאַרט אַ גאַנצן טאָג אין דעם שמוציקן לאַגער.

נאָך אַ פּאָר טעג אַרבעטן אין פעלד, זיינען מיינע גאָסטינינער חברים נישט צוריקגעקומען. אַ קלאַנג האָט זיך פאַרשפּרייט אין לאַגער, אַז זיי זיינען אַנטלאָפן. מיינע געדאַנקען האָבן אויך אָנגעפאַנגען זיך דרייען אַרום אַזאַ פּלאַן, אָבער מען האָט אונז זייער געהיט און פון אַנטלויפן איז דערווייל געווען אָפּגערעדט.

דאָס שיקן אונז אין פעלד האָט אויפגעהערט. ס׳האָבן זיך געצויגן שווערע טעג אָן אַ ציל, ביז אַ געוויסן פרימאָרגן האָט מען אונז אַוועקגעפירט אויף אַרבעט נישט ווייט פון דער בעלגישער גרענעץ.

די שווערע אַרבעט אונטער דער ברענענדיקער זון איז געווען נישט צום אויסהאַלטן. מיר זיינען געפאַלן פון די כוחות. איך האָב באַשלאָסן, אַז איצט איז געקומען די צייט צו אַנטלויפן. דעם פּלאַן האָב איך פאַרטרויט צו אַ לאָדזשער יונגערמאַן מיטן נאָמען בראַווערמאַן. ער האָט איינגעשטימט מיט מיר צו מאַכן דעם געוואַגטן שריט.

מיר האָבן זיך באַהאַלטן ביז ס׳איז געוואָרן פינצטער. דערנאָך אָנגעפאַנגען קריכן איבער פעלדער און בערג. ווען ס׳האָט אָנגעפאַנגען צו טאָגן, האָבן מיר דערזען, אַז מיר געפינען זיך נישט ווייט פון אַ שטעטל. נישט־וויסנדיק צי דאָס איז אין דייטשלאַנד, אָדער מיר זיינען שוין אין בעלגיע, זיינען מיר אַריין אין שטעטל. מיר האָבן זיך דורכגעשלייכט איבער די געסלעך, ווען צו אונזערע אויערן האָט זיך דערטראָגן דער קלאַנג פון דער אידישער

שפּראַך. מיט גרויס פרייד האָבן מיר זיך דערנענטערט און מיר האָבן זיך איבערצייגט, אַז דאָס זיינען טאַקע אַחינו בני ישראל.

מיר האָבן זיי דערציילט פון וואַנען מיר קומען איצט. דערשראָקענע האָבן די אידן אונז גענומען צו זיך אַהיים און איינגעשטילט אונזער הונגער. נאָכן אָפּעסן האָבן זיי אונז געראָטן צו פאַרלאָזן דאָס קליינע בעלגישע שטעטעלע און פאָרן אין דער גרויסער שטאָט בריסעל, וואו מיר זאָלן זיך ווענדן צו דעם הילפס־פאַראיין „עזרה".

אין דעם זעלבן טאָג זיינען מיר אָנגעקומען קיין בריסעל. ווען מיר האָבן דערזען אויף די גאַסן דייטשע באַאַמטע מיט מיליטער איז אונז באַפאַלן אַ שרעק. מיר האָבן זיך אַרומגעדרייט פון איין גאַס צו דער צווייטער. יעדער דורכגייער, וואָס האָט אויף אונז געקוקט, האָט ביי אונז אַרויסגערופן אַ חשד.

פּלוצלונג האָבן מיר באַמערקט פון דערווייטנס אַ שול און אַ איד איז צוגעקומען צו דער שול און אופגעשלאָסן די טיר. מיר זיינען אַריין אין שול און דערציילט דעם אידן, וואָס איז געווען דער שמש, אונזער לאַגע. ער האָט צוגעזאָגט צו העלפן.

דערווייל זיינען אָנגעקומען נאָך אידן, זיי האָבן זיך געשטעלט דאַוונען, דער שמש האָט אונז דערלאַנגט אַ סידור. איך האָב בעת־מעשה געטראַכט, אַז שוין איבער צוויי יאָר, ווי כ'האָב נישט געהאַט קיין סידור אין מיין האַנט. נאָך מנחה און מעריב האָט אונז דער שמש געפירט צו דער „עזרה". דער שמש האָט אונז פאָרגעשטעלט פאַר דעם עזרה־באַאַמטן און ווען יענער האָט דערהערט מיין נאָמען און האָט זיך דערוואוסט, אַז איך קום פון גאָסטינין, האָט ער זיך זייער דערפרייט מיט מיר, ווייל ער איז אויך געווען אַ גאָסטינינער, פון דער משפחה קרוק.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן, ווי ער האָט אונז מקרב געווען. ער האָט אונז, מיט נאָך הונדערטער אידן, געהאָלפן זיך אויסבאַהאַלטן כמעט אַ יאָר צייט.

אין יאָר 1918 האָט די דייטשע אַרמיי געליטן איינע פון די גרעסטע מפּלות אויף דעם פראַנצויזישן פראָנט. דאָס איז געווען דער סוף פון דעם דייטשן קעניגרייך און אויך דער סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָס דייטשע מיליטער האָט זיך אין דער גרעסטער פאַרצווייפלונג גענומען צוריק־

ציען פון אַלע אָקופּירטע לענדער. בעלגיע איז ווידער געוואָרן דאָס פריד־לעכע, שטילע לאַנד. הונדערטער פּוילישע אידן זיינען פאַרבליבן אין בעלגיע און איך צווישן זיי. מיר האָבן זיך איינגעלעבט אין דעם פרייען לאַנד. כמעט יעדערער האָט געבראַכט קרובים פון דעם אַנטיסעמיטישן פּוילן. עס זיינען געקומען פון גאָסטינין: משה בראקמאַנס אַ זון, העניך מאַקאָווסקיס אַ זון, אפרים קויפמאַן מיט זיין שוועסטער כאַווטשע, מיינע דריי ברידער: יוסף, יעקב, שלום און מיין שוועסטער הינדע מיט איר מאַן.

די אידן האָבן זיך איינציקווייז איינגעאָרדנט און געפירט אַ רואיק לעבן, ביז דעם יאָר 1939, ווען די דייטשן האָבן ווידער אָנגעצונדן די וועלט.

שוין פון סאַמע אָנהויב פון צווייטן וועלט־קריג, זיינען די אידן אין בעלגיע געוואָרן אומרואיק. די שרעק איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. אין חודש מאַי 1940, האָט היטלער געמאַכט אַ בליץ־אָנפאַל אויף בעלגיע; די דייטשן האָבן באָמבאַרדירט בריסעל: מענטשן לויפן פון שטאָט, אידישע פאַמיליעס לויפן זיך באַהאַלטן, איבערהויפּט אידישע מענער לויפן אין גרויס פּחד צו דער פראַנצויזישער גרענעץ, אויך איך מיט מיינע צוויי ברידער יוסף און שלום מיט זיי.

אויף דער גרענעץ האָט מען אונז אַלע דריי געכאַפּט און באַלד פאַנאַנ־דערגעטיילט. מער האָב איך מיינע ברידער נישט געזען.

די געסטאַפּאָ־לייט האָבן מיך אָנגענומען, אַז איך בין אַ פראַנצויז צוליב מיין נאָמען, וואָס איז אויך אַ פראַנצויזישער נאָמען און צוליב מיין פּליסיק גערעדטן פראַנצויזיש, און האָט מיך צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער פראַנ־צויזן און בעלגיער אַריינגעפּאַקט אין וואַגאָנען, וואָס פירן בהמות. דאָ זיינען נישט געווען קיין בענק. מען האָט אונז צוזאַמענגעדריקט ווי הערינג אין אַ פאַס. מען האָט אונז געפירט קיין מאַטהאַוזען אין עסטרייך.

באַלד דעם ערשטן טאָג אין לאַגער זיינען מיר דורכגעגאַנגען כלערליי פּייניקונגען. דאָס עסן איז געווען זייער מאָגער און שלעכט. ווען ס׳איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, האָבן אונז די עס־עס־מענער אַריינגעפירט אין באַראַקן, וואו מיר זיינען אויסגעמאַטערטע אַוועקגעפאַלן אויף שטרוי־זעק.

איין פרימאָרגן איז אַריינגעקומען דער שעף פון געסטאַפּאָ מיט צוויי עס־עס מענער און געהייסן אונז זיך אויסשטעלן אין רייען. פון יעדער ריי האָבן זיי אַרויסגענומען צו עטלעכע מענער, צווישן זיי אויך מיך. זיי האָבן אונז געפירט איבער פינצטערע קאָרידאָרן און ווען מיר זיינען אַרויסגעקומען

אין דרויסן, האָבן זיי אונז אַריינגעשטופּט אין לאַסט־אויטאָס. מיר זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן אין לאַגער ווינער ניישטאָט.

מיר האָבן דאָרט געטראָפן זייער אַ סך אינטערנירטע און צווישן זיי זיינען געווען אידן פון עסטרייך, פון פוילן און פון דייטשלאַנד.

מען האָט אונז געציילט, סאָרטירט, וועמען לינקס און וועמען רעכטס. מיך מיט די פראַנצויזן און בעלגיער האָבן זיי געשטעלט אויף דער רעכטער זייט. נאָכדעם האָט מען אַלע אַוועקגעפירט אין הילצערנע באַראַקן. ס׳האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ גיהנום; סאַדיסטישע פייניקונגען, שווערע פיזישע קאַטאָרזשנע אַרבעט. דאָס עסן איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג ווייניקער און ערגער. אין דעם לאַגער זיינען מיר געווען מער ווי אַ יאָר און דורכגעגאַנגען שבעה מדורי גיהנום. מען האָט אונז איבערגעשיקט דאַן אין אַ דריטן לאַגער — נאַגייקע.

יעדער פון דער געסטאַפּאָ האָט געטראָגן אַ רעוואָלווער און שפּיצרוט, וועלכע ער האָט גענוצט ביי יעדער געלעגנהייט, צי מען האָט גענאַרפט צי נישט. גאַנץ אָפט האָט מען דאָרט אַן אינטערנירטן געהאנגען. יעדעס מאָל, וואָס מען האָט אויפגעהאנגען אַ מענטשן, האָבן די מערדער געמאַכט אַ ספּעקטאַקל דערפון.

איין זאַך איז קלאָר געוואָרן: ווען נישט דער אויסערגעוויינטלעכער ווילן איבערצולעבן און אויסהאַלטן, וואָלט געווען אוממעגלעך פאַר קיינעם צו דערלעבן די ערשטע חדשים פון 1945. אַוודאי זיינען געפאַלן קרבנות. די מערהייט האָט, אָבער, אין די שווערסטע ליידן און פייניקונגען אויסגעהאַלטן...

אין אַפּריל פונעם יאָר 1945 זיינען אָנגעקומען ידיעות, אַז די אַמעריקאַנער אַרמיי פירט שוין שלאַכטן אויפן אייראָפּעאישן קאָנטינענט.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען דערהערט קאַנאָנען שיסן.

אין לאַגער איז אַלץ אָנגעגאַנגען מיט דער דייטשער פּינקטלעכקייט, ווי פריער, נאָר ביינאַכט האָבן מיר געזען, אַז די עס־עס־לייט האַלטן דעם לאַגער אינגאַנצן פינצטער.

ס׳זיינען ווידער אַוועק אַ פּאָר טעג. מען האָט שוין אָנגעהויבן הערן אַ שטאַרקערע שיסעריי. ס׳האָבן זיך באַוויזן אַמעריקאַנער לופט־באָמבערס איבערן לאַגער. אונז האָט זיך געדאַכט, אַז זיי וועלן באַלד וואַרפן באָמבעס אויף אונזערע קעפּ און מיר וועלן אַלע אומקומען.

מיר האָבן דאַן איבערגעלעבט שווערע שעה׳ן פון שרעק. צווישן דער געסטאַפּאָ און די עס־עס־לייט איז געוואָרן אַ צעמישעניש. מיר האָבן געמוזט זיין זייער פאָרזיכטיק, זיי זאָלן נישט באַמערקן אונזער אויפרעגונג. דער פּחד איז געוואַקסן מיט יעדער מינוט, זיי זאָלן אונז אין דער לעצטער שעה נישט אומברענגען איידער די באַפרייאונג קומט.

אָבער נאָך אין דעם זעלבן טאָג האָבן אַלע אָנגעהויבן שרייען, אַז די אַמעריקאַנער האָבן זיך אַריינגעריסן אין לאַגער. אַלע אינטערנירטע, וואָס זיינען באַשטאַנען פון קראַנקע, אויסגעהונגערטע און האַלב־טויטע מענטשן, האָבן מיטאַמאָל באַקומען איבערמענטשלעכע כוחות און גענומען שפּרינגען דורך פענסטער און טירן, כדי וואָס שנעלער צו באַגעגענען אונזערע רעטער און באַפרייער.

די לאַגער־וועכטער האָבן באַלד אַרויסגעהאָנגען ווייסע פענער.

דאָס איז געווען דער 5טער מאַי 1945, ווען די אַמעריקאַנער אַרמיי האָט אונז באַפרייט פון דעם היטלער־גיהנום.

דער גאַנצער לאַגער איז באַלד פאַרפלייצט געוואָרן מיט באַפרייט־געוואָרענע מענטשן, וועלכע האָבן זיך געקושט און געהאַלזט פאַר שמחה.

ביי מיר האָט די שמחה נאָר אָנגעהאַלטן אַ פּאָר מינוט. ווען איך האָב זיך דערמאָנט אין מיין פרוי און זון, מיין מוטער און מיין ברודער לייביש מיט זיין פאַמיליע פון גאָסטינין, מיינע דריי שוועסטער מיט זייערע פאַמיליעס און דריי ברידער מיט זייערע פאַמיליעס.

— לעבן זיי נאָך? — האָב איך זיך אַליין געפרעגט און איך האָב זיך שטאַרק צעוויינט...

די אַמעריקאַנער אַרמיי האָט אונז זייער גוט באַהאַנדלט, אונז אַרויס־געוויזן פריינטשאַפט, געגעבן גוטע עסנוואַרג, אויך אָנצוטאָן און אַפילו ציגאַרעטן. איך וועל זיי מיין גאַנץ לעבן דאַנקבאַר זיין.

אינעם זעלבן מאָנאַט, דעם 25טן מאַי, האָבן אונז די אַמעריקאַנער לופט־פליער פון לינץ איבערגעשיקט קיין פראַנקרייך מיט אַעראָפּלאַנען.

קומענדיק אויפן פּאַריזער וואָקזאַל, האָבן די פראַנצויזישע באַאַמטע יעדן געגעבן פּאַפּירן אויסצופילן פאַרשידענע פראַגן: דעם נאָמען, וואו מ׳איז געבוירן, צו וועלכער רעליגיע מיר געהערן און וואוהין מיר פאָרן.

נאָך דעם ווי זיי האָבן צוגענומען די אָנגעשריבענע פּאַפּירן, הער איך ווי מען רופט מיין נאָמען. פאַר גרויס שרעק האָב איך זיך קוים צוגעשלעפּט

צום טיש, וואו ס׳איז געזעסן אַ יונגערמאַן מיט אַ פראַנצויזישן מונדיר. אויף זיין פראַגע, צי מיין נאָמען איז באַגנאָ, בין איך געוואָרן שטאַרק צעטומלט. איך האָב זיך גענומען וואַקלען. אין אַ סעקונדע וואָלט איך געלעגן אויף דר׳ערד, ווען נישט דער פראַנצויז, וואָס האָט מיך דערכאַפּט און צוגע־פירט צו אַ שטול. ער האָט זיך געזעצט לעבן מיר און געזאָגט, אַז אויך ער איז אַ באגנא. זיין פאָטער אַברהם און זיין זיידע יחזקאל באגנא שטאַמען אויך פון גאָסטינין.

טרערן האָבן גערונען פון זיינע אויגן. פון אונזערע רייד האָבן מיר ביידע אויסגעפונען, אַז מיר זיינען נאָענטע קרובים.

אין אַלע מיינע וואָגלענישן און איבערלעבונגען, אַזוי ביי דעם ערשטן וועלט־קריג און צווייטן וועלט־קריג, האָב איך אויף מיינע וועגן און שטעגן געטראָפן אידן פון גאָסטינין... גאָסטינינער האָבן זיך דערקענט, געהאָלפן און געטראָגן אין זיך די ליבע איינער פאַר דעם צווייטן...

# די
# פאַמיליע
# מאָטיל

**רבקה מאָטיל־מרגלית (ישראל)**



רבקה מאָטיל־מרגליות

די פאַמיליע מאָטיל אין גאָסטינין איז געווען פאַרצווייגט פון דור־דורות. קינד אוּן קייט האָבן געוואוסט, אַז די מאָטילס צייכענען זיך אויס מיט זייערע גוטע מידות און אָפּפערוויליקייט. אונזער שטוב האָט געדינט ווי אַן אכסניה פאַר אַלע ציוניסטישע עסקנים, וואָס זיינען געקומען אין שטעטל צו פירן פראָפּאַגאַנדע פאַר ארץ־ישראל. מיין פאָטער, ר׳ איסר מאיר, איז געווען אַ שם־דבר אין גאָסטינין. ער איז געווען באַליבט אין אַלע אידישע קרייזן און איז געווען אויך פּאָפּולער צווישן די קריסטן פון שטעטל. אַז ער האָט זיך באַוויזן אין גאַס, האָט זיך תיכף געשאַפן אַרום אים אַ קרייז מיט אידן, וואָס האָבן געוואָלט הערן פון זיין מויל אַ הלצה, אַ פריילעכע געשיכטע, וואָס האָט אַרויסגערופן אויפהייטערונג און געלעכטער ביים עולם. מ׳האָט ליב געהאַט צו הערן זיינס אַ גימטריה און ראשי תיבות. ווי אַן עסקן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אין אַנדערע שטאָטישע אינסטיטוציעס, איז ער געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט פאַרשידענע קרייזן פון דער באַפעלקערונג. ער איז געווען דער גרינדער פון דער גמילת־חסדים קאַסע אין גאָסטינין, ווי אויך אין דער לייטונג פון „לינת הצדק״. מיין מוטער, הענע ז״ל, איז אויך געווען טעטיק אין דער געזעלשאַפט, באַזונדערס האָט זי זיך אויסגעצייכנט אין דער טעטיקייט פון דער וויצ״אָ, וואו זי איז געווען קאַסירערין פאַר לאַנגע יאָרן.

מיין באָבע, דעם טאַטנס מאַמע, איז געווען די „שוואַרצע פריידע״. זי איז געווען אין שטעטל אַ שם־דבר. איר נאָמען איז פאַרבונדן מיט דעם פּוילישן יאַנואַר־אויפשטאַנד פון 1863. די אַלטיטשקע האָט געהאַט אריכת

ימים, זי איז נפטר געוואָרן צו 106 יאָר. אין די צייטן פון דער פוילישער פּאָווסטאַניע, אין יאָר 1863, האָט זי איינגעשטעלט דאָס לעבן און אויסבאַהאַלטן ביי זיך אין קעלער עטלעכע אויפשטענדלער. מיט 50 יאָר שפּעטער, ווען די פוילישע מאַכט האָט געשטעלט אַ דענקמאָל צום אָנדענק פון די העלדן פון יאָר 1863, האָט דער וואָיעוואָדע דערמאָנט דעם נאָמען פון דער „שוואַרצע פריידע", ווי איינע פון די העלדינס פון יענער עפּאָכע. ער האָט אין זיין רעדע באַטאָנט, אַז אירע זין און פאַמיליע דאַרפן זיין שטאָלץ, וואָס זיי טראָגן דעם נאָמען „מאָטיל", ווי די אַלטיטשקע העלדין.

געוועזן איז מיין באָבע פריידע אַ פרומע און גאָטספאָרכטיקע פרוי, און האָט פאַרמאָגט דעם גלויבן און צוטרוי צו מענטשן, פונקט ווי זי האָט אויפ־

## אַ גרופּע פוטבאָל־שפּילער אין גאָסטינין אין 1925



שטייען פון רעכטס צו לינקס: **קליינבארד, בוראַק, דוד מאָטיל, וואָווע מאַריטץ, מאיר מאָטיל, באָלעק עפּשטיין.**
צווייטע רייע פון רעכטס צו לינקס: **ישכר ברעסלער, אברהם־הערש מאָטיל, משה כץ, משה גאָלדמאַן, לאַסמאַן.**
דריטע רייע: **לאָסמאַן, מאַניעק יאַקובאָוויטש, ברעסלער.**

ריכטיק געגלויבט אין גאָט אין הימל, וואָס שענקט איר זאַטע יאָרן פון לעבן. זי האָט גוט געדענקט די יונגע יאָרן, יענע צייט ווען די פוילישע נאַציאָנאַלע העלדן האָבן געוואָלט באַפרייען די פוילישע ערד פון די צאַרישע אָקופּאַנטן און קאָזאַקישע באַטאַליאָנען. זי פלעגט דערציילן געשיכטעס פון לעגענדאַרן אַמאָל, וואָס האָט אויסגעזען פאַר אונז קינדער אַזוי ווייט און איינגעהילט אין סודות. פּונקט ווי זי האָט פאַר אונז געהאַט צו דערציילן, וואָס זי האָט איבערגעלעבט אין דער היסטאָרישער תקופה פון יאָר 1863, אַזוי האָט זי פאַר אונז אויך דערציילט די וואונדערלעכע פּאַסירונגען פון איר פּאָטער ז״ל, אונזער עלטער־זיידן, וואָס האָט פאַר איר געהאַט דערציילט געשיכטעס, ווען נאַפּאָלעאָן מיט זיין אַרמיי האָט דורכמאַרשירט פוילן, גייענדיק אויף מאָסקווע. די באָבע פריידע פלעגט אָפּהיטן שטאַרק צו גיין יעדעס יאָר אויף קבר־אָבות. אויפן אַלטן בית־עלמין אין גאָסטינין. זי האָט געהאַט געווינט וואָס זיך איינצו׳טענה׳ן אויפן קבר פון איר פאָטער, אָדער אויפן קבר פון איר מוטער און אויפן קבר פון איר מאַן, וואָס איז יונגערהייט, צו 46 יאָר, געשטאָרבן. — איינמאָל — דערציילט מיין פאָטער — איז ער מיטגעגאַנגען מיט דער באָבען אויף קבר־אָבות, און בעת זי האָט אויסגעגאָסן איר האַרץ אין געבעט איבערן קבר, האָט ער, מיין פאָטער, אַרויסגעלאָזט פון האַנט איבער דער באָבען אַ הונדערט דאָלאַר־באַנקנאָט. די באָבע, וואָס איז געשטאַנען אַרונ־טערגעבויגן דעם קאָפּ איבערן קבר, האָט מיטאַמאָל דערזען אַרונטערפליען די 100 דאָלאַר. — עס איז ביי איר קיין ספק נישט געווען, אַז דאָס שיקט מען איר אַרונטער פון די הימלען. אָט דעם נס האָט זי שפּעטער דערציילט פאַר אַלעמען, ווי גרויס גאָטס חסדים זיינען — זאָלן מיר טאַקע אַלע אָפּגעבן אַ שבח דעם רבונו של עולם און גיין נאָר אין זיינע ערלעכע וועגן. . . .



נישט געקוקט וואָס דער וואָיעוואָדע האָט געלויבט דעם פּאַטריאָטיזם פאַר פוילן פון אונזער באָבען, די „שוואַרצע פריידע״, און פון נאָך אַזעלכע העלדישע באָבעס און זיידעס, וואָס האָבן זיך מקריב געווען פאַרן פּוילישן פאָטערלאַנד — איז אָבער דער אַנטיסעמיטיזם אין גאָסטינין, ווי אין אַלע אַנדערע שטעט אין פוילן, געווען געוואַלדיג גרויס. דער דראַנג צו בילדונג און וויסן האָט אַרומגענומען ברייטע שיכטן פון דער אידישער באַפעלקערונג, נישט וועלנדיק בלייבן הינטערשטעליק לגבי דער קריסטלעכער טייל באַפעל־

קערונג, וואָס האָט געהאַט אַ פרייען צוטריט צו די קוואַלן פון בילדונג. אידן האָבן זיך געוואָלט זען ווי גלייכע בירגער אין לאַנד — און אין פרט פון בילדונג זאָלן זיי נאָך אפשר איבערשטייגן דעם קריסטלעכן שכן. ווי געזאָגט, האָט מיין פאָטער געשטרעבט צו דערציען זיינע קינדער אין נאַציאָ־נאַלן גייסט און אויך זיי געבן גימנאַזיאַלע בילדונג. די מער פאָרגעשריטענע עלטערן האָבן זיך שוין נישט באַגנוגנט בלויז מיט די קענטענישן פון „חדר״, אָדער פאָלקס־שול. יעדער איינער האָט געשטרעבט אַריינצוגעבן זיין קינד אין אַ גימנאַזיע, און אַזוי איז אויך געווען מיט די קינדער פון אונזער היים. אונז קינדער האָט געלאָקט די באַטאָנונג „גימנאַזיע״. זיך לערנען אין אַ גימנאַזיע איז ממש געווען אַ קולט. דאָס קליידן זיך אין דער איינהייטלעכער גימנאַזיע־אוניפאָרם, די שיינע פייערונגען — דאָס אַלץ האָט אונז אידישע קינדער געלאָקט און צוגעצויגן.



אין גאָסטינין זיינען געווען צוויי רעגירונגס־גימנאַזיעס, פאַר מיידלעך און פאַר אינגלעך. מיר אידישע שילער האָבן קוים באַטראָפן זעקס פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל שילער. אין די פוילישע נאַציאָנאַלע פייערטעג האָט מען אונז שילער געפירט אין מוסטערהאַפטער אָרדענונג זיך צו באַ־טייליקן אין די גאָטעס־דינסטן פאַרן רום פון דער פוילישער רעפובליק. מיר זיינען געגאַנגען לענג־אויס די קוטנער גאַס און דורכן מאַרק. מיר זיינען געווען גרופירט לויט די רעליגיעס. נאָך די קאַטאָליקן זיינען געגאַנגען די פּראָטעסטאַנטן — און צום סוף האָבן מיר אידישע שילער מאַרשירט. קומענ־דיק צום עק מאַרק, ביי קאַוואלסקא און גאָמבינער גאַס, האָט יעדע גרופּע זיך אָפּגעטיילט אין אַן אַנדער ריכטונג צו זייערע קירכעס. מיר אידן האָבן זיך פאַרנומען אין דער שול. אין אונזערע הערצער האָבן זיך דערוועקט געמישטע געפילן. די רויט־ווייסע פענער, די מוזיק פון פוילישן נאַציאָנאַלן הימן — און בכלל די גאַנצע פייערלעכקייט, איז פאַר אונז נישט געווען אַזוי יום־טובדיק. אין שול זיינען אָפּגעריכט געוואָרן תפילות פאַרן שלום פון דער מדינה — און אין האַרצן האָבן מיר צוזאַמען מיט דעם געבעטן פאַרן אידישן אַלט־ניילאַנד. און כאַראַקטעריסטיש, גראָד אין דער פוילישער גימנאַזיע האָט זיך אין אונז דערוועקט אַ בענקשאַפט צום אידישן נאַציאָנאַליזם, צום ציוניזם. מיר פלעגן זיך פאַרזאַמלען אין געהיים (די גימנאַזיסטן האָבן נישט געטאָרט געהערן צו קיין שום אָרגאַניזאַציע) עטלעכע מאָל אין וואָך און געלייענט

ציוניסטישע ליטעראַטור, זיך צוגעהערט צו פּאָרטראַגן אויף ציוניסטישע טעמעס. אונזער שטרעבונגען צו ציון זיינען געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ ערנסטער און שטאַרקער. גלייכצייטיק האָבן מיר זיך פלייסיק געלערנט, כדי צו באַקומען דעם מאַטורע־דיפּלאָם. מיר, גימנאַזיסטן, האָבן אַ סך מיט־געהאָלפן צו די אַקציעס פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. אונזערע קריסטלעכע דערציער אין גימנאַזיע האָבן אוממיטלבאַר, זעט אויס, צוגע־האָלפן צו פאַרווירקלעכן אונזער שטרעבן און חלום — אַריבערצוקומען אין ארץ־ישראל און זיך אויסלעבן אין אייגענעם לאַנד. און ווירקלעך, אַ דאַנק דער מאַטורע־דיפּלאָם, וואָס האָט דערמעגלעכט אָנגענומען צו ווערן אין העברעאישן אוניווערזיטעט אויפן הר־הצופים און באַקומען אַזוי אַרום אַ סערטיפיקאַט צו קענען פאָרן קיין ארץ־ישראל, איז אַ טייל יוגנטלעכע פון גאָס־טינין געלונגען צו קומען דאָ אין לאַנד — און זיי זיינען געראַטעוועט געוואָרן נישט אַריינצופאַלן אין די מערדער־הענט פון די נאַצישע חיות.

## די ערשטע אידישע קרבנות פון נאַצישן טעראָר אין גאָסטינין וואָס זיינען דערמאָרדעט געוואָרן, צוזאַמען מיט נאָך 24 קריסטלעכע אינטעליגענטן, אין אַ וואַלד נישט ווייט פון גאָסטינין, דעם 27טן נאָוועמבער, 1939



יעקב־לייב פּינטשעווסקי
פאָרזיצער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע



רפאל בוראַק
פּרעזעס פון דער אידישער באַנק אין גאָסטינין



אברהם זאַיאָנץ
בונדישער ראַטמאַן אין גאָסטינין



יחיאל־מאיר קעללער
מיטגרינדער פון דער אידישער פּרעבל־שול
אין גאָסטינין

**נאָך דער באַפרייאונג זיינען די קרבנות געבראַכט געוואָרן צו קבר־ישראל אויף דעם אידישן בית־עולם אין גאָסטינין**



ביי די קבר׳ים שטייען די צוריקגעקומענע גאָסטינינער



משה שייעוויטש

# יאָרן פון יסורים און געפאַרן

משה שייעוויטש (ישראל)

בעת די נאַציס האָבן אַריינמאַרשירט אין גאָסטינין, יום־כיפור 1939, האָבן זיי אַלע אידן, מענער, אַרויסגעיאָגט אויפן מאַרק און אַלעמען באַפוילן אַנידער־צוקניען אויף דער ערד. די עס־עס־זעלנער האָבן זיי אַרומגערינגלט און געשראָקן מיט מאַשין־געווער. באַלד האָבן גרופן נאַציס זיך אַוועקגעלאָזט איבער די אידישע שטיבער און האָבן זיי אויסגעליידיקט פון יעדער ווערט־פולער זאַך, וואָס זיי האָבן געפונען; זיי האָבן גערויבט געלט, תכשיטים און ווערט־זאַכן.

דאַן האָט מען די אידן אַריינגעטריבן אין דער פוילישער קירך און זיי דאָרט פאַרשלאָסן אויף אַ גאַנצער נאַכט. צומאָרגנס, האָבן די דייטשן אַרויס־געלאָזט פון דער קירך די וויכטיקערע פאַך־לייט פון די שפייז־בראַנזשעס, ווי בעקער, קצבים און געוועלבניקעס פון שפייז. מיין פאָטער מיט מיין עלטערן ברודער, וואָס זיינען געווען רעגיסטרירט ווי פלייש־הענדלער, זיינען אויך באַפרייט געוואָרן. די שטאָט איז אַרומגענומען געוואָרן פון אַ האָפענונג, אַז אָט הויבט מען שוין אָן צו באַפרייען די אידן, און באַלד וועלן טאַקע אויך אַלע אַנדערע באַפרייט ווערן פון דער פוילישער קירך. אָפּנים, אַז די גאָסטינינער אידן זיינען געווען נאַאיוו. זיי האָבן זיך נישט פאָרגעשטעלט וואָסער ביטערער גורל עס גייט זיך אויסגיסן אויף זייערע קעפּ.

מיין פאָטער, שאול, אַ קצב פון פּראָפעסיע, האָט געהאַנדלט מיט פלייש אין זיין יאַטקע ווי אַלעמאָל. אַפילו דייטשן זיינען צו אונז געקומען קויפן פלייש. איבער די שפייז־קראָמען און יאַטקעס זיינען אָפּט געגאַנגען דייטשע פּאַטראָלן, וואָס האָבן פאַר דער מינדעסטער עבירה, און אַפילו אָן קיין שום

## די פאַמיליע שייעוויטש



שאול שייעוויטש און פאַמיליע

עבירה, געשלאָגן מכות־רצח די מענטשן וואָס זיי האָבן אָנגעטראָפן, אידן און פּאָלאַקן צוגלייך.

איינמאָל איז אין אונזער יאַטקע אַריינגעקומען אַ ציווילער דייטש, און אַרומשמעקנדיק אין יעדן ווינקל, האָט ער זיך געלאָזט גיין צו דער טיר, געגעבן אַ שמיץ אין דער לופטן מיט דער שפּיצרוט און אַ זאָג געטאָן: „האַלט ריין, יודע, דעם פלאַץ. איך האָב שוין אַ סך געוועלבער געשפּאַרט״.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער דאָזיקער דייטש איז געווען דער קרייז־לייטער פון גאָסטינין, וואָס האָט אַרויסגעוויזן קעגן די אידן זייער פיל רשעות און באַגאַנגען אומצאָליקע מערדערייען. דאָס צווייטע מאָל איז ער געקומען צו אונז אין געוועלב שוין אין אַ מיליטערישן אוניפאָרם און אַ גרויסער הונט האָט נישט אָפּגעטראָטן פון אים. ווער ווייסט וואָס פאַר אַ חסדים עס זיינען אונז בייגעשטאַנען, וואָס דער דאָזיקער דייטש האָט מיין טאַטן געגעבן אַ צעטל צו קענען באַקומען בהמות אויף דער גאָמבינער גאַס צום שלאַכטן.

דערנאָך איז שוין פאַר אַלע אידן באַקאַנט געוואָרן, אַז דער קרייזלייטער, פאַרן גרעסטן סאַדיסט, וואָס האָט זיך געזעטיקט מיט אידיש פאַרגאָסענעם בלוט. מיטן קאַנטשיק אין האַנט און אין דער באַגלייטונג פון זיין גרויסן הונט, פלעגט ער זיך אַריינרייסן אין אידישע הייזער און מערדערלעך געשלאָגן יעדן אידן, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן. דער עיקר האָט דער סאַדיסט אויסגעלאָזט זיין כעס צו אידישע פרויען. ער האָט געצוואונגען די פרויען זיי זאָלן זיך אויסציען אויף דער ערד, און אַזוי האָט ער זיי געשלאָגן — ביז ער פלעגט דערזען, אַז בלוט גיסט זיך שוין פון די אומגליקלעכע פרויען — אַנדערש איז ער נישט אָפּגעטראָטן פון זיין קרבן.

די לאַגע פון די אידן האָט זיך אַלץ מער פאַרערגערט. עס איז געקומען אַ באַפעל, אַז יעדער איד זאָל טראָגן געלע לאַטעס — איינע אויף דער רעכטער זייט און איינע אויפן רוקן. אידן איז פאַרבאָטן געוואָרן צו גיין אויפן טראָטואַר — זיי איז בלויז דערלויבט געווען צו גיין אויפן ברוק. ווער עס האָט נישט אָפּגעהיט די נאַצישע גזירות איז שטרענג באַשטראָפט געוואָרן.

מען האָט אָנגעהויבן כאַפּן אידן צו דער אַרבעט אין גאַס — און דאָס האָט אַרויסגערופן אַ פּאַניק אין שטעטל. די, וואָס זיינען געכאַפּט געוואָרן, האָבן שווער געאַרבעט און ווי אַ צוגאָב געקראָגן גוט צעשלאָגן.

מענטשן האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל און זיך לאָזן צו

די פוילישע גרענעץ־געביטן, וואָס זיינען פאַרנומען געוואָרן פון סאָוועט־רוסלאַנד. מען האָט אַלץ פאַרקויפט פון זיך, מיט אַ קליינעם באַגאַזש אין האַנט האָט מען זיך געלאָזט אין לאַנגן וועג אַריין. עס איז געווען אַ מהלך פון הונדערטער קילאָמעטערס און אַזאַ וועג איז געווען אויסגעשטעלט צו אַלערליי סכנות. מיט קיין באַן האָבן אידן נישט געקענט פאָרן און נישט שטענדיק האָט מען געקענט קריגן פערד און וואָגן. אָבער נאָר גאַנץ ווייניקע האָבן געקענט פועלן ביי זיך צו פאַרלאָזן זייערע היימען, ווייבער, קינדער. איז די מערהייט אידן פאַרבליבן אויפן אָרט.

אונזער יאַטקע איז געווען די איינציקע, וואָס איז געבליבן אָפן. האָט מען שוין אין איין וועג דאָרט פאַרקויפט אויך ברויט און אַנדערע פראָדוקטן, וואָס מען האָט פאַרטיילט אויף קאַרטן. פלייש האָט מען נאָך דעמאָלט געקענט קויפן פריי, אָן קאַרטן. האָבן מענטשן טאַקע דער עיקר געגעסן פלייש. מיין פאָטער האָט צונויפגערופן אַלע קצבים פון שטעטל, וואָס זייערע געוועל־בער זיינען פון די נאַציס פאַרמאַכט געוואָרן, און זיי פאָרגעשלאָגן זיך צו פאַראייניקן, כדי די פאַרדינסטן זאָלן פאַרטיילט ווערן פאַר אַלעמען גלייך. בהמות צום שלאַכטן האָט מען נאָך געקענט באַקומען, בפרט אַז די דייטשן, וואָס זיינען באַשעפטיקט געווען ביים אַרויסגעבן די דערלויבענישן פאַר די בהמות, זיינען אַלע געווען אונטערגעקויפט.

מיטאַמאָל איז אין גאָסטינינער געטאָ אָנגעקומען אַ באַפעל פון די נאַציס, אַז אַלע אידן מוזן זיך געפינען אין אַן אָפּגעשלאָסענער געגנט. עט־לעכע געסלעך ביז צו דער בוך זיינען געוואָרן אַרומגעצוימט מיט שטעכלדראָט. אין דער זייט פון מאַרק איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ טויער. דאָרט איז געווען דער אַריינגאַנג אין דעם ניי־געשאַפענעם געטאָ. באַלד האָט זיך גע־שאַפן אַ געמיינדע־ראַט מיט אַ אידישער פּאָליציי, וואָס האָט געדאַרפט האַלטן אָרדענונג. דער גאַנצער אָנפירער פון דער געמיינדע איז געווען אָשר צווייג־באָם. עס האָט זיך געשאַפן אַן אַרבעטס־אַמט, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט שיקן אידן צו דער אַרבעט. די דייטשן האָבן שוין מער נישט געדאַרפט כאַפּן קיין מענטשן אויף דער גאַס. זיי פלעגן קומען אין געטאָ צו דער געמיינדע, און דער ראַט האָט שוין פאַר זיי באַזאָרגט די צאָל אידן, וואָס זיי האָבן געפאָדערט.

יעדער איד האָט געמוזט אַרבעטן דריי מאָל אין דער וואָך. הגם איך בין נאָך צו יונג געווען, אַז איך זאָל דאַרפן גיין צו דער אַרבעט, האָב איך זיך

פרייוויליק געלאָזט מאָביליזירן, כדי צו פאַרטרעטן מיין פאָטער. איך האָב געאַרבעט צוזאַמען מיט נאָך אידן אין דער שולע אויף דער קוטנער גאַס. דאָרט האָט סטאַציאָנירט דייטשיש מיליטער. פון פינף ביז זיבן אַזייגער האָט מען געמעגט אַרויסגיין פון דעם געטאָ מיט אַ צעטל פון דער געמיינדע כדי זיך איינצושאַפן וואַסער, וואָס איז אין געטאָ נישט געווען. מערערע מאָל האָב איך אַרונטערגענומען פון זיך די געלע לאַטעס, בין אַדורך די שטעכלדראָט און אַרויסגעקומען אויפן מאַרק. דאָרט האָב איך איינגעקויפט אייער, פוטער, הינער. אין די פוילישע געשעפטן האָב איך איינגעהאַנדלט ברויט און פאַפּיראָסן. ביז ניין אַזייגער אין אָוונט האָט מען געמעגט גיין אין געטאָ. אַז מען האָט עמעצן געכאַפּט נאָך דער צייט אויף דער גאַס, האָבן די דייטשן אים גוט צעשלאָגן. נישט זעלטן האָבן די עס־עס־לייט זיך אַריינ־געכאַפּט אינעם געטאָ און יעדן אָנגעטראָפענעם אידן האָבן זיי פעסט צעשלאָגן.

די ערשטע צייט איז אין געטאָ אָנגעגאַנגען אַ פרייער האַנדל. ווער עס האָט געהאַט געלט האָט אַלץ באַקומען צו קויפן. אַלע האָבן געמיינט, אַז אַזוי וועט שוין אָנגיין דאָס לעבן אין דעם אַרומגעצוימטן געטאָ. אָבער פלוצלונג האָט זיך אַלץ געענדערט. מיט איינמאָל איז געוואָרן אַ בהלה צווישן די אידן אין געטאָ. די דייטשן האָבן אַרויסגעשטעלט אַ פאָדערונג צו דער געמיינדע אין געטאָ, אַז זיי זאָלן צושטעלן 150 אידן וועלכע זיי וועלן אַרויסשיקן אויף אַרבעט. די אידישע פאָליציי האָט פאַנאַנדערגעטיילט צעטלען אין די הייזער, אַז די מענער זאָלן זיך צושטעלן אין אַ באַשטימטן טאָג, מיט זייער געפּעק אָפּגעשיקט צו ווערן אויף אַרבעט. פרויען און קינדער האָבן יאָמערלעך געוויינט: ווי אַזוי קענען זיי אַוועקלאָזן זייערע מענער, נישט וויסנדיק וואוהין זיי גייען, און בלייבנדיק אָן פרנסה און אָן אַ קיום פאַר זיך און פאַר די קינדער וואָס פאַרלירן זייערע טאַטעס? קיינער האָט זיך צו דער באַשטימטער צייט נישט צוגעשטעלט.

די אידישע פאָליציאַנטן האָבן זיך געווענדעט צו די דייטשן, אַז אָן דייטשן וועלן זיי גאָרנישט אויפטאָן. זיינען מיטגעגאַנגען אַ צאָל נאַציס־מיט ראַפּניקעס אין די הענט. די אידישע פאָליציי איז געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, און ווער עס האָט זיך אַנטזאָגט אַרויסצופאָרן צו דער אַרבעט, האָט באַקומען פון די דייטשן געשלאָגן מכות־רצח. דאָס האָט שוין געווירקט, אַז אידן האָבן זיך אַליין צוגעשטעלט אויפן באַשטימטן אָרט.

די גאַנצע געטאָ־באַפעלקערונג איז געווען פאַרזאַמלט אויפן פּלאַץ. באַלד

זיינען אָנגעקומען די אויטאָס און מען האָט אַלע 150 מאַן אָנגעלאָדן ווי די אָקסן. ווי מען האָט זיך שפּעטער דערוואוסט האָט מען די מענטשן טראַנס־פּאָרטירט אין אַ לאַגער נעבן פּויזן. פון דאָרט זיינען אָנגעקומען בריוו צו די משפּחות, אַז זיי זיינען געזונט און זיי אַרבעטן. מען האָט אַפילו צו זיי געקענט שיקן פּעקלעך. די טעג זיינען געלאָפן, און די אין שטאָט פאַר־בליבענע האָבן געהאַלטן אין איין רעדן וועגן די מענער וואָס מען האָט פאַרשיקט אויף אַרבעט.

אין אַ שיינעם טאָג זיינען אין געטאָ אויסגעקלעפּט געוואָרן פּלאַקאַטן, וואָס האָבן גערופן אַלע אידן זיך צו שטעלן פאַר דער גמינע צו רעגיס־טראַציע אין אַרבעטס־אַמט. אין די מודעות איז צוגעזאָגט געוואָרן אַז די אַרבעטער וועלן באַקומען פאַר זייער אַרבעט באַצאָלט. דער עולם האָט גע־גלויבט. מיינע צוויי ברידער האָבן נאָך פון פריער געאַרבעט ביים צענעמען אידישע הייזער אין מאַרק (ווי אַלבערשטיינס הויז נעבן דער אַפּטייק). אידן האָבן דאָרט געאַרבעט צוזאַמען מיט פּאָליאַקן, און האָבן באַקומען פאַר דער אַרבעט באַצאָלט. האָבן זיך אַ סך אידן געשטעלט צו דער רעגיסטראַציע. אויך מיין פאָטער איז געווען צווישן זיי.

איך בין אַרויס אינדערפרי זיך צוצוקוקן וואָס דאָ וועט פאָרקומען מיט דער רעגיסטראַציע. אַליין בין איך נאָך צו יונג געווען צו רעגיסטרירן זיך. ווען אַלע זיינען שוין געווען פאַרזאַמלט פאַר דער גמינע, זיינען פּלוצלונג פון אַלע ווינקלען אַרויסגעלאָפן, ווי די נישט־גוטע, געסטאַפּאָ־פּאָליציאַנטן מיט ראַפּניקעס אין די הענט. זיי האָבן אונז אַלעמען אַרומגערינגלט, און מיט געשרייען האָבן זיי אונז געדראָט, אַז ווער עס וועט פּרואוון אַוועקלויפן, וועט דערשאָסן ווערן. די דייטשן האָבן באַפרייט בלויז עלטערע מענטשן און אַ צאָל פאָרמענער. מיין פאָטער האָבן זיי אויך באַפרייט.

דערנאָך האָבן זיי אונז אַלעמען אַרויסגעפירט פון געטאָ, מיך אויך: מען האָט אונז געפירט צו דער רוסישער צערקווע. גראָד איז אויסגעקומען, אַז יצחק קרייצער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אַריבערגעטראָטן די שוועל פון דער צערקווע — און איך בין אַריין גלייך נאָך אים. איך גיב אַ קוק און זע, ווי יצחק גיט אַ שפּרונג צום פענסטער, עפנט עס אויף — און שוין... ער איז אין דרויסן. איך וויל נאָכטאָן דאָס זעלבע און בין שוין אין גאַס, אָבער צו מיין שלימזל, האָט דאָס באַמערקט אַ דייטשער פּאָליציאַנט און האָט מיך געכאַפּט. צוריק אין צערקווע האָט מען מיך שוין געמוזט

אַריינטראָגן — אַזוי צעשלאָגן בין איך געווען. לאַנגע שעה׳ן בין איך געלעגן אַ פאַרחלשטער. ווען איך האָב זיך דערנאָך אויפגעשטעלט אויף די פיס, האָב איך דערזען, אַז די צערקווע איז פול אָנגעפּאַקט מיט אידן, און מען האָט כסדר נאָך אַלץ געהאַלטן אין איין אַריינפירן מענטשן. עס זיינען אָנ־געקומען די גמינע־לייט בראש מיט צווייבאמען. זיי האָבן פאַרלאַנגט געלט פון די פאַרשפּאַרטע. ווער עס האָט זיך אויסגעקויפט פון זיי מיט געלט — איז געוואָרן באַפרייט, און אויף זיין אָרט האָט מען אַריינגעפירט אַן אָרעמאַן. די געסטאַפּאָ האָט געהאַלטן אין איין שלעפּן אין צערקווע פרישע גרופּן אידן.

עס האָט זיך באַוויזן ווייל אַנד, דער פירער פון דייטשן אַרבעטס־אַמט אין דער באַגלייטונג פון די גמינע־לייט. ער האָט אַלעמען פאַרזיכערט, אַז מען דאַרף זיך נישט שרעקן, ווייל מען פירט אונז אַלעמען אין אַן אַרבעטס־פּלאַץ, וואו עס וועט זיין צו עסן לרוב און אויך געלט וועט געצאָלט ווערן פאַר דער אַרבעט. דער דייטש האָט מיך באַמערקט, און איך האָב געזען אַז עפּעס סודעט ער זיך מיט צווייבאָמען פון דער אידישע גמינע, אָנווייזנדיק מיט דער האַנט אויף מיר. צווייבאם האָט אים עפּעס אַריינגעשושקעט אין אויער. וואָס זיי האָבן גערעדט האָב איך נישט געהערט. אַפנים, אַז איך האָב אויסגעזען ווי אַ קינד, וואָס דאַרף נישט געשיקט ווערן מיטן טראַנספּאָרט.

איך האָב געזען מיין מאַמען וויינענדיק און אויסרופנדיק צו מיר: „דו ביסט דאָך נאָך אַ קינד, דו וועסט דאָך פאַרפאַלן ווערן אין דער וועלט". באַלד איז אויך אָנגעקומען מיין טאַטע און פונדערווייטנס מיך געטרייסט, אַז ער האָט גערעדט מיט די גמינע־לייט, מען זאָל מיך באַפרייען — און זיי האָבן עס צוגעזאָגט צו טאָן. אָבער אינמיטן זיינען ווידער אָנגעקומען די געסטאַפּאָ־פּאָליציאַנטן און זיי האָבן פאַרטריבן אַלעמען, וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט אינדרויסן. נאָך אידן האָט מען געברענגט צו פירן אין צוויי אויטאָס. איין אויטאָ פון גאָמבין און אַ צווייטער פון סאָניק — אַלעמען האָט מען אַריינגעשטופּט אין דער צערקווע. עס איז דאָרט געוואָרן אַזאַ געדרענג, אַז איינער איז ממש געשטאַנען אויפן צווייטן. די נאַכט האָט זיך אָנגערוקט. מידערהייט האָבן מיר זיך צעלייגט אויף דער בעטאָנענער פּאָדלאָגע, און אין ענגשאַפט זיינען מיר אַדורכגעשלאָפן די נאַכט.

אויף צו מאָרגנס, האָט מיין טאַטע פאַר מיר געברענגט אַ פּעקל זאַכן מיט געלט; מיין מאַמען האָט מען נישט געלאָזט אַרויס פון דעם געטאָ זיך

צו זען מיט מיר. אַז איך האָב געפרעגט מיין טאַטן, וואָס עס איז געוואָרן וועגן מיין באַפרייאונג, האָט ער זיך שטאַרק צעוויינט, און מיר געענטפערט, אַז אויב זיי וועלן מיך באַפרייען, וועלן זיי נעמען מיין ברודער.

באַלד זיינען אָנגעקומען די אויטאָס אונז צו נעמען. איך האָב זיך געזעגנט מיט מיין טאַטן, וואָס איז געשטאַנען מיט מיר ביים פענסטער. מיר האָבן זיך צעקושט און שטאַרק געוויינט. די פּאָליציי האָט אָנגעהויבן אַרויסצופירן די מענטשן אין דרויסן. די געסטאַפּאָ מיט געווער אין די הענט האָבן אונז פאַרצוימט — און דורך זיי זיינען מיר צוגעקומען צו די אויטאָס. צו 60 מאַן האָבן זיי געהייסן אויפשטייגן אין אַן אויטאָ. איך בין אַריין אין צווייטן אויטאָ. קורץ נאָכדעם זיינען מיר אָפּגעפאָרן. נאָך יעדן אויטאָ איז נאָכגעפאָרן אַ געסטאַפּאָ־פּאָליציאַנט, היטנדיק אַז קיינער זאָל נישט אַראָפּשפּרינגען אינמיטן פאָרן. מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן דעם מאַרק. איך האָב דערזען מיינע צוויי ברידער אַרבעטן ביי דער געביידע, זיי האָבן פון וויטן געפאָכעט צו מיר מיט די הענט. אָט פאָרן מיר דורך פאַרן טויער פון געטאָ. מענגעס מענטשן זיינען דאָרט געשטאַנען און זיי האָבן געפאָכעט צו אונז מיט די הענט און געוויינט. איך האָב אויך געזען מיין מאַמען. די גאַנצע קאָוואַליער גאַס ביז צום בוך איז געווען אין געטאָ. אומעטום זיינען געשטאַנען די מענטשן און געוויינט בעת מיר זיינען דורכגעפאָרן. די דראָט־פאַרצוימונגען פון געטאָ מיט די מענטשן זיינען פאַרשוואונדן פון אונזערע אויגן, און אויסערן שטעטל האָבן די אויטאָס פאַרשנעלערט זייער פאָרן. מען האָט שוין בלויז געזען דעם שפּיץ פונעם קאָשטיאָל, און אַלץ איז פון אונזערע אויגן פאַרשוואונדן. צי וועל איך נאָך אַמאָל זען גאָסטינין? האָב איך זיך געטראַכט, און אַזוי האָבן מסתמא אויך געטראַכט אַלע מיינע אומגליקלעכע מיטפאָרער.

## אַזויעק פון גאָסטינין

די אויטאָס האָבן אונז דערפירט ביז צום בוך, וואו מיר האָבן זיך גוט אַרומגעוואַשן. דאָרט זיינען מיר געווען באַוואַכט פון דער וולאָצלאַווקער פּאָליציי, וואָס איז אַנטקעגנגעקומען אונז איבערצונעמען. מיר זיינען אָנגעקומען קיין וולאָצלאַוועק און פון דערווייטן האָבן מיר באַמערקט, ווי די דאָרטיקע אידן טראָגן אויף זיך די געלע לאַטעס. די אויטאָס זיינען דערנאָך מיט אונז פאַרפאָרן צו דער סטאַנציע. מען האָט אונז באַלד אָנגעלאָדן אין די וואַגאָנען. קורץ דערנאָך האָט דער צוג גערירט פון אָרט.

אין אַ שעה אַרום זיינען מיר אָנגעקומען קיין טאָרן. פון דאָרט זיינען מיר געפאָרן קיין אינאָווראָצלאַוו. דאָרט זיינען מיר געשטאַנען עטלעכע שעה, באַוואַכט פון געסטאַפּאָ־פּאָליציאַנטן. עס האָט אָנגעהויבן טונקל צו ווערן — און דער צוג האָט זיך ווידער געלאָזט אין וועג. אַ האַלבע שעה שפּעטער האָט זיך דער צוג פאַרהאַלטן און מען האָט אונז געהייסן אויסשטייגן.

נאָכן איבערציילן אונז, האָט מען אונז אויסגעשטעלט צו פינף מאַן אין אַ ריי, און מען האָט אונז געפירט אין דער זייט פון אויפגעשטעלטע באַראַקן. ווען מיר זיינען אַריין אינעווייניק, האָבן מיר שוין דאָרט געטראָפן אַרום 200 מאַן; די דאָזיקע מענטשן האָט מען געבראַכט פון קאלא און סאמ־פאלנע, ביי וולאָצלאַוועק. זיי זיינען שוין דאָ געווען אַ פּאָר טעג — און זיי האָבן עס אויפגעשטעלט די באַראַקן.

עס האָט זיך פאַר אונז באַוויזן דער לאַגער־פירער, אַ יונגער געסטאַפּאָ־וויעץ, אין אַ שוואַרצן אוניפאָרם, און פאַר אונז דערקלערט, אַז מיר דאַרפן דאָ גראָבן קאַנאַלן אַ 20 קילאָמעטער די לענג. עס וועלן דאָ געצויגן ווערן וואַסער־רערן. מיר געפינען זיך דאָ אין אמזעי (אונטער פוילן האָט דאָס אָרט געהייסן יאַניעקאָוואָ). דער לאַגער־פירער הייסט אונז זיין געהאָרכזאַם — אַנישט וועט מען אונז פאַרצוימען מיט שטעכלדראָט. פיר אַזייגער פאַרטאָג וועלן מיר אויפשטיין, עסן ברויט מיט קאַווע. אַזייגער פינף וועט מען גיין צו דער באַן, וואָס וועט אונז פירן קיין אינאָוראָצלאַוו. דאָרט וועלן מיר אַרבעטן, האָט ער אונז דערקלערט, פון 7 ביז 4 פאַרנאַכט.

נאָך די רייד פון לאַגער־עלטסטן זיינען מיר אַוועק צו דער קיך צו נעמען עסן. יעדער איינער האָט געהאַלטן אַ טעלער אין האַנט. און דער קוכער האָט אין דעם אַריינגעגאָסן אַ ליטער זופּ. דער קוכער איז געווען אַ פּאָלאַק פון פּויזן. ווער עס האָט נישט געהאַלטן גוט דעם טעלער, האָט באַקומען פון אים אַ קלאַפּ מיטן קאָכלעפל. שוין ביים ערשטן מאָלצייט האָט מען אָנגעהויבן צו שלאָגן. מיר האָבן זיך פאַרקלאָגט פאַרן לאַגער־עלטסטן איף דער האַנדלונג פון קוכער. — „דאָס איז נישט זיין שולד. איר דאַרפט האַלטן גלייך די טעלער", האָט ער קאַלטבלוטיק געענטפערט.

צום שלאָפן האָבן מיר באַקומען בעטן און דעקעס. אין יעדן באַראַק זיינען געשלאָפן 80 מאַן.

צומאָרגנס, זונטיק, זיינען מיר נישט געפאָרן צו דער אַרבעט — נאָר

מיר האָבן געאַרבעט אויפן אָרט. צו מיטאָג האָבן מיר באַקומען אַ זופּ פון קאָלעריבן, וואָס מען גיט פאַר בהמות. לכבוד זונטיק, זיינען אין זופּ געווען אַריינגעשניטן קליינע שטיקלעך פערדס־פליש. צום אָונט־עסן האָבן מיר באַקומען וואַסערדיקן קרויט.

אויף צומאָרגנס, 4 אַזייגער פאַרטאָג, האָט דער גלאָק אונז אויפגעוועקט פון שלאָף. וואַסער אויף זיך אַרומצוואַשן איז כמעט נישט געווען. נאָך דעם זייער קאַרגן פרישטיק האָבן מיר שוין 5 אַזייגער זיך געלאָזט גיין צו דער באַן, באַוואַכט פון דער געסטאַפּאָ. מיר זיינען פאַרמאַכט געוואָרן אין די וואַגאָנען און געמוזט שטיין אויף די פיס די גאַנצע צייט ביז מיר זיינען אָנגעקומען אויפן אָרט, אויסגייענדיק פון קעלט אין האַרבסטיקן פאַרטאָג.

## אין אַרבעטס־לאַגער

מיר האָבן אויפן אָרט באַקומען לאָפּעטעס און רידלעס און מען האָט אונז געהייסן צו גראָבן אין דער ערד 3 מעטער די לענג, 1.80 די ברייט און 2.70 די טיף. דער באָדן איז געווען האַרט. ציווילע דייטשן האָבן אויף אונז אַכטונג געגעבן. ווער עס האָט נישט געאַרבעט ריכטיק, האָט מען אים גלייך צעשלאָגן.

פרישטיק און מיטאָגצייט האָבן מיר געמאַכט הפסקות צו האַלבע שעה — אָבער צו עסן איז נישט געווען וואָס. 4 אַזייגער האָט מען געענדיקט די אַרבעט. אָבער אויפן צוג האָבן מיר געמוזט וואַרטן ביז 7 אַזייגער. אַז מיר זיינען צוריקגעקומען אין לאַגער איז שוין געווען גאָר שפּעט, און דאָ האָבן מיר געדאַרפט נעמען עסן, וואָס איז באַשטאַנען פון קאַרטאָפל מיט וואַסער־זופּ. מיר זיינען געווען מיד פון אַ שווערן טאָג הונגער און עבודת־פרך. דער לאַגער־עלטסטער האָט זיך אַוועקגעשטעלטביים פאַרטיילן דאָס עסן און געמאַכט געוואַלדן אַז מען זאָל וואָס שנעלער נעמען דאָס עסן. ווער עס האָט נישט באַוויזן אַזוי שנעל צו צוקומען צום קוכער האָט באַקומען קלעפּ פון לאַגער־עלטסטן און דער קוכער האָט אים צוגעהאָלפן אין דער מלאכה. פיל פון די מענטשן האָבן זייער אָפּט מוותר געווען אויפן עסן און זיינען מידע געגאַנגען שלאָפן אָן עסן.

ווי אַ צוגאָב האָט מען נאָך געמוזט יעדן אָונט — יעדעס מאָל מענטשן פון אַן אַנדער צימער — אַרבעטן אין דער קיך : שיילן קאַרטאָפל, וואַשן טעפּ

און טעלער. די דאָזיקע אַרבעט האָט זיך פאַרצויגן ביז 12־1 אַזייגער ביי־נאַכט. 4 אַזייגער באַגינען האָט דער גלאָק שוין געוועקט אויפצושטיין.

עס האָט איינמאָל געטראָפן אין אַ מיטנאַכט, אין רעכטן מיטן שלאָף, האָבן זיך צו אונז אַריינגעריסן אין די צימערן געסטאַפּאָ־פּאָליציאַנטן מיט ראַפּניקעס אין די הענט און מיט הינט. זיי האָבן געשלאָגן אויף רעכטס און לינקס — און אַלעמען אַרויסגעטריבן אויפן הויף. אין די בלויזע אונטערוועש האָבן מיר געמוזט לויפן אַרום דעם הויף, און זיי האָבן אונז געשלאָגן מיט די ראַפּניקעס וואו ס׳האָט זיך געלאָזט. אַ שעה צייט האָבן מיר אין קעלט אַזוי געדאַרפט לויפן אונטער די געשרייען און קלעפּ פון דער געסטאַפּאָ. אַז מיר זיינען צוריק אַריין אין די באַראַקן, האָבן מיר זיך ערשט דערוואוסט, אַז דאָס איז געווען אַן עונש פאַר דעם וואָס צוויי פון אונזערע מענטשן זיינען אַנטלאָפן. דאָס זיינען געווען די צוויי גאָסטינינער, אַלבערשטיין און ראָזענבערג, דער שטריקמאַכער. נאָך דער געשעעניש האָבן די דייטשן פאַרצוימט דעם לאַגער מיט שטעכלדראָט. די באַהאַנדלונג איז געוואָרן ערגער.

מיר האָבן געשריבן צו אונזערע פאַמיליעס, מען זאָל אונז אַרויסשיקן שפּייז־פּראָדוקטן. די פּאַקעטן וואָס מיר האָבן דערנאָך דערהאַלטן פון אונזערע היימען זיינען געווען צעעפנט און די גוטע זאַכן האָבן אונזערע דייטשע אַפּוטרופּסים און פּוילישע משגיחים אַרויסגעלקחנט — געבליבן זיינען אומווערטיקע רעשטלעך.

קומענדיק איינמאָל פון דער אַרבעט, האָבן מיר אין לאַגער געטראָפן נאָך פרישע 120 מאַן, וואָס זיינען אָנגעקומען פון גאָסטינין, גאָמבין און סאניק. די גרוסן וואָס די געקומענע האָבן אונז איבערגעגעבן זיינען געווען ביטערע: מען שיקט אַרויס פון גאָסטינין די מענער צו דער אַרבעט.

מיר, אַ צאָל יוגנטלעכע, האָבן נישט געקענט מיטמאַכן די שווערע אַרבעט ביים גראָבן די קאַנאַלן. איך האָב זיך געווענדעט צום אויבער־מייסטער, ער זאָל פאַר אונז שאַפן אַ לייכטערע אַרבעט, אונזערע כוחות שטייען אָפּ. ער האָט צוגעזאָגט זיך צו אינפאָרמירן אין אַרבעטס־אַמט וועגן אונזער פאַרלאַנג. ערשט אין צוויי וואָכן שפּעטער, האָט מען אונז געמאָלדן, מיר זאָלן זיך רעגיסטרירן און אָנגעבן אונזער עלטער. אויף צומאָרגנס האָט דער לאַגער־פירער אונז צוּוויסן געגעבן, אַז די אַלע פאַררעגיסטרירטע זאָלן נישט אַרויסגיין צו דער אַרבעט. מיר זיינען געווען דרייצן יוגנטלעכע. פון גאָסטינין זיינען צווישן אונז געווען: שמואל עטינגער, מאיר יעשין, יעקב

סרעבנעגורע, זענעק טאַבאַטשניק, ליפּע ראָזענבערג און איך. אַגב, ראָזענבערג איז געווען זייער הויך, און ער האָט מורא געהאַט ער זאָל נישט דורכפאַלן אין אָנבליק פון אונז, קליינוואַרג. בעת דער לאַגער־פירער האָט אויסגערופן אונזערע נעמען, האָבן מיר אַריינגענומען ליפּע ראָזענבערגן אין דערמיט, און ער האָט זיך אַביסל אונטערגעבויגן. הקיצור מיר זיינען אַדורך בשלום.

## איבער דערפער און פאָלוואַרקן

באַלד איז אָנגעקומען אַ פאַלאַק מיט אַ פערד און וואָגן. דער לאַגער־פירער האָט אונז מיטגעטיילט, אַז מיר פאָרן אַרבעטן אין אַ פאָלוואַרק. די נייעס האָט ביי אונז אַרויסגערופן פרייד. אַז מיר האָבן געפרעגט דעם פּאָלאַק, שוין זיצנדיק אויפן וואָגן, ווי האַלט עס דאָרט מיטן עסן ? — „איר וועט צעפּלאַצט ווערן פון עסן" האָט ער אונז געענטפערט — „און אַרבעטן וועט איר אויך נישט שווער ביי קאַרטאָפל און בוראַקעס".

ווען דער וואָגן האָט זיך גערירט פון אָרט, האָבן מיר זיך פאַר פרייד אַזש צעוויינט, און וואָס ווייטער פון לאַגער אַלץ מער איז די שטימונג געוואָר געהויבענער, אַזוי ווייט, אַז מיר האָבן אָנגעהויבן זינגען.

מיר זיינען אָנגעקומען אויפן אָרט. אַ פעטע זופּ מיט אַ סך שמאַלץ האָט זיך געקאָכט אין טאָפּ. מיר זיינען געווען אַזוי אויסגעהונגערט, אַז יעדער איינער האָט אויפגעגעסן אַ 10־12 טעלער זופּ. די פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיך צוגעקוקט מיט וואָס פאַר אַ וואָלפישן אַפּעטיט מיר שלינגען די טעלערס זופּ, האָבן זיך אַזש איבערגעצלמט, פאַר דעם שרעקלעכן וואונדער, ווי אַזוי קינדער קענען אַזוי פיל עסן.

אויף צומאָרגנס זיינען מיר אַרויס צו דער אַרבעט. די אַרבעט איז געווען שווער, און זי האָט אָנגעהאַלטן פון אינדערפרי ביז עס איז געוואָרן גוט פינצטער. טייל האָבן געאַרבעט ביי קלייבן קאַרטאָפל, טייל מיט די פערד. מיר האָבן אָבער געקענט בייקומען די אַרבעט, ווייל מיר האָבן באַקומען גענוג עסן.

עס האָט זיך דערנענטערט דער ווינטער. איינמאָל זאָגט צו מיר טאַבאַטשניק, אַז ער דאַרף דאָ אָפּטרעטן אַ ווײַלע — ער קומט באַלד צוריק. מיטאַמאָל זע איך פון דערווייטנס, ווי ער וואַרפט זיך אויף דער ערד. אין מאָמענט האָב איך נישט פאַרשטאַנען וואָס מיט אים האָט פּאַסירט, איך האָב געמיינט אַז ער שפּילט זיך אַזוי. אָבער איך זע, אַז עס נעמט נישט קיין

סוף — בין איך צו אים צוגעלאָפן און דערזען ווי ער וואַרפט זיך אין קאָנוואולסיעס מיטן פּנים צו דער ערד, און אַ שוים זעצט אים אַרויס פון מויל. איך האָב אים אויפגעהויבן און אים צוגעטראָגן צום נאָענטסטן סטאַוו, אים אַרומגעוואַשן און אַוועקגעפירט צום אַרבעטס־פעלד. צומאָרגנס איז ער שוין נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט. ער האָט באַקומען אַ באַפרייאונגס־שיין — און מיט דער באַן איז ער אָפּגעפאָרן אַהיים קיין גאָסטינין.

פון די בריוו וואָס מען האָט מיר געשריבן פון דערהיים, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז אין גאָמבין האָט מען געכאַפּט מיין ברודער פּסח און שמאַי זאַיאָנץ און נאָך פיל אַנדערע — און מען האָט זיי אַוועקגעשיקט קיין דייטש־לאַנד.

ווען מיר האָבן געענדיקט די אַרבעט אין פּאָלוואַרק האָט מען אונז געשיקט אין אַ צווייטן פּאָלוואַרק. דאָרטן האָט מען אונז גאָרנישט געהיט און מיר האָבן זיך געקענט פריי באַוועגן. אין דער גאַנצער געגנט זיינען געווען לאַגערן פון מענער און פרויען, וואָס זיינען אָבער געווען באַוואַכט. איך האָב געבענקט זיך צו טרעפן מיט שטאָטישע פון גאָסטינין, און דעריבער האָב איך איינמאָל אין אַ זונטיק, אין אַ קאַלטן שנייאיקן טאָג, ווען מיר זיינען געווען פריי פון דער אַרבעט, זיך אַוועקגעלאָזט מיט נאָך אַ וואָלאָצלאַווקער אינגל אין וועג אַריין צו זוכן מענטשן פון אונזערע שטעט אין די לאַגערן. אָפּגייענדיק אַ צוואַנציק קילאָמעטער, שוין זייענדיק גוט מיד, זיינען מיר אַריין צו אַ פּאָלאַק אין כאַטע זיך אָנצואוואַרעמען. ער האָט אונז מכבד געווען מיט וואַרעמס צו עסן און טרינקען. מיר האָבן זיך פון אים דערוואוסט, אַז 4 קילאָמעטער פון דאַנענט געפינט זיך אַ פרויען־לאַגער. ווי מיר האָבן דאָס דערהערט, האָבן מיר זיך שנעל אויפגעהויבן פון די ערטער און אויפגעלייגטע זיך געלאָזט גיין. פּלוצלונג האָבן מיר פון דערווייטנס דערזען אַ מיידל. ווי איבעראַשט בין איך געוואָרן, ווען קומענ־דיק נאָענט צו איר, האָב איך זי דערקענט. דאָס איז געווען בראַסטאָווסקאַ פון דער פּלאָצקער גאַס, אַ שכנטע פון דער זעלבער גאַס. אונזער שמחה איז געווען אין־לשער. זי גייט איצט — האָט זי מיר דערציילט — אין דאָרף צו אַרבעטן אַלס שניידערין. אין דעם פרייען זונטיק באַקומט זי פּאַר דעם צו עסן. 3 קילאָמעטער ווייטער געפינט זיך אַ לאַגער, דאָרט געפינען זיך נאָך מיידלעך פון גאָסטינין — האָט זי מיר איבערגעגעבן. און אַוודאי זיינען מיר גלייך אַוועק אַהין.

ווי נאָר מיר האָבן געעפנט די טיר פון דעם גרויסן הויז, האָט זיך אויס־געטיילט פון צווישן די מיידלעך אַ גרופּע גאָסטיניגער, וואָס האָבן מיך באַלד דערקענט. זיי האָבן געוויינט פאַר פרייד — אַ קליינקייט, אַן אייגענעם גאָסטינינער בחור צו זען אין אַזעלכע אומשטענדן. איך געדענק נאָך עד היום אַ סך פון זיי: אַ טאָכטער פון שלמה זאלאנטש, חיהטשקע טאַבאַטשניק, מודזשע גלאַנץ און אַנדערע. עס האָט זיך באַוויזן דער לאַגער־פירער, אַן עלטערער מאַן אין אַ מונדיר. נאָך אַ קורצן געשפּרעך מיט אים האָט ער דערלויבט ווייטער צו שמועסן מיט די מיידלעך. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז זיי אַרבעטן זייער שווער ביי פּלאַסטערן וועגן. זיי באַקומען נישט צו פיל צו עסן. 8 קילאָמעטער פון דאַנעט — זאָגן זיי — געפינט זיך נאָך אַ פרויען־לאַגער, און נאָך גאָסטינינער מיידלעך געפינען זיך דאָרט, ווי: רוטע פייגע שאטאן, חנה טאַבאַטשניק,ביילע ניימאַן און אַנדערע. עס איז געוואָרן גאָר שפּעט און מיר האָבן צוגעזאָגט, אַז די קומענדיקע וואָך וועלן מיר ווידער קומען.

די אַנדערע וואָך האָבן מיר מיטגענומען עסנוואַרג. ווען מיר זיינען אָנ־געקומען צו די מיידלעך אין לאַגער האָבן זיי זיך שטאַרק דערפרייט. מיר האָבן אויך באַזוכט דעם צווייטן לאַגער און זיך געזען מיט די אַנדערע מייד־לעך פון גאָסטינין.

איך האָב באַקומען פּאָסט. די מאַמע שרייבט מיר, אַז פון געטאָ האָט מען אַרויסגעפירט אַלע יונגע מענער און פרויען. מען האָט אויך אַרויסגעפירט די גמינע־לייט מיט די אידישע פּאָליציאַנטן — מיין טאַטן מיטן עלטערן ברודער פּנחס אויך. געבליבן זיינען נאָר עלטערע אידישע מענער און פרויען. אַלע איינגערע האָט מען אַוועקגעפירט קיין קאָנין ביי פּויזן.

אונזער אַרבעט אויפן פּאָלוואַרק איז ווידער פאַרענדיקט געוואָרן. ווינ־טער איז דאָ ווייניק אַרבעט אויפן פעלד. מען האָט אונז אַוועקגעשיקט אין אַן אָפּרו־לאַגער, אויף ביז איבערן ווינטער. דאָרט זיינען אויך געווען מיידלעך, וועלכע האָבן אויך געהאַט געאַרבעט ביי פּאָלוואַרק־אַרבעט. מיר האָבן זיך געפונען אין אַ קלויסטער אַרומגעצוימט מיט אַ הויכן פּלויט פון שטעכלדראָט. די שטאָט האָט געהייסן מאָגילנא, נישט ווייט פון דער היסטאָרישער שטאָט גניעזנאָ. מען האָט אונז געשיקט אין שטאָט אַריין אָפּצורייניקן די גאַסן פון שניי. יאַנואַר 1942 האָב איך באַקומען אַ בריוו פון מיין מאַמען. זי שרייבט מיר, אַז זי וויל אַלץ וואָס זי פאַרמאָגט אַרויסשיקן, ווייל מען גייט זיי פון

דאָרטן טראַנספּאָרטירן — וואוהין ווייסט זי נישט. מער קיין ידיעות האָב איך שוין פון מיין מאַמען נישט באַקומען.

אין פרילינג האָט אונז דער אַרבעטס־אַמט צעטיילט אין פאַרשידענע פּאָלוואַרקן. מיר זיינען געווען אַלע צוזאַמען — מען האָט אונז נאָך צוגעגעבן 40 מיידלעך, וועלכע האָבן געשטאַמט פון פאַרשידענע שטעט אין פוילן, ווי: וואַרשע, לאָדזש, וולאָצלאַוועק, טשעכאָטשינעק, קרושניעוויץ און אַנדערע. מיר האָבן געאַרבעט אין די דערפער.

פון קאָנין האָב איך באַקומען פּאָסט פון מיין פאָטער און די ברידער. זיי האָבן מיר געשריבן, אַז זיי פאָרן 60 קילאָמעטער צו דער אַרבעט. די אַרבעט איז אַ שווערע, ביי דער אייזנבאַן, און דאָס עסן איז שלעכט. אויך זיי האָבן מער פון דער מאַמען קיין בריוו נישט באַקומען.

מער ווי אַ יאָר האָבן מיר געאַרבעט ביי דאָרפס־אַרבעט. אין אַ שיינעם העלן פרימאָרגן זיינען אָנגעקומען געסטאַפּאָניקעס און האָבן אונז באַפוילן זיך אויפצולאָדן אויף די ריזיקע אויטאָס. אונטער אַ האָגל פון שמיץ און קלעפּ זיינען מיר אַרויף, און מען האָט אונז אַראָפּגעוואָרפן אין אינאָווראָצלאַוו. פון דאָרט האָט מען אונז געפירט צופוס צו אַ לאַגער.

## אין אַ נייעם לאַגער

שויןביים אָנקומען האָב איך דערהערט שרייען מיין נאָמען: משה שייעוויטש! אַז איך בין צוגעלאָפן אין דער ריכטונג, פון וואַנעט די שטימע האָט גערופן, האָב איך פאַר זיך דערזען די ברידער מאָטיל — שמואליק און גרשון, ווי אויך דעם שוואַרצן הערשל און נאָך אַנדערע. מיר האָבן זיך אַרומגעכאַפּט און צעקושט פאַר פרייד. זיי האָבן אונז דערציילט וואָס עס האָט פּאַסירט אין לאַגער פון קאָנין. זיי האָבן דערציילט, אַז מיין פאָטער מיט די ברידער האָבן געאַרבעט ביי דער באַן. מיין ברודער פּנחס האָט גע־קראָגן אַ קלאַפּ פון אַ וואַגאָן — און שוין מער נישט געקענט אַרבעטן. ער איז אין לאַגער פאַרבליבן ווי אַ קראַנקער. שפּעטער האָט מען רעגיסטרירט אַלע קראַנקע אַוועקצושיקן. מיין טאַטע האָט זיך אויך פאַרשריבן פאַר אַ קראַנקן. מען האָט זיי אַוועקגעשיקט קיין יאַנזעאָוף.

אַ שטיקל צייט שפּעטער איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט פון גאָסטינינער מיידלעך פון זייערע לאַגערן. מיר האָבן געגעכטיקט אונטערן פרייען הימל.

אויף צומאָרגנס גאַנץ פרי האָט מען אונז געפירט צו דער באַן, און מען האָט אונז אָנגעלאָדן אין די וואַגאָנען, מענער באַזונדער און פרויען באַזונדער. יעדער וואַגאָן איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן איבער די ברעגעס — אָן עסן און אָן טרינקען. אָט אַזוי זיינען מיר געפאָרן פאַרמאַכטערהייט אָן אַביסל לופט. מיר האָבן נישט געוואוסט וואו מיר פאָרן. טייל האָבן געוואוסט צו דערציילן, אַז די דייטשן האָבן אויפגעשטעלט אויוונס צו פאַרברענען מענטשן. אַ גאַנצן טאָג זיינען מיר געפאָרן ביז דער צוג איז געבליבן שטיין. די טירן פון די וואַגאָנען האָבן זיך לסוף אויפגעפראַלט און די עס־עס־זעלנער מיט די ראפניקעס אין די הענט האָבן געשריגן, אַרויסגעטריבן אונז, און נישט געלאָזט אַרויסטראָגן אונזער געפעק.

„פאַרברעכערס אַרויס" — האָבן זיי געשריגן און געשלאָגן מיט די ראפניקעס. דער טומל צווישן די מענטשן איז געווען אומגעהייער. מען האָט אונז אויסגעשטעלט צו פינף אין אַ ריי, מענער באַזונדער אין פרויען באַזונדער. דער פלאַץ איז געווען אַ ריזיקער און איז געווען באַלויכטן פון פּראָזשעקטאָרן. מיר האָבן זיך געפונען אין אוישוויץ.

## אין אוישוויץ

באַלד האָט מען אויסגעקליבן מענטשן וואָס זאָלן זיין פעאיק צו דער אַר־בעט — די אויסבראַקירטע האָט מען אַוועקגעשטעלט באַזונדער. דער גורל פון יענע מענטשן איז גוט באַקאַנט געווען. דערנאָך האָט מען אונז אָנגעלאָדן אויף אויטאָס און אַוועקגעפירט. פאָרנדיק האָב איך פון דערווייטנס זיך גע־זעגנט מיט די גאָסטינינער מיידלעך — דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל וואָס איך האָב אויף זיי געקוקט. די עס־עס־זעלנער אויף מאָטאָציקלעטן זיינען אונז נאָכגעפאָרן. אין דעם אויטאָ וואָס איך בין געפאָרן זיינען אויך געווען די ברידער מאָטיל, ליפע ראָזנבערג און אַנדערע. ענדלעך זיינען מיר אַריינגעפאָרן אין אַ לאַגער. דאָרט האָבן מיר אָפּגעשטיגן און זיך ווידער אויסגעשטעלט צו 5 אין אַ ריי. מיר זיינען געווען ביי 800 מענער. מיר האָבן מאַרשירט און מען האָט אונז אַריינגעפירט אין אַ באָד־באַראַק. אַזאַ ענגשאַפט איז דאָרט געווען, אַז איינער איז ממש געשטאַנען אויפן צווייטן. מען האָט אונז באַפוילן זיך אויסצוטאָן נאַקעט, בלויז די פּאַסקעס זאָלן מיר טראָגן אויף זיך. די היץ איז געווען אַזוי גרויס, אַז מיר האָבן נישט געקענט כאַפּן דעם אָטעם.

שוין, מען גייט אונז פאַרגאַזן — האָבן מיר געקלערט — די פּאַסקעס האָבן זיי אונז געהייסן טראָגן בכוונה, זיי זאָלן אונז קענען לייכטער אַרויס־טראָגן פון דאַנען.

מיר האָבן געקוקט אין דערהויך צום סופיט, פון וואַנעט דער גאַז דאַרף אַרויסשטראָמען. פיל אידן האָבן פאַר שרעק געזאָגט ווידוי. — און מיטאַמאָל האָט אַ שפּריץ געטאָן וואַרעם וואַסער. צי קען זיך עמעצער פאָרשטעלן די כוואַליע פרייד וואָס דאָס וואַסער האָט מיט זיך געבראַכט?

נאָכן באָדן זיך זיינען מיר אַרויס אינדרויסן. יעדערער האָט באַקומען זיינע שיך. נאַקעטערהייט האָבן מיר געמוזט מאַרשירן איבער דעם פּלאַץ. די קעלט איז געווען נישט צום אויסהאַלטן. אָט אַזוי האָט מען אונז אַריינגעפירט אין לאַגער־קראַנקן־הויז, וואו מען האָט אונז אַרומגעשוירן און יעדערן גע־צייכנט אויפן האַנט זיין נומער. דערנאָך האָט מען אונז אויסגעטיילט מלבושים.

אויף צומאָרגנס, נאָך אַ נאַכט נישט שלאָפן, האָט יעדערער באַקומען אַ שטיקל לייוונט, אויף וועלכן ס׳איז געווען אָנגעשריבן דער נומער פון זיין האַנט, מיט אַ צוגאָב פון אַ מגן־דוד. דאָס האָט מען געדאַרפט זיך אַרויפ־נייען אויפן רעקל און אויף די הויזן. אין די אויסטערלישע בגדים מיט די פּאַסן האָבן מיר אויסגעזען ווי די קלאַונען. מיר זיינען געשלאָפן 800 מאַן אין אַ באַראַק און באַקומען 350 גראַם ברויט און 2 מאָל אַ טאָג זופּ. 5.30 אינדערפרי האָבן מיר באַקומען טיי אָדער קאַווע, אַ פּאָרציע ברויט מיט מאַר־גאַרין אָדער מאַרמעלאַד. אונזערע געלעגערס זיינען געווען דריי שטאָקיקע. ווען דער קאַפּאָ האָט געשלאָגן די אונטערשטע שלאָפערס, האָט דער אויי־בערשטער געהאַט צייט צו אַנטלויפן — איך האָב תמיד געהאַט אַ געלעגער אויף דער אויבערשטער נאַרע.

ווען עס האָט אָנגעהויבן קלינגען דער גלאָק האָבן מיר כהרף־עין גע־דאַרפט זיין אויפן אַפּעל־פּלאַץ. דאָרט האָט מען אונז געציילט. אין לאַגער זיינען געווען 22,000 מענטשן פון אַלע פעלקער אין דער וועלט. דערנאָך האָבן מיר מאַרשירט צום טויער צו דער אַרבעט. דאָרט האָט געשפּילט אַן אָרקעסטער פון 40 מאַן. מיר האָבן געמוזט מאַרשירן צום טאַקט פון דעם מיליטערישן אָרקעסטער. דער קאַפּאָ האָט אַ געשריי געטאָן: „מיצען אַפּ!“ — האָט יעדער געמוזט מיט איין צי אַראָפּכאַפּן דאָס היטל — און אַ קלאַפּ טאָן מיט דעם אין רעכטן פוס. און אַזוי האָבן מיר אַרויסמאַרשירט דורכן טויער, וואו די עס־עס־לייט האָבן אונז איבערגעציילט, וויפיל מיר גייען

אַרויס צו דער אַרבעט. צוריק פון דער אַרבעט זיינען מיר ווידער געקומען מיט דער זעלבער צערעמאָניע, און דער אָרקעסטער האָט אונז ווידער אויפ־געשפּילט מאַרשן, און די עס־עס־לייט האָבן אונז ווידער געציילט צי עמעצער פעלט נישט.

אין אַ טאָג ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט פון דער אַרבעט און עס האָט געקלונגען דער גלאָק — איז געווען אַ סימן אַז עס־עס־לייט פירן „זינדיקע" צו דער תליה. לויט דער צאָל תליות, וואָס זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן אויפן פּלאַץ, האָבן מיר געוואוסט די צאָל פון די מענטשן וואָס מען וועט אין דעם טאָג הענגען. מיר האָבן געמוזט וואַרטן אויפן פּלאַץ ביז אַלע קאָמאַנדאָס זיינען צוריקגעקומען פון דער אַרבעט. טויט־הונגעריקע האָבן מיר שעה'ן געמוזט וואַרטן ביז זיי וועלן דורכפירן די עקזעקוציעס איבער די אומשולדיקע מענטשן. נאָכן דרוכמאַרשירן פאַר די עלטסטע, זיינען מיר אַריין אין בלאָק צו באַקומען עסן.

פון שבת 12 אַזייגער ביז מאָנטיק אינדערפרי זיינען מיר נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט.

דאָס לעבן אין לאַגער האָט מיט זיך געבראַכט טראַגי־קאָמישע מאָמענטן. אין די פרייע טעג האָבן די אומגליקלעכע אונטער די ערגסטע באַדינגונגען זיך פאַרנומען מיט כלערליי באָקס־מעטשן, פוטבאָל־שפּיל און טעאַטער־פאָרשטעלונגען. אין דער זעלבער צייט האָבן די קוימענס פון די קרעמאַ־טאָריעס נישט אויפגעהערט צו שפּייען מיט געדיכטע קנוילן פון שוואַרצן רויך... אין שאָטן פון טויט איז דאָס נעבעכדיקע לעבן אָנגעגאַנגען. איך געדענק, אַז מען האָט מיר אין אוישוויץ פאַרפּלאָמבירט אַ קאַליע־געוואָרענעם צאָן...

אין לאַגער האָב איך זיך געפונען פון יאָר 1943 ביז 1945. אין יאַנואַר האָבן מיר געמוזט פאַרלאָזן דעם קאַצעט, ווייל די רוסן האָבן זיך דערנענ־טערט צו אונזער לאַגער. די קראַנקע מענטשן פון שפּיטאָל האָבן נישט גע־וואָלט פאַרבלייבן, מורא האָבנדיק אַז מען וועט זיי דערשיסן ווען מיר וועלן אַלע אַוועק.

## ווען די רוסן האָבן זיך דערנענטערט

איך געדענק דעם זונטיק נאָכמיטאָג ווען מיר זיינען אַרויס פון לאַגער. געווען איז דעמאָלט אָ גרויסער פראָסט. וואָס פאַר אַ טראַגיש בילד האָבן

דעמאָלט מיינע אויגן געזען: די קראַנקע מענטשן זיינען געווען איינגעוויקלט אין קאָלדרעס (קיין מלבוש האָבן זיי אויף זיך נישט געהאַט), און האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין מיט אונז. אַוודאי האָבן נישט אַלע אויסגעהאַלטן דעם שווערן וועג. אַ סך פון זיי זיינען ממש פון קעלט פאַרפרוירן געוואָרן.

מיר האָבן מאַרשירט קנאַפּע 40 קילאָמעטער. ביינאַכט זיינען מיר אָנ־געקומען קיין גלייוויץ. דאָרט זיינען געווען עטלעכע לאַגערן. אין יעדן לאַגער האָט מען אַריינגעשטופּט נאָך מענטשן. די צרות האָבן אונז אַזוי פאַרהאַרטעוועט, אַז מיר זיינען געשמאַק געשלאָפן אונטערן אָפענעם הימל און אין שניי. דאָרט האָט מען אונז אָנגעלאָדן אין וואַגאָנען. אין מיין וואַגאָן האָב איך זיך געטראָפן מיט די ברידער שמואליק און גרשון מאָטיל און דעם שוואַרצן בערישל. מיר האָבן אַרויפגענומען אַ הילצערנעם בעליק, געלייגט עס ביי דער וואַנט — און אויף דעם אויסגעבעט שטרוי, עס זאָל זיין ווייכער צום זיצן. אין יעדן וואַגאָן האָט מען אַריינגעפּאַקט פון 90 ביז 100 מאַן. מיר, גאָסטינינער, האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען. מיר האָבן זיך איינ־געדעקט מיט אונזערע קאָלדרעס, און זייענדיק מיד פון שווערן וועג זיינען מיר איינגעשלאָפן.

צומאָרגנס, ווען מיר האָבן זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, איז אַ האַלבער וואַגאָן געווען איינגעדעקט מיט שניי. מיר האָבן זיך אַרומגעוואַשן מיט שניי. הונגעריק זיינען מיר געווען און קיין שפּייז איז נישט דערלאַנגט געוואָרן. ווען מיר האָבן זיך אויפגעכאַפּט פאַרנאַכט, האָבן מיר זיך שטאַרק דערשראָקן: אין וואַגאָן זיינען געווען אַ צאָל דערפרוירענע מענטשן. יעדן טאָג האָט מען אַרונטערגענומען קערפּערס פון מענטשן, וואָס זיינען פאַרפרוירן געוואָרן אין וועג. מיר, די פיר גאָסטינינער, האָבן זיך געהאַלטן.

ווען מיר זיינען געקומען אויפן טשעכישן באָדן, האָבן די איינוואוינער אונז אַרויסגעהאָלפן מיט שפּייז. ווען מיר זיינען געבליבן שטיין אויף אַ סטאַנציע, האָבן זיי אַריינגעוואָרפן אין וואַגאָן עסנוואַרג. די עס־עס־זעלנער האָבן געדראָט מיט שיסן, און האָבן נישט דערלויבט אַרויפצוּוואַרפן דאָס עסן. די טשעכן האָבן אָבער ווייטער צוגעוואָרפן עסנוואַרג — ביז די עס־עס־לייט האָבן געעפנט אַ פייער. אונז איז געלונגען צו כאַפּן אַ סך עסנוואַרג און מיר האָבן זיך דערמיט איינגעטיילט צווישן זיך. אָט אַזוי זיינען מיר געפאָרן אין די אָפענע וואַגאָנען 5 וואָכן, ביז מיר זיינען אָנגעקומען קיין בוכנוואַלד.

ווען מען האָט געעפנט די וואַגאָנען אין בוכנוואַלד און מען האָט אונז גע־הייסן אַרונטערגיין — האָט זיך קיינער נישט געקענט אויפהויבן. די מענטשן פון יענעם לאַגער האָבן געמוזט אַרויפגיין אין וואַגאָן און אונז אַרונטערנעמען. פון יעדן וואַגאָן זיינען אַרונטערגעגאַנגען צו 20־30 קוים־זשיפּענדיקע מענטשן. די איבעריקע זיינען געווען טויט פון הונגער און פון קעלט. מען האָט אונז באַלד אַריינגעפירט אין אַ וואַרעמער באָד. מיך האָבן געפירט צוויי מענטשן. איך האָב נישט געפילט מיינע פיס און האָב געטראַכט אַז אָט־אָט און איך גיי אויס. ווען עס האָט אָנגעהויבן שטראָמען דאָס וואַרעמע וואַסער — האָב איך ערשט דערשפירט ווי אַ נייע נשמה וואָלט אין מיר אַריין. דאָס וואַסער איז געווען קאָכעדיק — און קיינער האָט נישט געפילט די הייסקייט. מיר זיינען געקומען צוריק צו די חושים. באַלד האָבן מיר באַקומען פריש אָנטועכץ. מען האָט אונז אַריינגעפירט אין אַ בלאָק וואו עס האָבן זיך געפונען 2500 מענטשן. ערשט פאַרנאַכט האָבן מיר באַקומען עסן. מען קען זיך פאָרשטעלן ווען מען איז פאַרטיק געוואָרן מיטן געבן עסן פאַר אַזוי פיל מענטשן און מיטן איבערציילן אונז אויפן אַפּעל־פּלאַץ. אַפאָר שעה זיינען מיר געשטאַנען אין קעלט אין דרויסן — ביז דער חשבון האָט געשטימט.

ווען עס איז געקומען דער באַפעל אַריינצוגיין אין בלאָק, איז די שטופּעניש געווען נישט צו באַגרייפן. די בלאָק־עלטסטע האָבן אָנגעהויבן שלאָגן און שפּריצן מיט קישקעס וואַסער. אין פראָסט זיינען די מלבושים געווען גע־פרוירן, און אַ סך זיינען פון פאַרקילונג געשטאָרבן. אָט אַזעלכע סצענעס האָבן זיך איבערגעחזרט יעדן טאָג — ביז מען האָט ענדלעך דערלעבט אַריינ־צוקומען אין בלאָק.

מיר זיינען געשלאָפן 18 מאַן אויף אַ פּריטש. שווער איז אָנגעקומען זיך איבערצודרייען. איינער האָט זיך געוואַרעמט פון דעם אויסגעמאַטערטן גוף פון דעם צווייטן אין דער גרויסער קעלט. ווען איינער איז אַרויס אין דרויסן פאַר זיין באַדערפעניש, האָט ער נישט געקענט צוריק אַריין אויף זיין גע־לעגער און געמוזט זיך אָפּמוטשען ביזן פרימאָרגן.

דער פרישטיק איז אויסגעטיילט געוואָרן צווישן 2500 מענטשן : ברויט און קאַווע — דאָס האָט זיך פאַרצויגן שעה׳ן לאַנג. דער לאַגער איז געווען איבערפולט מיט מענטשן און עס האָט דאָ געהערשט אַ הונגער. מען איז געשלאָפן אין די וואַש־צימערן. די בלאָקן זיינען געווען איבערפולט.

## איין ברודער זוכט דעם צווייטן

אין איינעם פון די צימערן האָב איך געטראָפן אַ גאָסטינינער, װלאַדעק לאַסקי, און ער האָט מיר איבערגעגעבן אַ גרוס פון מיין ברודער פסח. געווען איז ער אין בלאָק 51. מען האָט אים אַרויסגעשיקט אין אַ צווייטן לאַגער. איך האָב באַדויערט וואָס איך האָב נישט דעם מזל מיין ברודער צו טרעפן, נאָך יאָרן פון וואָגל. איך האָב באַזוכט דעם בלאָק, אפשר וועל איך באַגעגענען נאָך באַקאַנטע וואָס זיינען געווען מיט מיין ברודער. מיטאַמאָל האָב איך באַמערקט אַ באַקאַנט פנים — בנימין דאַנציגער, אַ טישלער פון פלאָצקער גאַס. אַוודאי האָט ער געוואוסט פון מיין ברודער — ער האָט מיר אַפילו אָנגעוויזן דאָס בעט וואו ער פלעגט שלאָפן. ערשט מיט צוויי טעג צוריק איז ער אַוועקגעפאָרן אין אַן אַנדער לאַגער — וואוהין ווייסט ער נישט. מיר האָבן אַ צייט לאַנג געשמועסט וועגן אונזער היימשטאָט, און וועגן באַקאַנטע און שטאָטישע...

אין בלאָק איז געווען אַן אויפרודערונג, דער בלאָק־עלטסטער האָט געגעבן צו וויסן, אַז מאָרגן פרי גייט אָפּ אַ טראַנספּאָרט אין אַ צווייטן לאַגער אויף אַרבעט — מען וועט באַקומען עסן. די אַלע וואָס ווילן פאָרן זאָלן מאָרגן פרי זיין ביים טויער. איך, די ברידער מאָטיל און נאָך באַקאַנטע האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דעם לאַגער. מער ווי איין מאָל אין טאָג האָבן מיר דאָ סיי ווי קיין עסן נישט באַקומען.

געפאָרן זיינען מיר צוויי טעג צום צווייטן לאַגער — אַן ערך 80 קילאָ־מעטער. אויפן וועג האָט מען כסדר באָמבאַרדירט. אין דער נאַכט זיינען מיר אַריינגעקומען אין אַ לאַגער אודרוף. ווייזט זיך אַרויס אַז מיר דאַרפן נאָך ווייטער גיין. דערווייל האָבן מיר באַקומען אַ וואַרעמע זופּ. געגעבן האָבן מיר אין פערד־שטאַלן אויף דער הוילער בעטאָנענער פּאָדלאָגע אָן שום צודעק. גאַנץ פרי האָט מען אונז געטריבן צופוס אַ 30 קילאָמעטער, ביז מיר זיינען אָנגעקומען אין דעם לאַגער קראַנקווינקל, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ וואַלד. מיר זיינען געשלאָפן אין בונקערס טיף אין דער ערד. אויפגעשטאַנען זיינען מיר מיטן באַגינען און זיך געלאָזט גיין צו דער אַרבעט. מיר האָבן שווער געאַרבעט ביים אויפלאָדן די וואַגאָנען צעמענט, אייזן און אַנדערע שווערע משאות. די אַפּראָוויזאַציע איז געווען גאָר שלעכט.

אין לאַגער האָב איך זיך געטראָפן מיט אַ באַקאַנטן יוגנטלעכן פון וואַרשע, וואָס פלעגט אָפט קומען קיין גאָסטינין צו זיין משפּחה — האָט ער

מיר געזאָגט, אַז נעכטן אין אָוונט, ווען ער איז צוריקגעקומען פון דער אַרבעט האָט ער דערקענט מיין ברודער. ער האָט אַפילו פּרובירט אויסצורופן זיין נאָמען, דער ברודער האָט זיך אומגעקערט, געמאַכט מיט דער האַנט. עס איז אָבער געווען אוממעגלעך צוצוגיין צו אים — ווייל זיי זיינען געווען באַוואַכט. דער לאַגער געפינט זיך אַ 7 קילאָמעטער פון דאַנעט און הייסט צעלטלאַגער.

צוויי וואָכן שפּעטער האָבן מיר געמוזט פאַרלאָזן דעם לאַגער, ווייל די רוסן האָבן זיך דערנענטערט. די דייטשן האָבן אונז צוריקגעפירט קיין בוכנוואַלד. מענטשן זיינען אַנטלאָפן אין וועג, פיל האָט מען בעת מעשה דערשאָסן. איך האָב ניט געוואָלט אַנטלויפן, ווייל איך האָב מיין ברודער געהאַט אין זינען. אָנקומענדיק קיין בוכנוואַלד האָט ביים טויער פון לאַגער דער הילכער צוזאַווויסן געגעבן וועלכער טראַנספּאָרט עס קומט איצט אַריין. איך האָב געהאַט אַ פּאַרגעפיל, אַז דאָ וועל איך מיין ברודער טרעפן. מיטאַמאָל האָב איך געהערט פון הילכער אויסרופן, אַז דער צעלטלאַגער קומט אָן. איך האָב מיט אַלע כוחות אויסגעשריגן דעם נאָמען פון מיין ברודער: מאָניעק שייעוויטש! איך האָב גערופן און געפאָרשט יעדן נייעם מענטש וואָס איז אָנגע־קומען. מיטאַמאָל קומט צו מיר צו אַ מאַן אין אַ שטרויענעם קאַפּעליוש אויפן קאָפּ און אַ פראַנצויזישן מאַנטל, און הילצערנע טרעפּעס אויף די פיס. איך האָב אים גלייך דערקענט. מיר האָבן זיך אַרומגעכאַפּט און געוויינט ווי קליינע קינדער. וואָסער פרייד... וואָסער פרייד... מיר האָבן זיך גע־האַלטן אין איין קושן און נישט געקענט זיך אָפּרייסן איינער פון אַנדערן. מיר האָבן געהאַט פון וואָס זיך צו דערציילן. מיין ברודער מאָניעק, האָט אויסגעזען זייער שלעכט. איך האָב אים געגעבן פון מיין עסן וואָס איך האָב געהאַט אָפּגעשפּאָרט.

## וואו געטאָגט — נישט גענעכטיקט...

מערץ 1945. עס איז שטאַרק פינצטער פאַר זון־אויפגאַנג. די גענויע דאַטע געדענק איך נישט. מען האָט אונז אַרויסגעפירט פון לאַגער אַ פּאָר טויזנט מאַן. צו מיר און מיין ברודער האָבן זיך אויך אָנגעשלאָסן די ברידער מאָטיל. עטלעכע שעה האָבן מיר געוואַרט אין דרויסן. עס האָבן זיך באַוויזן פאַר אונז די עס־עס־לייט מיט גרויסע הינט. מיר זיינען דורך זיי געוואָרן אַרומגערינגלט און באַוואַכט. זיי האָבן אונז געהייסן מאַרשירן. זיינען מיר

געגאַנגען — וואוהין האָבן מיר נישט געוואוסט. די עס־עס־לייט זיינען געווען זייער פיל, אַן ערך איין דייטש אויף יעדע פיר אידן. די רעגנס האָבן געגאָסן, און אַזוי האָבן מיר כסדר מאַרשירט אַ 50־60 קילאָמעטער אַ טאָג. פון אָנהויב האָבן יעדע פיר מאַן באַקומען אַ ברויט, שפּעטער האָבן מיר שוין דאָס אויך נישט געקראָגן. דאָס וואָס מיר האָבן געפונען אויפן וועג איז פאַר אונז געווען אַ געווינס. דאָס „מזל" האָט אונז צוגעשפּילט, וואָס מיר זיינען געגאַנגען דורך היגטערוועגן, פלעגן מיר פאַרבייגיין דערפער און געפינען אויף די וועגן קאַר־טאָפל, בוראַקעס, טייל פּאַרפוילטע, מיר האָבן דאָס אַזוי געגעסן ווי מיר האָבן עס אויפגעהויבן פון דער ערד. געגעכטיקט האָבן מיר אין סטאַדאָלעס וואו מיר האָבן אַמאָל געפונען צוביסלעך האָבער, גערשטן — מיר האָבן געגעסן אַלע סאָרטן תבואות.

אַ געפיל האָט אונז אַלעמען אַרונגענומען, אַז עס דערנענטערט זיך אונזער סוף. מענטשן זיינען אָפּגעשטאַנען אין גאַנג — זיי האָבן ווייטער נישט געקענט גיין. די עס־עס־לייט האָבן אַזעלכע אויפן אָרט דערשאָסן. און נישט בלויז אַזעלכע; אָפט האָבן זיי איינפאַך אַרויסגענומען פון דער ריי אַ 30־40 מאַן, זיי אַריינגעפירט אין וואַלד — און דאָרט אַ סוף געמאַכט צו זייערע לעבנס. פון טאָג צו טאָג זיינען מיר געוואָרן מער אויסגעשעפּט פון די כוחות. הונדערטער קילאָמעטער האָבן מיר שוין אַדורכגעשפּאַנט. יעדן אָוונט האָט דער עס־עס־פירער געמאָלדן זיין אָפיציר וויפיל אידן ער האָט עס דערשאָסן אין דעם טאָג. און דער הויכער אָפיציר האָט אים געגעבן אינסטרוקציעס וויפיל אידן צו דערשיסן אין לויף פון מאָרגנדיקן טאָג. מיר האָבן די דאָזיקע ראַפּאָרטן געהערט.

מיר האָבן ווייטער מאַרשירט — און פון טאָג צו טאָג געזען ווי די רייען ווערן וואָס אַמאָל שיטערער. אין מיטן פון אַזאַ בלוטיקן טאָג, רופט זיך אָפּ צו מיר מיין ברודער, אַז ער שטייט אָפּ — ער האָט נישט קיין קרעפטן ווייטער צו גיין, ער וויל אַנטלויפן. „זאָל זיין וואָס עס וויל", האָט ער זיך מתנצל געווען פאַר מיר, „זאָלן זיי מיך שיסן. איין מאָל ווערט מען דערשאָסן". און ווידער האָט ער זיך אָפּגערופן: „דו ביזט קרעפטיקער פון מיר, דו האַלטסט זיך נאָך גאַנץ גוט".

„אויב אַנטלויפן", זאָג איך צו אים, „וועלן מיר בײדע אַנטלויפן". מיין ברודער האָט נישט געהאַלטן פון מיין פּלאַן — ווען איינער אַנטלויפט קען אים דאָס מזל אָפּגליקן, עס איז אים לייכטער זיך אויסצובאַהאַלטן. איך האָב

אָבער מיין ברודער נישט געלאָזט אַליין צו אַנטלויפן. איך האָב אים געפירט און אונטערגעשפּאַרט, כדי צו גיין מיט אים צוזאַמען.

מענטשן זיינען געפאַלן ווי פליגן, ווער פון מאַכטלאָזיקייט און אויסגע־שעפּטקייט און ווער פון די דייטשע קוילן. מיין ברודער הערט נישט אויף צו דערמאָנען זיין פּלאַן. זאָל שוין זיין אַז ביידע זאָלן אַנטלויפן צוזאַמען, האָט ער לסוף מסכים געווען. מיר האָבן זיך אָפּגערעדט אַז מיר וועלן אַנט־לויפן. מיר וועלן זיך באַזונדער אויסבאַהאַלטן, באַזונדער איבערנעכטיקן און אויב מעגלעך, אָננעמען וואו עס וועט זיך לאָזן אַביסל פּראָוויאַנט, און דאַן וועלן מיר זיך טרעפן אין וואַלד, ווען די מחנה וועט האָבן שוין אָפּמאַרשירט.

איך בין אַוועק שלאָפן אין אַ סטאָדאָלע, און אַזוי האָט אויך באַדאַרפט טאָן מיין ברודער. איך האָב אונטערן שטרוי דערטאַפּט אַ זאַק מיט האָבער. איך האָב גענומען עסן פון דעם האָבער — אַן אוצר איז עס געווען! פּלוצלונג האָב איך דערהערט אַז מען רופט אַלעמען זיך צונויפצוזאַמלען, האָב איך אָנ־געפּאַקט פולע טאַשן מיט האָבער און בין אַרויס אין דרויסן. מיר האָבן אַלע דערפילט, אַז עס איז דאָ אַריינגעקומען אַ גרויסע ענדערונג. עס־עס־לייט און ציווילע דייטשן האָבן געשמועסט צווישן זיך, אַז נישט ווייט פון דאַנען געפינען זיך די אַמעריקאַנער. אונז האָט אַרומגענומען אַ שמחה, די דייטשן אָבער — אַ שרעק. זיי האָבן באַשלאָסן צו מאַרשירן ווייטער און דווקא ביינאַכט. זיי האָבן שוין איצט נישט מורא געהאַט טאָמער וועלן מיר אַנטלויפן. די עס־עס־לייט האָבן געפּאָדערט פון אָרטיקן בירגערמייסטער ציווילע דייטשן צו העלפן פירן דעם טראַנספּאָרט. די ציווילע דייטשן האָבן געטראָגן אויף די אַרבל ווייסע בענדער — און האָבן אויך געטראָגן געווער.

מיין ברודער האָב איך נישט געזען. אַפּנים ער איז דאָרט פאַרבליבן, ווי אָפּגערעדט. מיר האָבן דורכגעמאַרשירט אַ שטאָט. איך האָב געקענט לייכט אַנטלויפן. איך האָב געזען ווי דייטשע פרויען מיט קינדער אַנטלויפן, זיי האָבן מורא געהאַט פאַרן אַריינמאַרש פון אַמעריקאַנער מיליטער. וואָס פאַר אַ פרייד איז עס געווען צו דערלעבן און זען אַזאַ בילד! די דייטשע זעלנער האָבן אָפּגעלאָזט די הינט פון די צוימען און מען האָט כסדר געהערט שיסערייען אין וואַלד און דאָס בילן פון הינט. אַפּנים אַז די דייטשן האָבן נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט זייערע מעשים פון הריגה און מאָרד.

מיך האָט די גאַנצע צייט געמאַטערט דער געדאַנק וועגן מיין ברודער. איך האָב אים געזוכט אָן אויפהער. ווען די דייטשן האָבן באַפוילן זיך אַוועק־

צוזעצן און רוען — זיי אַליין זיינען געווען מיד פון לאַנגן וועג — האָב איך נישט אויפגעהערט אים צו זוכן. אָבער אומזיסט. געטראַכט האָב איך, אַז מסתמא האָט ער געטיילט דעם גורל פון די אַלע, וועמען די הינט האָבן געכאַפּט און אַז ער איז שוין נישט מער צווישן די לעבעדיקע.

די בהלה פון אַנטלויפן איז געוואָרן שטאַרקער. די עס־עס־לייט גופא האָבן שוין אָנגעהויבן צו דעזערטירן. צווישן די פירער אונזערע זיינען אויך געווען אוקראַינער, אונגאַרן, רומענער, ליטווינער, און אויך זיי האָבן אָנגע־הויבן אָפּציען. מיר זיינען דערגאַנגען צו אַ לאַגער, וואָס האָט געהייסן פלאָסענ־בורג. איך האָב זיך דערפריט, ווייל די כוחות זיינען שוין געווען אויסגעגאַנגען. דער לאַגער איז אָבער געווען איבערפולט און מען האָט אונז נישט אַריינ־געלאָזט. האָט מען אונז געהייסן זיך אַוועקלייגן אויף אַ פעלד דערנעבן. די נאַכט איז געווען פינצטער און קאַלט. מיר האָבן אויסגעקוקט אויפן פרימאָרגן. פון קענען שלאָפן איז גאָר קיין רייד נישט געווען.

מיר האָבן זיך ווייטער געלאָזט אין וועג. איבער די הימלען האָבן אַרומ־געקרייזט אַעראָפּלאַנען, ענגלישע, אַמעריקאַנער און רוסישע, וואָס האָבן באָמבאַרדירט די געגנט. זיי זיינען שפּעטער געפלויגן נידעריק איבער אונזערע קעפּ. — די ישועה איז געווען נאָענט, אָבער דאָס לעבן איז אונז נמאס געוואָרן. אויף די וועגן זיינען געלעגן צעקלאַפּטע אויטאָס און מאַשינען.

די מלחמה איז שוין געווען צו ענדע, אָבער מיר זיינען נאָך אַלץ געווען אַרעסטאַנטן און קיין ברעקל ליכט נישט געזען. יעדע מינוט איז געווען סכנת נפשות. אָט וועט ווערן באַלד טאָג אויף דער גאָרער וועלט — און אין אונזערע געמיטער, אונטער דער שפּיצרוט פון די דייטשע הענקער, הערשט נאָך פינצטערע נאַכט.

מער ליידן קענען מיר נישט. איך האָב באַשלאָסן צו אַנטלויפן. איך האָב זיך אָפּגערעדט מיט נאָך עמעצן צו מאַכן ויברח. אָט זיינען מיר ווידער אין סטאָדאָלע. עס איז נאַכט און מיר שטייען אויף און באַקומען זיך אַרויס אויפן פעלד. שוין אָפּגעלאָפן אַ 20 מעטער — האָט אַ פייער פון אַ מאַשין־געווער אַ שפּיי געטאָן אויף אונז. מיר האָבן זיך אַריינגעכאַפּט צוריק אין דער סטאָדאָלע. עס איז אַדורך בשלום אָבער מיר זיינען צוריק געפאַנגענע.

אַ צווייטן מאָל בין איך אַנטלאָפן אין אַ דאָרף און גראָד בייטאָג. איך האָב זיך אַריינגעכאַפּט אין אַן איווון, וואו מען באַקט ברויט — און אויף מיין מזל האָט זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן אַן עס־עס־מאַן, וואָס איז דאָרט

געשלאָפן. זיין הונט נעבן אים, וואָס האָט מיך דערשמעקט, האָט זיך אויף מיר צעבילט — און איך האָב א־יף גיך זיך אָפּגעטראָגן און צוריק אַריין אין טראַנספּאָרט. ווידער אַדורך בשלום. טאַקע נישט אַנטלאָפן, אָבער איך לעב ווייטער. עס איז מיר שווער געווען דער גאַנג, די פיס זיינען מיר געווען אָפּגעריבן א־ן פאַרוואונדיקט. א־יך האָב זיך אויסגעטאָן באָרוועס — און אַזוי האָב איך זיך געשלעפּט אין דער גרויסער קעלט. עפּעס אַן אויסטערלישער כוח האָט מיך געטריבן. איך אַליין בין שוין געווען ווי אַ געפּענטעטע ווילדע חיה.

פון עטלעכע טויזנט מאַן זיינען מיר שוין געבליבן אַ גרופּע פון 150. דער עס־עס־פירער, זע איך, פאַרטיילט זיינע מענטשן פרישע קוילן. ער האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט צום נאָענטן וואַלד, אַ 5 קילאָמעטער ווייט — נישט אַנדערש, ווי דאָרטן אין וואַלד וועט מען אונז אַלעמען אויסשיסן. עס האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אַ גאָס רעגן. דורכגענעצטע ביז צום ביין, זיינען מיר געגאַנגען. עס האָט שוין אייגנטלעך קיינעם נישט געאַרט, וואָס עס וועט מיט אונז געשען. מיטאַמאָל האָט זיך פון וואַלד באַוויזן אַ מחנה דייטשע פּאָליציאַנטן אויף פערד. מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל זיך אַוועקצוזעצן אויף דער ערד; פון רעגן האָבן זיך געמאַכט קאַלוזשעס. מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין די בלאָטעס. די פּאָליציאַנטן האָבן אַ לאַנגע צייט עפּעס איינגעטענהט מיט די עס־עס־לייט. מיר האָבן נישט געוואוסט וואָס דאָ האָט ווידער פּאַסירט. צום סוף האָט מען אונז געהייסן זיך אויפשטעלן און מען האָט אונז געפירט צום וואַלד. טיף אין וואַלד האָט זיך געעפנט אַ טויער — און מיר זיינען אַריין אינעווייניק. די עס־עס־לייט האָבן אונז ווידער באַשאָנקען מיט מכות־רצח און געשריגן:

„איר, הינט פאַרפלוכטע, איר האָט נאָך גליק!"

מיר האָבן דערפילט איצט אין זייער בייזערן זיך, אַז עפּעס גאָר גורלדיקס פּאַסירט דאָ. מיר זיינען דערגאַנגען צו אַ גרויס הויז. פון די פאַרקראַטעוועטע פענסטער האָט מען געזען אַרויסקוקן פרויען.

## די ישועה איז געקומען

די פרויען האָבן מיטאַמאָל אַן עפן געטאָן די פענסטער און אָנגעהויבן צו שרייען אין פאַרשידענע שפּראַכן: „הויך דאַרף מען איצט האַלטן דעם קאָפּ, אָט באַלד קומען אָן די אַמעריקאַנער!"

אַז איך האָב דערהערט די איבעראַשנדיקע נייעס, האָב איך דערפילט ווי די האָר שטעלן זיך מיר אויפן קאָפּ און עס פאַרלאָזן מיך אַלע שמערצן. מיר האָבן געזען ווי דער עס־עס־פירער לויפט אַוועק. עס קומט צו אונז אַרויס דער לאַגער־פירער מיט די נייעס, אַז ער נעמט אונז איבער און ער וועט אונז איבערגעבן צו די אַמעריקאַנער. שוין האַרט פאַר זייער פאַר־לאָזן, האָבן די עס־עס־לייט אַרויסגענומען 2 מענער און זיי דערשאָסן. דאָס זיינען געווען צוויי ברידער, וואָס האָבן כלומרשט געזוכט צו אַנטלויפן.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז די עס־עס־לייט און די אַנדערע אונטערפירער אונזערע, האָבן גאָרנישט געוואָלט אונז דאָ איבערלאָזן. זיי האָבן געפירט אַ קאַמף מיט נייע כוחות, וואָס זיינען דערווייל אויפגעקומען מיטן דערנענטערן זיך פונעם סוף פון קריג. די דייטשע פּאָליציי האָט אָבער צום סאַמע סוף אויסגעפירט, אַז מיר פאַרבלייבן אין דעם דאָזיקן לאַגער, וואו מען האָט דער־וואַרט די אַמעריקאַנער אַרמיי יעדע מינוט.

מיר האָבן אייגנטלעך קיין כוח נישט געהאַט זיך צו פרייען. קראַנקע און צעבראָכענע זיינען מיר געלעגן אין די בעטן. דער לאַגער־פירער איז אַריין צו אונז אין בלאָק און האָט דערקלערט, אַז מיר זיינען איצט אין זיין רשות און קיין שום שלעכטס וועט מיט אונז מער נישט פּאַסירן. מיר האָבן אים געבעטן ער זאָל אונז געבן ליכט. ער האָט אונזער פאַרלאַנג דערפילט. מיר האָבן אָנגעצונדן די ליכט און אַלע איניינעם האָבן מיר געזאָגט קדיש נאָך אַלע געפאַלענע און דערשאָסענע פון די דייטשע מערדערישע הענט. איך האָב געוויינט, נישט וויסנדיק פון וואַנען עס האָבן זיך צו מיר גענומען אַזוי פיל טרערן. עס האָט מיר ווייי געטאָן דאָס האַרץ פאַרוואָס מיין ברודער האָט נישט געקענט צוזאַמען מיט מיר באַפרייט ווערן.

איך בין איינגעשלאָפן. ווען איך האָב זיך אויפגעוועקט, האָב איך שוין מער נישט געהערט ריידן קיין דייטש.

וואָס זע איך דאָ? עס שפּריזן דאָ אַרום שוואַרצע נעגערס, אַמעריקאַנער זעלנער, און פאַרטיילן פּאַקעטן צו די קאַצעטלער אין די בעטן. איינער פון די זעלנער קלערט אונז אויף אין אידיש, אַז מיר זאָלן זיך נישט צוכאַפּן פאַר איינמאָל צו די שפּייזן אין פּאַקעט, נאָר עסן לאַנגזאַם — אַנישט קען דאָס אונז פאַרשאַטן. איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך האָב נישט געהאַט קיין כוח צו עפענען דעם 5־קילאָדיקן פּאַקעט. איך בין ווידער איינגעשלאָפן. ערשט אויף צומאָרגנס, האָב איך זיך גענומען צו מיין פּאַקעט, אַנדערע האָבן

שוין געהאַט היפּש אויפגעגעסן. די שפּייז פון פּאַקעט האָט מיר פאַרשאַדט. די הילף וואָס מיר האָבן באַקומען פון די אַמעריקאַנער האָט אונז געשטעלט אויף די פיס.

און אָט איז די טרויעריקע סטאַטיסטיק פון אונזער לעצטן אַרויסמאַרש: מיר זיינען געווען אַ פּאָר טויזנט מאַן ווען מיר האָבן אַרויסמאַרשירט אונטער דער וואַך פון די עס־עס־מערדער. מיר האָבן אין קנאַפּע 6 וואָכן דורכגעמאַכט 2000 קילאָמעטער. ביים סאַמע סוף, מיט דער באַפרייאונג דורך די אַמעריקאַנער זיינען מיר פאַרבליבן בלויז 147 מאַן. ביי דעם מערדערלעכן רעזשים פון די עס־עס־לאַגערן, פון הונגער און ליידן, בין איך געוואָרן פאַרהאַרטעוועט, און קיין שום מחלה האָט נישט געהאַט אויף מיר קיין שליטה. און איצט צו דער באַפרייאונג, ווען איך האָב עפּעס טועם געווען פון גוטן עסן און זיך דערפרישט פון מענטשלעכער באַנעמונג — בין איך קראַנק געוואָרן אויף פלעק־טיפוס. חדשים לאַנג בין איך געלעגן אין אַ שפּיטאָל און אין אַ דערהאָלונגס־פּלאַץ. מען האָט מיך געוואָלט אַריבערשיקן קיין ענגלאַנד אָדער שוועדן. איך האָב אָבער באַשלאָסן אַרומצופּאָרן איבער די לאַגערן — ווי אַ סך אַנדערע האָבן עס געטאָן — אפשר וועל איך געפינען עמעצן וואָס איז געבליבן לעבן פון מיין פאַמיליע.

## איבער די לאַגערן צו געפינען גאָסטינינער

ס׳האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז נישט ווייט פון מינכען געפינט זיך אַ גרויסער לאַגער, פעלדאַפין, דאָרט געפינען זיך פיל אידן. איך בין אַהינגעפאָרן, און גלייך ווי איך בין אַרונטער פון צוג, האָב איך באַגעגנט אַ גאָסטינינער, משה בראַסטאַווסקי. מיר האָבן זיך, פאַרשטענדלעך, שטאַרק דערפרייט. עס געפינט זיך דאָ נאָך איינער פון גאָסטינין — זאָגט ער — נחמן זיידעמאַן. איך האָב פאַרצייכנט דעם נומער פון בלאָק, אַז איך בין אַריינגעקומען אין בלאָק האָב איך געטראָפן זיידעמאַנען ליגן אין בעט. איך האָב אים גלייך דערקענט — אָבער ער מיך נישט. עס האָט אָבער נישט גענומען לאַנג און מיר האָבן פאַרברענגט גוטברודעריש ווי לאַנדסלייט, וואָס האָבן זיך געהאַט אַזוי פיל צו דערציילן. ער האָט מיר אויך געזאָגט, אַז דאָ געפינט זיך נאָך איינער פון גאָסטינין, לייבוש טאַדעליס. אַוודאי בין איך געלאָפן זען טאַדעליסן. ווי גרויס איז געווען די שמחה, ווען מענטשן וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון אַזאַ

וועלט־שריפה, האָבן זיך געטראָפן. עס איז אין לשער, מען קען עס נישט איבערגעבן.

איך בין איצט אָפט געקומען זיך זען מיט מיינע גאָסטינינער פריינט אין דעם פעלדאַפינער לאַגער. אַ נאָענטקייט האָט אונז אַלעמען באַהערשט. ווי איבעראַשט בין איך געוואָרן איינמאָל, ווען אָנקומענדיק אין לאַגער, אונטער אַ שלאַקסרעגן, אַ דורכגעווייקטער, האָב איך געעפנט די טיר צו מיין בן־עיר טאדעלעס, און וועמען האָבן מיינע אויגן געזען? עס איז געזעסן דאָרט מיין ברודער, מאָניעק! תחיית־המתים איז ער אויפגעשטאַנען!

„דו לעבסט?!" — האָב איך אַ פאַרחלשטער אויסגעשריגן.

אויף אַזאַ ברוך־הבא האָב איך נישט געהאָפט.

מיין ברודער האָט מיר דערציילט, אַז זיידעמאַן איז געפאָרן קיין פוילן און ער האָט אים דאָרט געטראָפן און דערציילט, אַז איך בין דאָ — און אַז ער קען מיך טרעפן ביי טאדעליסן אין לאַגער, וואו איך קום אָפט אַריין.

מיין ברודער האָט יענעם אָוונט דערציילט זיין געשיכטע. האָט דאָך יעדער איד פון די ניצול־געוואָרענע זיין אייגענע היסטאָריע. ער איז מיט נאָך איינעם אַרויס פון דער ריי און איז אַריינגעלאָפן אין וואַלד. זיי האָבן דערהערט ווי הינט לויפן זיי נאָך מיט אַ שרעקלעכער בילעריי. זיי האָבן זיך געהאַלטן ביי די הענט און געלאָפן אין דער פינצטער צווישן דיביימער. זיי האָבן זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ בוים. דער ברודער איז געבליבן שטיין ביים בוים און זיין חבר איז ווייטער געלאָפן. די שיסעריי האָט נישט אויפגעהערט. אַז דער טראַנספּאָרט האָט זיך דערווייטערט האָט זיך מאָניעק ביים בוים אַוועק־געלייגט. ווען עס האָט אָנגעהויבן טאָגן האָט ער זיך אויפגעוועקט און דער־זעען נישט ווייט פון אים ליגן אַ מענטשן. ווען ער האָט זיך דערנענטערט, האָט ער באַלד דערקענט זיין חבר — אָבער ער איז ליידער געווען טויט. די הינט האָבן אים צעריסן. מאָניעק האָט זיך נאָך אויסבאַהאַלטן אַ פּאָר טעג אין וואַלד, ביז די אַמעריקאַנער האָבן אים געפונען און באַפרייט.

**
*

איך בין אַוועק צוזאַמען מיט מיין ברודער קיין פוילן. פאַרלאָזט מיט אַ קללה די טמאדיקע דייטשע ערד. פרייוויליק זיינען מיר פון פוילן אַוועק און זיך מאָביליזירט אין דער קעמפנדיקער אידישער אַרמיי, וואָס האָט זיך שוין געפונען אין מלחמה פאַר דער באַפרייאונג פון אידישן לאַנד.

*
**

געשריבן זיינען די דאָזיקע זכרונות „מיט בלוט און נישט מיט בליי״. אַ פאָלק איז אויסגעגאַנגען אין שוידער און אין אומגליק. דאָס זיינען נישט נאָר זכרונות פון פערזענלעכע איבערלעבונגען, זיי זיינען כאַראַקטעריסטיש — אפשר מיט געוויסע ענדערונגען — פאַר הונדערטער טויזנטער. פאַר מיינע אויגן, אָבער, האָט נישט אויפגעהערט צו שוועבן מיין גאָסטינין.

# גאָסטינינער
# אידן
# אין שאָטן
# פון תליות

שמעון רומער



שמעון רומער

די דייטשן האָבן מיט זייער אַריינקום קיין פוילן זיך באַלד פאַרנומען צו פאַרטיליקן די אידן. זייער טייוולאָנישער פּלאַן איז געווען אויסגערעכנט אויף דער שנאה צו אידן, מיט וועלכער די פּאָלאַקן האָבן זיך אויסגעצייכנט. זיי האָבן גאַנץ גוט געוואוסט, אַז מצד דער אָרטיקער פוילישער באַפעלקערונג וועלן זיי נישט האָבן קיין שום שוועריקייטן אין דער דורכזעצונג פון זייער מאָנסטער־פּלאַן — זיינען דאָך די פּאָלאַקן אַליין געווען פאַראינטערעסירט, אין פאַרלויף פון די 20 יאָר פון זייער באַנייטער אומאָפּהענגיקייט, פטור צו ווערן פון זייערע אידישע שכנים. די פּאָלאַקן האָבן פאַרמיאוסט די אידן דאָס לעבן. די דייטשן האָבן זיך פאַרנומען דאָס לעבן צו צונעמען.

דאַן האָבן די דייטשן, שוין ביים סאַמע אָנהויב פון זייער באַרבאַרישער אָקופּאַציע, געזוכט צו דעמאָראַליזירן די אידישע מאַסן און זייערע פירער. זייערע אַלע אַנטי־אידישע גזירות האָבן געטראָפן דאָס אָרגאַניזירטע אידישע לעבן. זיי האָבן באַשטימט נייע פירער פאַר די אידישע קהילות, די אַזוי־גערופענע „יודנראַטן", וואָס האָבן געהאָרכזאַם און שקלאַפעריש אויסגעפירט אַלץ וואָס זייערע דייטשע בעלי־בתים האָבן פון זיי געפאָדערט. צוערשט האָבן זיי אַרויפגעלייגט קאָנטריבוציעס — איין קאָנטריבוציע גרעסער ווי די אַנדערע — און די נייע קהילה־פאַרזאָרגערס האָבן געפּאָמפּעט פון אָרעם און רייך, און צוגעשטעלט די געפאָדערטע סומען. די אידנראַטן האָבן זיך באַמיט אויף אַלע אופנים צו דינען די דייטשן. גאַנץ אָפט האָבן זיך אין דער פירערשאַפט באַוויזן מענטשן, וואָס האָבן קיינמאָל מיט קיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט זיך נישט פאַרנומען; איצט, אין דער עת־צרה, האָבן זיי זיך

פלייסיק געגומען אַרויסצוהעלפן די נאַצישע מערדער, און אויסנוצנדיק די קאָניונקטור, האָבן זיי פון דעם גרויסן אומגליק געצויגן אייגענעם נוצן. ניט זעלטן זיינען די פאַרשוינען געווען גרויזאַם צו זייערע ברידער און האָבן געטאָן זאַכן, וואָס די דייטשן אַליין וואָלטן ניט געווען בכוח צו טאָן. זיי האָבן געהאָפט, אַז די דאָזיקע אויסערגעוויינלעכע איבערגעגעבנקייט, וועט זיי פערזענלעך ראַטעווען.

דער אידנראַט האָט פון דער דייטשער מאַכט באַקומען יעדעס מאָל אַן אויפגאַבע צוצושטעלן קאָנטיגענטן פון אידן, וואָס דאַרפן באַשטימט ווערן צו פאַרשידענע אַרבעטן. האָבן זיי מיט גרויס אייפער אויסגעפירט די באַפעלן ביז צו דעם לעצטן יחיד. די אידן זיינען אַזוי אַרום פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שקלאַפן. מען האָט זיי געטריבן צו דער אַרבעט, ניט באַצאָלט פאַר דער אַרבעט, געשלאָגן ביי דער אַרבעט, און אַרויסגעיאָגט די נשמה ביי דער אַרבעט.

די דייטשן האָבן דאַן קאָנפיסקירט ביי אידן זייערע געשעפטן, ניט געלאָזט אידן זיך צו פאַרנעמען מיט זייערע מלאכות, געשלאָסן זייערע וואַרשטאַטן — אַזוי אַרום זיינען די אידן געבליבן אָן וועלכע ס'איז מעגלעכקייט פון עקזיסטענץ. מאָראַליש און פיזיש צעבראָכענע, זיינען די אידן אַריינגעוואָרפן געוואָרן פון די דייטשן ביי דער אַקטיווער מיטהילף פון די אידנראַטן אין די געטאָס, צוזאַמענגענומען משפחות און זיי פאַררוקט אין אוממענטש־לעכער ענגשאַפט, אַרומגעצוימט דעם גאַנצן געביט מיט שטעכל־דראָט און אַרומגעשטעלט מיט דייטשער אָדער פוילישער פאָליציי. אין געטאָ גופא, האָבן די אידנראַטן באַקומען דאָס רעכט צו האָבן אַן אייגענע אידישע פאָליציי, וואָס האָט, ווי אַ צוגאָב, געמאַטערט און דערגאַנגען די יאָרן. אַזוי אַרום איז די אידישע באַפעלקערונג געבליבן רעכטלאָז, פאַופעריזירט און גענצלעך אָפּגעריסן פון דער אויסערלעכער וועלט.

דאָס איז אָבער נאָך נישט גענוג געווען פאַר די רוצחים. האָבן זיי אָר־גאַניזירט אַרבעטס־לאַגערן, וואוהין מען האָט געשיקט מענער און פרויען, וואָס האָבן געאַרבעט אונטער די שוידערלעכסטע באַדינגונגען פון הונגער, קעלט, אַנטמענטשונג און מורא פאַר דעם נאַקעטן לעבן. און טראָץ דעם איז דער ווילן צום לעבן געווען ביי יעדן גרויס. קיינער האָט פון זיין אייגענעם ווילן נישט געוואָלט אויפגעבן די האָפענונג, אַז סוף־כל־סוף וועט היטלער כאַפּן אַ מפלה און די זון וועט ווידער אויפשיינען, פאַר אַלעמען און פאַר יעדן

באַזונדער. האָבן אידן אין אַלע אומשטענדן געאַרבעט, געהאָרעוועט, געזוכט זיך דורכצולעבן, און פּרובירט איבערצולעבן — אַבי נאָר צו דערוואַרטן זיך אויפן סוף פונעם קריג. שווערע וואָלקנס פון זאָרג, מורא און געפאַר האָבן זיך צעלייגט און צוזאַמען מיט דעם האָט געטליעט די האָפענונג, אַז מען וועט דאָך איבערלעבן.

וועגן דעם, אַז דער דייטש האָט אויך געשאַפן פאַרניכטונגס־לאַגערן, האָט קיינער פון די, וואָס זיינען דאָרט נישט אַריינגעפאַלן, זייער לאַנג גאָר־נישט געוואוסט.

דאָס אַלץ, וואָס איז ביז דאָ געזאָגט געוואָרן, איז אַן אַלגעמיינע באַ־שרייבונג וועגן דעם, וואָס דער דייטש האָט געטאָן מיט די אידן אין פוילן. אין יעדן פרט איז דאָס, אָבער, חל אויך אויף די אידן פון מיין ליבער היימשטאָט: גאָסטינין.

⁂

איך בין געקומען קיין יאַניקאָוואָ מיט אַ טראַנספּאָרט אידן פון גאָס־טינין. דאָס איז געווען אַ לאַגער נישט ווייט פון פּויזן. דאָס אָרט האָט זיך אויף דייטש גערופן: אמזעי. דער גרעסטער טייל פון דער דאָרטיקער באַ־פעלקערונג האָט זיך אויסגעהאַלטן אַרבעטנדיק אין דער שטאָטישער צוקער־פאַבריק. דער לאַגער־פירער איז געווען אַ געסטאַפּאָ־מאַן, מיטן נאָמען מאַלינאָווסקי. אין לאַגער האָבן זיך געפונען מערסטנס אידן פון גאָסטינין, גאָמבין און אַ קליינער טייל פון לאָדזש.

די עלטסטע אידן אין לאַגער זיינען געווען: אַברהם בעלפער, סענדער רינג און מיין אומפאַרגעסלעכער טאַטע — יחיאל הירש רומער. איך האָב געאַרבעט אין לאַגער ווי אַ שוואַרצער אַרבעטער און אין דער זעלבער צייט ווי אַ פריזירער און סאַניטאַר. 505 מענטשן זיינען געווען אין לאַגער. זייערע ליידן זיינען געווען גרויס. אָפּגערעדט פון שווערער האָרעוואַניע, איז די היגיענישע לאַגע געווען שוידערהאַפט. זייער ווייניק האָט מען געקענט העלפן די קראַנקע און פאַרוואונדעטע. דעם סאַניטאַר האָבן די דייטשן צו־געלאָזט צו אַ קראַנקן, ערשט נאָך לאַנגע שעהן פון פייניקן זיך, נאָכדעם ווי ער איז ממש אויפגעגעסן געוואָרן פון אינסעקטן און זיך געטונקען אין שמוץ. יעדן טאָג זיינען מענטשן פאַרוואונדעט געוואָרן בעת דער אַרבעט. יעדן טאָג האָבן די דייטשע פייניקער און זייערע משרתים אונטערגעהאַקט זייערע אידישע שקלאַפן די זייטן און אָפּגעהאַקט גאַנצע אברים. די חולאים האָבן נישט געקענט

דערוואַרטן קיין באַלדיקע הילף. אַ־ן ווען די הילף איז שוין געקומען איז זי אויך געווען אַ שטאַרק באַגרענעצטע. קיין מעדיקאַמענטן זיינען כמעט ווי אינגאַנצן נישט געווען.

דער לאַגער־פ־רער איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַרויסהעלפער, וואָס האָבן אויסגעפירט די ברוטאַלסטע אַקטן איבער א־משולדיקע מענטשן. ביטער־שלעכט און ברוטאַל איז געווען זיין הויפט־געהילף — אַלפאָנס הילעל. ער איז געווען אַ גוי פון דער פויזנער געגנט, אַן אַנטיסעמיט, וואָס האָט אַ אידן נישט געקענט אָנקוקן.

צווישן די אַרויסהעלפער איז אַ־יך געווען, צום באַדויערן, אַ אידליק, וואָס האָט געשטאַמט פון לאָדזש, אי־ן וואָס האָט דורך חניפה צו די דייטשן אַ־ן בעסטיאַלישקייט צו זיינע א־מגליקלעכע ברידער, זיך אַרויפגעאַרבעט אין לאַגער און גענאָסן פ־ן פאַרש־דענע פריווילעגיעס. קלמן־דוד איז געווען זיין נאָמען. אַזוי האָט מען אים גערופן, און ער איז געווען די שרעק פון גאַנצן לאַגער. פון זיינע אומרייגע הענט זיינען געפאַלן אַ סך אומשולדיקע אידן.

איינער פון די שענסטע טיפן אין לאַגער איז געווען וואָלף זילבער, אַ געבוירענער אין בריסק־קויאַווסקי, אַ יונגער מענטש, געווען אַן איידעם פון דעם באַקאַנטן ציוניסטישן טוער הערמאַן לעווי פון ווּלאָצלאַוועק. ער, צו־זאַמען מיט זיין שווער און זייער פאַמיליע, זיינען מיטן אויסברוך פון קריג געקומען קיין גאָסטינין, וואו זיי האָבן געהאָפט צו קענען איבערלעבן די מלחמה, ווייל זייער היימשטאָט איז באַלד אין אָנפאַנג איינגעגלידערט געוואָרן אין דריטן רייך, און אידן זיינען דאָרט באַהאַנדלט געוואָרן אויפן שרעק־לעכסטן אופן. וואָלף זילבער איז געווען אַ געבילדעטער מענטש און אַ אידישער מענטש דערצו. ער האָט אין לאַגער געהאַט די פונקציע פון דעם לאַגער־שרייבער. ער האָט זיך פאַר יעדן איינגעשטעלט און באַמיט לינדערן יענעמס לאַגע. פאַרשטענדלעך, אַז קנאַפּ וואָס האָט ער געקענט אויפטאָן. די רשעות פ־ן די דייטשן האָט אומעטום דאָמינירט.

די דיסציפּלין אין לאַגער איז געווען אַ גאָר שווערע. די אַפּראָוויזאַציע — אַ מאָגערע ביז גאָר, נישט צום לעבן און נישט צום שטאַרבן, אַוודאי נישט פאַר מענטשן וואָס האָבן באַדאַרפט אַוועקלייגן טעגלעך כוחות אויף פיזיש־שווערער אַרבעט. דער סאַדיזם פון דער דייטשער לאַגער־לייטונג איז געווען אין לשער.



איין פאַל פון טויזנט וועל איך דאָ דערציילן:

דאָס איז פאָרגעקומען אין אַ שבת נאָכמיטאָג. די גרוילעכסטע סורפּריזן זיינען פאַר אונז באַהאַלטן געווען פאַר ערב אונזער רו־טאָג, זונטיק. די אויסגעאַרבעטע און אויסגעהונגערטע אידן זיינען צוריקגעקומען אין לאַגער פון זייער אַרבעט. ביים אַריינגאַנג האָט זיך דערהערט אַ ווילד געשריי פון קלמן־דוד, ימח שמו. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז עפּעס האָט שוין ווידער געמוזט פּאַסירן. אַלע האָבן זיך אָפּגעשטעלט און געוואַרט וואָס דאָ וועט פאָרקומען. עס האָט נישט לאַנג גענומען און פון באַראַק האָט מען אַרויס־געפירט אברהם בעלפערן. עס איז אים געווען שווער צו דערקענען. ער איז געווען ווייס ווי די וואַנט, זיין גוף האָט געציטערט און זיין פּנים האָט אויס־געדריקט אַן אומבאַשרייבלעכן ווייטיק. באַלד האָט מאַלינאָווסקי אַרויסגע־בראַכט מיט זיינע מיטהעלפער די באַקאַנטע באַנק, אויף וועלכער מען האָט אין לאַגער אויסגעפירט קערפּערלעכע שטראָף פאַר די אויגן פון אַלעמען. קלמן־דוד האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט אַ שטעקן אין דער האַנט און דער־קלערט: — אָט דער איד איז באַגאַנגען אַ זינד, ער האָט געוואַגט אַריינצו־שמוגלען אין לאַגער אַ ברויט. דערפאַר קומט אים מלקות. ווייטער האָט ער געגעבן אינסטרוקציעס, אַז יעדער פון אונז דאַרף צולייגן אַ האַנט און שלאָגן דעם באַשולדיקטן. די קלעפּ זיינען אויסגעפירט געוואָרן מיט אַ גומענעם שטעקן, דורכגעפלאָכטן מיט דראָט. יעדער איינער האָט געמוזט צוגיין און שלאָגן. מאַלינאָווסקי איז נישט געווען צופרידן מיט דעם אופן פון שלאָגן, האָט ער אויסגעטאָן זיין שוואַרצן מונדיר, פאַרשאַרצט די אַרבל פון העמד, און געוויזן ווי אַזוי מען דאַרף שלאָגן. קלמן־דוד האָט אים נאָכגעפאָלגט. מען האָט דעם אומגליקלעכן אַברהם בעלפער אַזוי פיל אַריינגעשמיסן ביז ער איז אַ באַוואוסטלאָזער געפאַלן איבער דער באַנק. קלמן־דוד האָט אים אָפּ־געגאָסן מיט אַן עמער וואַסער, כדי אים אָפּצומינטערן, און דאַן האָט מען אים אַריינגעשלעפּט, אַ דורכגעווייקטן און אַ צובלוטיקטן, אין באַראַק אַריין. אַלע מענטשן זיינען זיך צעגאַנגען.

איך, ווי דער סאַניטאַר, האָב באַדאַרפט ברענגען הילף דעם אומגליקלעכן. מנשה ווייסבאַרד און וויינרייך, גאָסטינינער אידן, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער וועשעריי, האָבן אַרויסגעהאָלפן מיט שטיקער אַלטן אָבער ריינעם לייוונט, מיט וועלכן איך האָב אָפּגעשטעלט דאָס בלוטיקן. בלויז די אויסערגעוויינ־

לעכע געדולד און דער געוואַלטיקער ווילן צום לעבן, האָבן בעלפערן דער־מעגלעכט איבערצוטראָגן די יסורים. לאַנגע וואָכן איז ער דערנאָך געלעגן אין באַראַק און נישט געקענט גיין צו דער אַרבעט.

אין אַ געוויסן פרימאָרגן, ווען אין לאַגער האָט זיך פאַרשפרייט אַ קלאַנג, אַז די קראַנקע וועלן אַרויסגעפירט ווערן דורך דער געסטאַפּאָ, און וואַרשיינלעך ליקווידירט ווערן, האָט בעלפער זיך אויפגעהויבן פון געלעגער און באַשלאָסן מיטצוגיין צו דער אַרבעט. דערווייל איז ער געראַטעוועט געוואָרן. אויף מיין חשבון קען איך פאַרצייכענען דעם פאַקט, וואָס סענדער רינג, אברהם לאפסקי, יוסף שטיינמאַן, דזשיגאַנסקי און לאַסקי זיינען אָפּגעראַטע־וועט געוואָרן.

**
*

און ווידער אַ שבת נאָכמיטאָג. די שווער־אויסגעאַרבעטע און געפּערלעך־הונגעריקע שקלאַפן זיינען צוריקגעקומען פון זייער טאָג־טעגלעכער אַרבעט. פלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעך געשריי פון דעם מערדערישן לאַגער־פירער, מאַלינאָווסקי: „אַלע בלייבן אין דרויסן שטיין!"

דער באַפעל האָט געלויטעט:

„מאָרגן וועט קיינער נישט גיין צו דער אַרבעט. דער לאַגער ווערט גערייניקט. עס קומען אָן געסט. מאָרגן וועלן מיר אייך ווייזן, וואָס עס גע־שעט מיט די יעניקע, וואָס זוכן צו אַנטלויפן פון לאַגער!"

מיר זיינען, אייגנטלעך, געווען געוואוינט צו דער שוידערלעכער אויפ־פירונג פון די דייטשן. יעדעס וואָרט זייערס איז געווען העצע, יעדער וואונק — געפאַר, יעדער ריר — אַ שפּיל מיט אידיש לעבן. האָבן מיר, דעריבער, נישט געלייגט קיין ספּעציעלע אַכט אויף די ווערטער פון דעם רשע. פונ־דעסטוועגן, האָבן זיינע רייד אונז נישט געלאָזט בלייבן רואיק. מיר זיינען אַריין אין די שמוציקע באַראַקן און יעדער איז געקראָכן אין זיין נאַרע. מיטאַמאָל קומט אַריין וואָלף זילבער און גיט איבער אַ פאַרטרוילעכע ידיעה: אַכט אידן האָבן פון לאַגער געוואָלט אַנטלויפן. די דייטשע באַנדיטן האָבן זיי געכאַפּט. ווער ווייסט וואָס די דייטשן גרייטן פאַר אונז צו אויף מאָרגן.

אַ סקרוך איז דורכגעגאַנגען דורכן קערפּער. מיר האָבן נישט געוואוסט, אייגנטלעך, ווער די 8 אידן זיינען. די מערדער האָבן זיי אָפּגעשלאָסן אין אַן איזאָלירטן באַראַק. קיינער פון אונז האָט יענע נאַכט נישט צוגעמאַכט

קיין אויג. פון די האַרטע געלעגערס האָבן מיר געהערט קרעכצן און, וואו נישט וואו, האָט מען געהערט אַ שעפּטשענדיקע תפילה.

זונטיק פרי, ווי נאָר די זון האָט זיך באַוויזן, האָט זיך געהערט די שרעק־שטימע פון די נאַכט־וועכטער, און אין איין אויגנבליק זיינען אַלע אַרונטער פון זייערע געלעגערס.

***

באַלד האָט זיך באַוויזן אַלפאָנס היללעל, דער הויך־געוויקסיקער פּאַר־שוין, דער ברייט־ביייניקער און אָנגעפּרעסענער, מיט אַ שויבער בלאָנדע האָר אויפן קאָפּ — אַ מערדער־מענטש, אַ אידן־פּרעסער. נעבן אים איז געשטאַנען זיין וואָלף־הונט מיט דער צונג שוימיק אַרויסגעשטעקט. אַלע האָבן אויפגעציטערט. נישט אין איין קערפּער, האָבן זיך די שאַרפע ציין פון דעם דאָזיקן כלב איינגעביסן. מיט זיין רויער שטימע האָט ער געלאָזט וויסן, אַז היינט מוז דער לאַגער בלאַנקען פון ריינקייט! עס קומען אָן געסטאַפּאָ־אָפיצירן, וואָס האָבן ליב זויבערקייט און פּינקטלעכקייט. פאַרענדיקט האָט ער זיין אָנזאָג, ווי געוויינטלעך: „מיר וועלן אייך אומברענגען!"

אין לאַגער האָט געהערשט אַ געדריקטע שטימונג. די מענטשן זיינען סיי ווי געווען דערשלאָגן און הונגעריק. שרעק איז שוין מער נישט געווען קיין נאָווינע. אין לאַגער האָט געהערשט אַן אָפּהענטיקייט און יאוש. די ווערטער פונעם רוצח האָבן נישט געמאַכט קיין באַזונדערן איינדרוק. מען איז שוין צו דעם געוואוינט געווען.

פון דרויסן האָט זיך פּלוצלונג דערהערט אַ גערויש פון מאַשינען. מיר זיינען שטיל צוגעגאַנגען צו די פענסטער און דערזען ווי צוויי גרויסע אויטאָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט פאַר דער געביידע פון לאַגער. פון ערשטן אויטאָ זיינען אַרויס געסטאַפּאָ־לייט, אָנגעטאָן אין זייערע שוואַרצע מונדירן פון מלאכי־חבלה, מיט ווייסע אָרעם־בענדער, אויסגעהאָפטענע מיט האַקנקרייץ צייכנס. צוועלפדעוועטע זיינען די פאַרשוינען אַרויס פון אויטאָ. יעדער האָט געטראָגן אַ גומענע פאַלקע אָדער שפּיצרוט אין האַנט. ביי די לענדן האָבן זיי געטראָגן געווער. פון צווייטן אויטאָ זיינען אַרויס 5 ציוויל־אָנגעטאָנענע פאַרשוינען, וואָס האָבן געהאַט וואולגאַרע, אָנגעפּרעסענע, רויע פּרצופים. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז דאָס זיינען געווען אוקראַאינישע אַרויס־העלפער. אַלע האָבן זיי געהאַט דעם אויסזען פון מערדער.

די פינף פאַרשווינען האָבן זיך באַלד גענומען צו דער מלאכה. אַראָפּגע־וואָרפן פון זיך זייערע מאַנטלען (וואַרשיינלעך, צוגערויבטע פון זייערע אידישע קרבנות), האָבן זיי אויסגעלאָדן פון אויטאָ צעשניטענע קלעצער און ברעטער, און מיט פרעכע געלעכטערס זיך אַמוזירט, שטיפנדיק איינער מיטן אַנדערן, מאַכנדיק דערביי כלערליי אויסרופן.

מען האָט אונז נישט געלאָזט צו לאַנג טראַכטן וועגן דעם, וואָס דאָ קומט פאָר. עס האָט זיך באַלד באַוויזן דער לאַגער־פירער, אַרומגערינגלט פון זיין סוויטע, און באַפוילן אונז אַרויסצוגיין פון די באַראַקן און זיך אויס־צושטעלן צו פינף אין אַ ריי.

אַלע לאַגער־שקלאַפן זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן אין דער פאָרם פון אַ חית, און אַזוי אַרום איז מעגלעך געווען אַלץ און אַלעמען צו זען. אין מיטן לאַגער־פּלאַץ איז שוין געווען אויפגעשטעלט אַ גאַנצע רושטעוואַניע — טאַקע פון די אָקאָרשט געבראַכטע בעלקעס — און פון דער אויבערשטער בעלקע האָבן אַראָפּגעהאָנגען פינף גראָבע שטריק. מיר האָבן אַלע פאַרשטאַנען אַז דאָס זיינען תליות. ווער אָבער ווערט דאָ געהאָנגען און פאַר וועלכע פאַר־ברעכנס? איבערגעריסן די טויט־שטילקייט האָט איינער פון די געסטאַפּאָ־לייט, וואָס האָט זיך אַרויפגעשטעלט אויף דער באַזע פון דער תליה און האָט אָנגעהויבן, מיט קורצע, אָפּגעהאַקטע און ברוטאַלע זאַצן, רייד פון דעם מין, קענען אויך הרגענען מענטשן — אָן רעוואָלווערן און אָן תליות; זיי נעמען צו דאָס ביסל ווירדע און שטאָלץ, וואָס זיינען נאָך אין יעדן פון אונז פאַר־בליבן. ער האָט געזאָגט צווישן אַנדערע: „איר, אידן, האָט דעם קריג געוואָלט! האָט איר איצט אַ קריג! איר וועט אַלע געטויט ווערן איידער דער קריג וועט זיך פאַרענדיקן. ווער עס האָט געוואַגט צו ברעכן די דיסציפּלין אין אַ דייטשן לאַגער, ווער עס האָט פּרובירט צו אַנטלויפן פון דאַנעט, וועט באַצאָלן מיט זיין לעבן אויף אָט דעם עשאַפאָט!"

ער האָט נאָך נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן זיינע גרויזאַמע רייד, ווי די פינף אוקראַאינישע הענקערס האָבן אַרויסגעפירט אויפן פּלאַץ פינף מאַן מיט פאַר־בונדענע הענט. עס איז שווער געווען זיי צו דערקענען. זיי זיינען געווען שוי־דערלעך צעשלאָגן. זייערע פּנימער זיינען געווען ווי אַ צעגאָסענע מאַסע. די אוקראַאינער האָבן די אומגליקלעכע געשלעפּט צו דער תליה און פאַרלייגט די שטריק אַרום זייערע העלזער. מיר האָבן זיך אָנגעשטרענגט צו דערקענען די קרבנות. איינער פון זיי איז געווען דוד, דער זון פון זרח ווילנער, און

צוויי קוזינען פון ברוך און בערל ניימאַן. נאָך אַנדערע צוויי אידן, וואָס האָבן גע־שטאַמט פון גאָמבין, זיינען געהאָנגען געוואָרן. די טרויעריקע עקזעקוציע איז דורכגעפירט געוואָרן.

באַלד האָבן די אויקראַינער געבראַכט נאָך דריי קרבנות. דריי פון די גע־האָנגענע האָט מען אַרונטערגעלאָזט, כדי צו מאַכן פלאַץ פאַר די נייע. צווישן די דריי זיינען געווען צוויי גאָמבינער אידן און בערל ניימאַנס אַ זון — מענדל־מאיר. מיט אונז אין לאַגער איז געווען מענדל־מאירס אַ פעטער — דוד ניימאַן, און זיינער אַ קוזין, ברוך ניימאַנס אַ זון.

די פעטלעס זיינען פאַרוואָפן געוואָרן. מענדל־מאיר ניימאַן האָט ווי אַ קער געטאָן דעם קאָפּ אין דער שטריק, אין מיט זיין לעצטן בליק אַרומגע־נומען דעם גאַנצן פלאַץ מיט דער מחנה ברידער, וואָס האָבן זיך צוגעקוקט צום אומגליק. דער שטומער בליק איז געווען זייער אויסדרוקספול — אָבער צו העלפן זיינען מיר נישט געווען בכוח. יעדער ווילן איז אין אונז געווען דערשטיקט, יעדע קראַפט — אַטראָפירט. מענדל־מאיר האָט אַ קוק געטאָן אויף דער ערד, וואו עס זיינען געלעגן טויט זיין ברודער און זיין קוזין. מיט זיינע לעצטע כוחות האָט ער אויסגעשריגן אין פויליש: „זאָל לעבן די פרייהייט!" דעם לעצטן סטראָף האָט ער שוין נישט באַוויזן אַרויסצוזאָגן. די שטריק האָט פאַרקלעמט זיין האַלז.

דער געסטאַפּאָ־תליון האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס זיין קרבן האָט אויסגע־רופן, און דער פויזנער כוליגאַן, אַלפאָנס היללעל, האָט עס אים לאַכנדיק פאַרטייטשט. מיט באַסט און צאָרן האָט דער געסטאַפּאָוויעץ אַ נעם געטאָן אַ האַק אין האַנט, און צעשפּאָלטן דעם קאָפּ פון זיין קרבן: „אָט ביסטו שוין פריי" — האָט ער אויסגערופן און אַ שפּיי געטאָן.

אַ צווייטער היטלעריסט האָט זיך ווידער אַ שפּיל געטאָן אין שאָטן פון דער תליה, און נאָכגעפרעגט פאַר עמעצן פון די אינטערנירטע, וואָס איז גרייט צו זאָגן אַ געבעט פאַר די אומגעבראַכטע. עס האָט זיך געפונען אַ איד, וואָס האָט זיך פרייוויליק אָפּגערופן. פון לאָדזש האָט ער געשטאַמט. זיין נאָמען איז געווען שנור. שלעפנדיק די געשוואָלענע פיס פון דעם אויס־געדאַרטן גוף זיינעם, האָט ער זיך געמאָלדן. ביז היינטיקן טאָג באַגלייט מיך דער ווידערקול פון זיין שטימע, וואָס האָט אָנגענומען דעמאָלט אַ באַזונדערן מעטאַלענעם קלאַנג. איבער דעם לאַגער האָט זיך פאַנאַנדערגעטראָגן די תפילה:

„אל מלא רחמים, שוכן במרומים!..."

די געסטאַפּאָ־לייט האָבן נישט געלאָזט שנורן פאַרענדיקן זיין תפילה. צערייצטע פון דער שטילקייט, האָבן זיי באַפוילן זייערע שקלאַפן אָנצוהויבן צו לויפן אַרום דער תליה און אַרום די טויטע.

דאָס איז געווען אַ מאקאברישער טויטן־לויף. מענטשן זיינען אומגעפאַלן, געשלאָגן געוואָרן, האָבן געטראָטן איבער זיך. פאַר אייביק וועלן די, על־פי נס ניצול־געוואָרענע פון יענעם שוידערלעכן טויטן־מאַרש, נישט פאַרגעסן די „שטובע 8", וואו עס זיינען געלעגן 35 מענטשן, וואָס האָבן נישט געקענט שטאַרבן...

יצחק קרייצער (ישראל)

# אין אַנגסט און אין פּיין

איך בין איינער אַליין געבליבן לעבן פון מיין גאַנצער משפחה. די פאַמיליע קרייצער האָט געוואוינט אין גאָסטינין אויף דער קוטנער גאַס אַנטקעגן דער צערקווע. מיר זיינען געווען דריי ברידער. איך, דער עלטסטער, און די אינגערע צוויי ברידער, מיכאל און יהושע, האָבן מיר געלערנט אין דער רעגירונגס פאָלקס־שול און געווען חברים אין „החלוץ הצעיר״. פאַרן אויס־ברוך פון דער בלוטיקער מלחמה האָבן מיר געפירט אַ רואיק, שטיל לעבן. דער פאָטער, אליעזר בן אהרן, איז געווען אַ סוחר. מיין מוטער גאָלדע, געשטאַמט פון זשיכלין, אַ שטילע, איבערגעגעבענע פרוי צו דער היים, און מיר האָבן זיך געלערנט און אין דער פרייע צייט פלעגן מיר פאַרברענגען אין דער החלוץ־באַוועגונג.

מיט איינמאָל איז געקומען אַן איבערקערעניש. דער אַריינמאַרש פון די נאַציס אין גאָסטינין האָט אַרויסגערופן אַ בהלה און פחד ביי די אידן. מיר האָבן זיך געשראָקן פאַרן מינדסטן שאָרך. מ׳האָט אָנגעהויבן כאַפּן אידן אויף די גאַסן צו דער אַרבעט. די פאַרשפּאַרטע אין דער צערקווע האָבן גע־שמאַכט פון די קלעפּ, וואָס זיי האָבן באַקומען פון די נאַציס. דערנאָך האָבן שוין אידן נישט געטאָרט וואוינען אין אַלע גאַסן — ביז מ׳האָט זיי פאַר־שפּאַרט אין אַן אָפּגעשלאָסענעם געטאָ. מיר זיינען אַריבער וואוינען אין דעם הויז פון יהושע מאָטיל, ביים טייך. מיט אונז צוזאַמען האָט אויך געוואוינט די פאַמיליע פון אונזער זיידן, אהרן.

פון טאָג צו טאָג איז די לאַגע אין געטאָ געוואָרן אַלץ שווערער. די ענגשאַפט, פרנסה־לאָזיקייט און מאַנגל אין שפּייז האָט דערדריקט אַלעמען. די אַכזריות פון די נאַציס איז געוואָרן גרויזאַמער פון טאָג צו טאָג. דער קרייזלייטער מיט זיין גרויסן הונט האָט זיך ברוטאַל באַצויגן צו די אידן. איך אַליין האָב אויך פון אים געכאַפּט קלעפּ, ווייל איך האָב פאַר אים נישט אַראָפּגענומען דאָס היטל.

די וואָס זיינען לעבן געבליבן געדענקען דעם גאָרטן אין געטאָ, וואָס די יוגנטלעכע האָבן באַאַרבעט. די סכנה איז געווען גרויס, און מיר האָבן

אין אונזער נאַאיווקייט געבערענגט אין אָרדנונג די בלומען און דאָס גראָז, ווי אויך די בענק און דעם שפּיל־פּלאַץ, וואו מען האָט זיך אַרומגעיאָגט מיט דער פּילקע.

יעדן טאָג האָט די אויפגעצוואונגענע קהילה־פאַרוואַלטונג מאָביליזירט אידן צו עפנטלעכע אַרבעטן און צוגעשטעלט קאָנטיגענטן צו די דייטשן. וועגן ליקווידאַציע פון געטאָ איז קיינעם נישט איינגעפאַלן אַפילו צו טראַכטן. איבער די גאַסן פון געטאָ האָט מען געקענט זען גרופּן קינדער פאַרטאָן אין זייערע שפּילערייען. דערוואַקסענע, ווידער, האָבן געזוכט זיך צו פאַרזאָרגן מיט וואָס מער שפּייז־פּראָדוקטן; זיי האָבן תמימותדיק געגלויבט, אַז ווער עס וועט האָבן מיט וואָס איבערצולעבן די שווערע צייטן, וועט דערלעבן דעם סוף פון דער מלחמה.

עס זיינען אין געטאָ דערגאַנגען קלאַנגען, אַז אין אַנדערע געטאָס הערשט אַ הונגער. ביי אונז האָט מען פאַר גרויס געלט נאָך געקענט זיך איינשאַפן זאַפּאַסן פון שפּייז, האָט מען זיך איינגעשאַפט וואָס מער, כדי נישט דאַרפן



גאָסטינינער אידן גייען צו דער אַרבעט אויף קוטנער גאַס, 1941, דער טראָטואַר איז געווען פאַר אידן פאַרבאָטן.

אויסצוגיין פון הונגער. אַוודאי זיינען געווען אויך הונגעריקע אין געטאָ, אָבער פון הונגער איז קיינער נישט געשטאָרבן...

מ׳האָט געכאַפּט אידן צו דער אַרבעט און זיי טראַנספּאָרטירט אין אַר־בעטס־לאַגערן, קיין אינאווראָצלאַוו און שפּעטער קיין אַמזעע. איך בין אויך געווען אין דעם טראַנספּאָרט. מיט מיר זיינען אויך געווען אַנדערע יונגע קינדער. איך האָב באַשלאָסן צו אַנטלויפן; בין איך פלינק אַרויסגעשפּרונגען דורכן פענסטער און אַנטלאָפן קיין זשיכלין צו מיין זיידן. נאָך עטלעכע טעג האָב איך זיך צוריקגעקערט קיין גאָסטינין.

די דייטשן האָבן אָבער נישט אָפּגעלאָזט און האָבן ווידער געכאַפּט אידן צו דער אַרבעט. מ׳האָט פאַרנומען מיין טאַטן, מיין פעטער איטשע און מיך. דאָס מאָל האָט מען אונז גוט באַוואַכט אין דער צערקווע, און מיר האָבן זיך דערזען ווי פאַראורטיילטע. עס זיינען געקומען לאַסט־אויטאָס און מענטשן האָבן אָנגעהויבן אַרויפגיין. מיין פעטער איטשע איז אַרויף אויפן אויטאָ — אָבער אים איז געלונגען אַראָפּצושפּרינגען און ער איז נעלם געוואָרן. מיין טאַטע איז אויך אַרויף, און ווען ס׳איז געקומען מיין ריי, האָב איך זיך גע־ווענדט צום דייטש ווילאַנד און אים געבעטן ער זאָל באַפרייען מיין טאַטן — און איך וועל גערן פאָרן אויף זיין אָרט. ער האָט נישט געוואָלט הערן און מיר באַפוילן אויפצושטייגן. כ׳האָב זיך קעגנגעשטעלט. האָט ער מיט דער נאַגייקע מיך גוט אָנגעשלאָגן. אַן איינגעשפּאַרטער האָב איך זיך געהאַלטן ביי ס׳מייניקע — און ער האָט מיר ווידער אַריינגעצײלט שווערע קלעפּ, ביז ער האָט פונדעסטוועגן באַפרייט מיין טאַטן. אַ צעשלאָגענער בין איך ערשט דעמאָלט אַרויף אויפן אויטאָ.

מיטגעפאָרן מיט אונז איז אַ דייטש, וואָס האָט געהאַלטן אַן אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער אין האַנט. ער האָט געוואָרנט צו דערשיסן יעדן, וואָס וועט וואַגן צו אַנטלויפן. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אין צווייטן עק פון אויטאָ. מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן די קאָוואַלסקע גאַס. פאַר דער געטאָ־פאַרצוימונג זיינען געווען פאַרזאַמלט די קרובים פון די פאַרשיקטע, מיט פּעקלעך אין די הענט. עס האָבן זיך צו אונז דערטראָגן געוויינען און געשרייען. איך האָב דערזען מיין מאַמען. אין יענעם מאָמענט האָב איך באַשלאָסן צו אַנטלויפן און אומ־קערן זיך אַהיים. אַז מיר זיינען פאַרביי ראָלניק, בין איך אַראָפּגעשפּרונגען פון אויטאָ און אומבאַמערקט פון דעם דייטש אָנגעהויבן לויפן דורכן פעלד און דערגרייכט דעם געטאָ־צוים. ווען איך האָב זיך דערנענטערט צו אונזער

הויף, האָב איך דערהערט אַ יללה. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז מען האָט אויך פאַרנומען סענדער רינג מיט זיין זון און נאָך איניקע.

איינמאָל האָב איך באַמערקט ביים געטאָ־צוים אידן, וואָס איך האָב נישט געקענט. ס׳איז קלאָר געוואָרן, אַז זיי שטאַמען פון זדונסקע וואָלע. פון זיי האָבן מיר זיך דערוואוסט דעם שוידער וועגן כעלמנאָ. אַ איד איז פון דאָרט אַנטלאָפן און דערציילט זיי דעם גרויליקן אמת וועגן דער דאָזיקער טויט־פאַבריק.

מיר האָבן דערפילט, אַז דער זעלבער ביטערער גורל דערוואַרט אויך אונזער שטעטל. פון אַרבעטס־לאַגער אַמזעע זיינען אַנטלאָפן איניקע מענטשן און האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין גאָסטינינער געטאָ. אין אַ מיטן נאַכט האָט די געסטאַפּאָ געמאַכט אַן אָבלאַווע — מסתמא צוליב אַ מסירה פון געטאָ — און זיי האָבן פאַרנומען די מענטשן און מ׳האָט זיי צוריקגעשיקט אין לאַגער. די בריוו פון די לאַגערן זיינען געווען ביז גאָר טרויעריקע.

אין אַ צייט אַרום האָט מען אָנגעהויבן כאַפּן מיידלעך צו דער אַרבעט, צווישן זיי איז געווען מיין קוזינע דבורה טראַיאַנאָווסקי. איינמאָל, ווען ביי אונז אין שטוב איז מען געזעסן „שבעה״ נאָך מיין זיידן ר׳ אהרן ז״ל, האָבן זיך אַריינגעריסן די נאַציס אין געטאָ און אָנגעהויבן כאַפּן מענטשן צו דער אַרבעט. כמעט האַלב נאַקעט בין איך אַרויסגעלאָפן פון שטוב — און די דייטשן נאָך מיר. מיט מיר זיינען אויך געלאָפן אונזערע שכנים קובא פינ־טשעווסקי און סאַלעק גליקסבערג. אין אַ פאַרמאַכטן הויף האָבן מיר אָנגע־הויבן קלעטערן איבער די דעכער און זיך אויסבאַהאַלטן אויף דער גאַנצער נאַכט. די דייטשן האָבן אונז אויך געזוכט אויף די דעכער, זיי האָבן אונז אָבער נישט אַנטדעקט.

אין יענער נאַכט זיינען די דייטשן געגאַנגען מיט ליסטעס פון שטוב צו שטוב און געשלאָגן מכות־רצח ווען זיי האָבן אָנגעטראָפן. די געוואַלדן פון אַלע זייטן זיינען צו אונז דערגאַנגען. מען האָט דעמאָלט פאַרנומען מיין טאַטן, מיינע פעטערס, איטשע און משה. מען האָט זיי געשלאָגן. אויך מיין מאַמע האָט באַקומען קלעפּ. די פעטערס זיינען פון טראַנספּאָרט אַנטלאָפן, אָבער מיין טאַטן האָב איך שוין מער נישט אָנגעזען. לכתחילה זיינען אָנגע־קומען פון אים בריוו, שפּעטער אָבער האָבן זיי אויפגעהערט אָנצוקומען.

מ׳האָט שוין מער נישט געצוואונגען די אידן זיך צוצושטעלן צו די טראַנספּאָרטן. קיין קאָנין אין לאַגער אַריין איז מען שוין געפאָרן מיטן

איגענעם ווילן... באַזונדערס ווען אין דעם טראַנספּאָרט זיינען אויך גע־
ווען די מיטגלידער פון יודנראַט מיט זייערע קרובים.

דער געטאָ האָט זיך כמעט אויסגעליידיקט פון מענטשן. מיינע ברידער
און אַ היפּשע צאָל פון אונזער גרויסער משפּחה זיינען אויך אַוועק. די בריוו
וואָס זיינען אָנגעקומען פון קאָנין זיינען געווען שרעקלעכע. עס דערמאָנט זיך
מיר אַ בריוו פון מיין ברודער מיכאל, אין וועלכן ער האָט זיך געבעטן מ׳זאָל
אים שיקן עטלעכע רייפּטלעך ברויט...

די רעשטלעך פון דער משפּחה זיינען אַריבער וואוינען אין אונזער שטוב.
די טעג זיינען געלאָפן מיט שרעק פאַר די קליינע רעשטלעך איבערגעבליבענע
אין געטאָ. מיר האָבן געפילט אַז אונזער סוף קומט אָן. עס פלעגן זיך באַ־
וויזן פּאָלאַקן פון דרויסן און אויפקויפן כמעט אומזיסט פאַרשידענע ווערט־
פולע זאַכן. קיין יונגע מענטשן זיינען שוין אין געטאָ נישט געווען. אויב
ס׳איז נאָך יאָ ווער געווען, איז ער געווען אויסבאַהאַלטן. אַזוי בין איך מיט
מיין פעטער איטשע געלעגן אין אַ באַהעלטעניש.

מיר האָבן אָבער דערפילט, אַז אויף לאַנג קען דאָס אַזוי נישט אָנגיין.
האָב איך זיך מיט מיין פעטער געלאָזט אין וועג אַריין און אָנגעקומען קיין
סטשעגאָווע. אין דער היים איז געבליבן מיין מאַמע און מיין קליין ברודערל.
ביטער שווער איז אָנגעקומען דאָס שיידן זיך. אַפילו מיין ברודערל יהושע
האָט אינטואיטיוו דערפילט, אַז מיר זען זיך דאָס לעצטע מאָל...

דאָס לעבן אין סטשעגאָווער געטאָ איז זייער שווער געווען. מיר האָבן
דאָרט געטראָפן אויך גאָסטינינער. ס׳איז נישט געווען וואו צו וואוינען. אַ
ביטערער יקרות האָט געהערשט. דערצו זיינען מיר אַרומגעגאַנגען דער־
שלאָגענע צוליב די קלאַנגען וואָס זיינען צו אונז דערגאַנגען, אַז מען גייט
ליקווידירן דעם געטאָ אין גאָסטינין. יהודה שאטאן איז דאָרט געווען אַרויס־
געמען זיין שוועסטער. צוריקקומענדיק קיין סטשעגאָווע האָט ער דערציילט, אַז
די נאַציס האָבן דורכגעפירט אַ מאַסן־מאָרד אויף אידן און אַז פולע אויטאָס
מיט אידן האָבן זיי טראַנספּאָרטירט קיין כעלמנאָ.

מיר האָבן זיך דערוואוסט, אַז פון קאָנין זיינען אַנטלאָפן די צוויי ברידער
גלאַס. דעם עלטסטן האָבן די דייטשן דערשאָסן ביי דאָברזשין, דער אינגערער
איז אָנגעקומען קיין סטשעגאָווע. מ׳האָט דאָ אויך געכאַפּט צו אַרבעט —
איך בין אויך געווען צווישן די געכאַפּטע. צו מיין גליק האָב איך געאַרבעט

ביי אַ פּאָלאַק, ביי טאָרף. אַנדערע האָבן געאַרבעט אין אַ צוקער־פאַבריק. נאָך דער אַרבעט האָט דער פּאָלאַק אונז צוריקגעשטעלט אין געטאָ. געוואוסט האָבן מיר, אַז עס וועט קומען אויך די ריי אויף סטשעגאָווע.

אין אַ געוויסן טאָג האָבן די דייטשן באַלאַגערט דעם געטאָ און אויסגעשאָסן אַ סך מענטשן. ס'האָט זיך אויך דאָ אָנגעהויבן אַ בהלה און אַ לויפעניש. נישט אַלע אָבער זיינען געלאָפן. איך מיט מיין פעטער איטשע האָבן באַשלאָסן זיך ווידער צו לאָזן אין וועג אַריין. וואוהין? — קיינער האָט נישט געוואוסט. פסח קווינט, וואָס האָט אויך געזאָלט מיטגיין — האָט זיך אין לעצטן מאָמענט צוריקגעהאַלטן; ער האָט אונז מיטגעגעבן געלט און אַ גאָלדן קייטל. איזביצקי האָט אונז אויך געגעבן געלט מיט אַ גאָלדן רינגל. זיי האָבן געוואוסט, אַז מיר זיינען געבליבן אָן אַ גראָשן. קיינמאָל וועל איך נישט פאַרגעסן דעם אויסדרוק אויף זייערע פּנימער אין זייער אָנזאָג: פאַרגעסט אונז נישט, און אויב מיר וועלן נישט דערלעבן די נחמה, זאָלט איר דערציילן וואָס מיט אונז און אונזערע משפּחות איז געשען.

מיר האָבן געזוכט אין דער פינצטערער נאַכט אָן אָרט, וואו מיר זאָלן זיך קענען אַריסגנבענען פון געטאָ — כל־זמן ס'איז פינצטער זאָל מען גיין. איטשע איז געגאַנגען דער ערשטער — איך נאָך אים. פּלוצים, האָבן מיר דערזען אַרום 50 דייטשן מאַרשירן. מיר האָבן זיי אויסגעמיטן און זיך געלאָזט גיין דורך די פעלדער. נישט ווייט פון דאָברזשין האָבן מיר זיך אויפגעהאַלטן עטלעכע טעג ביי אַ פּאָלאַק. ער האָט געוואוסט, אַז מיר זיינען אידן. ער האָט פאָרגעשלאָגן מיך צו שיקן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט אַלס אַ פּאָלאַק. איך האָב מסכים געווען. מיין פעטער האָט זיך מיט מיר געזעגנט און זיך געלאָזט אין דער ריכטונג צו גאָסטינין. באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך קען נישט פאָרן קיין דייטשלאַנד. האָט דער פּאָלאַק געפּרוואוט פאַרשידענע אַנדערע וועגן פאַר מיר — אָבער אָן דערפאָלג. איך האָב דאַן באַשלאָסן צו פּרוואוון מיין מזל. כ'האָב זיך אַוועקגעלאָזט אין דער ריכטונג קיין וואַרשע; אפשר וועל איך נאָך טרעפן דאָרט אידן. ס'איז אָבער געווען אַ ריזיקאַלישער און שווערער וועג, מען האָט געדאַרפט דורכגיין אַ גרענעץ. דעם טייך נאַרעוו, איז מיר געלונגען, מיט דער הילף פון שמוגלערס, דורכצוגיין. זיי האָבן מיך אָנגענומען פאַר אַ פוילישן אינגל. צוזאַמען מיט זיי בין איך איינגעשטיגן אין אַ צוג קיין וואַרשע.

אין וואַגאָן האָבן די גוים געזונגען, געלאַכט און דערציילט אַנעקדאָטן

אויפֿן חשבון פון די אידן. כ׳האָב געמוזט מיטלאַכן. אוי, ווי שווער איז מיר דעמאָלט געווען אויפֿן האַרצן!

אָנקומענדיק קיין וואַרשע, האָב איך זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג פון געטאָ. כ׳האָב דערזען הויכע מויערן. די גאַסן זיינען געווען באַוואַכט פון פוילישע און דייטשע פּאָליציאַנטן. יעדע ווילע האָבן זיי געפּאָדערט פון די פאַרבייגייער דאָקומענטן. מיר האָט אָפּגעגליקט: קיין איין מאָל האָט מען מיך נישט געהייסן זיך לעגיטימירן. נאָך עטלעכע טעג אין וואַרשע, אָן געלט און אָן פּאַפּירן, האָב איך איינגעזען, אַז אין געטאָ אַריין וועל איך זיך נישט אַריינבאַקומען. אַ פאַרצווייפלטער האָב איך גענומען טראַכטן וועגן צוריק פאָרן קיין גאָסטינין. אפשר וועל איך דאָרט אויך געפינען מיין פעטער איטשע, אפשר באַהאַלט ער זיך אויס ביי קריסטן.

ווען איך בין אָנגעקומען מיטן צוג קיין לויוויטש, האָב איך געהערט, אַז עס גייט אָפּ אַ טראַנספּאָרט מיט פוילישע אַרבעטער קיין דייטשלאַנד. כ׳האָב אויך געהערט, אַז מען זוכט אַרום פאַרטרעטער פאַר די וואָס ווילן נישט פאָרן. זיי זיינען אויך גרייט צו באַצאָלן. כ׳האָב אָנגעטראָפן אויף אַ פּאָלאַק, וואָס האָט געזוכט אַ מענטשן, ער זאָל פאָרן פאַר זיין זון. אַוודאי האָב איך מסכים געווען. מיר זיינען אַוועק אין אַרבעטס־אַמט, אויסגעאַרבעט פאַר מיר פּאַפּירן אויף זיין זונס נאָמען — און איך האָב זיך צוגעשטעלט צום טראַנספּאָרט־לאַגער.

די דייטשן האָבן אונז געפירט קיין דייטשלאַנד. אין דעם טראַנספּאָרט האָב איך דערזען אַ פּאָלאַק פון גאָסטינין, וולאַדעק מאַלקאָווסקי. דאָס האַרץ איז מיר צעגאַנגען פון שרעק, אַז ער זאָל מיך נישט דערקענען. אויף די פאַרבייגעפאָרענע באַן־סטאַנציעס אין דייטשלאַנד האָב איך באַמערקט אַרבעטן אידן מיט געלע מגן־דודס אויף די קליידער.

סוף 1942 בין איך אָנגעקומען אַרבעטן אין „פּאָרטאָ וועסטפּ.״ אין דייטשלאַנד. נאָך אָפּאַרבעטן עטלעכע וואָכן אויף דער אייזנבאַן — זיינען מיר איבערגעשיקט געוואָרן קיין „מינדאו וועסטפּ.״ אויף יענער באַן־סטאַנציע האָב איך געאַרבעט אַלע יאָרן פון דער מלחמה. איך האָב דאָרט דורכגעלעבט זייער שווערע צייטן, געשראָקן זיך סיי פאַר די דייטשן און סיי פאַר די פּאָ־לאַקן, זיי זאָלן חלילה נישט אַנטדעקן אַז איך בין אַ איד. נישט איין מאָל האָט מען מיך געפרעגט, הלמאי איך באַקום נישט קיין שום פּאָסט פון ערגעץ, ווי זיי פלעגן קריגן... גאַנץ אָפט האָב איך פון שלאָף שווער געזיפצט און

מיינע לאַגער־חברים, האָבן זיך נאָכגעפרעגט, וואָס אַזוינס געשעט מיט מיר... זעט אויס, אַז ס׳איז זיי נישט איינגעפאַלן, אַז איך בין אַ איד. איך האָב זיך מיט אייניקע פון זיי באַפריינדעט, און זיי האָבן מיר געהאָלפן. ווער ווייסט ווי אַזוי זיי וואָלטן רעאַגירט, ווען זיי דערוויסן זיך, אַז איך בין אַ איד. גאַנץ אָפט האָבן זיי גערעדט וועגן אידן. אין אַזעלכע פאַלן בין איך אַנט־שוויגן געוואָרן, געפונען זיך אַ תירוץ אַרויסצודרייען...

וועגן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ האָב איך זיך דערוואוסט פון די בריוו, וואָס די פאַרשפאַרטע פּאָלאַקן האָבן באַקומען פון זייערע היימען. ווי ביטער איז געווען מיין לאַגע: אַפילו נישט געטאָרט זיך אויסוויינען אויפן גורל פון מיינע קעמפענדיקע ברידער. גאַנץ אומפאַרהאָפט האָב איך אין לאַגער דערקענט אַ גאָסטינינער בריוואטרעגער. ער האָט מיך נישט דערקענט. געוויס האָב איך זיך נישט געלאָזט דערקענען. מיר האָבן גערעדט וועגן קריסטלעכע חגאות, וועגן קלויסטער און וועגן גלח... ער האָט נישט דערקענט, כאָטש ער פלעגט אָפט צו אונז אַריינקומען און דערלאַנגען די פּאָסט.

אַזוי האָב איך אָפּגעלעבט אַ פאַרשטעלט לעבן ביז די אַליאירטע מילי־טערישע כוחות האָבן אונז געפונען צווישן האַנאָווער און דיסלדאָרף. דעם ערשטן איד האָב איך באַגעגנט — אַן ענגלישן זעלנער, וואָס האָט געשטאַמט פון טאַרנאָוו. ער האָט מיט מיר גערעדט פּויליש. אידיש לשון האָב איך געהאַט כמעט פאַרגעסן. די פּאָלאַקן אַרום האָבן זיך געצלמט: זיי האָבן נישט געגלויבט זייערע אויגן, אָט איז אַ איד געווען די גאַנצע צייט צווישן זיי...

ווען כ׳בין נאָך דער מלחמה אָנגעקומען קיין ישראל, האָבן מיר מיינע על־פּי־נס געראַטעוועטע לאַנדסלייט דערציילט, אַז מיין פעטער איטשע האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין גאָסטינין ביי אַ פּאָלאַק, און קורץ פאַרן אַריינמאַרשירן פון דער רויטער אַרמיי, האָבן אים די דייטשע רוצחים דערשאָסן.



אַזוי האָט זיך געראַטעוועט אַ אידיש אינגל. די מוראדיקסטע פאַנטאַזיע וואָלט אַזאַ שוידערלעכע געשיכטע נישט געקענט אויסטראַכטן. אַזוי זיינען איינצלנע ניצול געוואָרן — אין אַנגסטן און אין פיין. אָבער מיליאָנען זיינען אומגעקומען אין בלוט און אין אומגליק.

## אַבֿרהם דאַנציגער (ישׂראל)

# פון יענע פאַרכטיקע יאָרן

די דייטשע אָקופּאַציע אין גאָסטינין איז געווען אַ שוידערהאַפטע. די דייטשן האָבן זיך פאַרנומען צוצונעמען פון די אידן אַלץ — זייער רכוש און זייער לעבן. זיי האָבן עס געמאַכט אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן. כדי צוצורויבן דאָס פאַרמעגן, האָבן זיי געלאָזט נאָך לעבן זייערע קרבנות. זיי האָבן אָפּגענאַרעריש און פאַרפירעריש יעדעס מאָל צוגעזאָגט, אַז די פאַראָרדענונג וואָס זיי האָבן אַרויסגעגעבן איז די לעצטע און נאָך דעם ווי די אידן וועלן זי אויספאָלגן, וועלן שוין מער קיין גזירות נישט אַרויסגעגעבן ווערן. האָבן אידן געגלויבט און אונטערטעניק אויסגעפילט וואָס עס איז באַפוילן געוואָרן, ווייל זיי האָבן טיף אין זייערע נשמות געהאָפט, אַז בייזקייט און שלעכטס מוז פאַרשפּילן, אַז רשעות און אַכזריות מוז ליידן אַ מפּלה און אַז עס וועט קומען דער טאָג, ווען די כוחות פון גערעכטיקייט וועלן זיגן. האָבן אויך די גאָסטינינער אידן געהאָפט, אַז אויב זיי וועלן נאָר איבערלעבן די שווערע צייט, וועלן זיי דער־לעבן צו בעסערע צייטן. דער עיקר — איבערלעבן.

אָבער די דייטשן האָבן ניט נאָר דאָס פאַרמעגן געוואָלט צונעמען ביי די אידן. זיי האָבן געזוכט צוצונעמען אַפילו דאָס, וואָס זיי האָבן נישט פאַר־מאָגט. איין קאָנטריבוציע נאָך דער אַנדערער האָט איבערגעלאָזט די גאָס־טינינער אידן אויסגעליידיקט פון וועלכן עס איז האָב און גוטס. דער „יודענראַט" איז צוריקגעקומען צו די דייטשן, אַז עס איז זיי אוממעגלעך אין געטאָ אויפצומאָנען די ניי־אַרויפגעלייגטע קאָנטריבוציע. זיינען די דייטשן געפאַלן אויף אַן המצאה, צו שיקן אַ דעלעגאַציע פון גאָסטינינער געטאָ קיין וואַרשע, כדי צו געפינען דאָרט מיטלען צו דעקן דעם אומגעהויער גרויסן שטייער.

אַ פאָרשטייערשאַפט פון „יודענראַט" איז אין דער באַגלייטונג פון פאָ־ליציאַנטן אַרויסגעפאָרן קיין וואַרשע. אין דער דעלעגאַציע זיינען געפאָרן מאָטל צאַביער, אָשר צווייבאָם, יעקב זשיכלינסקי, ישׂראל־מאיר רוסאָק און אַבֿרהם דאַנציגער. די גאָסטינינער שלוחים זיינען געקומען מיט אַ סומע פון פינף טויזנט מאַרק.

איך די סומע געלט איז פון די גאָסטינינער אידן צוגענומען געוואָרן. אָבער דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן. גאָסטינין איז אין אַ קורצער צייט שפּעטער געוואָרן „יודענריין"...

# פון געטאָ גאָסטינין — מיטן טראַנספּאָרט אין אַן אַרבעטס-לאַגער

**מ. ברוסטאָווסקי (ישראל)**



מ. ברוסטאָווסקי

אין אַ פרייטיק פון חודש אויגוסט, 1941, האָבן די דייטשן באַפוילן אַז אידן זאָלן זיך צושטעלן צום טראַנספּאָרט אָפּגעשיקט צו ווערן אויף אַרבעט. פאַרשטייט זיך אַז קיין בעלנים זיינעם נישט געווען. פרייוויליק האָט זיך קיינער נישט צוגעשטעלט צום טראַנספּאָרט. האָבן די דייטשן געכאַפּט אידן, כלומרשט, אויף אַרבעט אין פאַרשידענע פּלעצער אין שטאָט. דערנאָך האָבן זיי אַלע אידן קאָנצענטרירט אין דער צערקווע אויף דער קוטנער גאַס. די צאָל מענטשן איז אָבער געווען ווייניק — עס האָט נאָך צוגעפעלט צום טראַנס־פּאָרט. זיינען זיי אַריין אין געטאָ אין גענומען רופן פון דער גאַס און כאַפּן יעדן וואָס איז אונטערגעקומען. אין געטאָ איז געוואָרן אַ פּאַניק. מענטשן זיינען זיך צעלאָפן אין באַהעלטענישן. איך בין מיט אַ גרופּע אידן אַוועק אין וואַלד ביי די סמאָלאַרן. ווען עס איז געוואָרן נאַכט האָבן מיר זיך צוריק אַריינבאַקומען אין געטאָ דורך דער זייט פון קאָשציאָל. אויף יענעם וועג האָבן דעמאָלט געוואוינט די פאַמיליעס אַלבערשטיין, ליבראַק. אַז איך בין אָנגעקומען אַהיים איז שוין געווען שבת. אויפן טיש האָבן שוין געברענט ליכט אָבער אין שטוב האָט געהערשט אַ יללה — מיין ברודער יחיאל־ברוך איז אויך געווען צווישן די פאַרהאַלטענע אָפּגעשיקט צו ווערן מיטן טראַנס־פּאָרט אויף אַרבעט. מיך האָט מען באַלד אויסבאַהאַלטן אין אַ קאַמער.

צומאָרגנס, שבת, האָט מען די אַלע פאַרהאַלטענע אידן אָנגעלאָדן אויף אויטאָס און זיי פאַרבייגעפירט פאַר דער געטאָ. די פאַרבליבענע אידן אין געטאָ, צוקוקנדיק זיך צו דעם טרויעריקן בילד, האָבן אויסגעבראָכן אין אַ ביטער געוויין; זיי האָבן באַוויינט זייערע מענער און די דערוואַקסענע זין,

וואָס ווער ווייסט וואוהין מען פירט זיי און וואָס וועט זיין זייער גורל און זיי האָבן אויך באַווײנט זיך אַליין, האָט מען דאָך אַוועקגענומען פון די היימען זייערע פרנסה־געבער און איינציקע שפייזערס. עס קלינגען נאָך אין מיינע אויערן ביז היינט צו טאָג די פאַרצווייפלטע רייד פון מיין ליבער מוטער: „ווער ווייסט צי איך וועל אייך נאָך זען אין מיין לעבן?״ ליידער האָבן זיך אירע ווערטער באַרעכטיקט — דאָס האַרץ האָט פאָראויסגעפילט די געפאַר.

נאָכן דערווייטערן זיך פון די אויטאָס מיטן טראַנספאָרט אידן איז אין געטאָ שטיל געוואָרן; מענטשן זיינען אַרויס פון די באַהעלטעענישן, האָבנדיק דעם איינדרוק, אַז די דייטשן וועלן שוין צורו לאָזן די פאַרבליבענע דאָרט. אָבער יעדער איינער איז אַרומגעגאַנגען מיט שרעק און מורא אין האַרצן פאַרן גורל פון די אַוועקגעשיקטע.

דער קערפּער פון יצחק קרייצער ז״ל, דערמאָרדעט דורך די נאַציס אין גאָסטינין אין 1943, געבראַכט צו קבר ישראל



שטייענדיק פון רעכטס צו לינקס: אברהם־הערש מאטיל, זיין פרוי, לייביק מאטיל, דאַנציגער, אידע מאטיל, דזשיגאַנסקי, לייביש באגגא, משה גאָלדמאַן, ריבעק מאטיל.

עס זיינען דערנאָך אָנגעקומען בריוו פון די אַרויסגעשיקטע אַרבעטער, אַז זיי געפינען זיך איצט אין אַן אַרבעטס־לאַגער אין פּויזן. זיי אַרבעטן ביי לייגן וואַסער־רערן פאַר דער פירמע „קאָנטינענטאַל". די שטימונג אין געטאָ האָט זיך פאַרבעסערט, ווייל עס איז באַוואוסט געוואָרן, אַז זייערע נאָענטע זיינען אויף אַ באַשטימטן אָרט. זיי האָבן אַרויסגעשריבן אין די בריוו, ווי אַזוי עס איז צוגעגאַנגען זייער רייזע: פון גאָסטינין האָט מען זיי געבראַכט קיין וולאָצלאַוועק, מען האָט זיי דאָרט געפירט אין אַ ספּעציעלער באָד זיך אַרומצואוואַשן — זיי זאָלן בלייבן זויבערע שקלאַפן צו קענען באַדינען דאָס „הערן־פאָלק". פון דאָרט האָט מען זיי מיט דער אייזנבאַן אַוועקגעשיקט נאָך אמזעי — פּויזן.

מיר האָבן שלום געמאַכט מיטן גורל. פאַר אונז, פאַרשפּאַרטע אין געטאָ, האָט אַ טאָג זיך געצויגן ווי אַ יאָר. די צייט האָט זיך, הייסט עס, זייער לאַנג געצויגן. די דייטשע מערדער האָבן זיך ווידער דערמאָנט אַז זיי דאַרפן פרישע קרבנות.

עס האָט זיך איבערגעחזרט די זעלבע זאַך ווי פריער. זיי האָבן ווידער געפאָדערט אַ באַשטימטע צאָל מענער צו דער אַרבעט, און ווי אַ צוגאָב האָבן זיי איצט אויך געפאָדערט פרויען צו דער אַרבעט. אויך איך בין געווען צווישן די מענער. עס איז פאַר יעדן איינעם געווען קלאָר, אַז אויך אונז וועט טרעפן דער זעלבער גורל ווי מיטן ערשטן טראַנספּאָרט, וואָס מען האָט פאַרשיקט קיין אמזעי. אין צוויי גרופּן האָט מען אונז געפירט, צוערשט מענער און דערנאָך פרויען. צוערשט האָט מען אונז מענער אַרויסגעפירט פון געטאָ־טויער און דערנאָך די פרויען. אַריינקומענדיק אין מאַרק האָבן מיר דערהערט געוואַלדן. די פרויען האָבן זיך געכאַפּט, אַז מען גייט זיי מיטשיקן מיטן טראַנספּאָרט. עס איז געוואָרן אַ געלויף אויף אַלע זייטן — אויפן פּלאַץ איז נישט געבליבן קיין איין פרוי.

מיר, מענער, זיינען אָבער מער באַוואַכט געוואָרן פון אַלע זייטן. מען האָט אונז אַריינגעפירט אין צערקווע. צוויי שעה זיינען מיר דאָרט געווען. דאַן האָט מען אונז אָנגעלאָדן אויף לאַסט־אויטאָס. אויפן מאַרק־פּלאַץ האָבן די קרובים אַרויסגעברענגט פאַר די אַרויסגעשיקטע פּעקלעך מיט וועש, קליי־דונג און עסנוואַרג.

עס איז פאַר אונז אָנגעקומען שווער דער וועג פון גאָסטינין קיין וולאָצ־לאַוועק. עטלעכע אידן זיינען אַראָפּגעשרונגען פון די לאַסט־אויטאָס און

פאַרשוואונדן געוואָרן אין די אַרומיקע וועלדער. צווישן זיי איז געווען יצחק קרייצער. ווען מיר זיינען אָנגעקומען אויפן אָרט אין אמזעי איז שוין געווען נאַכט. מיר האָבן געטראָפן די מענטשן, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן מיטן ערשטן טראַנספּאָרט, ווען זיי זיינען אַלע צוריקגעקומען פון דער אַרבעט. איך האָב באַמערקט פון דערווייטן מיין ברודער. איינער צום צווייטן האָט קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט, ווי מיר וואָלטן פאַרשטיינערט געוואָרן. עס האָט זיך פּאַר אונז באַוויזן איינער פון די לאַגער־עלטסטע, וואָס האָט אונז באַקאַנט געמאַכט מיטן רעזשים פון לאַגער.

אויף האַרטע ברעטער האָבן מיר זיך געלייגט שלאָפן, אָבער איידער מיר זיינען איינגעשלאָפן פון אַזוי פיל איבערלעבונגען, האָט אונז שוין די לאַגער־וואַך געוועקט אויפצושטיין. דעם ערשטן טאָג האָט מען נאָך אונז נישט געשיקט צו דער אַרבעט. ערשט אויף צומאָרגנס זיינען געקומען די פירער פון דער פירמע, בראש מיטן באַקאַנטן סאַדיסט, הוגאָ באַש, און אונז רעגיס־טרירט. די פאַמיליע־נעמען אונזערע האָבן פאַר זיי נישט עקזיסטירט. מיר האָבן פאַרגעשטעלט מיט זיך נומערן: 1, 2, 3 א.אַ.וו. איינער פון די פאַר־שרייבער האָט צו אונז אַ זאָג געטאָן: מענטשן האָבן נעמען, איך וועל מיר דאַרפן געדענקען לויט די נומערן. איר זענט קיין מענטשן ניט...

מיר האָבן זיך געזען דערשלאָגן און פאַרצווייפלט און אין אַזאַ מערכה האָט מען אונז געפירט צוצוגרייטן די אַרבעטס־כלים. מיר זיינען געווען 50 מאַן פון גאָסטינין. מיר האָבן באַדאַרפט לייגן וואַסער־רערן פון דער אָזערע גאָפּלאָ ביז אינאָוראָצלאַוו — 15 קילאָמעטער די לענג.

צוערשט האָבן מיר געגראָבן גראָבנס 60 סענטימעטער טיף. נישט יע־דערער פון אונז איז געווען אַזוי פיזיש שטאַרק צו קענען בייקומען די אַרבעט; געווען אַזעלכע וואָס זיינען צוריקגעשטאַנען — האָבן די מער שטאַרקערע צוגעהאָלפן אַרויסצוזענדיקן די אָנגעצייכנטע אַרבעט.

דאָס עסן איז באַשטאַנען פון 300 גראַם ברויט אַ טאָג מיט אַ ליטער זופּ — געקאָכטע וואַסער מיט נישט־געשיילטע קאַרטאָפל. מיר זיינען צוריקגע־קומען פון דער אַרבעט אינגאַנצן געפּרוירענע און צעבראָכענע. נישט גיין צו דער אַרבעט איז געווען אַ פאַרברעכן. אין גרעסטן פיבער זיינען מיר געצוואונגען געווען צו פאַרלאָזן דעם לאַגער און גיין צו דער אַרבעט. נישט ווייניק מענטשן זיינען אויפן אַרבעטס־פּלאַץ געשטאָרבן. ווען מיר האָבן פאַרלאָזט די אַרבעט, זיינען מיר געווען פאַרבלוטיקט, אויסגעטאָרעט אין

בלאָטע. קיין וואַסער אויף אַרומצואוואַשן זיך איז נישט געווען. דאָס אָנ־טועכץ איז אויף אונז צעריסן געוואָרן. מיר זיינען געווען זייער טיף דערשלאָגן. עס האָט זיך געבענקט נאָך אַ בר־יוול פון דערהיים, און וועלכן מיר האָבן געוואָלט געפינען אַ טרייסט אין אונזער צעבראָכענעם לעבן. — אָבער אין גאָסטינין איז אויך נישט פיל בעסער געווען. מען האָט פון דאָרט די פרויען אויך אַרויסגעשיקט אין אַ צווייטן לאַגער.

נאָך מער דערשלאָגן זיינען מיר געוואָרן, ווען אין לאַגער האָט זיך באַוויזן אַ קאָמיסיע פון די נאַציס, וואָס האָט קאָנטראָלירט די צאָל פון געזונטע און נישט־געזונטע אַרבעטער. עס זיינען צווישן אונז געווען אַזעלכע נאַאיווע, וואָס האָבן זיך איינגערעדט, אַז די קראַנקע מענטשן וועלן געשיקט ווערן קיין גאָסטינין צו דערהאָלן זיך. דער אמת איז געווען, אַז אַלע קראַנקע אַרבעטער זיינען געשיקט געוואָרן אין שטראָף־לאַגער „בלאניע" — און דאָרט זיינען זיי דערשאָסן געוואָרן. ווען די דאָזיקע טרויעריקע ידיעה איז דער־גאַנגען צו אונז אין לאַגער, זיינען מיר געשטאַנען פאַר דעם געדאַנק, צו אַנטלויפן פון דעם לאַגער פאַר יעדן פּרייז.


שמואליק מאָטיל

# דער אויפשטאַנד אין קאָנינער לאַגער

שמאוליק בן־ציון מאָטיל (ישראל)

שבת־שובה פון יאָר 1939, איז אַ טראַגישע דאַטע אין לוח פון גאָס־טינינער אידן. אין יענעם פאָרכטיקן טאָג, האָבן אַריינמאַרשירט אין שטעטל די האָרדעס פון די דייטשע אָקופּאַנטן, האָבן פאַרנומען גאָסטינין און אידיש לעבן האָט זיך מיט איינמאָל אַ וואַקל געטאָן. וואָס איז געוואָרן מיטן פאַר־שידנאַרטיקן אידנטום פון גאָסטינין. אויפגעהערט האָבן אַלע אונטערשידן צווישן דער יוגנט. שטיל און אויסגעלאָשן איז געוואָרן דער העפטיקער פאַרטיי־קאַמף. מיט איינמאָל האָט זיך די קאַטאַסטראָפע אָוועקגעלייגט אויף יעדן איד באַזונדער. דאָס טאָג־טעגלעכע אידישע לעבן אין גאָסטינין איז געוואָרן אַ שקלאַפן־לעבן. דער מענטש האָט פאַרלוירן דעם צלם־אלוקים. אָפט האָט איין שכן פאַרראַטן דעם אַנדערן. איין ברודער האָט פון אַנדערן דאָס שטיקל ברויט פון מויל אַוועקגענומען בכדי צו ראַטעווען זיך אַליין — און שפּעטער האָט ער געטיילט דעם זעלבן גורל פון אַ מאַרטירער.

פונדעסטוועגן איז אין אָנהויב פון דער דאָזיקער שווערער תקופה דאָס לעבן אָנגעגאַנגען מיטן אַלטן איינגעפונדעוועטן שטייגער. זעט אויס, אַז אין גאָסטינין זיינען די באַדינגונגען געווען פיל לייכטערע. וואָרום עס זיינען אָנגע־קומען אין שטאָט אַריין צענדליקער פּליטים פון אַנדערע שטעט און געזוכט דאָ איבערצולעבן די שווערע מלחמה־יאָרן. און געטראַכט האָט מען, אַז מיט אַלע מלחמה־דערשיטערונגען, וועט מען קענען ווי עס איז אַדורכלעבן. אָט איז מיין פאָטער נפטר געוואָרן 25 טעג אין אדר ב׳ אויף זיין אייגענעם בעט און איז געברענגט געוואָרן צו קבורה. קיינעם איז דאָך נישט איינגעפאַלן אַנדערש ווי אָפּצוהיטן דעם אַלט־איינגעפונדעוועטן נוסח. אין פאַרלויף פון אַ

נאַנץ יאָר האָט מען ביי אונז אין שטוב געדאַוונט. אַוודאי איז עמעצער תמיד גע־שטאַנען פאַרן הויז אויף דער וואַך אָפּצוהיטן אַז קיין נאַצי זאָל נישט אָנקומען.

די גאָסטינינער יוגנט האָט צוזאַמען מיט דעם אַלעם געפילט, אַז דער דייטש גרייט צו אַ גרויזאַמען מאָרד. זי האָט זיך נישט געקענט אָריענטירן אין אַלע פּרטים פון דעם מערדערישן פּלאַן. האָט זי דאָך נישט געהאַט קיין ציטונגען, קיין ראַדיאָ. אָבער אינסטינקט־ווי האָט זי זיך באַצויגן מיט אַ־מ־צוטרוי צו יעדן דייטשן פאַרהוך און צו יעדן דייטש. די יוגנט האָט זיך צונויפגעטראָפן גאַנץ אָפט. נישט זעלטן זיינען פאָרגעקומען טרעפונגען מיט די פוילישע ראַדיקאַלע קרייזן, וואָס האָבן געטראַכט וועגן ווידערשטאַנד.

דרך אַגב, איז יצחק צוקערמאַן (אַנטעק), אייניקע מאָל געווען אין גאָס־טינין אַלס שליח פון „החלוץ הצעיר", און איך בין אַפילו געווען מיט אים אויף אייניקע זיצונגען. קען זיין אַז די שטילע טרעפונגען און פאָרבאַרייטונגען, וואָס האָבן אין גאָסטינין גופא אין ערגעץ נישט געפירט, האָבן אָנגעצונדן דעם פונק פון רעוואָלט, וואָס האָט שפּעטער איפּגעפלאַקערט אין דעם לאַגער אין קאָנין. איך וויל דעריבער דערציילן דאָ, וועגן אַן אויפשטאַנד, וועגן אונ־טערצינדן אַ לאַגער, וואָס איז באַוואַכט געווען פון עס־עס־לייט. דאָרט אין דעם לאַגער פון קאָנין, האָבן אונזערע בראַווע קינדער פון גאָסטינין און גאָמבין אַרויסגעוויזן העלדישקייט. מיט ציטער פון קדושה אין ערפורכט דערמאָן איך די נעמען פון אַברהם זייף, פון פיליפּ, פון אַברהם טאַבאַטשניק, פון געצל קליינוט און קאַמלאַזש, הי"ד. אָט די עטלעכע גאָסטינינער אידן האָבן אָרגאַניזירט דעם אויפשטאַנד און אונטערגעצונדן דעם עס־עס־לאַגער.



מיין גאַנצן לעבן וועט מיך באַגלייטן דער בלוטיקער קאָשמאַר פון יענער געשעעניש. די געסטאַפּאָ איז אַלאַרמירט געוואָרן צו דער פייערדיקער בהלה. נאָכדעם ווי די פייערלעשער האָבן איינגעלאָשן די שריפה, זיינען מיר, על־פּי נס לעבנגעבליבענע, אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַ שטאַרקער וואַך. די דייטשן האָבן באַפוילן צוזאַמענצושלעפּן אַלע טויטע, פאַרברענטע און אויפגעהאָנגע־נע פון לאַגער — אין מיך און נאָך אַן עלטערן איד פון גאָמבין געהייסן אונטערזוכן די מתים (דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן, ווי איך האָב זיך מתעסק געווען מיט אַ טויטן). צופעליק איז דער ערשטער טויטער קערפּער געווען פון מיינעם אַ יוגנט־חבר, שלמה מיכאלסקי; מיין

ברודער האָט אים אַליין אַרונטערגענומען פון דער שטריק, אויסבאַהאַלטנדיק די שטריק פאַר זיך, צום אויפצוהענגען זיך — אַזאַ זעלבסטמאָרד־פּסיכאָז האָט אונז אַלעמען אַרומגענומען אין יענעם טאָג. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז צו פרי האָבן מיר אים אַרונטערגענומען פון שטריק, ווייל ער האָט נאָך געלעבט, און אַן עס־עס־מאַן האָט אים דערנאָך אַריינגעשאָסן אַ קויל אין אויג. — בין איך איצט צוגעגאַנגען צום טויטן, און מאָדנע... טראָץ דעם אַלעמען וואָס ער איז שוין געווען געהאָנגען, געשאָסן — און דערצו איז ער פון שטענ־דיק אָן געווען אַ שוואַכער בחור — האָט ער צו מיין גרויס שרעק און דער־שטוינונג געעפנט דאָס אַנדערע אויג און מיך דערקענט... איך האָב נישט געקענט איבערלעבן דעם ווייטיק. איך בין צוגעגאַנגען צום געסטאַפּאָ־מאַן און געבעטן ער זאָל מיך דערשיסן. ווי תמיד, האָט ער אונזערע בקשות נישט דערפילט.

איך בין ווייטער געבליבן לעבן — — —

דער בלוטיקער געשפּענס פון די שווערע טעג אין קאָנינער לאַגער גייט מיר נאָך ווי אַ שאָטן אומעטום, וואו איך קער זיך און וואו איך ווענד זיך.

⁂

נאָך צוויי יאָר פון געמאַטערטן לעבן אין געטאָ גאָסטינין, האָט מען אונז 850 אַרבעטס־פּעאיקע מענער פון גאָסטינינער פּאָוויאַט אַרויסגעשיקט אין לאַגער פון קאָנין, וואוהין מיר זיינען אָנגעקומען דעם 15טן מאַרץ, 1942.

די געסטאַפּאָ האָט אונז שוין אָפּגעגעוואַרט אויפן וואָקזאַל אין קאָנין, און באַלד האָבן זיי אונז געגעבן צו שפּירן זייער ברוטאַליטעט. אויפגענומען האָט מען אונז מיט שרעקלעכע מכות־רצח. דער לאַגער איז נאָך נישט געווען אינגאַנצן אויסגעפּערטיקט. וואַסער איז נישט געווען און געשלאָפן זיינען מיר אויף דער ערד. אין די ערשטע צוויי טעג האָט מען אונז בכלל נישט געגעבן צו עסן. זייענדיק באַלד דעם ערשטן טאָג אויף דער „באַו־שטעלע״ האָבן מיר שוין פאָראויסגעזען אונזער טרויעריקע „צוקונפט״. מיר האָבן באַדאַרפט בויען אַ באַן־ליניע. יענדעצקי, דער שעף פון דער אָסט־דייטשער פירמע, האָט אונז געוויזן ווי אַזוי מיר דאַרפן אַרבעטן. ער האָט געהייסן טראָגן אַ רעלס אַזוי פיל מענטשן, אַז יעדער איינער האָט קוים געקענט שטעלן אַ טראָט. און אַז עמעצער איז געפאַלן אין גאַנג, האָט אַזאַ איינער שוין מער זיך נישט אויפ־

געהויבן אַ גאַנצער. די עס־עס־לייט האָבן שוין געזאָרגט פאַר דעם. פון די קלעפּ זיינען יעדן טאָג געפאַלן טויטע און פאַרוואונדעטע.

אויפן דריטן טאָג זיינען נאָך צוגעקומען 150 אידן פון יאַקשיצער לאַגער. מיר זיינען שוין געווען אַן ערך ביי טויזנט מאַן. אין עטלעכע וואָכן אַרום זיינען צוגעקומען נאָך אידן פון פּאָדזעביץ. די געסטאַפּאָ האָט באַקומען אַן אָפּיציעלן באַפעל צו מאָרדן אידן. ווינטער אין די פרעסט האָט מען אונז געהייסן זיך אויסטאָן און שטיין שעה׳ן־לאַנג אינדרויסן. אונזער עסן איז באַשטאַנען אינדערפרי פון 250 גראַם שוואַרץ ברויט מיט שוואַרצע ביטערע קאַווע. אַכט אַזייגער ביינאַכט איז געווען דער „מיטאָג״ — אַביסל הייסע וואַסער מיט ברוקעוו — און מער גאָרנישט.

פאַרשטייט זיך אַז אַזאַ „דערנערונג״ האָט זיך באַלד אָפּגערופן אױף אונזער געזונט. מענטשן זיינען געפאַלן פון הונגער; ביי יעדן איינעם זיינען די פיס געשוואָלן געוואָרן. די קראַנקען־פלעגער האָבן אונז גאָרנישט געקענט העלפן. דערפאַר אָבער האָט זיך שוין די געסטאַפּאָ אַן עצה געגעבן מיט אונז. די „זאָנדער קאָמאַנדאָ״ איז געווען אַן אָפטער גאַסט ביי אונז. ווער עס איז פאַרבליבן ליגן קראַנק אין לאַגער איז באַלד טראַנספּאָרטירט געוואָרן נאָך כעלמנאָ — אַ פאַרטיליקונגס־לאַגער, וואו צענדליקער טויזנטער אידן פון דער קויאַווער און אַרומיקער געגנט זיינען אומגעקומען על־קידוש־השם. פיל פון זיי האָבן געפּרואווט אַנטלויפן, אָבער דער גרעסטער טייל איז געכאַפּט געוואָרן. דער איד האָט קיין ווערט נישט געהאַט. פאַר אַ קלייניקייט האָט מען באַלד דעם „פאַרשולדיקטן״ געהאָנגען.

דאָס עסן האָט זיך אַלץ מער פאַרערגערט. ווינטער זיינען מענטשן דער־פראָרן געוואָרן אין די באַראַקן. אין 14 חדשים אַרום זיינען אין לאַגער פאַרבליבן בלויז 60 אידן. פריער האָט מען פון דאַנען אַוועקגעשיקט 150 מאַן אין אַ לאַגער ביי לאָדזש. די 60 פאַרבליבענע אידן זיינען געווען פאַכ־לייט און זייערע באַדינגונגען זיינען פיל בעסער געוואָרן. דעמאָלט זיינען צו אונז דערגאַנגען ידיעות וועגן די קרעמאַטאָריעס אין אוישוויץ. פון די פוילישע אייזנבאַן־אַרבעטער האָבן מיר זיך אויך דערוואוסט וועגן דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד. דער דאָזיקער אַקט פון אידישער גבורה האָט אונז ביז גאָר דערמוטיקט.

דעם 7טן אויגוסט 1943, איז ווידער אַריינגעפאָרן צו אונז די טאַקסע פון געסטאַפּאָ — און מיר האָבן באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָ וועט ווידער פאַר־

קומען אַ „סעלעקציע״. מיר האָבן גוט געוואוסט מיט וואָס דאָס שמעקט: דאָס האָט ווידעראַמאָל געמיינט עינויים, ליידן און טויט. האָבן מיר אַלע באַשלאָסן זיך נישט צו לאָזן פירן ווי די שאָף צו דער שחיטה, און פאַר דער לעצטער ברירה, ווען עס וועט פאַר אונז קלאָר ווערן, אַז דער סוף דער־נעענטערט זיך און אַז מיר וועלן דאַרפן גיין על קידוש־השם — זאָל מיט אונז צוזאַמען אויך אַוועק מיטן פייער דער לאַגער.

דעם 9טן אויגוסט איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד. טאָבאַטשינסקי און קליינוט פון גאָסטינין און קאַמלאַזש פון גאָמבין האָבן די ערשטע אונ־טערגעצונדן די שאָפּעס מיט קוילן — און אַליין זיך אויפגעהאָנגען אין ברע־נענדיקן פייער. אין הויפּט־באַראַק האָבן נאָכדעם זיך אויפגעהאָנגען זייף פון גאָסטינין און פיליפּ פון גאָמבין. דעם זעלביקן גורל האָבן אויף זיך אויך גענומען ניסינאָוויץ און שלמה מיכאלסקי פון גאָסטינין, אויך דער דאָקטאָר קראָפּף, אַ איד פון דייטשלאַנד.

די טראַגישע געשעעניש האָט געמאַכט אַ געוואַלטיקן רושם אין שטאָט. מיר, די צופעליק־איבערגעבליבענע ביים לעבן, זיינען מיט געבויגענע קעפּ געשטאַנען פאַר אונזערע העלדן, וואָס האָבן נישט געלאָזט פאַרשעמען דעם נאָמען איד. נאָך צוויי וואָכן פון פּיין און ליידן, זיינען די רעשט פאַרבליבענע פאַרשיקט געוואָרן נאָך אוישוויץ.



אַברהם זייף

# טראַגישער דאָקומענט פון קאָנינער לאַגער

## (צוואה פון אברהם זייף ע"ה)

**דער דאָקומענט געפינט זיך איצט אין די אַרכיוון פון קיבוץ לוחמי הגיטאות אין מדינת ישראל.**

**מיר ברענגען דאָ אַ פאַקסימיליע פון אַ טייל פון דעם דאָזיקן דאָקומענט. — רעד.**



דער אונטן־געבראַכטער דאָקומענט איז דער לעצטער וואונטש פון אברהם זייף, הי"ד. אַברהם זייף האָט אין זיין יוגנט געלערנט אין דער גאָסטינינער גימנאַזיע און שפּעטער געוואָרן אַ גאָס־טינינער איידעם. אַ צייט לאַנג האָט ער געלעבט אין דאַנציג, וואו ער האָט אָנגעפירט מיט אַ ברייט־פאַרצווייגטער ציוניסטישער טעטיקייט.

מיט דעם אויסברוך פון קריג איז אברהם זייף אַריבערגעפאָרן מיט זיין משפחה קיין גאָסטינין. וועגן זיין טע־טיקייט אין דעם גאָסטינינער געטאָ ווערט דערציילט אין אַ ריי אַרטיקלען אין „פנקס". ער איז גענומען געוואָרן פון די דייטשן אין דעם אַרבעטס־לאַגער אין קאָנין. ער ווערט אין געוויסע אַרבעטן, פאַרעפנטלעכט אין „פנקס", געלויבט פאַר זיין אויסעראָרדנטלעכער איבערגעגעבנקייט צו זיינע מיטחברים אין לאַגער.

זיין „לעצטן וואונטש", וואָס מיר פאַרעפנטלעכן דאָ, האָט אברהם זייף געשריבן אַ טאָג פאַרן אויפשטאַנד אין לאַגער. ער האָט אים איבערגעגעבן צו אַ פּאָלאַק, וואָס האָט דאָרט געאַר־בעט, און נאָך דער מלחמה איז דער דאָקעמנט איבערגעשיקט געוואָרן צו זיין שוועגערין קיין ארץ־ישראל.

קאָנין, דעם 43. 8. 12

מיין לעצטער וואונטש:

איך בעט מודיע צו זיין: 1) מיין ברודער עזריאל זייף, גימנאַזיאַל־פּראָפעסאָר אין תל־אביב, 2) מיין שוועסטער מרים (מאַרילא), פאַרהייראַט מיט היינריך בלאָך אין ירושלים, 3) מיין שוועגערין ד״ר צעלינא שטאטער, געבוירענע מאטיל, צאָהן־ערצטין אין חיפה.

מיינע זייער ליבע:

איך וויל, אַז איר זאָלט וויסן ווי אַזוי איך מיט מיין פאַמיליע זיינען מיר אומגעקומען: דעם 9טן מערץ, 1942 בין איך אַרויסגעריסן געוואָרן פון דער היים און פאַרשיקט געוואָרן דאָ אַהער צוזאַמען מיט אַנדערע גאָסטינינער אין אַרבעטס־לאַגער, וואו מער ווי אַ העלפט איז צום טויט געפייניקט געוואָרן ביי דער אַרבעט, אַ סך זיינען דערשאָסן געוואָרן פאַר וועלן זיך נעמען אַ פּאָר קאַרטאָפל, אָדער עפּעס ענלעכעס.

אין דער נאַכט פון 17־16טן אַפּריל, 1942 איז מיין ליבע פרוי מיניאַ מיט דער קליי־נער 4־יאָריקער אילנה־נעמי און מיין שוויגער־מוטער סאליא מאטיל ביינאַכט, צוזאַמען מיט דעם גאַנצן אידישן ישוב אין גאָסטינין אַוועקגעפירט געוואָרן צום טויט. מיר ווייסן נאָר, אַז געפירט האָט מען זיי קיין קראשניעוויץ און פון דאָרט, זיינען מיר משער, זיינען זיי געפירט געוואָרן קיין כעלמנאָ צו דער שחיטה נישט ווייט פון קויל.

איך האָב מער פון זיי נישט געהערט. מיינע טייערע קינדערלעך עמנואל און שולמית זיינען אין טאָג פון ווישעדלעניע אַנטלאָפן פון גאָסטינין און אָנגעקומען צו דוד׳ן מיט רבקה׳ן קיין וואַרשע. דער שוויגער־פאָטער נאָטע מאטיל איז געווען אין וואַרשע. גע־שטאָרבן דעם 41. 11. 4.

סוף יולי, 1942 האָט זיך דאָס אומגליק אָנגעהויבן אין וואַרשע. רבקה איז אַוועק־געכאַפּט געוואָרן צום טויט דעם 42. 8. 6. דעם (43) 1. 19 איז דוד געוואָרן אַוועקגעכאַפּט. עס איז אים אָבער געלונגען צו אַנטלויפן און נאָך דריי טאָג צוריקגעקומען אין געטאָ קיין וואַרשע. ער האָט דאַן, וועלנדיק ראַטעווען מיינע ליבע קינדער, אַוועקגעגעבן זיי צו אַ פּאָלאַק, וואו זיי האָבן געלעבט ביז יולי, 1943. דוד אַליין איז אין מערץ, 1943 אַרויס פון געטאָ און זיך אויסבאַהאַלטן. זיין לעצטער בריוו צו מיר איז געווען אָנהויב מאַי. ער האָט מיר דאַן מיט אַלע איינצלהייטן איבערגעגעבן דעם העלדישן קאַמף פון אונזערע ברידער אין וואַרשע, וועלכע זיינען אומגעקומען אין פסח, 1943.

דעם 43. 7. 14 האָב איך פלוצלונג באַקומען פון מיינע קינדער אַ ידיעה, אַז זיי געפי־נען זיך אין אַ האָטעל אין וואַרשע צוזאַמען מיט אויסלענדער און זיי זאָלן בקרוב אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל. צוזאַמען מיט זיי איז געווען בינעם מאטיל מיט זיין פרוי און טאשא ברעסלער. דאַן איז דעם 43. 7. 16 אָנגעקומען די לעצטע פּאָסטקאַרט פון מיין געליבטער טאָכטער שולמית (זוליאַ). זי שרייבט פון פראַקפורט אַן דער אָדער אַז זי פאָרט קיין בערלין. מיט מיין זון איז זי צעשדייט געוואָרן. זי שרייבט, אַז עמנואל זאָל קומען מיט

דעם צווייטן טראַנספּאָרט. זייט דעמאָלט האָב איך פון זיי קיין שום ידיעות נישט. ווער ווייס צי זי לעבט. אויב די ווערטער וועלן זיי נאָכאַמאָל לעזן, טאָ זאָלן זיי וויסן, אַז ביז צום לעצטן אויגנבליק האָב איך גאָר געלעבט פאַר זיי.

דאָ אין לאַגער זיינען מיר פון 687 מאַן געבליבן נאָר 60. אונזער גורל איז גע׳חתמ׳עט. מאָרגן פרי זאָלן די געסטאַפּאָ־לייט קומען נאָך אונז כדי צו פירן אונז צום טויט.

מיר האָבן באַשלאָסן אונזער לעבן טייער צו פאַרקויפן, אַלעס צו פאַרברענען און צו באַגיין זעלבסטמאָרד.

ארץ אל תכסי דמי!

הרב יהושע־משה אַראָנסאָן (ישראל)

# כ ע ל מ נ א

אין נאָוועמבער 1941, איז אַריינגעקומען צו מיר אין דעם סאַניקער געטאָ, ישכר קאָהנס זון פון גאָסטינין. ער איז געווען אַ רעליגיעזער בחור, זייער אַ טיכטיקער, ר׳האָט געפירט מסחרים צווישן די פאַרשידענע געטאָס, געפאָרן אָן דערלויבעניש, אָן דער געלער לאַטע און אָן דעם „יודן־שטערן". צוליב אָט די אָפטע נסיעות האָט ער געהאַט ערשט־האַנטיקע אינפאָרמאַציע איבער אַלע גזירות אין רייך און אין פראָטעקטאָראַט. פון אים האָב איך זיך דערוואוסט וועגן אַלץ וואָס קומט פאָר אין אַנדערע געטאָס.

בסודי־סודות האָט ער מיר דערציילט, אַז אין כעלמנאָ, נעבן קויל (אויף דייטש קולמהאָף און אויף פויליש — קאָלאָ) האָבן די דייטשן איינגעאָרדנט אַ גרויס שלאַכט־הויז, וואָס זיי האָבן פאַרמאַסקירט ווי אַ באָד־אַנשטאַלט. זינט ערב יום־כיפור 1940 — האָט ער דערציילט — ווערן דאָרט פאַרניכטעט אידי־שע נפשות אין אַ גרויסן פאַרנעם אויפן ברוטאַלסטן אופן. ער האָט אויסגערעכנט צענדליקער קהילות וואָס זיינען שוין דאָרט אומגעקומען. יעדער געטאָ באַקומט מיט עטלעכע וואָכן פריער אַן אויפפאָדערונג, איינצוצאָלן צו 2 אָדער צו 4 מאַרק קאָפּ שטייער, כלומרשט אויף איינשפּריצונגען; אין דער ווירקלעכקייט איז דאָס געלט באַשטימט צו דעקן די הוצאות פון דער פאַרניכטונגס־אָפּעראַציע פון דעם באַטרעפנדיקן געטאָ.

עס פּאַסירט אָפט, אַז אין כעלמנאָ איז אַלצדינג איבערפולט, דעמאָלט פאַרשפּאַרט מען די קרבנות אויף עטלעכע טעג אין קוילער בית־המדרש, ביז ס׳קומט זייער ריי.

קאָהן האָט מיר אויך איבערגעגעבן, אַז נאָך פאַר דער כעלמנער תקופה, האָבן די דייטשן אַ סך אידן פאַרניכטעט אין דער קאַרזשמערסקע־וועלדער.

די אַלע ידיעות האָבן, פאַרשטענדלעך, געמאַכט אַ שוידערלעכן איינדרוק. פונדעסטוועגן האָט זיך ערגעץ וואו פאַרגנבעט אין באַוואוסטזיין אַ מין צווייפל: קען דאָס טאַקע מעגלעך זיין?

אינמיטן יאַנואַר 1942 איז געוואָרן באַשטעטיקט די ריכטיקייט פון

אָט די אַלע דערציילונגען און ס׳איז באַקאַנט און געלייזט געוואָרן דאָס רע־טעניש: וואוהין ווערן געשיקט די טראַנספּאָרטן?

אַ געוויסער קוילער איד, מיכל פּאָדכלעבניק, וואָס ביז דעם אויס־ברוך פון קריג האָט ער געוואוינט אין בוגאַי, אַ דאָרף אין קוילער קרייז, האָט איבערגעגעבן דאָס פאָלגענדיקע:

דעם 9טן יאַנואַר 1942, זיינען געקומען קיין בוגאַי די געסטאַפּאָ־לייט און פאַרלאַנגט 15 שטאַרקע מענער אויף צו אַרבייטן עטלעכע טעג; מיט אָט דער גרופּע, איז אויך ער — פּאָדכלעבניק — גענומען געוואָרן. אויך פון איזביץ־קויאַווסק האָבן זיי מיטגענומען 15 מאַן. צומאָרגנס, האָט מען זיי איבערגעפירט אין אַן אויטאָ קיין כעלמנאָ, אַ גרויסער הויף, צווישן קויל און דאָמביע. דאָרט האָט מען די דרייסיק מאַן אַריינגעשליידערט אין אַ קעלער. דאָס איז פאָרגעקומען אין אַ שבתדיקן טאָג.

אויף די ווענט פון קעלער האָבן זיי באַמערקט פאַרשידענע אויפשריפטן, ווי צום ביישפּיל: „אידן! זייט וויסן, אַז קיינער קומט פון דאַנען נישט אַרויס קיין לעבעדיקער!" א. אַ. וו. זיי האָבן גלייך פאַרשטאַנען, אַז זיי געפינען זיך אין גיהנום. שפּעטער האָבן זיי דערהערט, אַז אויך אין אַ צווייטן קעלער איז פאַרשפּאַרט אַ גרופּע אידן, און זיי האָבן דורך דער וואַנט מיט זיי אָנ־געבונדן אַ קאָנטאַקט. פון די פאַרבינדונגען האָבן זיי זיך דערוואוסט פּינקטלעך וואָס ס׳קומט דאָ פאָר. זונטיק אַ גאַנצן טאָג איז געווען שטיל. צומאָרגנס, מאָנטיק אין דערפרי, האָט מען פון זיי אַרויסגענומען 20 מאַן. די אַנדערע 10 האָט מען ווייטער איבערגעלאָזט אין קעלער. ער — פּאָדכלעבניק — איז געווען צווישן די 10 געבליבענע אין קעלער.

פּאָדכלעבניק האָט ווייטער דערציילט: „פון צייט צו צייט האָבן מיר געהערט אַ גערויש פון אַן אָנקומענדיקן אויטאָ. די געסטאַפּאָ־לייט זיינען באַפאַלן די אָנקומענדיקע מיט ווילדע געשרייען: „שנעלער! לאָוס, שנעלער!" מיר האָבן געהערט טריט פון באָרוועסע פיס, באַלד דערנאָך געוואַלדן ביז צום הימל: „שמע ישראל", יאָמערלעכע, באַנומענע, משונהדיקע קולות. אַזוי פלעגט דויערן דער שוידערלעכער גערוּנגל אַרום אַ 10 מינוט, און דאַן האָט זיך אַ טויט־שטילקייט צעלייגט אַרום און אַרום.

„יעדעס מאָל נאָכן שרייענדיקן טומל, קומט צו אונז אַראָפּ די „זאָנדער קאָמאַנדע" פון דער געסטאַפּאָ, און נעמט אונז אַרויף פון קעלער מיט אַ ווילדן געיעג און מיר דערזען פאַר זיך אַ מוראדיק בילד:

„אין אַ גרויסן זאַל זיינען פאַנאַנדערגעוואָרפן פאַרשידענע קליידער; מלבושים פון מענער, פרויען און קינדער, אונטער־ און אויבער־וועש. די געסטאַפּאָ פלעגט אונז באַפעלן ווי אַמשנעלסטן איבערטראָגן אַלץ אין אַ דער־בייאיקן נאָך גרעסערן זאַל. דאָרט טרעפן מיר אומצייילבאַרע מענגעס פון קליי־דונג, וועש, שוכוואַרג א.אַ.וו., אַלעס צוזאַמענגעמישט. ווען מיר האָבן געענדיקט אונזער אַרבעט אויסצוליידיקן דאָס ערשטע צימער און פאַרווישן אַלע שפורן, האָט מען אונז צוריקגעשיקט אין קעלער. אַזוי איז פאָרגעקומען עטלעכע מאָל טעגלעך״.

צומאָרגנס, דינסטיק, זיינען די אַנדערע געבליבן אין קעלער, און אים — פאָדכלעבניקן — האָבן די געסטאַפּאָ־לייט איבערגעפירט אונטער גאָר אַ שטאַרקער שמירה אין אַן אויטאָ. אָפּפאָרנדיק בערך אַ צען מינוט פון כעלמנאָ, האָט זיך דער אויטאָ אָפּגעשטעלט אין דערבייאיקן וועלדל. דאָרט זיינען געווען אויסגעגראָבן גאַנץ גרויסע קברים, משופּעדיק, ברייט אויבן און שמאָל אונטן. בערך יעדע האַלבע שעה איז אָנגעקומען דער אויטאָ מיט די קרבנות. ס׳האָט אים שוין דערוואַרטעט אַ „זאָנדער קאָמאַנדע״ פון די קעלער־אידן, וועלכע האָבן גלייך געעפנט די טירן פון אויטאָ, פון וועלכן ס׳איז אַרויס אַ לייכטער שוואַרצלעכער רויך. ווען דער אויטאָ האָט זיך דורכ־געלופטערט, האָבן זיי אַרונטערגענומען נאָך וואַרעמע, כמעט נאַקעטע קער־פּערס פון פרישע קרבנות. מען האָט די קערפּערס אויסגעלייגט אויף דער ערד. עס זיינען צוגעגאַנגען די געסטאַפּאָניקעס מיט צוואַנגען אין די הענט, און דורכמאַרשירט צווישן די טויטע שורות פון די נאַר־וואָס דערוואָרגענע. יעדן קערפּער האָבן זיי גרינטלעך אונטערזוכט און וואָס זיי האָבן געפונען האָבן זיי צוגענומען. זיי האָבן אויך אויסגעריסן די ציינער פון די מיילער פון די קדושים. נאָך דער דאָזיקער שענדלעכער פּראָצעדור אין ברוטאַלן רויב, איז צוגעקומען אַ צווייטע גרופּע פון די קעלער־אידן און אַראָפּגעוואָרפן די קערפּערס אין גרוב. דאָרט איז שוין געשטאַנען אַ דריטע גרופּע אידן, וואָס האָט די קרבנות פאַרשאָטן.

אין צווישן פלעגט דער אויטאָ צוריקפאָרן קיין כעלמנא כדי צו ברענגען פרישע קרבנות. אַזוי האָט זיך דאָס איבערגעחזרט דעם גאַנצן טאָג. פאַרנאַכט האָבן זיי צוגעדעקט דעם גרוב מיט אַ דינע שיכט ערד, און מ׳האָט די קעלער־אידן צוריקגעפירט אין כעלמנער קעלער.

דעם 17טן אַפּריל 1942 זיינען אויסגעזידלט געוואָרן קיין כעלמנא די אידן

פון גאָסטינין און פון גאָמבין; דעם 18טן אַפּריל פון זעלביקן יאָר זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן אַהין אויך די אידן פון סאַניק.

***

דאָס אויבנגעבראַכטע האָב איך פאַרצייכנט אין 1942 אין מיין טאָג־בוך, בשעת איך בין געווען אין קאָנינער לאַגער.

איך וויל אָבער פאַרצייכענען נאָך איין עפּיזאָד פון דער בלוטיקער געשיכטע פון יענער אומגליקלעכער צייט:

סוף 1941, ווען די אידן פון אונזער געגנט זיינען נאָך געווען אין זייערע שטעטלעך, האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז אין בענדין־סאָסנאָוויץ געפינט זיך אַ „יודענעלטסטער", מאָניק מערין, און פירט אָן מיט די געטאָס פון מזרחדיקן אויבער־שלעזיען. ס'זיינען צו אונז דערגאַנגען ידיעות, אַז דער דאָזיקער מערין פאַרמאָגט אַן אייזערנעם בריוו פון הימלערן אַליין און אַז ער איז זייער אָנגעזען ביי די דייטשן.

ס'איז אויפגעקומען דער געדאַנק, אַז מען זאָל זיך ווענדן צו מאָניק מערין און דערציילן אים דעם שוידער וועגן כעלמנאָ, אפשר וועט ער זיין ביכולת צו העלפן. עס האָט זיך אַרויסגעלאָזט אַ דעלעגאַציע קיין סאָסנאָוויץ אונטער דער פירונג פון אַברהם זייף פון דאַנציג, וואָס האָט לעצטנס, ווי אַ גאָסטינינער איידעם, געוואוינט אין גאָסטינין. נאָך גרויסע שוועריקייטן איז די דעלעגאַציע אָנגעקומען קיין זאגלעמביע און זיך געטראָפן מיט מערינען, איבערגעבנדיק אים וועגן דעם, אַז טויזנטער אידן ווערן פאַרניכטעט אין כעלמנאָ. מערין האָט דערקלערט, אַז ער ווייסט גאָרנישט וועגן דעם. ער ווייסט יאָ, אַז אין אוישוויץ ווערן פאַרניכטעט פאַרברעכער. ער האָט מיט די גאָסטינינער פאַר־שטייער צופיל נישט גערעדט; ער האָט זיי איבערגעוויזן צו זיין סעקרעטאַרין, וועלכע האָט גערופן אַ ראַט־זיצונג אויסצוהערן די געשיכטע וועגן כעלמנאָ.

די דעלעגאַציע איז געווען זייער אַנטוישט פון איר באַזוך אין סאָסנאָוויץ. מערין האָט אויף זיי געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ געסטאַפּאָוויעץ. ער האָט זיי געראָטן צו אָרגאַניזירן אַרבעטס־שאָפּן, וואַרשטאַטן פאַר דעם דייטשן מי־ליטער, כדי זיך נוצלעך מאַכן פאַר דער דייטשער קריגס־מאַשין און אַזוי אַרום ניצול ווערן.

# ג אָ ס ט י נ י ן

**מאיר גאָסטינסקי**



מאיר גאָסטינסקי

## וועגן און שטעגן

האָבן אין שטעטל גאָסטינין געפירט.
אויף יענע וועגן און שטעגן
האָט אַמאָל עפּעס מיט אונז פּאַסירט.

פרימאָרגנס האָבן מיר אין בית-המדרש פאַרברענגט,
ניט ווייט פון דאָרט — די ווינט-מיל,
נאָך איר האָבן מיר אַלע אַזוי געבענקט.
— אַ שטעג געפירט האָט צום הויכן באַרג —
אַהין מיר יונגוואַרג טאַנצן געגאַנגען.
פאָרלעך האָבן דאָרט ליבעס געפירט,
אָנגעפילט די לופט מיט געזאַנגען.

גאָסטינין, אַ שטעטל מיט אידן אַלערליי:
שוסטער, שניידער, אידן פון פּראַצע,
און אידן נגידים, אידן סוחרים.
דער דאָרף-גייער, משה לובלינער —
אויפגעשטאַנען מיט השכמה, אין בית-מדרש געגאַנגען
און באַלד נאָך שחרית — אַוועק אין דאָרף.
נאָפט און פאָדעם די פויערים פאַרקויפט,
דערפאַר קאַרטאָפל מיט אייער

אַהיים געבראַכט פּרנסה
מיט אַ פּאָר אָפּגעריבענע מטבעות.
און אייזיק דער פּאַקן־טרעגער —
זיין גבורה איז געווען אָן אַ שיעור.
פאַר אַ זעקסער געטראָגן אַ פּאַק,
וואָס ס׳וואָלט גענומען אַנדערע פיר . . .

דער שמש, מיכאל בער:
די באָרד אין צוויי העלפטן צעשפּרייט.
אַ איד אַ ברען, געלאָפן אַהין־און־אַהער,
מיט קאַפּאָטע צעפלאַטערט, צעפּראַלט און ברייט.
געווען איז ער אין עצבות, ווען אַ קינד איז געבוירן,
און די געבורט־שיין איז געגאַנגען פאַרלוירן.
און אָט איז ער אויפן באַלעמער:
ער פאַרקויפט עליות.
אַ קלאַפּ אין טיש:
צוויי גילדוינעס פאַר שלישי.
ער זוכט צווישן עולם:
אַ מיוחס פאַר שישי . . .

דער שוחט, מיין פעטער בנימין,
אַ וואויל־לערנער, סאַמאָראָדנער יחוס.
מיט דרך־ארץ און גרויסקייט דערמאָנט תמיד
דעם שעראדזער רב — זיין זיידע.
און דער שוחט דער צווייטער —
דער חזן ר׳ יעקב מילער,
באַליבט אין שטעטל.
זיין הויכע שטימע וואַרעם האָט געקלונגען.
אַלע ליב געהאַט האָבן זיין תפילה.
זיין דאַווענען פאַרכאַפּן פלעגט
עולמס האַרץ און מוח:
„חזן, חזן, אַ יישר־כוח!“

דערציילט האָבן אידן זיך אין שטעטל:
מיין עלטער־זיידע, דער שעראדזער רב,
איז פריער אַ רב געווען אין אונזער שטעטל.
האָבן זיך צו אים קלאַנגען דערטראָגן:
אַ מחלוקה גייט־אָן צוליב אים.
האָט ער זיך אָפּגערופן:
„מיין רבנות וויל איך נישט קויפן
אַפילו מיט מיין תורה.
איך וועל בעסער פון דאַנען אַנטלויפן.
פאַר מחלוקתן האָב איך מורא״.

און איבער אַלין און אַלעמען
האָט זיך געשפּרייט דער גייסט
פון דעם רבין, דעם גאָסטינינער.
באַקאַנט אין דער וועלט
ווי דער תהלים־איד.
טאַטעס פלעגן נאָכזאָגן דעם רבינס וואָרט:
„יעדער קען ווערן אַ גוטער איד
דורך אייגענע מעשים טובים״.

אַזוי האָבן אידן אין אונזער שטעטל געלעבט,
משנים קדמוניות.
יעדער אין זיין וועלטל
האָט זיינע חלומות געוועבט...

***

וועגן און שטעגן,
האָבן פון שטעטל גאָסטינין געפירט:
אויף אָט די וועגן און שטעגן
האָט מען צו שחיטה אַלע נאָענטסטע געפירט...

יוסף קעללער

# אַן אַסיפה אויפן אַלטן בית-עולם

דער גאָסטינינער בית־עולם האָט זיך געצויגן פון דער בוך ביז נאָענט צום קוטנער שאָסיי. די בוך, וועלכע איז געפלאָסן איבער דער לענג פון דער שטאָט פון צפון צו דרום, איז געלעגן פיל ווייטער צום מערב ווי דער קוטנער שאָסיי, אַזוי, אַז דער שטח פונעם בית־עולם האָט אויסגעזען צו זיין אַ גרויסער.

גאָר נאָענט צום וואַסער איז געווען דער אַלטער בית־עולם מיט אַלטע קברים איינגעפאַלענע, מצבות איינגעבויגענע, מיט אויפשריפטן אָפּגעריבענע. ס׳איז כמעט אוממעגלעך געווען איבערצולייענען די נעמען פון די פּה־נקבר׳ס, און דערפאַר טאַקע איז דער אַלטער בית־עולם זעלטן ווען באַזוכט געוואָרן.

אויף דעם נייעם בית־עולם, וואָס האָט זיך געפונען נעענטער צום קוטנער שאָסיי, זיינען כמעט שטענדיק געווען באַזוכער: מ׳איז געקומען אויף קבר אָבות, מ׳איז געגאַנגען באַזוכן די קברים פון קרובים, ס׳איז אויך געווען אַ מנהג אינעם שטעטל, אַז אויב ס׳האָט ווער חתונה געמאַכט אַ זון אָדער אַ טאָכטער, פלעגן די מחותנים אַרויסגיין אויפן גוטן אָרט מודיע זיין די נאָענטע פאַרשטאָרבענע קרובים וועגן דער חתונה. מ׳פלעגט אינעם שטעטל זאָגן, אַז דאָס גייט מען פאַרבעטן די פאַרשטאָרבענע קרובים צו דער חתונה.

דעם גאַנצן חודש אלול, פאַר די ימים־נוראים, פלעגט כמעט יעדער איינער פון שטאָט גיין אויפן בית־עולם. היינט ווער שמועסט ווען ס׳איז אונ־טערגעקומען כ״א שבט, דער טאָג פון דער יאָרצייט פונעם גרויסן גאָסטינינער צדיק, ר׳ יחיאל מאיר זצ״ל, איז דער גאָסטינינער בית־עולם געווען גאָר שטאַרק באַזוכט, נישט נאָר פון די גאָסטינינער תושבים, נאָר אויך פון אידן פון פיל אַרומיקע שטעט. דעם גאַנצן טאָג האָבן מענטשן געשטראָמט צום בית־עולם, וואו ס׳האָט זיך געפונען דעם רבינס אוהל.

אַזוי איז דאָס דער בית־עולם קיינמאָל נישט פאַרוויסט געוואָרן, וואָרום ס׳זיינען דאָרט כמעט שטענדיק צווישן די קאַלטע שטיינערנע מצבות געווען לעבעדיקע מענטשן.

אָבער פּלוצלונג האָט זיך איבער פּוילן אַ שוואַרצער וואָלקן פאַרצויגן. עס האָט זיך דערנענטערט דער שרעקלעכער חורבן־היטלער. די משחיתים האָבן פון גאָסטינין אַרויסגעפירט די גאַנצע אידישע עדה און זי אין די גאַז־קאַמערן, אין די קאַלכאויוונס אומגעבראַכט. אַזוי זיינען די אידישע שטעט חרוב געוואָרן, אַפילו די בית־עלמינס זיינען פאַרוויסט און פאַרלאָזט געוואָרן.

אַז עס זיינען אַוועק טעג, וואָכן און חדשים, און די שטילקייט און פאַרוויסטקייט אויף דעם בית־עולם האָט אָנגעהאַלטן, פּשוט ווייל ס׳זיינען אינעם שטעטל נישט איבערגעבליבן קיין אידן, וואָס זאָלן גיין אויף די קברים, האָט די שטילקייט צעשטערט די רו פון די נפטרים. ס׳איז זיי געוואָרן קשה, פאַרוואָס די שטאָט האָט זיי פאַרלאָזט און פאַרגעסן. ס׳האָט זיי אויסגעפעלט דאָס געוויין פון די יתומים, וועלכע פלעגן קומען אויף קבר־אָבות, ס׳האָט זיי אויסגעפעלט דער אומעטיק־טרויעריקער ניגון, מיט וועלכן מ׳האָט אויף די קברים אויסגעוויינט דעם „אל מלא רחמים״. די געשטאָרבענע האָבן דעריבער גערופן אַן אַסיפה אויפן אַלטן בית־עולם, צו באַטראַכטן דעם מצב און אויסגעפינען די סיבה פון דער שרעקלעכער טויט־שטילקייט.

ס׳איז געווען נאָך האַלבער נאַכט, די פעלדער און די אַרומיקע בערג זיינען געלעגן אין פינצטערניש פאַרהילט, און די שטילקייט האָט געהערשט, נאָר פונעם אַלטן בית־עולם האָט זיך אַ ווייסער פּאַס געצויגן, אַ ווייסקייט, וואָס האָט זיך דורך דער פינצטערניש דורכגעריסן. דאָס זיינען געווען די נפטרים אין זייערע קיטלען און טליתים און אויך פון די ווייסע איינגעבויגענע מצבות, וועלכע האָבן טיילווייז די קברים פאַרדעקט. דאָרט, צווישן די קברים, האָבן זיך די נפטרים צו דער אַסיפה פאַרזאַמלט.

אינעם סאַמע צענטער פון בית־עולם איז געשטאַנען אַ ווייס־באַדעקטער טיש, אַרום וועלכן ס׳זיינען אויסגעזעצט געווען די פּני פון דער קהילה קדושה, גאָסטינין.

פון אויבן אָן איז געזעסן ר׳ לייבוש ליפשיץ, אַ זון פונעם גאָסטינינער צדיק, ר׳ יחיאל מאיר זצ״ל, אינעם ווייסן קיטל מיט דער זילבערנער עטרה האָט ער אויסגעזען, ווי ער וואָלט געשטאַנען ביים עמוד ערב יום־כיפּור פאַרנאַכט בעת ער זאָגט דעם „על דעת המקום ועל דעת הקהל״. רעכטס פון ר׳ לייבוש איז געזעסן דער גרייז־גראָער ר׳ שמואל וואָלף פינטשעווסקי, דער גאָסטינינער דיין, מיט זיין ערנסטן פּנים, וואָס האָט דערמאָנט זיין סליחות

זאָגן, בעת ער האָט מיט זיינע לעצטע כוחות און מיט זיין ציטערדיקער שטימע אויסגעזונגען דעם „הנשמה לך והגוף שלך".

פון דער אַנדערער זייט ביים טיש איז געזעסן ר' יעקל אַלבערשטיין, אַן איידעם פונעם גאָסטינינער צדיק ז"ל, אַ למדן, אַ בעל־הוראה, וואָס האָט אָבער זיין חיונה געצויגן פון האַנדל. אויך ער האָט געטראָגן אויף זיין קאָפּ אַ ווייסע סאַטינענע יאַרמעלקע און אונטער די אויערן זיינען געווען פאַר־שטעקט זיינע לאַנגע געקרייזלטע פּאות, און דער ערנסט אויף זיין פּנים איז געווען דער בעסטער עדות, אַז ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ גאָר וויכטיקן ענין.

ס'זיינען אויך ביים טיש געזעסן דער אַלטער תלמיד־חכם, ר' שמואל יוסף באגנא, וואָס האָט שטענדיק עוסק געווען אין לערנען; דער שוואַרצער פישל (ציוויע), אַ שאַרפער קאָפּ און אויך אַביסל געכאַפּט אין השכלה; און אויך דער אַלטער אַברהם יצחק לאָמזער, מיט דער ברייטער באָרד, וואָס האָט פאַרדעקט אַ היפּשן טייל פון זיין פּנים, און די לאַנגע ברעמען, וואָס האָבן אַראָפּגעוואָקסן אין די אויגן אַריין. אַברהם יצחק לאָמזער איז געווען דער גאָסטינינער בעל־תוקע פונעם בית־המדרש, אַ בעל־תוקע וואָס האָט בשום אופן נישט געקענט באַוויזן אַרויסצובלאָזן אַ תקיעה אָן פגימות.

ס'זיינען אַרום טיש געזעסן מערערע אידן מיט ערנסטע פּנימער, אָבער דער גרעסטער עולם איז געשטאַנען אַרום טיש און געוואַרט.

אַביסל ווייטער פונעם טיש זיינען געווען פאַרזאַמלט די ווייבער. זיי זיינען אַלע אויסגעזעצט געוואָרן אויף די איינגעפאַלענע קברים. זייער אָפּ־געזונדערטקייט האָט דערמאָנט אין דער שטאָטישער עזרת־נשים. אַזוי אָפּ־געזונדערט זיינען זיי געזעסן און שאָקלענדיק זיך ווי אין אַ תפילה, האָבן זיי געקרעכצט און געזיפצט. אַנדערע זיינען זיך פאַרגאַנגען אין אַ פאַרשטיקטן טרויעריקן יאָמער, און נאָך אַנדערע האָבן זיך צעוויינט אויפן קול און דאָס וויינען האָט די נאַכט צוריקגעבראַכט אַ ווידערקול פון די בערג.

תחילת איז געווען חידושדיק, וואָס דער גאַנצער עולם איז געווען אַזוי שטיל, אָבער לויט די אָנגעשטרענגטע בליקן — צום נייעם בית עולם — פון אַלע אָנוועזנדיקע, איז קענטיק געווען, אַז דער עולם וואַרט אויף עפּעס גאָר וויכטיקעס וואָס דאַרף פון יענער זייט קומען.

און אָט איז ר' יעקל אַלבערשטיין מודיע, אַז די שלוחים קערן זיך אום פון זייער שליחות.

פון וויטן האָט זיך געזען אָנקומען ר' ישראל איטשע קעללער ע"ה,

דער גבאי־ראשון פון דער חברה־קדישא, אַ גרויסער למדן מיט אַ געזונטן חוש אויך פאַר וועלטלעכע ענינים. צו ישראל איטשעס וואָרט האָט מען זיך אין שטאָט גאָר שטאַרק צוגעהערט, און דערפאַר איז ער אָפט אויסגע־קליבן געוואָרן פאַר אַ בורר אין פאַרפּלאָנטערטע ענינים. ער איז אויך געווען אַ שטענדיקער יוצא־ונכנס ביים גאָסטינינער צדיק, זכרונו לברכה.

ר׳ ישראל איטשע מיט נאָך דריי חשובע חברה־קדישא־לייט זיינען אויס־געקליבן געוואָרן פון דער אַסיפה, צוצוגיין צום רבינס אוהל, אויפן נייעם בית־עולם, און אויסצוגעפינען פונעם צדיק — אויב ער וועט זיי מגלה סוד זיין — די סיבה פאַרוואָס קיינער קומט מער נישט צו קבר־אָבות, און וואָס איז עפּעס מיטאַמאָל געוואָרן אויס חתונות און אויס לוויות. איז שוין טאַקע מקויים געוואָרן דער בלע המות לנצח?...

אָט צו דער שליחות איז דאָס געגאַנגען ישראל איטשע מיט די אַנדערע דריי חברה־לייט, שמואל קליינבאַרד, יעקב מענדל קעללער, אַ זון פון ישראל איטשען, און מענדל איכל גאָסטינסקי.

שמואל קליינבארד איז אַלע מאָל געווען אַ שווערער איד, האָט זיך שטענ־דיק אָנגעלענט אויף זיין שטעקן, וואָס האָט אים תמיד אויף שריט און טריט באַגלייט. ער האָט קיינמאָל נישט געאיילט, „וואָרים״, פלעגט ער זאָגן, „וואָס איז זיך פאַראַן דאָ וואָס צו איילן, דער מת וועט דען אַנטלויפן?״

יעקב מענדל, וואָס איז געגאַנגען אינעם טאַטנס דרכים, נאָר אַביסל אויף אַ מער מאָדערנעם שטייגער, איז געווען באַקאַנט אין שטאָט מיט זיין זויבערער הלבשה. אַזוי ווי זיין פאָטער איז אויך יעקב מענדל געווען גאָר שטאַרק אָנגעזען ביי קהל, און שפּעטער איבערגענומען דאָס גבאות פון דער חברה־קדישא. ער איז אויך אָפט געווען דער מליץ־יושר פאַר קהל, צו דער שטאָטישער נאַטשאַלסטוואָ, פון וועלכער ער איז געווען שטאַרק רעספּעק־טירט.

מינדל איכל איז געווען אַ חסידישער, אָפּגעהיטענער איד. זיין אָפּשטאַם איז געווען פון דורי־דורות רבנים און למדנים. ער איז געווען באַוואוסט אין שטאָט פאַר אַ גרויסן מדקדק בכשרות. מען פלעגט אים רופן „דער עסיק־מאַכער״, ווייל עסיק איז געווען אַ טייל פון זיין פּרנסה. ער האָט אויך געמאַכט דעם יין־גפן, וועלכן די גאַנצע שטאָט האָט גענוצט פאַר קידוש שבתים און ימים־טובים, און איז געווען אַן עוסק בצרכי ציבור.

אָט די פיר שלוחים האָבן זיך יעצט אומגעקערט פון זייער שליחות, צום הייליקן גאָסטינינער צדיק.

די שטימונג איז געווען אַ געדריקטע, אַן אָנגעשטרענגטע. אַלע האָבן געוואַרט צו הערן וואָס די שלוחים האָבן צו דערציילן. אָבער דער ראש השלוחים ר׳ ישראל איטשע, אַ מענטש וועלכן ס׳האָט קיינמאָל קיין לשון נישט אויסגעפעלט, איז צוגעקומען צום טיש מיט אַ צוזאַמענגעקנייטשטן שטערן און מיט פאַרביסענע ליפּן, וועלכע האָבן זיך צום ריידן נישט געעפנט.

נאָך אַ קורצער ווײַלע, האָט דער עולם אָנגעהויבן צו ווערן אומגעדולדיק. די שלוחים האָבן ענדלעך אויסגעזאָגט דעם גרויזאַמען און טרויעריקן סוד, אַז זיי האָבן דעם גאַנצן בית־עולם אַדורכגעזיפּט, אין דער לענג און אין דער ברייט, אָבער זיי האָבן דעם רבינס אוהל נישט געפונען.

די שרעקלעכע נייעס וועגן דעם פאַרשוואונדן ווערן פון דעם רבינס אוהל האָט ווי אַ דונער די פאַרזאַמלטע געטראָפן, און אַלע האָבן דערפילט, אַז עפּעס שוידערלעכס איז דאָ געשען, וואָרים אויב ס׳האָט געקענט פאַרשווינדן דער אוהל פונעם צדיק׳ס מקום־מנוחה, טאָ ווער קען שוין טראַכטן, וואָס ס׳איז געשען מיט די יתומים און מיט דער גאַנצער גאָסטינינער קהילה ?

אַלעמענס פּנימער האָבן אויסגעדריקט צער און טרויער. ס׳איז געווען קענטיק, אַז דער עולם האָט פלוצלונג דערפילט, אַז גאָסטינין האָט איבער־געלעבט אַ גרויסן חורבן. אַלע זיינען געווען פאַרשטיינערט שטיל, בלויז פון דער זייט פון די פרויען האָט זיך געהערט אַ זיפצן און כליפּען.

אָבער באַלד האָט זיך אויפגעשטעלט דער גרייז־גראָער דיין ר׳ שמואל וואָלף, פאַרהילט אין זיין טלית. בלויז די דאַרע הענט האָבן זיך אַרויסגעזען, אויסגעשטרעקט צום הימל און מיט אַ ציטערדיקן קול האָט ער מיט זיינע לעצטע כוחות אויסגעשריגן: „אשא עיני אל ההרים, מאַין יבוא עזרי״, פון וואַנען, אוי ווי, וועט קומען אונזער הילף ? — — — באַלד איז ער צוזאַמענ־געבראָכן אין אַ געוויין און מיט אים האָט באַלד דער גאַנצער עולם מיט־געקלאָגט.

אַ שטאַרקער ווינט האָט זיך פלוצלונג מיט אַ מוראדיקער פייפערייַ צעבלאָזן, די אַרומיקע ביימער מיט די צווייגן האָבן זיך רוישנדיק צעוויגט, פון די בערג האָט זיך אַ געדיכטער וואָלקן שטויב דערטראָגן, אין דער לופט האָט זיך אַ מין וואָיען געהערט, ס׳האָט אויסגעזען ווי אַלץ אַרום — די בערג, די ביימער, די קברים און די מצבות מיט דער גאַנצער אַסיפה

האָבן זיך אין איין גרויסן קנויל צוזאַמענגעמישט, און ווערן פונעם ווינט געיאָגט און געטראָגן. און איבער דעם גאַנצן געפייף פונעם ווינט, האָט זיך דערהערט פון יענער זייט באַרג אַ שטאַרקער ווידערקול. די שטימע איז געוואָרן שטאַרקער און קלאָרער, און פונעם געררויש האָט זיך דערהערט דער אויסרוף: „מתים טהורים, וואָס רעשט איר און שטורעמט דאָרט? וואָס זענט איר אַזוי דערצאָרנט אויף אייערע יתומים? וואָסערע תרעומות האָט איר אויף דער גאָסטינינער קהילה? ווייסט איר דען נישט, אַז אייערע קינדער, אייערע ברידער און שוועסטער, די גאַנצע גאָסטינינער קהילה, זיינען פון די דייטשע רוצחים אומגעבראַכט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן און קאַלכ־אויוונס פון פּורעניותדיקע פּוילישע שטעט און זיינען אַפילו צו קבר־ישראל נישט געקומען?" — — —

„קוקט אַריבער איבער די בערג צו מערב, און איר וועט זען דעם געדיכטן שטאַרקן רויך וואָס טראָגט זיך פון די בערג אַש. אָט יענע בערג אַש זיינען דאָס איבערבלייב פון די מיליאָנען אידישע קדושים, און דאָרט, צווישן די מיליאָנען, געפינען זיך אויך די קדושים פון גאָסטינין".

„אָט דער שוואַרצער וואָלקן רויך וועט זיך תמיד ציען צו די הימלען ווי אַ זכר־עולם, אַז אַ גאַנצע אידישע וועלט איז אומגעבראַכט געוואָרן".

נאָך בושעוועט דער ווינט, נאָך רוישן די ביימער און די צווייגן, אָבער פון די בערג הערט זיך נישט מער דער בת־קול. די פינסטערניש איז מיט־אַמאָל געדיכטער געוואָרן. ס'איז פאַרשוואונדן דער ווייסער פלעק פונעם אַלטן בית־עולם, אַפילו די מצבות זיינען פון דער פינסטערניש שוואַרץ געוואָרן. פון די נפטרים איז קיין צייכן נישט געבליבן.

געענדיקט איז די אַסיפה, און שטיל ליגט דער בית־עולם צווישן דער בוך און דעם קוטנער שאָסיי, און ווידער וועט דער בית־עולם זיין פאַר־וויסט און פאַרלאָזן, וואָרים ס'איז נישט געבליבן קיינער אין גאָסטינין, וואָס זאָל קומען אויף קבר־אָבות...



הערשל שטערן

# הנרות הללו קודש הם . . .

ה. שטערן (ישראל)

ר׳ ישעיה האָט אויפגעפּנט די שויבן שאַנק אַרויסצונעמען דעם חנוכה־לייכטער. אַ ווײַלע איז ער שטיין געבליבן מיט דרך־ארץ, ווי פאַר אַ גרויסן מיוחס.

דער חנוכה־לייכטער, וואָס האָט אַ גאַנץ יאָר מיט גאווה אַרויסגעקוקט פונעם שויבן־שענקל, איז געווען דער שטאָלץ פון ר׳ ישעיה׳ן. דאָס איז געווען זיין יחוס־בריוו, ווייל דער חנוכה־לייכטער איז צו אים איבערגעגאַנגען בירושה פון זיין זיידן, דעם גרויסן צדיק ר׳ יחיאל, זכרונו לברכה. איינער פון זיינע חסידים האָבן, ספּעציעל פאַרן רביך, מיט ריינע מחשבות און ריינע הענט אויסגעשמידט דעם לייכטער פון כסף טהור.

חסידים האָבן דערציילט, אַז ווען דער גרויסער צדיק האָט, מיט ניגון און כוונה, אָנגעצונדן די חנוכה־ליכט, האָט די שכינה גערוט אויף אים און זיין הייליק געזיכט האָט געשטראַלט, אַז מ׳האָט נישט געקענט אַריינקוקן אין אים ווי מ׳קען ניט אַריינקוקן אין דער זון. און אין די פלעמעלעך פון שמן־זית האָט ער געזען, ממש בחוש געזען, די הייליקע חשמונאים, די אידישע גיבורים, צעפלאַמטע פון כעס און האַס קעגן די יוונים, וואָס האָבן אַריינגע־דרונגען אין הייליקן לאַנד און מטמא געווען גאָטס היכל.

ער האָט געזען, ווי אָנגעטאָן אין כוח פון מסירת־נפש, האָבן זיך די אידישע גיבורים געוואָרפן אין פייער פון קאַמף פאַר קדושה וטהרה פון אי־דישן לאַנד און אידישן כבוד ; ער האָט געזען דאָס געהיימניספולע קריגעלע אייל, וואָס די חשמונאים האָבן מיט ציטערנדיקע הענט אַנטדעקט אין אַ ווינקעלע פון בית־המקדש.

אויף זיין געזיכט האָט מען דערקענט, ווי ער לעבט־מיט אינגאַנצן מיט דעם פריידיקן ציטער פון די חשמונאים בעתן געפינען דאָס הייליקע קריגעלע אייל מיטן חותם פונעם כהן־גדול.

דער צדיק פלעגט דאַן צונויפציען זיינע לאַנגע ברעמען, פאַרמאַכן די פלאָם־פייערדיקע אויגן און זאָגן פאַר דעם גרויסן עולם, וואָס איז געשטאַנען צונויפגעדרענגט אַרום אים:

— דאָס קריגעלע אייל, דאָס איז דער לעצטער רעזערוו פון כוח און קדושה, וואָס השם יתברך, כביכול, באַהאַלט פאַר זיין פאָלק ישראל אין שווערע צייטן, רחמנא ליצלן. ווען ישראלס מנורה צאַנקט שוין, האַלט, חלילה,ביים אויסגיין; ווען די נשמה פון פאָלק פאַלט, זינקט אין אַ תהום פון טומאה און ס׳דראָט, חלילה, אונטערגאַנג, כליה, נעמט השם יתברך אַרויס דעם לעצטן רעזערוו פון קדושה און איז מטהר זיין פאָלק און פאָלק ישראל קערט זיך ווידער צוריק צו זיין שורש.

— ווען שונאים שאַרפן זייערע ווילדע ציינער אויפן שוואַכן שעפעלע ישראל; ווען די גאַנצע מאָס אַכזריות, וואָס געפינט זיך צווישן די פעלקער, גיסט זיך אויס אויפן קאָפּ פון ישראל; ווען עם ישראל איז פאַרצווייפלט און שטייט שוין, חלילה, אָט, אָט, ביים ראַנד פון אונטערגאַנג — דעמאָלט באַקומט השם יתברך רחמנות אויף זיינע קינדער, וואָס ראַנגלען זיך אין יסורים, ער נעמט אַרויס דאָס באַהאַלטענע קריגעלע אייל, דעם לעצטן רעזערוו פון כוח און ישראל באַקומט מוט און גבורה חוץ לדרך הטבע.

— אָבער — האָט אַ טיפער קרעכץ זיך אַרויסגעריסן פונעם רבין — ווי איז צו דעם דור, ווען השם יתברך דאַרף שוין באַנוצן דעם לעצטן רעזערוו, בלויז יחידים זיינען דאַן דערצו זוכה. — — — — —



ר׳ ישעיה איז געשטאַנען פאַר דעם חנוכה־לייכטער און פאַר זיינע אויגן איז געשטאַנען דער זיידע זיינער, ר׳ יחיאל, ביים צינדן חנוכה־ליכט.

ער געדענקט יעדעס וואָרט פון זיין תורה. נאָר די לעצטע ווערטער קלינגען אַזוי שטאַרק אין זיינע אויערן...

ס׳איז געווען ערב חנוכה פון יאָר תש״ב. די נאַצישע רוצחים האָבן געהוליעט ווי בייזע ווינטן איבער די אידישע שטעט פון פוילן. שרעקלעכע גזירות און איוב־בשורות האָבן זיך געשאָטן ווי האָגל איבער די אידישע

קעפּ. די פּעטליע, וואָס זיי האָבן פאַרלייגט איבער דעם אידישן האַלז, איז געוואָרן אַלץ ענגער און ענגער. ס׳האָבן זיך שוין געהערט די טריט פון משחית און דאָס פאָכען פון זיין שווערד.

ר׳ ישעיה האָט דערפילט דעם ריח פון טויט און דעריבער האָבן גע־קלונגען אימה׳דיק די ווערטער פון זיידן:

— ווי איז צו דעם דור, ווען השם יתברך דאַרף שוין באַנוצן דעם לעצטן רעזערוו... בלויז יחידים זיינען דאַן זוכה...

ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן האָט ר׳ ישעיה פאַרמאַכט טיר און טויער און אין אַ באַהאַלטן ווינקעלע געצונדן חנוכה־ליכט.

טייכן טרערן האָבן זיך געגאָסן פון זיינע אויגן. ער האָט דערפילט, אַז דאָס איז זיין לעצטער חנוכה און אפשר גאָר די לעצטע נאַכט. ער האָט געזען פאַר זיך די גאַנצע וועלט ווי איין גיהנום, איין פינצטערער שאול־תחתית, און ער שטייט טאַקע ביים ראַנד פון אָפּגרונט...

ווען ר׳ ישעיה׳ס אויגן זיינען שוין מיד געוואָרן פון וויינען, האָט ער אויסגערופן:

— רבונו־של־עולם, ווען דו האָסט באַשטימט, אַז מיין דור זאָל אויס־טרינקען דעם ביטערן כוס ביזן דנאָ; ווען דו האָסט אויף אונז אויסגעגאָסן די גאַנצע וועלט מיט רציחה און אַכזריות, אַז מיר זאָלן אומקומען מיט אַ מיתה משונה דורך ווילדע אַכזרים, בין איך דאָס מקבל באַהבה, אָבער פאַרגעס ניט, רבונו־שול־עולם, אין דעם באַהאַלטענעם פּך השמן, אָן די יחידים, וואָס דו וועסט שיצן אונטער דיינע פליגלען און וועלן באַקומען פון דיין קוואַל כוח, אַז זיי זאָלן, ווי די חשמונאים, שלאָגן אין דעם שונאס טמאדיקן פּרצוף און פאַרניכטן אים צוזאַמען מיט זיינע טעמפּלען, די פאַרפּעסטעטע נעסטן פון מאָרד און רשעות.

צומאָרגנס, דעם ערשטן טאָג חנוכה, איז געווען חושך אין שטעטל. מי־ליטערישע אויטאָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן מאַרק און גראָבע, אָנגעפּרעסענע דייטשן מיט רייטבייטשן אין די הענט האָבן זיך געלאָזט אין ווילדן געיעג נאָך אַלטע לייט און קינדער צו נעמען זיי צו דער שחיטה.

הונדערטער קרבנות האָט דער טייוול געדאַרפט האָבן דעם טאָג צו זעטיקן זיין ווילדן בלוט־דורשט. האָבן עס־עס־לייט געפירט דורך די גאַסן פון שטעטל, די הונדערטער אידן, זקנים און קינדער צו דער שחיטה.

ר׳ ישעיה׳ן מיט זיין פאַטריאַרכאַלער באָרד, האָבן די דייטשן געפירט

בראש פון דער טויטן־פּראָצעסיע. זיין געזיכט איז געווען ווייס ווי קאַלך און האָט אויסגעדריקט די תמימותדיקע שאלה: פאַרוואָס ? ? . . . פאַרוואָס ? . . .

ער איז געגאַנגען זיין לעצטן וועג מיט די אויגן אַראָפּגעלאָזט, איינ־געגראָבן טיף אין דער באָרד, פאַרזונקען אין מחשבות פון קידוש־השם. מיטאַמאָל האָט ער אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און אויסגעשעפּטשעט:

— רבונו־של־עולם, זע, ווי חושך ס'איז שוין דיין פאָלק ישראל. העלף שוין, עפן דאָך שוין דעם פך השמן און גיב די, וואָס דו וועסט מציל זיין, מוט און גבורה, זיי זאָלן נוקם זיין נקמת דם עבדיך השפוך און לייז שוין אויס דיין פאָלק ישראל פון ביטערן גלות !

***

ס'איז געווען דער ערשטער חנוכה אין דער נייער חלוצישער קאָלאָניע אין נגב. חברה, יונגע חלוצים, וואָס זיינען נישט לאַנג צוריק געקומען אַהער פון יענעם טאָל פון טרערן, האָבן באַשלאָסן צו פאַרוואַנדלען דעם יום־טוב פון די חשמונאים אין אַ גרויסע פייערונג. אין יום־טובדיקע מלבושים און צעשטראַלטע געזיכטער זיינען זיי זיך צונויפגעקומען אין לייען־זאַל.

אַרום דעם גרויסן זילבערנעם חנוכה־לייכטער איז אַלץ געווען שיין־דעקאָרירט מיט קאָלירטע באַפּוצונגען. דער ראש הקיבוץ, יחיאל, דער איינציק־איבערגעבליבענער זון פון ר׳ ישעיה׳ן, איז געשטאַנען אַ ווײַלע פאַרזונקען אין רעיונות. דעם זיידנס חנוכה־לייכטער האָט אים אַוועקגעטראָגן אין דער וועלט פון זיין פאָטער און זיידן. אַזוי, אין חלום האָט ער אָנגעצונדן די חנוכה־ליכט און צוזאַמען מיטן פאָטער און זיידן האָט ער מיטן אַלטן ניגון געמאַכט די ברכות.

— אָמן ! . . .

די פעסטע שטים פון די יונגע הערצער, וואָס האָט געשלאָגן מיט פריי־הייט און שמחה, האָט אויפגעוועקט יחיאלן פון זיין חלום. אויף זיין גע־זיכט האָבן זיך געראַנגלט שמחה און עצבות.

יחיאל האָט אָנגעהויבן דערציילן זיינע חברים די געשיכטע און גלגולים פון דעם חנוכה־לייכטער, דעם שטומען עדות פון די צייטן פון זיין גרויסן זיידן אין גלות פוילן ; דעם עדות פון טראַגישן אומקום פון מיליאָנען אידן און איצט פון געבורט פון אַ נייַ אידיש פאָלק אין ישראל, אַ פאָלק, וואָס איז אויסגעשמידט אין פייער פון האַס צו די מערדער פון אונזערע עלטערן,

שוועסטער און ברידער און פייער פון ליבע, אומבאַגרענעצטער ליבע צום אידישן פאָלק און אידישן לאַנד.

מיר זיינען די איבערגעבליבענע יחידי־סגולה נאָך דער שרעקלעכער רציחה איבער אונזער פאָלק — האָט דער ראש הקיבוץ געדונערט מיט אַ פעסטער שטים — אויף אונזערע פּלייצעס ליגן גרויסע היסטאָרישע פליכטן. לאָמיר האָפן, אַז השם יתברך וועט פון פך השמן געבן אונז כוח און גבורה, שטאַרקן די הענט פון אונזערע העלדישע קעמפער זיי זאָלן צעשמעטערן אַלע שונאים, וואָס שטעלן זיך ווי אַ שטן אין וועג אָנצוצינדן צוריק די פאַרלאָשענע מנורה, וועלכע וועט פון די בערג פון ציון שיקן אירע שטראַלן און פאַרשפרייטן ליכט איבער דער פינצטערער וועלט.

די זכרונות פון פינצטערן עבר און האָפענונג אויף אַ שיינעם ליכטיקן מאָרגן האָבן צעשמאָלצן די נשמות פון די יונגע זין פון ישראל און אויסגע־שמידט אומבויגזאַמע שטאַרקע העלדן, וואָס האָבן אויפן ראש הקיבוצס רעדע זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ לאַנגן הוירא־טאַנץ.

...ולמרות הכל — — — עם ישראל חי, עם ישראל חי — — —

אויסגעבענקטע חנוכה־ניגונים מיט פאַרשידענע טענער פון די פאַר־שידענע טרויעריקע צייטן פון גלות האָבן געפונען זייער תיקון אין דעם שטאָלצן געזאַנג, וואָס האָט געקלונגען אין דער ליפט פון בליענדיקן נגב.

...עם ישראל חי... עם ישראל חי...

שטאָקהאָלם, 1948.


עזרי עצמון

# אַ בריוו צו מיין חבר האַנס

עזרי זייף־עצמון

געדענקסט מיך נאָך, האַנס, דיין אַמאָליקן פריינט
פון קינדהייט און יוגנט־צייטן?
און געדאַנקען אַ בריוועלע שרייב איך דיר היינט
פון תל־אביב, דעם וויטן.

איך בינ׳ס, פאַרן שטורעם וויט אַנטלאָפן באַצייט,
ווען ס׳לעבן איז נאָך רואיק געפלאָסן.
איך ווייס נישט צי לעבסטו נאָך, האַנס, צי שוין טויט,
נישט וויכטיק — דאָך לאָמיר אָט שמועסן...

ווייל כ׳זע נאָך ווי היינט דיינע גאָלד־בלאָנדע האָר,
דיין פּנים פון זון אָפּגעברענט —
איך הער דיינע טריט... לעבט ס׳הינטעלע נאָר?
נאָך היינט וואָלט איך ס׳זיכער דערקענט.

איך רעד און פאַרגעס... שוין טויט מן הסתם,
און דו, היינט הער שמיד, זיי נישט בייז,
גיי מאַך, אַז אין האַרצן קלינגט אַלץ נאָך אַ קלאַנג,
אַ סענטימענטאַלער, גיי ווייס...

טשיקאווע, צום ביישפּיל, צי הענגט נאָך ביים פענסטער
ס׳שטילעטל, וואָס גלאַנצט, אויפן רימען.
דו האָסט מיט דעם שפּילצייג דאָס בלוט פון מיין שוועסטער,
מיין ברודער, דאָס לעבן גענומען.

געדענקסט דאָך מיין ברודער, געדענקסט מן הסתם,
האָסט שיין אים באַגריסט יעדן מאָרגן.
אָפט פלעגט ער אונז ביידן באַגלייטן צום באַן,
אונטערן מאַנטל אַ צאַצקע פאַרבאָרגן.

און זאָג־זשע צי איז דיין בלוזע, די ברוינע,
געווען גלאַט געפלעט יענעם טאָג
מיט די הענט פון פרוי שמיד, דיין מאַמע, די פיינע,
ווען עדי׳ן געפירט האָסט צום מאָרד.

דעם קליינינקן עדי, דעם זיסן, דיין פריינט,
אָפט האָסטו צום הארין אים געדריקט,
זאָג מיר, איך בעט דיך, האָט ס׳אינגל געוויינט,
ווען האָסט אים מיט גאַז דערשטיקט ?

און נאָך עפּעס זאָג־זשע מיר, האַנס, גוטער ברודער,
זיי מוחל דאָס בייזע דערמאָנען :
ווי וואָלסטו געממיתט דיין פריינט, מיך, מיט וועלכן
האָסט געטע׳ן געלייענט צוזאַמען ?

איך פרעג אַזוי סתם... און וואָס מאַכט דיר שוין אויס
זכרונות אַ לאַסט אָפּצוואַרפן ? —
און דו, בין איך זיכער, פאַרלאַנגסט וויסן בלויז
וואָס איך פיל צו דיר אין מיין האַרצן.

און מאָדנע : איך ווינטש נישט דעם טויט זאָלסט געפינען,
פאַרקערט — דאָס וואָלט מיך פאַרדראָסן.

איך וויל דו זאָלסט לעבן, האַנס, דאָך אָן אַנטרינען
פונעם ריה פון בלוט, האָסט פאַרגאָסן.

און פון מיין בליק... דעם פאַרשטאַרטן און שטומען,
וואָס יאָגן זאָל דיך איבער ימים,
ווען אַ זון צי אַ טאָכטער אין די אָרעמס וועסט נעמען,
צי אַ פרוי, ווען נאָך רו וועסט פאַרלאַנגען.

וועסט נעמען אַ בוך — מיין בליק זאָל זיין דרינען
אין יעטוועדער שורה און וואָרט;
וואו דו וועסט נאָר ווענדן, דאָרט זאָלסטו געפינען
דעם מאָנער פונעם שרעקלעכן מאָרד.

(איבערזעצט פון העברעאיש פון לודוויג זייף)

# די גאָסטינינער סאָסייעטי אין ניו־יאָרק

די גאָסטינינער סאָסייעטי אין ניו־יאָרק איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1908.

די גרינדער זיינען געווען ליפּא ברעסלער, יונה סעגאַל, משה־דוד ראָזענטאַל, שלום מאָטילינסקי, שלמה מאָטילינסקי, שלמה דאָברזשינסקי ,חיים וואַנד, יעקב־אַריה הערשקאָוויטש און י. גליקסאָן.

די סאָסייעטי איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן לויט דעם אופן און יסודות פון די דעמאָלט־עקזיסטירנדיקע סאָסייעטיס פון פאַרשיידענע לאַנדסמאַנשאַפטן, נעמלעך: צו צאָלן די מיטגלידער קראַנקען־בענעפיטן, צו פאַרזיכערן זיי מיט מעדיצינישער באַהאַנדלונג און באַזאָרגן זיי אין פאַלן פון קראַנקייט מיט אַ דאָקטאָר, וואָס האָט דערפאַר געקראָגן יערלעכע שכירות פון דער סאָסייעטי. די סאָסייעטי האָט זיך אויך איינגעשאַפן אייגענע קרקע פאַר די מיטגלידער און זייערע משפחות און האָט זיך אָרגאַניזירט אויף די פּרינציפּן פון קעגנזייטיקער שטיצע אין פאַל פון אַ נויט פון אַ מיטגליד.

ווען ס'האָבן זיך אָנגעשלאָסן נייע מיטגלידער, און ס'זיינען פאָרגעקומען וואַלן, איז דער ערשטער דערוויילט צו ווערן פּרעזידענט געווען יוסף וואָלמאַן.

אין פאַרלויף פון דער ערשטער תקופה איז אָנגענומען געוואָרן אַ קאָנסטיטוציע, לויט וועלכער די סאָסייעטי זאָל אָנפירן איר אַרבעט און וואָס האָט אויך פאָרגעשריבן די פליכטן פון מיטגלידער אאַ״וו. לויט דעם רעגולאַמין האָבן מיטינגען געדאַרפט אָפּגעהאַלטן ווערן צוויי מאָל יעדן חודש.

די סאָסייעטי איז געוואָרן דער אינפאָרמאַציע־צענטער פון גאָסטינין. ווען ס'איז צו אַ מיטגליד אָנגעקומען אַ בריוו פון גאָסטינין, מיט וואָסערע נישט איז נייעס, איז דאָס ביי די מיטינגען באַריכטעט געוואָרן. און ווען ס'איז אַ גאָסטינינער אָנגעקומען אין ניו־יאָרק, האָבן שוין די לאַנדסלייט געזען, אַז דער ניי־געקומענער זאָל קומען צו דער סאָסייעטיס מיטינג, וואו מ'האָט אים גאָר וואַרעם אויפגענומען. אַזאַ גאַסט האָט אַרויסגערופן גרויס אינטערעס ביי די מיטגלידער, ווייל ער האָט געהאַט ווי געוויינטלעך, איבערצוגעבן פּערזענלעכע גרוסן. וואָרום, אַז ס'איז ווער אַרויסגעפאָרן פון גאָסטינין קיין אַמעריקע, האָט דאָס גאַנצע שטעטל פון דעם געוואוסט. אַזוי האָט די סאָסייעטי אָנגעהאַלטן אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט גאָסטינין.

ווען די מיטגלידערשאַפט אין דער סאָסייעטי האָט זיך פאַרגרעסערט, און די מעגלעכקייטן פאַר מער גרויסע אָפּטשאַפטלעכע טעטיקייטן זיינען מער נישט געווען צו שטאַרק באַגרענעצט, האָט די סאָסייעטי געמאַכט ביישטייערונגען צו פאַרשיידענע צדקה־אַנשטאַלטן און אינסטיטוציעס. ס׳איז אויך צייטנווייז געשיקט געוואָרן אַביסל פינאַנציעלע הילף פאַר נויטבאַדערפטיקע אין גאָסטינין, ספּעציעל פאַר אַ יום־טוב.

מיט דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דער קאָנטאַקט מיט גאָסטינין איבערגעריסן געוואָרן, אַזוי אַז מ׳האָט קיין שום ידיעה נישט געהאַט וואָס ס׳קומט דאָרט פאָר. אָבער אַזוי שנעל ווי די מלחמה האָט זיך געענדיקט, איז אַ ספּעציעלער אַלגעמיינער מיטינג גערופן געוואָרן, און ס׳איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ הילפס־קאָמיטעט, וואָס זאָל אָנפירן מיט דער הילפס־אַרבעט פאַר גאָסטינין, וואָרום ס׳איז גאָר ביי קיינעם קיין ספק נישט געווען, אַז גאָסטינין וועט זיך גאָר שטאַרק נויטיקן אין הילף.

אַקטיוו אין הילפס־קאָמיטעט זיינען געווען משה פלוים, שלום מאָטילינסקי, ליפּע ברעסלער, פיליפּ לעפקאָוויטש, משה קאַליש, הערי סאַלאָמאָן, מאיר־דוד טרעמסקי, יוסף קעללער, בנימין קאַלמוס, דוד קאַלמוס, זיגמונד סילווערשטיין, איטשע ליוויי און משה פייעראייזן. זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן, אַז אסתר פלוים, די טאָכטער פון משה פלוים, כאָטש נישט קיין קאָמיטעט־מיטגליד, האָט זייער פיל געהאָלפן אין דער דאָזיקער געלט־זאַמלונג.

אַזוי שנעל ווי דער קאָנטאַקט איז ווידער איינגעשטעלט געוואָרן, איז טאַקע הילף געשיקט געוואָרן קיין גאָסטינין. די פאַרבינדונג מיט גאָסטינין איז נאָכדעם כסדר אָנגעהאַלטן געוואָרן, און די סאָסייעטי האָט אין די יאָרן נאָך דער מלחמה אויך צייטנווייז געשיקט הילף פאַר די גאָסטינינער ספּעציעל פאַר נויטבאַדערפטיקע אויף יום־טובים.

ס׳איז געווען געפּלאַנעוועט צו פּראַווען אַ שטיקל יום־טוב צו די צען יאָר פון דער סאָסייעטיס עקזיסטענץ, אָבער ס׳איז נאָך אַלץ די לופט געווען פול מיט פולווער פון דער מלחמה. איז דערפאַר די שמחה אָפּגעלייגט געוואָרן.

זונטיק, דעם 18טן נאָוועמבער 1923, איז געפּראַוועט געוואָרן דער 15־יאָריקער יובל מיט אַ באַנקעט. צו דער געלעגנהייט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ זשורנאַל. דער פּרעזידענט איז דאַן געווען שלום מאָטילינסקי, וויס־פּרעזידענט — הערמאַן ליוויי, קאַסירער — יונה סיגאַל, פּראָטאָקאָל־סעקרע־טאַר — ס. באַך, פינאַנץ־סעקרעטאַר — מאיר־דוד טרעמסקי, האָספּיטעלער

— י. מ. מאָטילינסקי, דאָקטוירים — ס. ר. פעילי און י. בלום.

די אַנדערע באַאַמטע זיינען דאַן געווען: ס. סילווערשטיין, משה פייער־איזן, ס. קליין, בנימין קאַלמוס, סעם סאַלאָמאָן, ל. פיליפּס, דוד פרענקל, יוסף וואָלמאַן, סעם גערשט.

ס׳איז אפשר אינטערעסאַנט צו דערמאַנען, אַז אין דעם יובילייִ־זשורנאַל איז געווען אָפּגעדרוקט אַ פינאַנציעלער באַריכט פון די 15 יאָר פון דער סאָסייעטיס עקזיסטענץ:

| | | |
|---|---|---|
| איינקונפט | ..................................... | $22,208.60 |
| אויסגאַבן | ..................................... | $16,423.91 |
| באַלאַנס | ............................. | $ 5,784.69 |

צווישן די אויסגאַבן איז די סומע פון קראַנקען־בענעפיטן, וואָס איז אויסגעצאָלט געוואָרן צו מיטגלידער געווען ................ $3,848.00

ביישטייערונגען צו צדקה־אַנשטאַלטן און אויך צו אַנדערע אידישע אינסטיטוציעס .................................. $1,225.52

דער שרייבער שטעלט זיך דאָ אָפּ אויף דער פייערונג פון דעם 15־יאָריקן יובילעאום, נישט קוקנדיק דאַרויף וואָס די סאָסייעטי האָט געפּראַוועט מע־רערע יובילעאומס אין די שפּעטערע יאָרן, מיט מער רחבות און מער פּראַכט, לויט דעם פּראָגרעס אין לעבן פון דער צייט — ווייל צום 15־יאָריקן יובי־לעאום האָבן זיך באַטייליקט כמעט אַלע גרינדער פון דער סאָסייעטי, ס׳איז אַפילו געקומען פון דעטראָיט דער גאָסטינינער חזן, ר׳ יעקב מיללער ז״ל. אויף יענער שמחה האָט זיך געפילט אַ גאָסטינינער שמחה, די אַטמאָספערע, די ברודערלעכקייט האָט זיך אויסגעצייכנט מיט היימישער גאָסטינינער וואַרעמקייט און אינטימלעכקייט.

אין די שפּעטערע יאָרן, פאַר דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז די סאָסייעטי אָנגעגאַנגען מיט אירע אַלגעמיינע טעטיקייטן: אָנגעהאַלטן קאָנטאַקט מיט גאָסטינין, אָבער קיין גאָסטינינער זיינען מער אין לאַנד נישט אַריינגעקומען, צוליב די נייע אַנטי־אימיגראַציע געזעצן. פילע מיטגלידער האָבן נישט אַרויסגעוויזן צופיל אינטערעס אין דער אַרבעט, זיינען נאַטירלעך די מיטינגען געוואָרן ווייניקער באַזוכט.

אין די דרייסיקער יאָרן, ווען היטלער ימח שמו האָט זיך באַוויזן אויף דער דייטשער פּאָליטישער בינע, האָט זיך אָנגעהויבן פילן אַ געוואַלדיקע

אומרואיקייט אין די סאָסייעטיס פון אַלע אידישע לאַנדסמאַנשאַפטן פון פוילן, און נאַטירלעך האָבן דאָס אויך דערפילט די גאָסטינינער. ס׳זיינען אָנגעקומען בריוו צו אַ סך מיטגלידער, געשריבן מיט אינטואיטיווער מורא פאַר דעם גורל פון די אידן אין פוילן. אַנדערע האָבן געבעטן פאַר אַ מעגלעכקייט צו קומען קיין אַמעריקע, אָבער די טויערן פון אַמעריקע זיינען שוין דאַן געווען פאַרמאַכט, און ס׳האָט, ליידער, גאָרנישט געקענט געטאָן ווערן.

ס׳האָט נישט לאַנג גענומען און ס׳האָט אויסגעבראָכן די שוידערלעכע, צווייטע וועלט־מלחמה, און ווידער איז דער קאָנטאַקט מיט פוילן איבערגע־ריסן געוואָרן.

ס׳איז איבעריק צו זאָגן, אַז אין משך פון די מלחמה־יאָרן האָט גאָר־נישט געקענט געטאָן ווערן פאַר גאָסטינין. און ווען ס׳האָט זיך שוין גענזען דער סוף פון דער מלחמה, און מ׳האָט גענומען שאַפן אַ הילפס־קאָמיטעט, מיט געלט־זאַמלונגען פאַר די גאָסטינינער אידן, האָט מען זיך פלוצים דער־וואוסט פון דעם שרעקלעכן חורבן, אַז גאָסטינין, דאָס אידישע גאָסטינין, אַזוי גוט ווי אַלע אַנדערע אידישע שטעט אין פוילן, איז אָפּגעווישט געוואָרן פון דער ערד.

אַז מ׳האָט נאָך לאַנגע זוכענישן אויסגעפונען, אַז ס׳געפינען זיך גע־ציילטע געראַטעוועטע גאָסטינינער אין ישראל, זיינען תיכף צו זיי געשיקט געוואָרן דורך דער סאָסייעטי שפייז־פעקלעך, שיך און קליידער.

צום סוף פון די פערציקער יאָרן, ווען דער פאַראייניקטער אידישער אַפּיל האָט מיט דער פולער קאָאָפּעראַציע פון דער גאַנצער אידישער פרעסע, אונטערגענומען אַן אינטענסיווע געלט־קאַמפּאַניע צווישן די לאַנדסמאַנשאַפטן מיט אַ גוואַלדיקן דערפאָלג, האָט אויך די גאָסטינינער סאָסייעטי בייגעשטייערט אַ געוויסע סומע צום אַפּיל. ס׳איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז דוד קאַלמוס האָט געדינט ווי אַ ביישפּיל פאַר אַנדערע אין דער סאָסייעטי מיט זיינע ברייטהאַרציקעביישטייערונגען לטובת דער אידישער מדינה.

ווען ד״ר חיים ווייצמאַן ז״ל איז אין ניו־יאָרק באַערט געוואָרן מיט אַ באַנקעט, איז יוסף קעללער געווען דער דעלעגאַט פון דער סאָסייעטי צום באַנקעט, וואו ער האָט איבערגעגעבן אַ טשעק אויף פינף הונדערט דאָלאַר פון דער סאָסייעטי לטובת ישראל, לכבוד דעם חשובן גאַסט.

די סאָסייעטי האָט אויך געגעבן צוויי טויזנט און פיר הונדערט דאָלאַר,

דעם פרייז פאַר אויפבויען אַ הויז אין ישראל, פאַר נייע עולים. די סאָסייעטי האָט אויך געקויפט ישראל־באָנדס.

זאָל אויך דערמאָנט ווערן, אַז די סאָסייעטי האָט געשיקט אַ באַדייטנדיקעביישטייערונג צו דער גמילת־חסד־קאַסע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון דעם „גאָסטינינער סאָשל קלאָב״ אין ניו־יאָרק, פאַר די גאָסטינינער אין ישראל. די קאַסע טראָגט דעם נאָמען פון די גאָסטינינער קדושים און ווערט געפירט פון דעם „אירגון יוצאי גוסטינין בישראל״.

אין נאָוועמבער, יאָר 1958, האָט די סאָסייעטי געפראַוועט איר 50־יאָריקן יובילעאום.

אין די לעצטע יאָרן, זיינען די גאָסטינינער־געבוירענע מיטגלידער געבליבן אַ מינדערהייט אין דער סאָסייעטי. די סיבות פאַר דער דאָזיקער דערשיינונג זיינען פאָלגענדיקע: אַ סך פון די גרינדער און אָריגינעלע מיט־גלידער זיינען געשטאָרבן. פילע האָבן פאַרלאָזט ניו־יאָרק. אין דער זעלבער צייט זיינען אין דער סאָסייעטי אַריין אידעמס, שנורן און וויטערע משפחה־מיטגלידער און זייערע פריינט און באַקאַנטע, וואָס האָבן אין זייער לעבן גאָסטינין פאַר זייערע אויגן נישט אָנגעזען און וואָס איז אַ סך וויכטיקער — זיי האָבן נישט קיין שום געפיל פאַר דער אַמאָליקער אַלטער היים. דווקא זיי זיינען איצט אין דער מערהייט און אויך אין דער אָנפירערשאַפט פון דער סאָסייעטי. אַזוי ווייט איז דער אינדיפערענטיזם צו גאָסטינין דערגאַנגעז אין דער סאָסייעטי, אַז די אידייע פון אַרויסלאָזן אַ יזכור־בוך אין אָנדענק פון דער גאָסטינינער קהילה, האָט נישט געפונען קיין שטיצע אין דער לאַנדסמאַנשאַפט. די סאָסייעטי האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנטייל צו נעמען און אַפילו צו שטיצן די דאָזיקע פובליקאַציע.

דער גורל פון לאַנדסמאַנשאַפטן־סאָסייעטיס אין אַמעריקע, איז אַ באַ־דויערנסווערטער און די גאָסטינינער סאָסייעטי לעבט איצט דורך דעם זעלבן קריזיס, וואָס עס גייען דורך אַ סך אַנדערע אָרגאַניזאַציעס פון דעם זעלבן כאַראַקטער.

זאָלן דאָ פאַרשריבן ווערן פאַר דער געשיכטע די נעמען פון די חשובע פריינט, וואָס האָבן פאַרנומען אין פאַרלויף פון דעם האַלבן יאָרהונדערט עקזיסטענץ פון דער גאָסטינינער סאָסייעטי פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָזיציעס:

דעם אַמט פון פרעזידענט האָבן פאַרנומען אין לויף פון דער צייט: יוסף וואָלמאַן, ליפּע ברעסלער, שלום מאָטאָלינסקי, וואָס האָט זיך אויסגע־

צייכנט מיט זיין איבערגעגעבנקייט צו דער סאָסייעטי און איז געווען טעטיק אין דער אָרגאַניזאַציע ביז דעם לעצטן טאָג פון זיין לעבן, משה פלוים, וואָס זיין הויז איז געווען שטענדיק אָפן פאַר אַלע אונזערע לאַנדסלייט, הערמאַן ליוויי, איטשע ליווי, מאַקס ווינאָגראַן, משה קאַליש, הערי סאַלאָמאָן, מיכאל (מייקל) מעקלער, מ. וויינשטיין, משה פייעראייזן, מאיר שטראַוס י. ס. וויינערמאַן און עמנואל שעפער.

דעם אַמט פון פינאַנץ־סעקרעטאַר האָבן פאַרנומען די פאָלגענדיקע: ס. באַך, ל. ברעסלער, סעם וואַנד, יוסף קעללער, מאיר־דוד טרעמסקי (וועלכער האָט באַשיינט דעם דאָזיקן אַמט אין פאַרלויף פון 18 יאָר), דזשעקי פלוים, עמנואל שעפער, י. ס. וויינערמאַן און לואיס גאָלדפאַרב.

פראָטאָקאָל־סעקרעטאַרן זיינען געווען: ס. באַך, לעווין, שמואל קעללער און משה קאַליש, וועלכער באַקליידט דעם אַמט ביז דעם היינטיקן טאָג פאַר די לעצטע פערציק יאָר.

פאַרשיידענע אַמטן האָבן אין פאַרלויף פון יאָרן געהאַלטן: מרדכי טאַבאַטשניק און מ. האָפמאַן. ד"ר אורוווינג מעקלער, הגם קיין אַמט קיינמאָל נישט פאַרנומען, האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אַקטיווער באַטייליקונג אין אַלע אַרבעטן.

י. ק.

# דער גאָסטינינער סאָשעל קלאָב אין ניו־יאָרק

אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה איז אויפגעקומען אין די רייען פון די גאָסטינינער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק דער פּלאַן, אַרויסצוגעבן אַ יזכור־בוך. די ידיעות, וואָס זיינען אָנגעקומען פון פּוילן, האָבן עדות גע־זאָגט, אַז פון דער אידישער גאָסטינין איז קיין זכר נישט געבליבן. האָט זיך דעריבער אַ גרופּע גאָסטינינער לאַנדסלייט צוזאַמענגעטראָפן, אויף דער איניציאַטיוו פון ישכר מאָטיל, כדי אַרומצורעדן די מעגלעכקייט אויפצו־שטעלן אַ בוך־מצבה פאַר גאָסטינין. די גרופּע איז באַשטאַנען פון שמואל קעללער ע״ה, הערמאַן קראַוז, יוסף קעללער, דזשוליוס באַגנאַ, פּיליפּ לעפּ־קאָוויטש, שלמה גאָסטינסקי ע״ה און בנימין טרעמסקי.

הגם אַלע באַטייליקטע זיינען געווען באַגייסטערט פאַר דעם געדאַנק, האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַ ריי שוועריקייטן און אין לויף פון די דיסקו־סיעס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז עס איז פאַראַן אַ דרינגענדיקע אויפגאַבע — צו שאַפן הילף פאַר דער שארית הפליטה פון גאָסטינין. די פאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסן צו געבן פּריאָריטעט דער הילפס־טעטיקייט פאַר די לאַנדס־לייט און האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו אַלע גאָסטינינער אין ניו־יאָרק, זיך אָנצושליסן אין דער דאָזיקער טעטיקייט.

נאָך לאַנגע פאָרבאַרייטונגען, איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין פרילינג 1949 אין האָטעל דיפּלאָמאַט אין ניו־יאָרק אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון גאָסטי־נינער לאַנדסלייט, צו וועלכע ס'איז אויך איינגעלאַדן געוואָרן די גאָסטינינער סאָסייעטי און אירע באַאַמטע.

דעם פאָרזיץ האָט געפירט מאיר־דוד טרעמסקי, וועלכער האָט אונטער־געשטראָכן די נויטווענדיקייט צו העלפן די על־פּי־נס געראַטעוועטע לאַנדס־לייט, די פליכט אָפּצוהאַלטן יאָר־יערלעך יזכור־פאַרזאַמלונגען אין אָנדענק פון די גאָסטינינער קדושים. ער האָט גערופן אַלעמען צו קאָנסאָלידירטער טעטיקייט אין דער אָרגאַניזאַציע, וואָס דאַרף געשאַפן ווערן אונטער דעם נאָמען „דער גאָסטינינער סאָשעל קלאָב". די אויפגאַבע פון דעם קלוב וועט אויך זיין אָנצוהאַלטן סטאַבילע פריינדשאַפטלעכע באַציאונגען צווישן די לאַנדסלייט און טאָן קאָנסטרוקטיווע אַרבעט פאַר די גאָסטינינער נייע עולים אין ישראל.

אין דער דיסקוסיע איז קלאָר געוואָרן, אַז ס'איז פאַראַן אַ גויטוועגדי־קייט פאַר אַזאַ קלוב: 1) צוליב דעם, וואָס נישט אַלע לאַנדסלייט געהערן צו דער סאָסייעטי; 2) די סאָסייעטי, געפירט לעצטנס פון נישט־גאָסטינינער, ווייזט ניט אַרויס קיין גענוגענדיקע פאַרשטענדעניש פאַר די פּראָבלעמען און נויטן פון די גאָסטינינער; 3) די סאָסייעטי איז געבליבן פאַרגליווערט אין אירע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען, און דערפאַר איז זי אָפּגעשטאַנען אין אירע געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן.

עס זיינען דערוויילט געוואָרן פאָלגענדיקע באַאַמטע: יוסף קעללער — פרעזידענט, טשאַרלי מיללער — וויצע־פרעזידענט, הערמאַן קראַוז — קאַ־סירער, שמואל קעללער ע"ה — פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר און בנימין טרעמסקי — פינאַנץ־סעקרעטאַר.

דער סאָשעל קלאָב האָט אָפּגעהיט ביז איצט די יאָרצייט פון דער ליק־ווידירונג פון דער אידישער גאָסטינין און דורכגעפירט יעדעס יאָר יזכור־פאַרזאַמלונגען. ביי דער ערשטער יזכור־פאַרזאַמלונג, איז אויפגעקומען דער געדאַנק צו שאַפן מיטלען פאַר דער גרינדונג פון אַ קיבוץ אין ישראל, וואָס זאָל פאַראייביקן דעם נאָמען גאָסטינין. דער אַפּיל וואָס איז געמאַכט געוואָרן האָט אַריינגעבראַכט אַ באַדייטנדיקע סומע. די טוער פון קלוב האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון דערפון, אַז פאַר אַזאַ פּראָיעקט דאַרף געמאַכט ווערן אַ געמיינזאַמע אָנשטרענגונג מצד אַלע גאָסטינינער אין די פאַראייניקטע שטאַטן. דער קלוב איז געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג מיט דער גאָסטינינער סאָסייעטי אין ניו־יאָרק, אָנצופירן אַ בשותפותדיקע געלט־קאַמפּאַניע. די באַאַמטע פון ביידע קאָמיטעטן האָבן געשאַפן איין געמיינזאַמע פאַרוואַלטונג מיט בעטי טרעמסקי אַלס די סעקרעטאַרין. די סאָסייעטי האָט זיך פון דער שותפות צוריקגעצויגן און דער פּלאַן פון קיבוץ איז אַזוי אַרום אויפגעגעבן געוואָרן.

געזעלשאַפטלעך איז דער קלוב געווען זייער טעטיק. די קאָנטאַקטן צווישן די גאָסטינינער אין ניו־יאָרק זיינען פאַרשטאַרקט געוואָרן. דער קלוב האָט איינגעאָרדנט אַ ריי מוזיקאַלישע אָוונטן, אין וועלכע ס'האָב אָנטייל גענומען, אַ חוץ שמואל קעללער ע"ה, וועלכער האָט געזונגען פאָלקס־לידער, פּאַולין און קלאַריס גאָסטינסקי, די טעכטער פון שלמה ע"ה און גאָלדע גאָסטינסקי, איירים קראַוז, די שנור פון הערמאַן קראַוז, אויך אַ ריי פּראָ־פעסיאָנעלע שוישפּילער און זינגער. ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז די אָרגאַ־ניזאַציע האָט אויסגענוצט די צוזאַמענקונפטן פאַר הילפס־צוועקן.

אין פאַרלויף פון דער צייט האָט דער קלוב אַרויסגעשיקט הילף צו די גאָסטינינער אין ישראל — שפּייז־פּעקלעך, מלבושים און אויך געלט. אַ גרעסערע סומע געלט איז איבערגעשיקט געוואָרן מיט מאיר־דוד טרעמסקי אין 1952, וואָס האָט געדינט ווי דער גרונט־קאַפּיטאַל פאַר דער גמילת־חסדים־קאַסע אויפן נאָמען פון גאָסטינינער קדושים, אָנגעפירט דורך דעם ארגון יוצאי גוסטינין בישראל. עטלעכע יאָר שפּעטער זיינען קיין ישראל געפאָרן שמואל און חנה קעללער, וועלכע האָבן איבערגעוויזן אַ גרעסערע סומע פון קלוב צו דער גמילת־חסדים־קאַסע.

דער קלוב האָט נישט אויפגעגעבן דעם געדאַנק פון דעם יזכור־בוך. שמואל קעללערס באַזוך אין ישראל האָט פאַראורזאַכט, אַז דער געדאַנק זאָל נאָך אַמאָל באַנייט ווערן.

דער קלוב האָט באַשלאָסן צו זאַמלען מאַטעריאַלן, אַרטיקלען, פאָטאָ־גראַפיעס און אַרויסגעבן דעם בוך אין דרוק. עס איז אויך פאַרשטאַנען גע־וואָרן, אַז דער ארגון יוצאי גוסטינין בישראל וועט אויך צושטייז צו דעם דאָזיקן בשותפותדיקן פּלאַן. אַ ספּעציעלער קאָמיטעט פאַר דעם יזכור־בוך איז אויסגעוויילט געוואָרן. דער קאָמיטעט האָט ענערגיש אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר געפירט די אַרבעט און אין רעזולטאַט דערפון אין דער „פנקס גאָסטינין" פאַרווירקלעכט געוואָרן.

י. ק״ר

## דער גאָסטינינער יזכור־בוך־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק



זיצנדיק פון רעכטס צו לינקס: ישכר מאָטיל, פאָרזיצער; יוסף קעללער, סעק־רעטאַר; אסתר סטופאי (גאָמבינער), חנה קעללער (באַגנאָ), גאָלדע גאָסטינסקי (פרענקל), לאה קעללער (מיללער); משה קריגער, פינאַנץ־סעקרעטאַר; הערש קראַוז, קאַסירער. :—: שטייענדיק פון רעכטס צו לינקס: מאיר גאָסטינסקי, מאיר־דוד טרעמסקי, דוד ברעסלער, דוד קונצמאַן, יהודה באַגנאָ, שלמה גאָסטינסקי, שמואל קעללער, ראָכטשע גאסמאַן (גאָסטינסקי), יעקב גאָסטינסקי, יוסף גאָסטינסקי.

# די גאָסטינינער סאָסייעטי אין שיקאַגאָ

די גאָסטינינער סאָסייעטי אין שיקאַגאָ איז באַשטאַנען פון אַ קליינער גרופּע גאָסטינינער. ווייל אין שיקאַגאָ איז קיין גרויסע צאָל גאָסטינינער קיינמאָל נישט געווען.

די אַקטיווע טוער זיינען געווען: יצחק ברוקס, אלעזר מאָטיל, זיין ברודער ישראל־איטשע מאָטיל, פּאָליע באַגנאָ, סעם זאַיאָנץ און מענדל האָלענדער.

ס'האָבן אויך באַלאַנגט צו דער סאָסייעטי אין שיקאַגאָ אַ קליינע צאָל גאָסטינינער, וואָס האָבן געוואוינט אין די שטעט און שטעטלעך פון דעם מיטעלן מערב.

פון קעניושאַ, וויסקאָנסין, האָבן באַלאַנגט פּעסע (מיללער) קעסט און איר מאַן הערי, רבקה (זאַיאָנץ) קעסט און איר מאַן אירווינג.

פון העמאָנד, אינדיאַנאַ, האָבן באַלאַנגט סעם זאַיאָנץ און זיין פרוי פּאַלע, אַברהם ניימאַן און זיין פרוי.

ס'זיינען אונז אויך באַקאַנט נעמען פון אייניקע פון די שיקאַגער מיט־גלידער, ווי די מיללערס, חיים־איטשע גלאַנץ און פאַמיליע, זעליק מאָטיל און זיין פרוי, שרה ראַבינאָוויטש און איר מאַן, יאָסקע זיידעמאַן און זלמן זיידעמאַן מיט זייערע פאַמיליעס.

כאָטש די סאָסייעטי איז באַשטאַנען פון אַ קליינער גרופּע, האָט זי פונדעסטוועגן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אַרויסגעשיקט אַ סומע געלט צו די גאָסטיניער אידן אויף צו גרינדן אַ גמילת־חסדים־קאַסע. זיי האָבן אויך געשיקט הילף פאַר גאָסטינינער, וואָס האָבן זיך אין איר געגעטיקט.

די סאָסייעטי אין שיקאַגאָ האָט אויך בייגעשטייערט צו דער גמילת־חסדים־קאַסע, וואָס דער גאָסטינינער סאָשל קלאָב אין ניו־יאָרק האָט גע־גרינדעט אין ישראל אויפן נאָמען פון די גאָסטינינער קדושים און וואָס ווערט געפירט אונטער דער השגחה פון דעם ארגון יוצאי גוסטינין בישראל.

די סאָסייעטי האָט אויך געהאָלפן אין אַ גרויסער מאָס, אַז די גאָסטיני־נער אין שיקאַגאָ זאָלן זיך געזעלשאַפטלעך האַלטן צוזאַמען.

וועגן אַנדערע לאָקאַלע אַקטיוויטעטן, וואָס די סאָסייעטי האָט זיך אָפּגע־געבן, איז אונז נישט באַקאַנט.

מיט אַ צייט צוריק האָט די סאָסייעטי פאַרלוירן צוויי פון אירע טיכטיקע מיטגלידער אין דעם טויט פון פאָליע באַגנאָ און מענדל האָלענדער ע״ה. זיי האָבן אין דער סאָסייעטי גאָר שטאַרק אויסגעפעלט.

אויך זיינען עטלעכע מיטגלידער אַרויס פון שיקאַגאָ, און מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט יצחק ברוקס, איינער פון די גאָר אַקטיווסטע מיטגלידער, געוועזענער פרעזידענט פאַר אַ סך טערמינען, מיט זיין פאַמיליע אויך פאַרלאָזט שיקאַגאָ, אַזוי, אַז ס׳זיינען געבליבן גאָר וויניק כוחות פאַר דער ווייטערדיקער עקזיסטענץ פון דער סאָסייעטי.

דער רעזולטאַטן איז געווען, אַז מיט צוויי יאָר צוריק האָט די סאָסייעטי איר אַרבעט אויפגעגעבן. די פאָנדן, וואָס די סאָסייעטי האָט פאַרמאָגט, זיינען איבערגעשיקט געוואָרן קיין ישראל און פאַרשטאַרקט דעם אומזאַץ־קאַפּיטאַל פון דער גמילות־חסדים־קאַסע.

ס׳איז טאַקע באמת אַ גרויסע שאָד, וואָס אַנדערע מיטגלידער האָבן נישט איבערגענומען די פירערשאַפט און די גאָסטינינער סאָסייעטי אין שיקאַגאָ האָט זיך געמוזט אויפלייזן.

# ארגון יוצאי גוסטינין בישראל

## (די אָרגאַניזאַציע פון גאָסטינינער אין מדינת ישראל)

ביז דעם סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז די צאָל פון די גאָס־טינינער עולים אין ארץ־ישראל געווען קליין. אין פאַרלויף פון דער מלחמה זיינען עטלעכע גאָסטינינער אָנגעקומען אין לאַנד מיט דער פוילישער אַנדערס אַרמיי, וואָס איז געקומען פון רוסלאַנד און זיינען דאָ פאַרבליבן. די הויפט־כוואַליע פון עולים פון גאָסטינין האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דער מלחמה, דאָס הייסט אין יאָר 1945. די גאָסטינינער פלעגן זיך טרעפן פון צייט צו צייט אויף אַ פּריוואַטן אופן און אויך ביי געלעגנהייטן פון שמחות. ביי אַזעלכע טרעפונגען פלעגט מען זיך דערמאָנען וועגן דעם שטעטלדיקן לעבן וואָס איז אַמאָל געווען און איז מער נישטאָ. ביים סוף פון 1950, מיט דער אויפשטייג פון דער גאָסטינינער עליה, איז די „היימישע משפחה" אויסגע־וואַקסן און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו אָרגאַניזירן אַ לאַנדסמאַנשאַפט פון גאָסטינינער אין ארץ־ישראל, וואָס זאָל זיך שטעלן פאַר אַן אויפגאַבע צו שטאַרקן די פאַרבינדונג צווישן ד ניי־געקומענע גאָסטינינער מיט די, וואָס

ארגון יוצאי גוסטינין אין תל־אביב מיט די געסט פון ניו־יאָרק און שיקאַגאָ



זיצנדיק פון רעכטס צו לינקס: **זאָשע מיכאַלסקי, שלמה צווייגהאַפט, דזשוליוס און בערטאַ מיללער (שיקאַגאָ),** מאיר־דוד טרעמסקי (ניו־יאָרק), הערש־לייב לייזעראָוויטש. :—: שטייענדיק פון רעכטס: **מאַניעק מיכאַלסקי, פרוי און שלום ראַק, רעגינע צווייגהאַפט, משה און שושנה מאטיל, דוד קונצמאַן, רעגינע מאטיל־מרגלית, פרוי לייזעראָוויטש־צוויטפאַרב.**

זיינען געקומען פריער אין לאַנד אַריין, שטיצן זיי מיט אַלעם מעגלעכן און אויך די, וואָס וועלן נאָך קומען.

די ערשטע פאַרזאַמלונג, בעת וועלכער די אָרגאַניזאַציע איז געגרינדעט געוואָרן, אונטער דעם נאָמען „ארגון יוצאי גוסטינין בישראל״, איז פאָרגעקומען דעם 11טן דעצעמבער, 1950. עס איז דעמאָלט דערוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט אין פאָלגענדיקן באַשטאַנד: פאָרזיצער — שלמה צווייגהאַפט, סעקרעטאַר — שלום ראַק, קאַסירער — שמואל גאָטפאַרב, יהודה־לייב לייזעראָוויטש, שמאי קינצמאַן, דאַנציגער, שמואל קראָשניעווסקי, און עזריאל זיידעמאַן. אויף יענער פאַרזאַמלונג איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס: אַרויסצוגעבן אַ בוך געווידמעט דער גאָסטינינער אידישער קהילה, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען, ווי ווייט מעגלעך, דאָס לעבן פון די אידן אין אונזער שטאָט, דעם אויסברוך פון קריג, די תקופה פון דער קאַטאַסטראָפע, דערציילן דעם שוידער פון די דייטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן און אויסראָטונג־לאַגערן און דעם גורל פון די איבערלעבונגען אין רוסלאַנד, וואָס אונזערע גאָסטינינער לאַנדסלייט האָבן דורכגעמאַכט, ווי אויך וועגן לעבן פון די גאָסטינינער אין ישראל און אין חוץ־לארץ.

די דאָזיקע אַרבעט אַרום דעם בוך איז אינטענסיוו אָנגעגאַנגען, אָבער צוליב חילוקי־דעות, וואָס זיינען אין צוזאַמענהאַנג דערמיט אַנטשטאַנען, האָט נישט דער גאַנצער מאַטעריאַל דערגרייכט דעם קאָמיטעט. ווען עס איז באַוואוסט געוואָרן, אַז די אַמעריקאַנער לאַנדסלייט האָבן אויך באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ יזכור־בוך און האָבן אויסגעטיילט פון זיך אַ ספּעציעלן יזכור־בוך־קאָמיטעט, איז באַשלאָסן געוואָרן צו קאָאָפּערירן מיט דער ניו־יאָרקער רעדאַקציע. בלויז אַ טייל פון די מאַטעריאַלן פון ישראל איז געלונגען איבערצושיקן.

די עיקר־זאָרגן פון קאָמיטעט האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום דער הילפס־אַרבעט פאַר די נייע גאָסטינינער עולים. פאַרשטענדלעך, אַז אין אָנהויב איז אונזער הילף געווען אַ מינימאַלע צוליב דעם אָרעמען בודזשעט, וואָס איז געשטאַנען צו אונזער דיספּאָזיציע. אין לויף פון דער צייט זיינען אָנגעקומען געלט־ביישטייערונגען און פּעקלעך מיט מלבושים און שפּייז פון די גאָסטינינער לאַנדסלייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס האָבן מיט אַ ברייטער האַנט און אַ מיטפילנדיק האַרץ געהאָלפן די נויטבאַדערפטיקע. פון צייט צו צייט זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן צוזאַמענטרעפן און כלערליי געזעל־

שאַפֿטלעכע פֿאַראַנטשטאַלטונגען מיטן צוועק צו מאַכן אינטימער און שטאַר־קער די פֿאַרבינדונגען צווישן די ניי־אָנגעקומענע גאָסטינינער און די אַלט־באַזעסענע אין לאַנד און אויך, כדי צו שאַפֿן ספּעציעלע פֿאָנדן פֿאַר די נצרכים.

דעם 21טן אָקטאָבער 1951 איז באַשלאָסן געוואָרן — לויט דעם פֿאָר־שלאַג פֿון חבר משה־לייב פּינטשעווסקי — צו שאַפֿן אַ גמילת־חסדים־קאַסע, וואָס זאָל זיך שטעלן ווי אַ ציל צו העלפֿן מאַטעריעל אַלע די, וואָס נויטיקן זיך אין הילף. אויף יענער פֿאַרזאַמלונג האָט חבר משה בן־דוד, וואָס האָט זיך נישט לאַנג צוריק אומגעקערט פֿון אַ באַזוך אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, איבערגעגעבן וועגן דעם פֿולסירנדיקן לעבן אין דער גאָסטינינער לאַנדס־מאַנשאַפֿט אין ניו־יאָרק, וועגן דעם לעבעדיקן קאָנטאַקט צווישן די דאָזיקע לאַנדסלייט און וועגן זייערע אַקטיוויטעטן.

צום קאָמיטעט זיינען נאָך דערוויילט געוואָרן פֿאָלגענדיקע פֿיר חברים: הרב י. ב. כ״ץ, משה בן־דוד, משה מיכאַלסקי און רבקה מרגלית.

## דער גאָסטינינער יזכור־בוך־קאָמיטעט אין תל־אביב



זיצנדיק פֿון רעכטס: **שלמה צווייגהאַפֿט, פֿאָרזיצער, הרב יונה־ברוך כ״ץ, הערש־לייב לייזעראָוויטש.**
שטייענדיק פֿון רעכטס: **משה מיכאַלסקי, רבקה מאָטיל־מרגליות, סעקרעטאַרין, משה בן־דוד (מאָטיל).**

**
*

אַן ענגערע פאַרבינדונג איז איינגעשטעלט געוואָרן מיט די גאָסטינינער לאַנדסלייט פון ניו־יאָרן אַ דאַנק די באַזוכן פון אונזערע אַמעריקאַנער לאַנדס־לייט אין ישראל: מ. ד. טרעמסקי, ברוקס, מילער, ש. קעללער, הרב י. ב. כ"ץ און ישכר מאָטיל און זייערע פרויען. די געסט האָבן מיט זיך געבראַכט גרעסערע געלט־שטיצע פאַר דער ישראלדיקער גמילות־חסד־קאַסע פאַר די גאָסטינינער. די קאַסע האָט אַזוי אַרום פאַרפילפאַכט איר קאַפּיטאַל און אויף דעם אופן איז דערמעגלעכט געוואָרן צו לייסטן אַ מער קאָנסטרוקטיווע און מער עפעקטיווע הילף צו אַלע די, וואָס האָבן זיך אין איר גענויטיקט. די קאַסע העלפט אַלע גאָסטינינער נצרכים דורך הלוואות און געלט־שטיצע.

אין יענער צייט האָט זיך באַזעצט אין מדינת ישראל הרב יונה־ברוך כ"ץ, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם רוח־החיים אין אַלע אַלגעמיינע פאַר־זאַמלונגען און פאַרשיידענע צוזאַמענקונפטן.

### אַ יזכור־פאַרזאַמלונג אין תל־אביב מיט דער באַטייליקונג פון שמואל און חנה קעללער פון ניו־יאָרק



פון רעכטס צו לינקס: **חנה קעלער, שלמה צווייגהאַפט, גוטפּאַרב, הערש־לייב לייזעראָוויטש, הרב יונה־ברוך כץ, שלום ראַק, שמואל קעללער.**

די טעטיקייטן פון קאָמיטעט קומען צום אויסדרוק אין דער איינאָרדנונג פון צוזאַמענטרעפן, אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען און הזכרה־פאַרזאַמלונגען יעדן יאָר צום יאָרצייט פון דער ליקווידאַציע פון אידישן ישוב אין גאָסטינין דורך די נאַציסטישע רוצחים, ימח שמם וזכרם. די יאָרצייט איז באַשטימט אויף אַ׳ אייר יעדן יאָר.

***

ביי דער געלעגנהייט ווילן מיר אין נאָמען פון אַלע גאָסטינינער אין ישראל אויסדריקן אונזער באַדויער אויפן פריצייטיקן טויט פון דעם ליבן און חשובן לאַנדסמאַן, שמואל קעללער, וואָס האָט אַ סך אײַפגעטאָן פאַר דער ענגערער פאַרבינדונג צווישן אונזערע לאַנדסלייט פוןביידע קאָנטינענטן און האָט אַזוי פיל ענערגיע אַריינגעלייגט כדי דער פּלאַן פון יזכור־בוך זאָל רעאַליזירט ווערן. זיינע בריוו קיין ישראל זיינען געווען פול מיט באַגייסטערונג און איבערגעגעבנקייט און זיינע מעשים צו לינדערן די לאַגע פון גאָסטינינער לאַנדסלייט אין ישראל זיינען געווען אַ קוואַל פון אינספּיראַציע פאַר אַלע.

יהי זכרו ברוך!

***

דער איצטיקער קאָמיטעט פון די גאָסטינינער לאַנדסלייט אין ישראל באַשטייט פון פאָלגענדיקע חברים: ערן־פאָרזיצער — הרב יונה־ברוך כ״ץ, פאָרזיצער — שלמה צווייגהאַפט, סעקרעטאַר — רבקה מרגלית, קאַסירער — יהודה־לייב לייזעראָוויטש, מיטגלידער: משה בן־דוד און משה מיכאַלסקי.

ר. מ.



אַדעלאַ עפּשטיין־לעשינסקי

# אַ בריוו פון יענער זייט ים

**אַדעלאַ עפּשטיין־לעשינסקי (פּוילן)**

דער בריוו פון יענער זייט ים און דער רעפּאָרטאַזש וועגן דעם פּראָצעס פון דייטשן מערדער פון די גאָסטינינער אידן זאָגט עדות וועגן דעם גרויסן אומגליק — אין גאָסטינין וואוינען איצט נישט מער קיין אידן. ווען דער פּראָצעס קעגן דעם דייטשן מערדער איז פאָרגעקומען אין פּלאָצק, איז מער נישט געווען קיין גאָסטינינער איד אין פּוילן, וואָס זאָל קומען עדות־זאָגן וועגן דעם שוידערלעכן מאָרד.

טייערע פריינט,

ווען איך בין צוריקגעקומען קיין גאָסטינין, האָב איך געפונען נאָר געציילטע סימנים פון דעם, וואָס איז אַמאָל דאָרט געווען אידיש לעבן. קלאָ־רער: די איינציקע סימנים, וואָס זיינען געבליבן פון יענעם לעבן — איז דער קעגנזאָץ פון לעבן — דער צעשטערטער בית־עלמין פון אידישן גאָס־טינין; דאָס איז דאָס גאַנצע איבערבלייבעכץ פון דער אַמאָליקער בליענדיקער קהילה.

דאָס איז געווען פאַר מיר אַ טרויעריק און שוידערלעך בילד. איך האָב געזוכט די קברים פון מיינע טייערסטע און נאָענטסטע. איך האָב זיי געפונען ליידיק און פּראָפאַנירט. אַפילו דער „אוהל" פון הייליקן גאָסטינינער רבין איז דאָרט מער נישט געווען. מער נאָך: דער גאַנצער בית־החיים איז גע־לעגן הפקר, מיט גראָז ווילד באַוואַקסן און פאַרלאָזן. דער גדר, וואָס האָט אַמאָל אַרומגעצוימט דאָס הייליקע אָרט, איז געווען אָפּגעריסן. דער בית־עולם איז געווען צעשטערט דורך די פינצטערע כוחות פון די דייטשע פאַרברעכער. די קברים און מצבות זיינען געווען אינגאַנצן אויפ־

## אַ ניט־אידישע מצבה אויפן פּלאַץ, וואו די שול האָט זיך געפונען



דער פוילישער פאַרבאַנד פון געוועזענע פּאָליטישע אַרעסטאַנטן אין גאָסטינין האָט נאָך דער מלחמה באַערט 10 דערמאָרדעטע גאָסטינינער איינוואוינער (קיין איין איד צווישן זיי) און אין זייער אָנדענק אַוועקגעלייגט אַ מצבה לזכרון אויפן פּלאַץ, וואו די גאָסטינינער שול און בית־המדרש זיינען געשטאַנען.

גערישן און צעשטערט. אַ גרויסן ווילדן מדבר און פוסטקייט האָט מען גע־קענט זען מיילן ווייט.

אויף דער ערד האָט מען געקענט זען ציגן זיך אַרומדרייען אָן צוועק, פרעסנדיק רואיק די הויכע גראָזן און גרינסן, וואָס וואַקסן דאָרט אויסער־

געוויינטלעך שפּעדיק. אָט די באַשעפענישן האָבן נישט געוואוסט און אַוודאי האָט זיי נישט גערירט די ביטערע טראַגעדיע, וואָס איז באַפאַלן אונזערע טייערע, וואָס זיינען פאַרצוקט געוואָרן. שטיל און אומגעשטערט האָבן זיי געגריזשעט דאָס גראָז. פאַרגעסן איז געווען אין דעם דאָזיקן אַרום די קאַ־טאַסטראָפע, וואָס די נאַצישע טיראַנען האָבן אַראָפּגעבראַכט אויף די גאָס־טינינער אידן.

איך האָב געזוכט דעם קבר פון מיין טאַטן. כ׳האָב ניט געקענט געפינען. כ׳האָב פּרובירט זיך דערמאָנען דעם פּלאַץ פון דעם קבר, אָבער אויך דאָס איז, ליידער, געווען אוממעגלעך. כ׳האָב יאָ געדענקט אַז אין צענטער פון בית־החיים איז געשטאַנען דער „אוהל" און נעבן דעם „אוהל" איז געווען מיין טאַטנס קבר, אָבער אומזיסט — כ׳האָב גאָרנישט געקענט פעסטשטעלן.

מיט נאָך עטלעכע גאָסטינינער אידן האָב איך באַשלאָסן צו רעסטאַוו־רירן דעם בית־עולם. מיר האָבן אויפגעשטעלט, אין דער מיט פון בית־החיים, אַ קאָלעקטיוון מאָנומענט.

שפּאַצירנדיק דורך די גאָסטינינער גאַסן האָב איך זיך אָפּגעשטעלט לעבן דעם הויז, וואו עס איז געווען אונזער היים. דערמאָנט האָב איך זיך אין אַ סך זאַכן פון מיין יוגנט, אָבער דאָס האָט לאַנג נישט געדויערט. מיט נייגער האָב איך געזוכט צו זען עטלעכע באַקאַנטע פּנימער, כאָטש איך האָב גע־וואוסט, אַז מען קען דאָ מער קיינעם נישט טרעפן. איך האָב יאָ געטראָפן עטלעכע פריינט — פּאָליאַקן, וואָס האָבן מיך האַרציק באַגריסט און אויס־געדריקט זייער מיטגעפיל אין אונזער נאַציאָנאַלן בראָך, וואָס האָט אונז געטראָפן. „אַ שאָד די אידן" — האָבן זיי געזאָגט — „פאַרוואָס זאָלן די, וואָס זיינען געבליבן לעבן, נישט צוריקקומען און אָנהויבן דאָ פונדאָסניי"...

פאַר מיר, אָבער, עקזיסטירט נישט מער גאָסטינין. ס׳זיינען פאַרבליבן זכרונות; זכרונות פון אַ וואונדערבאַרער אידישער ירושה, וואָס יעדער פון אונז טראָגט זי אין זיין נשמה, אַ ירושה וואָס דורות גאַנצע האָבן שווער געאַרבעט אויפצוזאַמלען און וואָס איז אַזוי אומברחמנותדיק צעשטערט געוואָרן.

איך ווייס, אַז מיט אָט די זכרונות לעבן אַלע גאָסטינינער איבער דער גאַנצער וועלט. דאָס אידישע גאָסטינין לעבט אין אונזערע הערצער און וועט לעבן אַזוי לאַנג ווי מיר לעבן.

# איינער פון די גאָסטינינער מערדער פאַרמשפּט צום טויט*)

לעצטנס איז אין פּלאָצק פאָרגעקומען דער פּראָצעס פון דעם היטלעריס־טישן מערדער יאַקוב פּאָהל. דער אָנגעקלאָגטער פּאָהל, פון אָפּשטאַם אַ דייטש, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1904 אין שטעטל גאָסטינין, פּלאָצקער געגנט. דאָרט האָט ער געוואוינט ביזן אַריינמאַרשירן פון די היטלעריסטישע חיילות קיין פּוילן. בעת דער אָקופּאַציע איז דער אָנגעקלאָגטער געווען אַן אַקטיווער היטלעריסט און אַן אָנפירער פון אַן עס־עס־אָפּטיילונג.

דער באַשולדיקטער יאַקוב פּאָהל איז דער תליין פון די גאָסטינינער אידן און פּאָליאַקן. אַלס אָנפירער פון אַן עס־עס־גרופּע, האָט ער אין די טעג פאַרן 11טן נאָוועמבער 1939 אַרעסטירט אין שטעטל העכער 300 פּאָליאַקן און אידן אונטער דער כלומרשטער באַשולדיקונג פון צוגרייטן אַן אויפשטאַנד קעגן דער אָקופּאַציע־מאַכט. בעת דער אויספאָרשונג, זיינען די אַרעסטירטע געפּייניקט געוואָרן דורך פּאָהלן אויף אַ סאַדיסטישן אופן. אין די ערשטע טעג פון דעצעמבער 1939, זיינען 24 פון צווישן די אַרעסטירטע אַרויסגע־פירט געוואָרן אין שכנותדיקן וואַלד און דאָרטן זיינען זיי געוואָרן דערמאָרדעט. צווישן די דערשאָסענע האָבן זיך געפונען: דריי גלחים פון שטעטל און אומ־געגנט, אַ ריי לערער פון די שולן, עטלעכע דאָקטוירים, דער בירגערמייסטער פון גאָסטינין און די 4 אידישע ראַטמענער לייב פּינטשעווסקי, זאַיאָנץ, בוראַק און יחיאל־מאיר קעללער. פּאָהל האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אינעם דער־מאָרדן די 24 קרבנות.

אין 1941 זיינען ווידער דורכגעפירט געוואָרן אין שטעטל אַרעסטן פון אידן און פּאָליאַקן. 42 פון די פאַרהאַלטענע זיינען דערמאָרדעט געוואָרן דורך דער עס־עס אין קראַשניצער וואַלד. פּאָהל האָט געצוואונגען די אידן צו באַ־גראָבן די דערשאָסענע און דערנאָך זיי דערעמאָרדעט. פּאָהל ווערט אויך באַשולדיקט אין צענדליקער אַנדערע פאַרברעכנס, ווי דאָס אַרויסשיקן אין די טויט־לאַגערן הונדערטער אידישע און פּוילישע איינוואוינער, פון וועלכע די ווייט־גרעסטע מערהייט האָבן זיך נישט אומגעקערט. אין אַפּריל, 1941, זיינען לויט דער פאַראָרדענונג פון אָנגעקלאָגטן אַרעסטירט געוואָרן 105 שטאָ־טישע איינוואוינער, וועלכע זיינען דערשאָסן געוואָרן אויפן הויף פון דער

*) דער אויבנגעבראַכטער רעפּאָרטאַזש איז געשריבן פון אַברהם פּאַפּיערטשיק און איז איבערגעדרוקט געוואָרן פון וואַרשעווער „פאָלקס־שטימע".

אידישער גמינע. חוץ דעם האָט פאָהל זיך פאַרנומען מיט באַרויבן די קרבנות, אויספּרעסן געלט ביי די משפחות פון די אַרעסטירטע א.א.וו.

אין יאָר 1943 איז דער מערדער איבערגעשיקט געוואָרן קיין פראַנק־רייך פאָרצוזעצן זיינע בלוטיקע מעשים קעגן דער דאָרטיקער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. נאָך דער מפלה פון היטלעריזם האָט פאָהל זיך באַזעצט אין מערב־דייטשלאַנד. אין יאָר 1952, איז דער פאַשיסטישער מערדער געקומען מיט אַ ספּעציעלער „מיסיע" אין דער דייטשער דעמאָקראַטישער רעפּובליק *), וואו ער איז דעמאַסקירט געוואָרן דורך דער זיכערהייטס־מאַכט, וועלכע האָט אים שפּעטער איבערגעגעבן אין רשות פון דער פּוילישער יוסטיץ־מאַכט.

39 עדות זיינען אויסגעהערט געוואָרן אין משך פון צוויי טעג. אַלע ווי איינער האָבן פאַרן געריכט פעסטגעשטעלט, אַז דער באַשולדיקטער איז גע־ווען דער געשפּענסט פון גאָסטינין.

דער עדות נאָוואַקאָווסקי דערציילט: ער צוזאַמען מיט זיין פאָטער האָבן זיך געפונען צווישן די 300 אַרעסטירטע. בעת דער אויספאָרשונג האָט פאָהל מערדערלעך געשלאָגן דעם עדות מיט אַ ביקס. דער פאָטער פון עדות האָט זיך געפונען צווישן די ערשטע 24 קרבנות.

דער עדות ביעלינסקי שטעלט פעסט פאַרן געריכט, אַז פאָהל האָט דע־צידירט וועגן לעבן און טויט פון אַלע איינוואוינער פון גאָסטינין. דער עדות לעוואַנדאָווסקי האָט דערקלערט, אַז פאָהל האָט זיך אין אים נוקם געווען דערפאַר, וואָס ער האָט פאַרן 1939טן יאָר אויפמערקזאַם געמאַכט דער סאַנאַציע־פּאָליציי אויף דער אָפענער היטלעריסטישער טעטיקייט, וועלכע איז געפירט געוואָרן דורך פאָהלן און אַנדערע דייטשן ,וואָס האָבן געוואוינט אין גאָסטינין. דער קאָמענדאַנט פון דער סאַנאַציע־פּאָליציי האָט דעם עדות דע־מאָלט געזאָגט, אַז ער „זאָל בישט אַריינשטעקן זיין נאָז דאָרט, וואו מען דאַרף נישט" און גלייכצייטיק מיטגעטיילט פאָהלן וועגן דער דאָזיקער מעלדונג. לעוואַנדאָווסקי איז דערפאַר פאַרשיקט געוואָרן קיין אָשווענטשים און צוויי ברידער זיינע זיינען דערמאָרדעט געוואָרן.

נאָך דער דערקלערונג פון די עדות, האָט גערעדט דער פּראָקוראָר, וועל־כער האָט געפאָדערט פאַר היטלעריסטישן מערדער טויט־שטראָף. נאָך די רעדעס פון פאַרטיידיקער און פון אָנגעקלאָגטן, האָט דאָס געריכט פאַרמשפּט דעם היטלעריסטישן מערדער יאַקוב פאָהל צום טויט.

*) אין יענער טייל דייטשלאַנד, וואָס איז דאָמינירט פון סאָוועט־רוסלאַנד.

**אַ יזכור-פֿאַרזאַמלונג אין ניו-יאָרק נאָך די גאָסטינינער קדושים, אָנגעפֿירט פֿון חזן יעקב ברייטמאַן און שמואל קעלער מיט זיין כאָר**



פון רעכטס: העלען באַל, הינטער איר האַלב־פאַרשטעלט אַ משורר, שמואל קעלער, אַ משורר, ישכר מאטיל, חנה טרעמסקי, חזן ברייטמאַן, יוסף קעלער, משה קריגער, הערש קרוטשיק, דוד קונצמאַן. :—: אונטערשטע רייע: מאיר גאָסטינסקי, יעקב גאָסטינסקי.

אַ יזכור-פאַרזאַמלונג אין ניו-יאָרק נאָך די גאָסטינינער קדושים



בִּלַּע אֲדֹנָי וְלֹא חָמַל
אֶת כָּל נְאוֹת יַעֲקֹב
הָרַס בְּעֶבְרָתוֹ
מִבְצְרֵי בַת יְהוּדָה
הִגִּיעַ לָאָרֶץ.

(איכה ב׳, ב׳)

גאָט האָט אומגעבראַכט אָן רחמנות
אַלע וואוינונגען פון יעקב
צעשטערט אין זיין צאָרן
די פעסטונגען פון טאָכטער יהודה
זיי געבראַכט צו דער ערד.

(תרגום יהואש)

צום אייביקן אָנדענק

פון אונזער טייערן מאַן און ליבן פאָטער און זיידע

# שמואל קעללער ע״ה

(געשטאָרבן דעם 2טן אָקטאָבער, 1959, ערב ראש-השנה, תש״ך)



כבוד זיין אָנדענק!

חנה, מאָריס, פלאָרענס, באַרבאַראַ, דזשון

און משפחה (ניו-יאָרק)

# שמואל קעללער ע״ה

שמואל קעללער, זכרונו לברכה, איז געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָבן פאַרטראַכט און שפּעטער גענומען אַרבעטן צו רעאַליזירן דעם געדאַנק וועגן דעם גאָסטינינער יזכור־בוך. שמואל האָט נישט געקענט מסכים זיין מיט דעם רעיון, אַז זיין היימשטאָט, איר אידישע קהילה, די אַקטיוויטעטן וואָס זיינען דאָרט געפירט געוואָרן, די אויפטועןאון ראַנגלענישן פון איר שיינער יוגנט, דער קאַמף פאַר עקזיסטענץ פון אירע אידן — אַז דאָס אַלץ זאָל פאַרלוירן גיין און פאַרגעסן ווערן. יאָ, ער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ קלאָרן חשבון, אַז מיט דעם חורבן וואָס איז געקומען אויף דעם פּוילישן אידנטום, איז אויך דער אידישער ישוב אין גאָסטינין אָפּגעווישט געוואָרן — אָבער דאָס געדעכעניש פון גאָסטינין האָט ער געזוכט צו פאַראייביקן.

און עס איז גאָר קיין וואונדער נישט, וואָס גראָד ער איז עס געווען דער איניציאַטאָר פון יזכור־בוך. שמואל איז געווען דורך־און־דורך אַ גאָסטיניר, אַפילו נאָך צענדליקער יאָרן פון זיין וואוינען אין ניו־יאָרק, טויזנטער קילאָמעטער פון זיין באַליבטער היימשטאָט. ער האָט דאָ, אויף דער אַמע־ריקאַנער ערד, נישט פאַרגעסן די מינדסטע קלייניקייט פון דעם, וואָס עס איז אַמאָל דאָרט פאַרלאָפן. מיט יעדן פאָדעם פון זיין וועזן איז ער געווען זעליש פאַרבונדן מיט דעם אַמאָליקן דאָרט. עס האָבן נישט אויפגעהערט צו ווירקן אויף זיין פּערזענלעכקייט דער זיידע זיינער ר׳ ישראל־איטשע און זיין פאָטער ר׳ יעקב־מענדל איז תמיד געשטאַנען פאַר זיינע אויגן. פון אינגל־ווייז אָן איז זיין צאַרטע נשמה געווען אָפן פאַר השפּעות פון ביידן, פאַר וועלכע ער האָט געטראָגן אין זיך זייער פיל פאַרערונג און דרך־ארץ. ביי דער מינדסטער געלעגנהייט האָט ער זיי ביידן דערמאָנט און כל־ימיו געשעפּט פון זייערע האַנדלונגען, וועלכע ער האָט גוט געדענקט, באַגייסטערונג און אינספּיראַציע.

כאַראַקטעריסטיש, אַז בעת ער איז געלעגן אויף דעם טויטן־בעט און איז געווען באַרוישט פון די גרויסע דאָזעס שלאָף־פּילן וואָס מען האָט אים אין שפּיטאָל געגעבן, האָט ער אָן אויפהער דערמאָנט די נעמען פון זיין זיידן און טאַטן. ער האָט, מסתמא, געגלויבט, אַז זיי שטייען אים צוקאָפּנס און ער האָט מיט זיי געשמועסט.

שוין אין זיין פריער יוגנט האָט זיך שמואל אָנגעשלאָסן אין כאָר פון זיין באַליבטן חזן ר׳ יעקב מיללער ע״ה. ווי אַ משורר האָט ער געקענט זיין חזנס אַלע קאָמפּאָזיציעס. ער האָט ערנסט זיך דורכגענומען מיט דער

נגינה פון גאָסטינינער חזן און ליב געהאַט צו זינגען די מתיקותדיקע טענער פון די שיינע שבתדיקע און יום־טובדיקע תפילות. אין זיין שפּעטערדיקן לעבן אין אַמעריקע איז שמואלן אויסגעקומען צו זינגען און אָנפירן מיט כאָרן פאַר באַרימטע חזנים. אומעטום האָט ער אַריינגעבראַכט דעם אינטימען געזאַנג פון זיין באַליבטן חזן און זיין כאָר האָט געקוואַלט מיט עכטער אידישער היימישקייט, וואָס האָט דורכגעדרונגען יעדן וואָס האָט זיך צו אים און זיין כאָר צוגעהערט. נישט נאָר אין זיין נגינה האָט ער געירשענט דעם גאָסטינינער חזן, נאָר ער האָט אויך ווי זיין לערער זיך באַצויגן מיט ערנסט און כובד־ראש צום עמוד, צו דער תפילה און צו קהל, וואָס ווי זיין שליח האָט ער זיך געפילט.

שמואל קעללער איז אין דער היים געווען איינער פון די אַממיינסטן־באַגאַבטע שוישפּילער־אַמאַטאָרן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער אויפ־פירונג פון פילע פּיעסן. ער האָט געקענט זיך איינלעבן אין אַ ראָל. ער האָט פאַרשטאַנען זיך צו אידענטיפיצירן מיט אַ פּאַרשוין, וואָס אים האָט ער פאָרגע־שטעלט. אין זיין אויפטריט איז ער געווען עכט און איבערצייגנדיק. אַזוי איז ער געווען טעטיק אויך דאָרט אין דער אַרבעט אַרום דער ביבליאָטעק. פאַר אים אַ בוך, אַ ספר, אַ אידיש ספר מיט אַ אידישן אינהאַלט — איז געווען אַן אוצר. ער האָט געוואָלט, אידן זאָלן לייענען און וויסן ווי אָפּצו־שאַצן זייער אייגענע קולטור. ער אַליין האָט נישט אויפגעהערט זיך איינצו־שאַפן אידישע ביכער און וואָס אַמאָל איז גרעסער געוואָרן זיין ספרים־אַלמער. באַזונדערס איז זיין דורשט נאָך אידיש־וויסן געוואַקסן נאָך דעם חורבן. ער האָט געשלונגען מיט נייגיר יעדעס אות, יעדעס וואָרט. ער האָט זיך געוואָלט פאַרטיפן אין דער חכמה פון דורות.

ווי אַ גאָסטינינער איז ער, קומענדיק קיין אַמעריקע, באַלד אַקטיוו געוואָרן אין דער גאָסטינינער סאָסייעטי פון ניו־יאָרק. ער איז געווען גרייט מיטצואַרבעטן פאַר יעדן ענין. ער איז געווען טיכטיק אין דעם גאָסטינינער סאָשל־קלאָב, וואָס האָט זיך געשאַפן, און דער רוח־החיים פון יזכור־בוך. ווען ער האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם שוידערלעכן סוף פון זיין פאַמיליע, האָט ער נישט גערוט און געפאָרשט און געזוכט און געפונען יעדן גאָסטיני־נער פּליט, וואָס איז לעבן געבליבן, געשטאַנען מיט אים אין קאָנטאַקט, געפונען מיטלען ווי אַזוי צו העלפן די ניצול־געוואָרענע און געשיקט פּעקלעך מיט שפּייז, מיט מלבושים און גאַנץ אָפט אויך מזומן געלט. אין דער דאָזיקער אַרבעט האָט ער געוואָלט פאַרגעסן זיין אייגענעם אומגליק. זיין געזונט אָבער איז שוין געווען אונטערגעגראָבן. דאָס איז געווען זיין עובדה אָפּצוהיטן דעם

יאָרצייט נאָך די גאָסטינינער קדושים. ווען ער האָט געזאָגט די תפילות בעת די יזכור־פאַרזאַמלונגען, האָט מען געפילט דעם טיפן צער און אָנסוף׳יקן ווייטיק, וואָס ער האָט אין זיך געטראָגן.

מיט דעם אויפקום פון מדינת ישראל איז שמואל ווי געוואָרן אַן אַנדער מענטש. ער האָט זיך איבערגענומען מיט די אויפטוען פון דער אויפגעריכטער אידישער זעבלסטשטענדיקייט. ער איז אין 1953 געפאָרן קיין ישראל, כדי צו זען מיט די אייגענע אויגן, וואָס אידישע ענערגיע קען באַווייזן. אַוודאי האָט ער זיך געטראָפן מיט זיינע גאָסטינינער בני־עיר, באַזונדערס מיט די קרבנות פון רשעותדיקן היטלעריזם, וואָס האָבן געפונען זייער היים, נאָך זייערע שרעקלעכע איבערלעבונגען, אין דער אידישער מדינה. ער האָט וועגן יעדן געוואוסט זיין יחוס, וואָס איז פאַרלאָפן מיט זיינעם אַ זיידן, אַ פעטער און אַ מומע...

מיט זיין שטייגנדיקן אינטערעס אין ישראל, האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דעם ביאַליק־צווייג פון אידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד. זיינע בייטראָגן פאַר די פאָנדן זיינען געווען מיט אַ פולער האַנט. ער האָט געטראַכט צו פאָרן נאָכאַמאָל. ס׳איז אים אָבער נישט געווען באַשערט.

ס׳איז אים אויך נישט געווען געגעבן צו זען דאָס יזכור־בוך. ער האָט אַזוי פיל געאַרבעט פאַר דעם בוך, געלעבט דערמיט און דערמיט געאָטעמט. ער איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון צווישן די לעבעדיקע, אַזוי פריצייטיק און אַזוי אומגעריכט פאַר אים, פאַר זיין משפחה און פאַר זיינע לאַנדסלייט און באַקאַנטע.

קיינמאָל, קיינמאָל וועלן מיר אים, דעם באַשיידענעם, פיינעם מענטשן און גוטן ברודער נישט פאַרגעסן.

**יוסף קעללער**

צום הייליקן אָנדענק פון אונזער ליבן מאַן און פאָטער

# שלמה גאָסטינסקי ע״ה

געשטאָרבן דעם 5טן דעצעמבער, 1957



כבוד זיין אָנדענק!

גאָלדע און טעכטער: פאולין און קלאַריס
און משפחה

# שלמה גאָסטינסקי ע״ה

ווען שלמה האָט פאַרלאָזן גאָסטינין, האָט ער איבערגעלאָזט אַ שטאָט מיט אַלע אַקטיוויטעטן און פאַרשידענע ריכטונגען. ער אַליין איז געווען טעטיק אויף אַ סך געביטן, אין פּאָליטישן לעבן אַזוי גוט ווי אין קולטורעלן לעבן פון גאָסטינין.

זיין לעבן אין גאָסטינין איז געווען אַן אינטערעסאַנטער, וואָרום ער איז געווען גאָר שטאַרק פאַראינטערעסירט אין די אַלע שטאָטישע טעטיקייטן. אָבער אַזוי ווי זיינע ברידער זיינען שוין געווען עטאַבלירט אין אַמעריקע און זיינע נאָענטע זיינען אַרויס פון גאָסטינין, האָט ער זיך אויך אַרויסגעלאָזט קיין אַמעריקע.

דאָ, אין דעם נייעם לאַנד, האָט ער נישט אויפגעגעבן זיינע אינטערעסן אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. אַזוי זעט מען אים אַן אַקטיוון מיטגליד אין דער בעקער־יוניאָן, טיכטיק אין דער פּועלי ציון־באַוועגונג און אויך אַן אַקטיוון מיטגליד אין איינעם פון די אַרבעטער־רינג צווייגן.

ווען אַ גרופּע גאָסטינינער האָבן געגרינדעט דעם גאָסטינינער קלוב, מיטן צוועק צו העלפן די גאָסטינינער פּליטים, איז שלמה געווען איינער פון די גרינדער און איז געווען זייער אַקטיוו אין דער הילפס־אַרבעט. און ווען ס'איז געפּלאַנט געוואָרן אַרויסצוגעבן אַ גאָסטינינער יזכור־בוך, איז שלמה באַלד געווען איינער פון די וואָס האָבן זיך מיט דער שאַפונג פון בוך אָפּגעגעבן.

ער האָט אַוועקגעגעבן אַ סך מי און אַרבעט פאַר דעם בוך. געקומען צו אַלע מיטינגען פונעם בוך־קאָמיטעט און אויך אַליין זיך באַטייליקט אין שרייבן וועגן גאָסטינין. זיין אַרטיקל איז נאַטירלעך אָפּגעדרוקט אין דעם בוך. ער האָט געהאָפט צו זען דעם בוך אַ פאַרטיקן, אָבער ליידער האָט דער טויט אים פון אונז גאָר פּלוצים אַוועקגעריסן און ער האָט זיך נישט דערוואַרט צו זען דעם בוך אָפּגעדרוקט.

כבוד זיין אָנדענק!

י. ק־ר

צום הייליקן אָנדענק פון אונזער טייערן ברודער

# מאיר גאָסטינסקי ע״ה

געשטאָרבן אין יאָר 1955



כבוד זיין אָנדענק!

ברידער: יוסף און יעקב

שוועסטער: צביה און רוכטשע
און משפחה

## דער גאָסטינינער יזכור־בוך קאָמיטעט
## אין ניו־יאָרק

דריקט אויס זיין צער און טרויער צוליב דעם פריצייטיקן

טויט פון אונזער ליבן חבר

# מאיר גאָסטינסקי ע״ה

וואָס האָט נישט דערלעבט דאָס דערשיינען פון בוך, וועגן
וועלכן ער האָט גע׳חלומ׳ט און פאַר וועלכן ער איז געווען
טעטיק.

ע ר ע  ז י י ן  אָ נ ד ע נ ק !

גאָסטינינער יזכור־בוך קאָמיטעט
אין ניו־יאָרק

# מאיר גאָסטינסקי ע״ה

**גאָלדע פרענקל־גאָסטינסקי**



גאָלדע פרענקל־גאָסטינסקי

איך האָב געקענט מאיר גאָסטינסקין פון דער צייט ווען איך בין געקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אייגנטלעך האָב איך אים נאָך פריער געקענט, ווייל ווען זיין ברודער שלמה — מיין מאַן —איז געקומען קיין פוילן מיט מיר חתונה צו האָבן — האָט ער מיך באַקענט מיט זיינע ברידער אין ניו־יאָרק, שילדערנדיק יעדן איינעם פון זיי. אַממייסטן אָבער האָבן מיר גערעדט וועגן מאירן. ווי נאָר איך האָב פאַר מיין צוקונפטיקן מאַן דערמאָנט וועגן זען פלעצער און זאַכן פון דער הויך־אַנטוויקלטער טעכניק פון אַמעריקע, האָב איך געקראָגן דעם ענטפער, אַז מאיר וועט מיר שוין אַלצדינג ווייזן.

ווען איך און מיין מאַן זיינען מיט אַכט און צוואַנציק יאָר צוריק גע־קומען קיין ניו־יאָרק אין הויז פון מאירן און זיינע ברידער, בין איך טאַקע צוגעבונדן געוואָרן צו מאירן מער ווי צו יעדן אַנדערן פון דער משפחה. ער האָט ביי מיר געוואונען אַכטונג און ליבע פון דעם ערשטן טאָג אָן זינט כ׳האָב איבערגעטראָטן די אַמעריקאַנער ערד. פאַר יעדע פאַרגאָסענע טרער, צי זי איז געקומען פון בענקשאַפט נאָך מיין משפחה, פריינט, צו וועלכע איך בין געווען מיט טויזנטער פעדעם צוגעבונדן און פון צווישן וועלכע איך בין מיטן וואָרצל אַרויסגעריסן געוואָרן — האָט מאיר באַלד אַ טרייסט, אַ גוט־וואָרט געפונען. ער איז געווען מער ווי אַ שוואָגער. ער האָט זיך פאַר מיר באַוויזן ווי אַ סענסיטיווער מענטש, וואָס פאַרשטייט יענעמס לאַגע.

אַליין אַן אָפּשטאַמיקער פון חסידיש־רבנישע דורות, האָט דער דאָזיקער יחוס באַאיינפלוסט זיין דערציאונג און זיין וויטערדיקן גאַנג אין לעבן. דאָס באַוואוסטזיין פון זיין אָפּשטאַם האָט געפורעמט זיין כאַראַקטער און ווען

אַפילו ער איז קיין פרומער נישט געווען, האָט ער דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

ער האָט פאַרמאָגט אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן, אַ גוטן קאָפּ צו אַלעם, אָבער, צייטנווייז, ליידער, אַ צו שוואַכן ווילן גרויסע זאַכן דורכצופירן. דערצו האָבן גורם געווען אַ ריי פאַקטאָרן. איינער פון זיי איז געווען זיין שוואַכער געזונט־צושטאַנד. וואָס ער זאָל נישט האָבן אונטערגענומען, האָט ער זיך יעדעס מאָל אָנגעשלאָגן אין דער שווערער, האַרטער מניעה — קראַנקייט.

נאָך אַלס אינגל ווערט ער אַריינגעצויגן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. ער לויפט אין בית־מדרש און אין שול און מאַכט נישט קיין סוד פון זיינע איבערצייגונגען. דאָס האָט פאַרשאַפט גרויס עגמת־נפש זיינע חסידישע על־טערן. ער האָט תמיד דערמאָנט יענעם שמחת־תורה, ווען די ציוניסטן האָבן בעת די הקפות געוואַגט צו זינגען די „התקוה”. ער האָט מיט אַ נישט־באַהאַלטענעם שטאָלץ דערציילט וועגן די פעטש, וואָס ער האָט אַריינגעכאַפּט פון גבאי פאַר דער דאָזיקער ציוניסטישער חוצפה...

ער האָט אין זיין לעבן געהאַט אויפשטייג און מפּלה. אַ דורכפאַל האָט אים אָבער קיינמאָל נישט אַנטמוטיקט. פאַרקערט, דורך יעדן וואָלקן האָט ער געקענט זען די דורכנעמענדיקע שטראַלן פון דער זון. אָט דער כוח האָט אים געגעבן מוט איבערצוטראָגן סיי די פיזישע און אויך גייסטיקע איבער־לעבונגען, ווען אַפילו טיף אין זיין האַרצן זיינען געבליבן פאַר קיינעם נישט־זעבאַרע אָפענע וואונדן.

אַ גאָר גרויסע מעלה זיינע איז געווען, וואָס ער האָט זיך געקענט אַריינ־פּאַסן אין דער געזעלשאַפט און אָנטייל־נעמען אין געשפּרעכן וואָס זיינען אָנגעגאַנגען. באַזונדערן אייפער האָט ער אַרויסגעוויזן אין דיסקוסיעס וועגן ציוניזם. דאָ האָט ער גענוצט יעדן אַרגומענט צו איבערצייגן זיין קעגנער אין דער ריכטיקייט פון זיין שטעלונג.

ער איז געווען אין פולן זין פון וואָרט: אַ קלוגער און גוטער מענטש. אמת, ער איז געווען לייכט צום אויפרעגן זיך און אין זיין אויפברויז פון כעס איז געווען צו באַמערקן זיין כאַראַקטעריסטישער אויסדרוק אויף זיין פּנים: אויפגעהויבן די אונטערשטע ליפּ איבער דער אויבערשטער. די, וועלכע האָבן אים געקענט און דאָס באַמערקט, האָבן געוואוסט, אַז אָט אָט, אָט, רעגט ער זיך אויף, וואָרום ער פאַרבייסט שוין די ליפּן...

צוליב זיין ערנסטקייט און די אַנדערע קוואַליטעטן פון זיין כאַראַקטער, האָבן זיך מענטשן צו אים באַצויגן מיט ליבע און דרך־ארץ.

ער האָט געטראָגן אין זיין האַרץ אַ וואַרעמקייט און אַ ליבע. ער האָט

פרובירט זיינע געפילן צו געבן אויסדרוק אין זיינע לירישע פּאָעמעס, וואָס ער האָט געשריבן און פלעגט זיי אַמאָל פאָרלייענען פאַר יחידי־סגולה. נישט איין מאָל האָב איך אים געבעטן אַמאָל אַריינצושיקן זיינס אַ ליד אין אַ רעדאַקציע, עס זאָל אָפּגעדרוקט ווערן. ער האָט עס אָבער אָפּגעוואָרפן. ער שרייבט — פלעגט ער זאָגן — פאַר זיך און אין בעסטן פאַל פאַר די נאָענט־סטע...

ער איז ממש צעבראָכן געוואָרן פון דעם גרויזאַמען חורבן, וואָס די לעצטע וועלט־קריג האָט געבראַכט אויף דעם אייראָפּעאישן אידנטום. ער האָט אין זיך באַוויינט די שוידערלעכע אבידה פון די מיליאָנען אידן. אַ צעווייטיקטער האָט ער געצאָרנט קעגן דער דייטשער חיה, וואָס האָט פאַר־צוקט זיין פאָלק, זיין אומגליקלעך פאָלק.

איז דען אַ וואונדער, וואָס מאיר האָט אויף איינער פון די פאַרזאַמלונגען פון זיינע גאָסטינינער לאַנדסלייט גערופן צו פאַראייביקן דעם זכרון פון דער פאַרשניטענער היימשטאָט? ער איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן גע־שטיצט די אידייע פון אַ יזכור־בוך.

ס׳איז אים נישט געווען באַשערט צו זען דאָס בוך געדרוקט. אויך האָט ער נישט זוכה געווען צו זען די אידישע מדינה, די פאַרווירקלעכונג פון זיין ציוניסטישן חלום און קאַמף.

מיר וועלן אים קיינמאָל נישט פאַרגעסן, דעם טייערן מאיר גאָסטינסקי. טיף אין אונזערע הערצער וועט זיין ליכטיקע געשטאַלט אייביק לעבן.

סעפּטעמבער, 1955.

# לזכר עולם

**45 אידן וואָס זיינען געשטאָרבן אָדער אומגעקומען אין קאָנינער לאַגער זיינען באַלד נאָך דער באַפרייאונג איבערגעפירט געוואָרן דורך הרב אַראָנסאָן אויף אַן אָפּגעזונדערטן טייל פון אַ קריסטלעכן צווינטער און געבראַכט געוואָרן צו קבורה.**

**צווישן די 45 זיינען געווען דרייצן אידן פון גאָסטינין.**
**אָט זיינען די נעמען:**

## ווייצנער אברהם
(געבוירן אין יאָר 1890 — געשטאָרבן אָדער אומגעקומען דעם 5טן אַפּריל, 1942)

## שורין יוסף
(געבוירן אין יאָר 1891 — געשטאָרבן אָדער אומגעקומען דעם 5טן יוני, 1942)

## אייזיק שלמה
(געבוירן אין יאָר 1897 — געשטאָרבן אָדער אומגעקומען דעם 12טן מאַי, 1942)

## גאָלדבערג נחום
(געבוירן אין יאָר 1884 — געשטאָרבן אָדער אומגעקומען דעם 12טן מאַי, 1942)

## קאָוועגד יצחק
(געבוירן אין יאָר 1911 — געשטאָרבן אָדער אומגעקומען דעם 19טן מאַי, 1942)

## לעווקאָוויטש יוסף
(געבוירן אין יאָר 1911 — געשטאָרבן אָדער אומגעקומען דעם 29טן מאַי, 1942)

## פיינזילבער יוסף
(געבוירן אין יאָר 1914 — געשטאָרבן אָדער אומגעקומען דעם 2טן יוני, 1942)

## ברוסטאָסווקי ליפּע
(געבוירן אין יאָר 1928 — געשטאָרבן אָדער אומגעקומען דעם 16טן יוני, 1942)

## לאסמאַן אליעזר
(געבוירן אין יאָר 1913 — געשטאָרבן אָדער אומגעקומען דעם 2טן יולי, 1942)

## ראַק משה יעקב
(געבוירן אין יאָר 1909 — געשטאָרבן אָדער אומגעקומען דעם 4טן יולי, 1942)

## נאסינאָוויטש אברהם
(געבוירן אין יאָר 1897 — געשטאָרבן אָדער אומגעקומען דעם 7טן יולי, 1942)

## צימערמאַן חיים מרדכי
(געבוירן אין יאָר 1906 — געשטאָרבן אָדער אומגעקומען דעם 20טן יולי, 1942)

## מאָטיל יעקב לייב
(געבוירן אין יאָר 1893 — געשטאָרבן אָדער אומגעקומען דעם 31טן יאַנואַר, 1943)

**השם ינקום דמם!**

צום אָנדענק פון אונזער חבר און פריינט

# פישל לעפקאָוויץ ע״ה

וואָס איז פריציייטיק אוועקגעריסן געוואָרן
פון אונז.



גאָסטינינער יזכור-בוך קאָמיטעט
אין ניו-יאָרק

# פישל (פיליפּ) לעפקאָוויטש ע״ה

פיליפּ לעפקאָוויטש איז געווען איינער פון די גרינדער פון גאָסטינינער סאָשל קלאָב. כאָטש ער איז געווען איינער פון די טיכטיקסטע מיטגלידער פון דער גאָסטינינער סאָסייעטי אין ניו־יאָרק, איז אָבער בעת ער האָט זיך דערוואוסט, אַז אַ גרופּע גאָסטינינער קלייבן זיך צו גרינדן אַ קלוב צו העלפן די גאָסטינינער אין ישראל און אַלע גאָסטינינער וואָס האָבן באַוויזן זיך צו ראַטעווען פון דעם גרויסן חורבן אין פּוילן, האָט ער זיך תיכּף אָנגעשלאָסן אין דער גרופּע און געהאָלפן אין דער גרינדונג פונעם קלוב.

פישל לעפקאָוויטש איז געבוירן געוואָרן אין גאָסטינין ביי אַן אָרעמער פאַמיליע, וואָס האָט שווער און ערלעך געאַרבעט אויף חיונה און נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו געבן אירע קינדער די עלעמענטאַרע לערע.

גאָר יונגערהייט האָט מען פון אים געמאַכט אַ בעל־מלאכה און ווען ער איז געקומען קיין אַמעריקע איז ער שוין געווען אַ פאַרטיקער שניידער.

דאָ האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער קלאָקמאַכער־יוניאָן, וואו ער איז געווען טעטיק. ער האָט געלייענט די טעגלעכע צייטונגען און האָט זיך גענומען אינטערעסירן אין ענינים אויסער די ראַמען פון דער ניי־מאַשין. די יוניאָן, אַזוי גוט ווי די אַרבעטער פונעם שאַפּ וואו ער האָט געאַרבעט, האָבן זיינע טעטיקייטן אָנערקענט און אָפּגעשאַצט. ער איז דערוויילט געוואָרן טשערמאַן אין זיין שאַפּ, וואָס איז געווען איינער פון די גרויסע שעפּער.

זיין אַרבעט אין גאָסטינינער סאָשל קלאָב איז אויך געווען אַ גאָר טיכטיקע און פילזייטיקע. ער איז זייער טעטיק געווען ספּעציעל אין דער הילפס־אַרבעט לטובת די גאָסטינינער.

צום באַדויערן איז פישל קראַנק געוואָרן מיט אַ שווערער, אומהייל־באַרער קראַנקייט. ער איז דורכגעגאַנגען עטלעכע שווערע אָפּעראַציעס, אָבער ווען נאָר ער האָט געהאַט די מעגלעכקייט, האָט ער קראַנקערהייט זיך נישט אָפּגעשטעלט און געווען אַקטיוו מיט זיינע לעצטע כוחות.

נאָך אַ לאַנגער און שווערער קראַנקייט איז אונזער פריינט און חבר פישל געשטאָרבן.

אין טאָג פון זיין לוויה איז דער שאַפּ — וואו ער האָט געאַרבעט און געווען דער טשערמאַן — געווען געשלאָסן, כדי אַלע אַרבעטער זאָלן אים קענען אָפּגעבן זיין לעצטן כבוד.

אין אונזערע רייען וועט ער שטענדיק אויספעלן. ערע זיין אָנדענק!

י. ק־ר

צום הייליקן אָנדענק פון אונזער טייערן און ליבן פאָטער

# דוד ברעסלער ע״ה



וואָס איז פון אונז אַזוי פלוצלונג אַוועקגעריסן געוואָרן.

פרוי רחל און טעכטער: רות און גלאָריע
ברעסלער (ניו־יאָרק)

# דוד ברעסלער ע״ה

דוד ברעסלער איז געווען איינער פון די געציילטע פליטים פון דער גאַנצער אידישער קהילה. זיין רעטונג איז אים נישט גרינג אָנגעקומען. ער האָט דורכגעמאַכט אַלע שבעה מדורי גיהנום. יאָרן האָט ער אָפּגעפּינסטערט אין דעם דייטשן שקלאַפן־לאַגער „גינסקירכען״, זיך אָנגעליטן מיט גע־וואַלדיקע צרות און פורעניות. זיין נומער איז געווען 144573 און ער איז דאָרט געווען ביז היטלערס מפּלה.

פון גינסקירכען איז ער איבערגעפירט געוואָרן אין דעם גוט־באַקאַנטן „פערנוואַלד לאַגער״. ווען ער איז אַרויס פון פערנוואַלד האָט ער זיך אַוועק־געלאָזט קיין אַמעריקע און איז אָנגעקומען אין ניו־יאָרק אין מאַי 1949.

אין אַמעריקע איז ער אָנגעקומען אַ קראַנקער, אַ צעבראָכענער. ער האָט געליטן געוואַלדיקע, אומאויפהערלעכע קאָפּ־ווייטיקן און איז אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל 17 חדשים. און ווען ער איז שוין אַרויס פון שפּיטאָל איז ער נאָך אַלץ געווען אַ חולה מסוכן. גייסטיק, אָבער, איז ער געווען אַ געזונטער.

אַזוי ווי ער איז געווען טעטיק אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין גאָסטינין, האָט ער זיך דאָ תיכף אָנגעשלאָסן אין דעם בונדישן קלוב אין ניו־יאָרק. ער האָט זיך אויך אָנגעשלאָסן אין דעם גאָסטינינער סאָשל קלאָב, און געווען איינער פון די גרינדער פון דעם שלמה מענדעלסאָן ברענטש פון אַרבעטער־רינג.

אַזוי שנעל ווי ער האָט זיך דערוואוסט, אַז די גאָסטינינער גרייטן אַ יזכור־בוך, האָט ער זיך תיכף אָנגעשלאָסן אין דעם בוך־קאָמיטעט און האָט אויך בייגעשטייערט צום בוך־פאָנד און באַזוכט די זיצונגען פונעם בוך־קאָמיטעט.

זיין פּלוצימדיקער טויט האָט אים פון אונז אַוועקגעריסן דעם 11טן יוני אינעם יאָר 1959. ערע זיין אָנדענק!

זאָל זיין וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט זיין אַ טרייסט פאַר זיין פרוי רחל און זיינע צוויי טעכטערלעך, רות און גלאָריע.

י. ק־ר

צום הייליקן אָנדענק פון אונזער פאָטער

# יעקב מיללער ז״ל

לאַנג־יאָריקער חזן און שוחט פון גאָסטינין

נפטר געװאָרן אין דיטראָיט אין 1942

## אונזער מוטער שרה ע״ה

געשטאָרבן אין גאָסטינין אין 1910



יואל מיללער (שיקאַגאָ)

משה בער מיללער (שיקאַגאָ)

לאה (מיללער) קעללער (ניו־יאָרק)

מאַשע (מיללער) ליטאַף (דעטראָיט)

פעסע (מיללער) קעסט (קענאָשא)

צום הייליקן אָנדענק

פון אונזער איבערגעגעבענער פרוי און טייערער מוטער

# טילא ז״ל

די טאָכטער פון גאָסטינינער חזן ושו״ב ר׳ יעקב און שרה מיללער.



זי האָט אונז פאַרלאָזט אין מיטן פון איר לעבן.

זאָל זי רוען צווישן אַלע הייליקע.

דער מאַן: מאיר דוד טרעמסקי און די קינדער

צום הייליקן אָנדענק פון אונזער טייערען פאָטער

# פייוול קרוטשיק ע״ה



ע ר ע   ז י י ן   אָ נ ד ע נ ק !

הערמאַן און סאָניע קראוז (ניו-יאָרק)

צום הייליקן אָנדענק פון אונזער טייערער מוטער

# פראַדעל קרוטשיק ע״ה



געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1940

ערע איר אָנדענק!

הערמאַן און סאָניע קראַוז (ניו־יאָרק)

## צום הייליקן אָנדענק פון מיין פאָטער און מוטער



מיין פאָטער

**יעקב מענדל קעללער ז״ל**

אַן עסקן אין דער גאָסטינינער קהלה

(נפטר געוואָרן אין גאָסטינין כ״ז שבט, תרצ״ז)



מיין מוטער

**ביילע פייגא קעללער ע״ה**

אומגעקומען פון די היטלער־משחיתים

אין חורבן פוילן.

ערע זייער הייליקן אָנדענק!

**יוסף קעללער**

# צום הייליקן אָנדענק פון מיין גאַנצער משפּחה

## פאַרזאַמלט אַרום קבר פון מיין פאָטער יעקב מענדיל קעללער ז״ל



די אַלע פאַרזאַמלטע אַרום קבר זיינען אומגעקומען צוזאַמען מיט זייערע קינדער דורך די דייטשע רוצחים אין פוילן.

אויבן, רעכטס: **מיין ברודער שלום; נעקסט צו אים — מיין ברודער משה; נעבן דער מצבה — שלום׳ס פרוי; זיצנדיק — מיין ברודער אהרן.**
אויבן, לינקס: **מיין פאָטערס ברודער בן־ציון און מיין שוואָגער אפרים־מאטיל (טשארנא׳ס מאַן).**

פרויען פון רעכטס צו לינקס: **חנטשע קעללער (זרחין) — יחיל־מא׳ר׳ס פרוי; מאַניע (זרחין) קעלער — אהרנ׳ס פרוי; טשאַרנע (מאטיל) — מיין שוועסטער, אפרימ׳ס פרוי; זיצנדיק — מיין ברו־דער יחיאל־מאיר.**

**יוסף קעללער**

געשענדעט איז געוואָרן דער גאָסטינינער בית־עולם דורך די בעסטיאַלישע היטלער־משחיתים. וואָס האָבן אַרויסגעריסן די מצבות פון די קברים און מיט זיי געברוקירט די גאַסן.

דערפאַר שטעלן מיר דאָ אַ מצבה פאַר אונזער זיידע

## ר׳ ישראל־איטשע קעללער ז״ל

איינער פון די זיילן פון דער גאָסטינינער אידישער קהלה

אויך פאַר אונזער באָבע

## חיה־שרה קעללער ע״ה

אַן אמת׳ע אישה צנועה

זאָלן אויך דאָ פאַראייביקט ווערן די נעמען פון אונזערע פעטערס און מומעס וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע לעבנס צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס אין די שוידערלעכע היטלער־רציחות:

**פּרץ קעללער, בנציון קעללער, פריידע הדס, איר מאַן זלמן טשאַרנאָבראָדע און זייערע דריי טעכטער, און שיינע ברכה.**

ע ר ע  ז י י ע ר  אָ נ ד ע נ ק !

**יוסף קעללער**
(ניו־יאָרק)

**ישכר מאטיל**
(ניו־יאָרק)

---

## צום הייליקן אָנדענק פון מיינע שוועסטער



**חוה קעללער ע״ה**

געשטאָרבן אין גאָסטינין פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.



**פעסע קעללער ע״ה**

געשטאָרבן אין גאָסטינין אין די יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

ע ר ע  ז י י ע ר  אָ נ ד ע נ ק !

**יוסף קעללער**

## צום הייליקן אָנדענק פון אונזער שוועסטער און שוואָגער ע"ה



**יצחק איסאַיעוו און פרוי ע"ה**

געשטאָרבן אין גראָדנע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה

אונזער שוועסטער מרים (מיללער) איסאַיעוו איז אומגעקומען פון די היטלער־באַנדעס צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן קדושים.

**ע ר ע   ז י י ע ר   אָ נ ד ע נ ק !**

**דזשוליוס מיללער, מאָריס מיללער, לאה (מיללער) קעללער**
**מאַשע (מיללער) ליטאַף, פעסע (מיללער) קעסט**

---

# רחל (מאַטיל) און נפתלי קאָרן ע"ה

רחל מאַטיל האָט פאַרלאָזט גאָסטינין אין די פריע יאָרן פונ'ם הײנטיקן יאָרהונדערט, ווען איבער גאַנץ פוילן האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט די רעוואָלוציאָנערע פרייהייט־באַוועגונג. און כאָטש אין גאָסטינין האָבן זיך אין יענער צייט גאָר ווייניק מיידלעך באַטייליקט אין דער באַוועגונג, פונדעסטוועגן האָט מען רחל'ען באַגעגנט אויף פילע פאַרטיי־פאַרזאַמלונגען, ווייל זי האָט באַלאַנגט צום אינטעליגענטערן קלאַס מיידלעך אין שטאָט.

דאָ אין אַמעריקע האָט זיך רחל באַגעגנט מיט נפתלי קאָרן, אַ וואַרשעווער בחור, אַן היימישער אידעאַליסט וואָס איז געווען אַקטיוו אין דער אַלטער היים אין דער פועלי־ציון באַוועגונג. זיי האָבן שפּעטער חתונה געהאַט און זיך באַזעצט אין דעטראָיט.

רחל האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסן איר געבורטשטאָט גאָסטינין. נאָכן חורבן פוילן, ווען זי האָט זיך דערוואוסט אַז דער גאָסטינינער סאָשל קלוב אין ניו־יאָרק פירט אַן הילפס־אַקציע לטובת די געראַטעוועטע גאָסטינינער אידן, האָט זי זיך גאָר וואַרעם און ברייטהאַרציק אָפּגערופן.

נפתלי קאָרן איז אין דעטראָיט געווען זייער טעטיק אין דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג און געווען אַקטיוו ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן. ער האָט נאָך באַוויזן צו באַזוכן מדינת ישראל, וואָס איז פאַר אים געווען די הייליקע פאַרווירקלעכונג פון אַ לעבנסלענגלעכן חלום.

רחל איז גאָר פריצייטיק געשטאָרבן, דעם 7טן נאָוועמבער, 1950. נפתלי איז געשטאָרבן גאָר פלוצים דעם 26טן אַפּריל, 1958. זיי האָבן איבערגעלאָזט צוויי פיינע טעכטער: סעלמאַ און פיליס, וואָס האָבן באַקומען, חוץ אַלגעמיינע בילדונג, אויך אַ גוטע אידישע דערציאונג.

די גאָסטינינער וועלן שטענדיק טראָגן אין זכרון רחל און נפתלי קאָרן.

**י. ק—ר**

# מענדל־איכל גאָסטינסקי ע״ה

מיין פאָטער, מענדל איכל גאָסטינסקי ע״ה, דער עסיק־מאַכער, איז געווען אַ פרומער איד, אַ גערער חסיד. ער איז געווען דער גרינדער און אַן אַקטיווער טוער פון דער תלמוד־תורה און מיטגליד פון דער חברה־קדישא.




ראָכעשע גאָסטינסקי, ביים טאַטנס קבר אין לאָדזש, אין יאָר 1933.

מיין פאָטער האָט שטענדיק געזאָרגט, אַז די נויטבאַדערפטיקטע קינדער זאָלן האָבן וואַרעמע מלבושימלעך אויף ווינטער.

מיט אַ באַזונדער וואַרעמקייט און פרייד האָט ער אויפגענומען די קינדער פון דער תלמוד־תורה, ווען זיי זיינען געקומען שבת נאָכמיטאָג צום פאַרהערן. ער האָט יעדן קינד געגעבן שבת־אויבסט.

מיין פאָטער האָט אויך געלערנט יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס מיט אַ צאָל בעלי־מלאכות פון שטעטל, וואָס האָבן געוואָלט לערנען תורה.

ווי נאָר מיין פאָטער האָט זיך דערוואוסט, אַז אין שטאָט געפינט זיך אַ נויטבאַדערפטיקטע אַלמנה, האָט ער געזאָרגט, אַז ס׳זאָל זיין פאַר איר אַביסל געלט און ער איז אַליין געגאַנגען אין מאַרק, געקויפט בינטלעך האָלץ און עס אַוועקגעטראָגן צו די נויטבאַדערפטיקטע.

די שווערע לאַסט פון פרנסה, וואָס איז געלעגן אויף די פּלייצעס פון מיין טאַטן, האָט אונז געצוואונגען אים אַרויסצוהעלפן. און דאָך איז געווען זיין פאַרלאַנג, אַז מיר זאָלן אָנהאַלטן דעם לערנען תורה. יעדן טאָג זיינען מיר אויפגעשטאַנען 5 אַזייגער אינדערפרי. דער טאַטע האָט שוין געהאַט צוגעגרייט די לאַמטערנע צו באַלייכטן דעם וועג, אַז מיר זאָלן גיין לערנען אידער מיר גייען צו דער אַרבעט.

אין אַלגעמיין האָט מיין פאָטער געזאָרגט פאַרן כלל און אָפּגעהיט מצוות. אַז עמעצער איז געשטאָרבן אין שטעטל, האָט מיין פאָטער שטענדיק אָפּ־געלייגט זיינע שטענדיקע געשעפטלעכע נסיעות ביז נאָך דער לוויה.

ער האָט יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס אכטונג געגעבן, אַז די אורחים אין שטעטל זאָלן זיין באַזאָרגט אויף שבת, און אַליין האָט ער אַהיים גענומען אַן אורח.

מיין ברודער מאיר ע״ה פלעגט דערציילן דאָס פאָלגנדיקע וועגן די לעצטע מאָמענטן פאַר דעם טאַטנס טויט:

„ס׳איז געווען אין דעם לעצטן טאָג פון זיין לעבן. מיין שוועסטער זיסע און איך זיינען ניט אָפּגעטראָטן פון בעט. מיר האָבן שווייגנדיק זיך איינגעקוקט אין זיין געל־ברוינלעכן פנים, וואָס האָט שוין כמעט ניט געהאַט אין זיך קיין סימן פון לעבן. מיר האָבן זיך מיט אונזערע בליקן איינגעגעסן אין זיין שוין כמעט טויטן פנים, כדי צו פאַרגעדענקען אויף שטענדיק זיין אָנ־בליק, ווייל מיר האָבן געוואוסט, אַז זיינע שעהן זיינען געציילטע.

„ווי צוויי געטרייע שומרים זיינען מיר ניט אָפּגעטראָטן פון אים. און אָט עפנט דער טאַטע זיין מויל און גיט אַ זאָג: ׳קינדער, ס׳איז צייט צו דאַוונען מנחה׳, און ער מאַכט אַ באַוועגונג ווי אַראָפּצוגיין פון בעט. ביידע זיינען מיר גלייך צוגעגאַנגען צו אים. מיר האָבן אים געוואָלט אָפּהאַלטן פון דעם. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וועל שוין אַליין דאַוונען מנחה און ער מעג דערמיט יוצא זיין. פּלוצלונג גיט ער זיך אַ זעץ־אויף, לאָזט אַראָפּ די פיס פון בעט און גיט אַ זאָג: ׳איך וועל אַראָפּ און זיך שטעלן דאַוונען מנחה׳, און מיט די ווערטער גיט ער אַ פאַל אַרונטער״.

היינט, העכער 44 יאָר נאָך זיין טויט, דערוואַכט אין מיר צוריק אין זכרון מיין טאַטע, וואָס איז שטענדיק געווען גרייט צו העלפן די אָרעמע אין שטעטל. איך וועל שטענדיק האַלטן טייער דעם אָנדענק און די שיינע אידישע מידות פון מיין פאָטער.

**יוסף גאָסמאַן־גאָסטינסקי**

# דאָס איז אַן אָנדענק פון אַמאָליקן לעבן . . .




שלמה און צביה גאָסטינסקי ביי דער מוטערס קבר אין 1927

# פּעסע גאָסטינסקי ע״ה

ס'איז ערב יום־כיפור צו ליכט־בענטשן. די שטוב איז צוגערוימט יום־טובדיק. דער טיש איז געדעקט מיט אַ שניי־ווייסן טישטוך. די זילבערנע לייכטער פינקלען און שיינען; שוין געגרייט מיט די ליכט אין זיי. אַ הייליקע, פּאַרכטיקע אַטמאָספערע הערשט אין הויז. דאָס גאַנצע הויז־געזינד, אַלע קינדער, דער טאַטע און די מאַמע, זיינען צוזאַמען אין שטוב. דער טאַטע, ווי זיין מנהג איז געווען ערב יום־כיפור, גייט ניט אַוועק צו כל־נדרי ביז די מאַמע איז ניט פאַרטיק מיט ליכט־בענטשן. אָנגעטאָן אין זיין אַטלאַסענער זשיפּיצע און אין די בלויזע זאָקן, גייט דער טאַטע הין און צוריק איבער דער שטוב און ברומט לייכט אונטער אַ ניגון, מיט וועלכן מען האָט אין שטיבל געזונגען זכרנו להיים. ער פאַרטיפט דערמיט די יום־טובדיקע שפּאַנונג אין שטוב. די קינדער זיינען פאַרזאַמלט אַרום דעם טיש און וואַרטן מיט אַ פרומען ציטער אויף דער מאַמעס ליכט־בענטשן.

די מאַמע, אַ שלאַנקע, אַ בלייכע און אַ צאַרטע, איז אויסגעפּוצט אין איר זיידענעם קלייד, וואָס זי האָט געטראָגן בלויז אין שול אַריין צו די ימים־נוראים. זי באַוועגט זיך מאַיעסטעטיש און גייט צו צום טיש. אירע ווייסע צאַרטע הענט לאָזן זיך אַראָפּ אויפן טיש. אירע שיינע שוואַרצע אויגן גלאַנצן פון אַ ניט־געפאַלענער טרער. אַ ווײַלע בלייבט זי אַזוי באַוועגלאָז; דערנאָך שטרעקן זיך אויס אירע הענט און מאַכן אַ באַוועגונג אַרומצונעמען די ליכט. אַזוי עטלעכע מאָל. שטילע ברכות שטראָמען דורך אירע פינגער. עס לייכטן אירע איידעלע הענט איבער די ליכט, ווי עס לייכטן די לוחות איבער דעם ארון־קודש.

איך דערהער ווי די מאַמע, אין איר בענטשן, דערמאָנט דאָ איין נאָמען, דאָ אַן אַנדערן. זי דערמאָנט דעם טאַטן, די קינדער, און נאָך נעמען, וואָס ווערן געלייטערט אין דעם פייער פון די ליכט.

„זאָל דער אויבערשטער זיי בענטשן״, לאָזט די מאַמע ענדלעך אַראָפּ אירע הענט און מאַכט אַ פרומע ברכה.

אַזוי איז מיין מאַמע געבליבן אונז אַלעמען אין געדעכעניש.

מאיר גאָסטינסקי

## צום אייביקן אָנדענק

מיין טייערע מאַמע

# זיסע הײמאַן

מיין ליבע שוועסטער

# רבקה׳לע הײמאַן

אומגעקומען דורך די נאַצישע רוצחים, ימח שמם.



זייער אָנדענק וועל איך תמיד טראָגן.

די איינציקע געבליבענע טאָכטער און שוועסטער

**פּעסי ווײנגאָט־האַנדעלסמאַן**

צום אייביקן אָנדענק פון

# זיסע הײמאַן־גאָסטינסקי ע״ה



אומגעקומען דורך די נאַציִשע מערדער אין אַפּריל, 1942.

---



צום אייביקן אָנדענק

פון

## יהודית עפּשטיין

ע״ה

געשטאָרבן אין וואַרשע

פאַמיליע גאָסטינסקי

אין הייליקן אָנדענק פון

# ר׳ אברהם יודל גאָסטינסקי ז״ל

(נפטר געוואָרן אין 1916, אין לאָדוש, פוילן)



געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם, אַ בן־תורה, אַן אָנערקענטער למדן און אַ מחבר פון אַ סך ספרים.

די אייניקלעך פון גרויסן זיידע:

**יוסף יעקב, צביה און רחטשע גאָסטינסקי**

**(זיסע, מאיר און שלמה ע״ה)**

אין אָנדענק פון

# בנימין לעווי ע״ה

(שוחט פון גאָסטינין פאַר די לעצטע 35 יאָר)



פאָטאָגראַפירט מיט זיין פרוי לאה לכבוד דעם פופציקסטן יובילײ פון זייער חתונה.

**פאַמיליע גאָסטינסקי** (ניו־יאָרק)

## אין הייליקן אָנדענק פון מיינע ליבע און טייערע עלטערן, ברידער, שוועסטער און שוועגערינס וואָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים

כבוד זייער אָנדענק!




זיצנדיק פון רעכטס צו לינקס: פאָטער הערשעל, אסתר־טאבע, מוטער בלומע־מרים :—: שטייענדיק פון רעכטס צו לינקס: ניכע, משה, זיין פרוי ברײנע בוראַק, שלמה, זיין פרוי ברכה־טשע, יעקב־לייב. נעבן זיי: זיין פרוי פעסע־רויזע און לוטקע.

## אין הייליקן אָנדענק

פון מיין שוואָגער און מיינע ברידערס קינדער, וואָס זיינען אַזוי יונג אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים.



**מאָריטץ אַלקסאַנדער**

(אסתר טאבע׳ס מאַן)

געוואוינט אין קאָוועל



**יאקוב מאטיל**

זון פון משה און ברײנע

געב. 1928 אומגעבראַכט 1942



**ציליע מאטיל**

טאָכטער פון שלמה און ברכה׳טשע

געב. 1938, דערמאָרטעט 1942

**כ ב ו ד   ז י י ע ר   אָ נ ד ע נ ק !**

**ישכר און זיסע מאטיל** (ניו־יאָרק)

---

## צום הייליקן אָנדענק

פון מיינע ליבע און טייערע עלטערן און מיין גאַנצע משפּחה, וואָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים.

**ע ר ע   ז י י ע ר   אָ נ ד ע נ ק !**



פאָטער איסר־מאיר, מוטער הענע, ברידער שלמה, לייביש און יצחק, שוועסטער ברכה׳טשע, אייניקלעך ציליע, אברהם און נתן

**רעגינע, שלום און אמיר מרגלית**

(תל־אביב)

## אין הייליקן אָנדענק פון אונזער פאָטער און מוטער

# מענדל און גנענדל באגנא



געשטאָרבן אין גאָסטנין, אין יאָר 1929



אומגעקומען דורך די נאַצישע רוצחים

**ע ר ע  ז י י ע ר  אָ נ ד ע נ ק !**

חנה קעללער (ניו־יאָרק)

דזשוליוס און בעס באגנא (ניו־יאָרק)

לייביש באגנא און פרוי (תל־אביב)

שמואל ביירוך באגנא און פרוי (בריסעל)

יענטע און פעליקס מיללער (בריסעל)

יעקב באגנא און פרוי (בריסעל)

ביילע רויזע (בריסעל)

# צום הייליקן אָנדענק פון אונזערע ברידער און שוועסטער
# פון אונזער משפחה באגנא

וואָס זיינען אומגעקומען אין בעלגיע דורך די נאַצישע רוצחים



הינדע



יוסף



גוטמאַן

געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1950



שלום

**כבוד זייער אָנדענק!**

חנה קעללער (ניו־יאָרק)
דזשוליוס און בעס באגנא (ניו־יאָרק)
שמואל ביירוך באגנא און פרוי (בריסעל)
יענטע און פעליקס מיללער (בריסעל)
יעקב באגנא און פרוי (בריסעל)
ביילע רויזע (בריסעל)
ליבוש באגנא (תל־אביב)

# אין הייליקן אָנדענק פון אונזערע טייערע און ליבע עלטערן

די מצבות זייערע זיינען פון די דייטשע רוצחים פאַרניכטעט געוואָרן.
זאָלן די פּאָר ווערטער דינען ווי אַ דענקמאָל פאַר אונזער פאָטער און מוטער.

כבוד זייער אָנדענק!



**אלעזר גאָנשאר**
(געשטאָרבען אין יאָר 1915 אין גאָסטינין)



**שרה־דבורה (ברעסלער) גאָנשאר**
(געשטאָרבן אין 1904 אין גאָסטינין)

טעכטער **חוה'טשע קריגער** און **זיסע מאטיל** (ניו־יאָרק)

אין הייליקן אָנדענק פון אונזער טייערן ברודער

# יוסף און זיין משפחה

וועלכע זיינען אומגעקומען דורך די דייטשע נאַצי־רוצחים אין וואַרשעווער געטאָ

כ ב ו ד   ז י י ע ר   אָ נ ד ע נ ק !



יוסף גאָנשאר און זיין פרוי חנטשע

טאָכטער פייגעלע, זון אלעזר

חוה׳טשע און משה קריגער

זיסע און ישכר מאטיל

מאקס ראָזענטאַל

(ניו־יאָרק)

# צום אָנדענק

## פון אונזער ברודער און שוועגערין, וואָס זיינען פון אונז אַזוי יונג אַוועק.



**יצחק־בער גאָנשאר**
געשטאָרבן אין 1944 אין ניו־יאָרק



**טשארנע (מלמוד) גאָנשאר**
געשטאָרבן אין יאָר 1954 אין ניו־יאָרק

יצחק־בער איז אין זיינע יונגע יאָרן געווען זייער טעטיק ביי די פועלי־ציון אין גאָסטינין; אויך אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין דער פרץ־ביבליאָטעק; אַן אַקטיווער מיטגליד אין דעם דראַמאַטישן קרייז; איינער פון די גרינדער פון דער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין גאָסטינין. ער האָט פאַרלאָזן גאָסטינין און געקומען קיין ניו־יאָרק אין יאָר 1921. אין די אַלע יאָרן האָט בער אָנגעהאַלטן אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיט גאָסטינין.

ע ר ע   ז י י ע ר   אָ נ ד ע נ ק !

חוה'טשע און משה קריגער
זיסע און ישכר מאטיל

שוועסטער רחל מלמוד
שוואָגער מעקס ראָזענטאַל

(ניו־יאָרק)

# אין אייביקן אָנדענק



דו ביזט אַוועק פון אונז, טייערע און ליבע

**בלענטש**

און מיר, דיינע נאָענטסטע, געדענקען דיך.
מיר טרויערן נאָך דיר און וועלן ביז דעם
לעצטן אָטעם־צוג דיך נישט פאַרגעסן.

•

דיין **מאַקס**

דיינע שוועסטער
**חוה** און **זיסע**

דיינע שוואָגערס
**משה און ישכר**



זאָל דאָס דינען ווי
אַ מצבה נאָך אונ־
זער טייערן פאָטער

**אברהם
ראָזענטאַל**

וועמענס קבר די דײַ־
טשע קאַניבאַלן האָבן
צעטראָטן.

אויך אַ מצבה נאָך
אונזער מאַמען

**חיה שרה**

אונזערע שוועסטער: **פעסא**, **הינדא** און איר מאַן **אלעזר ראָזענטאַל** און זייער קינד, **איטא** און איר מאַן **שאפּירא**, און **אסתר**, וועלכע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן פון די סאַדיסטישע רוצחים אין די קאַלך־אויוונס.

מיט ווייטיק און טרויער־געבליבענע זין און ברודער

**ישראל־משה און איציק ראָזענטאַל** (ניו־יאָרק)

תמונת אבי מורי

# ר׳ יהודה לייבוש ב״ר יעקב ז״ל טרעמסקי

(יליד גאָסטינין)



ידען, סוחר ועסקן בצרכי ציבור — יהללוהו זרים ולא פי.
נפטר בגאסטינין ז׳ איר שנת תרפ״ג לפ״ק.

**תהא נשמתו צרורה בצרור החיים**

מאיר דוד טרעמסקי

# צום הייליקן אָנדענק פון אונזער טייערער משפּחה

## אומגעקומען דורך די נאַצישע מערדער

## כבוד זייער אָנדענק!



### די משפּחה גאמבינער

פון רעכטס צו לינקס: **דאלוש, חנה** (זשיכלין), **מוטער און ראָמעק. דאלוש און חנה זיינען אומגעקומען דורך די נאַציס; פאָטער איטשע (געשטאָרבן אין גאָסטינין); ראָמעק (געשטאָרבן אין גאָסטינין אין 1936); מוטער (געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1945).**

## איטשע גאמבינער ע"ה

צווישן די געציילטע בעלי־בתים אין גאָסטינין, וואָס האָבן זיך נישט דערשראָקן פאַר דעם שטראָם פון דער פרייהייטס־באַוועגונג, וואָס האָט אויך מיטגעשלעפּט די גאָסטינינער יוגנט, איז אויך געווען איטשע גאמבינער.

איטשע איז געווען פאַררעכנט פאַר איינעם פון די פּראָגרעסיווע עלעמענטן אין שטאָט. ער האָט פאַרמאָגט אַ געזונטן הומאָר און לאָגיק.

אין אַלגעמיין איז ער געווען אַ ליבלעכער מענטש און אָנגעזען אין דער קהילה. ער איז געווען איינער פון די געהויבענע מיטגלידער אין דער חברה קדישא, וועלכע איז אין יענער צייט געווען די חשובסטע אינסטיטוצ'יע.

ער האָט געשטרעבט צו געבן זיינע קינדער חוץ אידישע, אויך אַלגעמיינע בילדונג, און זיין זון יעקב איז טאַקע געווען איינער פון די ערשטע אידישע בחורים צו לערנען אין דער נייער מיטלשול פון שטאָט.



**יעקב גאָמבינער, פרוי און טאָכטער**

(געוואוינט אין וולאָצלאַוועק)

שפּעטער, ווען ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז יעקב האָט אַ נייגונג צו מוזיק, האָט ער אים געשיקט אין די וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע.

איטשע איז געווען אין שותפות מיט עטלעכע וואַלד־סוחרים אין שטאָט, אָבער ער איז געווען דער אַקטיווסטער און לייטנדער גייסט פון דער אונטערנעמונג. ער איז געווען הויך, געזונט און פאַרהעלטניסמעסיק יונג, ווען ער איז קראַנק געוואָרן און געדאַרפט דורכמאַכן אַן אָפּעראַציע. אין יענער צייט זיינען אין גאָסטינין קיין כירורגן ניט געווען, איז ער געבראַכט געוואָרן אין שפּיטאָל פון דער דערבייאיקער שטאָט פלאָצק. אָבער ס'איז שוין געווען צו שפּעט, און ער איז שוין פון שפּיטאָל נישט אַרויס קיין לעבעדיקער.

זאָלן די דאָזיקע שורות דינען ווי אַ מצבה פאַר זיינע קינדער.

| | |
|---|---|
| **אסתר סטופּיי** | **גוטשע לואי און מאַן** |
| **רעגינאַ פּרושיין און מאַן** | **סאלע קופּערסמיט** |
| (ניו־יאָרק) | (ניו־יאָרק) |

**שלמה גאָמבינער (סעם גאָמבערג)**

אין הייליקן אָנדענק פון מיינע עלטערן, שוועסטער און שוואָגער

מיין פאָטער

# שלמה קריגער

געשטאָרבן אין וואַרשע

1930



מיין מוטער

# סאָשע קריגער

געשטאָרבן אין וואַרשע

1933



מיין שוועסטער רחל׳ע און איר מאַן ה. קארפינקעל אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ.

כבוד זייער אָנדענק!

משה און חוה גאָנשאָר-קריגער

# אין הייליקן אָנדענק
## פון מיין שוועסטער און שוואָגער מיט זייער פאַמיליע
## אומגעקומען אין דער וואַרשעווער געטאָ



שוועסטער נעכעלע בריינטוך־קרגער; איר מאַן שמעון בריינטוך; זייער זון פסח



זייערע קינדער: לאָלאַ, מאַניע און רבקה׳לע



דוד גרינפעדער

אליעזר בריינטוך
(נישטאָ קיין פאָטאָגראַפיע)

מיין שוועסטער רבקה
און איר מאַן
לייבל גרינפעדער
אומגעקומען דורך די נאַציס
אין פאַריז. זייער זון איז
געשטאָרבן אין פאַריז נאָך
דער באַפרייאונג.



שלום בריינטוך

**כבוד זייער אָנדענק!**

**משה און חוה גאָנשאָר־קריגער**

# לזכרון

## מיינע ליבע עלטערן

# חיים און רבקה קונצמאן





בעת איך קוק אויף די בילדער פון מיין פאָטער און מוטער, ע״ה, דערמאָן איך זיך אין די מוראדיקע טעג, ווען די דייטשע רוצחים האָבן אַזוי אומברחמנותדיק אויסגעמאָרדעט אַזוי פיל אידישע קהילות אין פוילן. ספעציעל שטייט מיר נאָך פאַר די אויגן די סצענע, ווען איך בין זיך געקומען געזעגענען מיט מיינע עלטערן, ווייל איך האָב ביי זיך געהאַט באַשלאָסן צו אַנטלויפן פון דעם שרעקלעכן גיהנום. מיין פאָטער און מוטער האָבן מיט טרערן אין זייערע אויגן געבעטן, אַז איך זאָל נישט אַנטלויפן, ווייל זיי האָבן נישט געגלויבט, אַז איך וועל אַ לעבעדיקער אַרויס פון דער פוילישער גרענעץ, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט די דייטשע מערדער, וואָס האָבן אַ אידן קיין לעבעדיקן נישט אַרויסגעלאָזט פון זייערע לאַפּעס. זיי האָבן זיך דאָך נישט פאָרגעשטעלט אפילו, אַז זייער זון זאָל זיך איינגעבן אַרויסצורייסן פון די מערדערישע נעגל.

ס׳איז מיר נישט לייכט אָנגעקומען אַרויסצורייסן זיך פון אַ זיכערן טויט. די ליידן זיינען געווען שרעקלעך. דאָס אויסבאַהאַלטן זיך און דאָס אומאויפהערלעכע וואַנדערן זיינען געווען גאָר שווער אַריבערצוטראָגן. אָבער נאָך די אַלע צרות און ליידן האָב איך זיך מיט נסים דורכגעשלאָגן קיין ישראל און בין געבליבן אַ לעבעדיקער. צוזאַמען מיט מיר האָט זיך אויך אַרויסגעראַטעוועט מיין ברודער שמאי, וואָס לעבט איצט אין ישראל.

אָבער צום באַדויערן, זיינען מיינע עלטערן, וואָס זיינען געווען אַזוי שטאַרק קעגן מיין אַנטלויפן, אינעם חורבן־פוילן אומגעקומען.

**דוד קונצמאַן, פרוי און קינדער** (ניו־יאָרק)

# אין אַנדענק פון מיין טייערער פאַמיליע

## זאָל דאָס דינען ווי אַ מצבה אויף זייערע אומבאַקאַנטע קברים



עלטערן: שלמה און צביה פרענקעל



שוועסטער: צירל און איר מאַן הערשל סאניצקי



ברודער: מענדל פרענקעל און זיין פרוי באלטשע (מאַריטץ)



זייער זון נאַנעק





שוועסטער: ד״ר לייטשע בורשטין (פרענקעל) און איר מאַן ד״ר יאסעק בורשטין. אומגעקומען אַלס אונטערגרונט־פירער פון די אינטעלעקטואַלן אין „דראנסי־תפיסה" אין פראַנקרייך

### כבוד זייער אָנדענק

**גאָלדע (פרענקל) גאָסטינסקי און פאַמיליע**

(ניו־יאָרק)

# צום הייליקן אָנדענק

## פון מיין משפחה וואָס איז אומגעקומען אין דעם שרעקלעכן חורבן פוילן

מיינע טייערע עלטערן

**הענעך און זלאַטע**
**מאַקאָווסקי**





לאה׳טשע מאַקאָווסקי און איר מאַן מאיר מאַרקעוויטש

מיין ברודער **אברהם**, אַן אלמן, מיט פיר קינדער; מיין עלטסטע שוועסטער **רבקה** מיט צוויי קינדער; מיין שוועסטער **לאה** (לייטשע), איר מאַן **מאיר מארקעוויטש** און צוויי קינדער; מיין שוועסטער **שולמית**, איר מאַן **בינם האָלצמאַן** מיט זייערע דריי קינדער; מיין ברודער מיט זיין זון, וואָס זיינען געווען אין בעלזיץ פון יאָר 1941 און דאָרט ליקווידירט געוואָרן צוזאַמען מיט מיין מוטער **זלאַטע** ע״ה, וואָס איז פון דער גאָסטינינער געטאָ טראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין בעלזיץ, ווען די געטאָ אין גאָסטינין איז ליקווידירט געוואָרן.

זאָלן די דאָזיקע שורות אין דעם יזכור־בוך דינען
ווי אַ מצבה אין זייער אָנדענק.

**שמעריל און עלקע מאַקאָווסקי**
(בעלגיע)

## צום הייליקן אָנדענק

די משפחה פון

# משה יצחק סרעבנאגורע

און די משפחה פון

# ח. י. פעלצמאַן

צוויי הסידישע משפחות פון גאָסטינין

פון דער גאַנצער משפחה זיינען געבליבן לעבן עטקע (פעלצמאַן) מאַקאָווסקי אין בעלגיע און אַן איינקל וואָס לעבט אין ישראל.

ערע זייער אָנדענק!

סעם און עלקע מאַקאָווסקי

---

אין ליכטיקן אָנדענק פון

# אונזערע פאַרשניטענע פאַמיליעס

אין די יאָרן פון גרויסן חורבן

האָבן מיר ביישטייערט פאַר דעם יזכור־בוך.

צביה מארקס
ג. מיטשעל
ה. סאלאָמאַן
מ. ב. מיללער
חנה קוסמאַן
רעגינאַ קעסט
משפחה טאַבאַטשניק
יונה סיגעל
ס. וואָלפסאָן

ס. מ. פיערסאָן
א. דאָברין
א. סיגעל
סאל זאַיאָנץ
נ. גאָלדבערג
משפחה ראָזענבערג
דר. ק. באַך
דזשעי. דזשעיקאָבס
בלומע מאטיל

צום אָנדענק פון

# הערשל, הינדע און אליהו מאָטיל

אונזער פאָטער, וואָס איז געווען באַקאַנט מיט זיין שטענדיקן שמייכל און גוטסקייט, און אונזער מוטער, וואָס איז געווען שטענדיק פאַרנומען און פאַריאָגט, האָבן אונז געגעבן אַ אידיש־ציוניסטישע דערציאונג.

זייער איבערגעגעבנקייט צו די קינדער איז געווען אין־לשער. ווען אונזער ברודער אליהו איז קראַנק געוואָרן און געלעגן אין שפיטאָל, האָט אונזער פאָטער פון אים נישט אָפּגעטראָטן און די מוטער איז עטלעכע מאָל טעגלעך געקומען צו אים אין שפיטאָל. מיט עליאַש׳ס טויט האָט זיך אַ טיפער טרויער פונאַנדערגעלייגט אין דער משפּחה.

אונזער פאָטער, הערשל, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן געחלומט פון אַ אידישער נאַציאָנאַלער היים, האָט נישט דערלעבט די אָנטשטייאונג פון דער אידישער מדינה, ער האָט נאָך אָבער זוכה געווען צו שטאַרבן אויף זיין אייגן בעט. ער איז נפטר געוואָרן כ״ה אדר ב׳, 1941.

אונזער טייערע מוטער הינדע איז געשיקט געוואָרן אין לאַגער פון קאָנין. אַ טאָג פאַר איר אומקום האָט זי אונז איבערגעשיקט אַ צוואה. זי האָט שוין געוואוסט, אַז דאָס זיינען אירע לעצטע טעג, און זי האָט אונז אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן זיך האַלטן צוזאַמען און זאָרגן איינער פאַרן אַנדערן.

מיר האַלטן טאַקע די צוואה זייער הייליק, און מיר גלויבן, אַז אונזערע עלטערן וואַכן איבער אונז. מיר האָבן מיטגעמאַכט אומבאַשרייבלעכע צרות אין די לאַגערן. דער ברודער שמואליק איז שוין געווען פאַרמשפּט צו דער־שיסונג ביים טויטן־מאַרש, אוןָ איך, גרשון, בין געווען פאַרשריבן צו ליקווי־דירונג, אָבער מיר האָבן שטענדיק געהאַט בטחון, מיר האָבן געגלויבט, אַז מיר וועלן לעבן בלייבן, און דער גלויבן האָט אונז אַרויסגעראַטעוועט פון אַלע געפאַרן.

באַלד נאָך דער מלחמה איז שמואליק געווען אין גאָסטינין, איז ער אויך אַוועק צום בית־עולם אויף קבר־אָבות. אָבער פון דעם גאַנצן בית־עולם איז

קיין צייכן נישטאָ. די ערד איז צעאַקערט און צעזייט, און די פאַרגאַנגענהייט — אָפּגעווישט.

זאָלן די שורות דינען ווי אַ מצבה צום אייביקן אָנדענק פון אונזערע געליבטע. זאָל דאָס אויך זיין צום אָנדענק פון אונזער טאַטנס צוויי ברידער: שמעון־יוסף, זיין פרוי חיה־שרה און זייערע קינדער אפרים־פּנחס און טשאַרנע; און אונזער פעטער אפרים און זיין פרוי טשאַרנע. ווי אויך פאַר דער מאַמעס ברידער: משה ערדבערג פון קוטנע, זיין פרוי גאָלדע און זון מענדל; דער פעטער יהושע און די מומע מינדל. כ׳וויל אויך דערמאָנען מיין כלה גוטע מאָטיל, די טאָכטער פון לייבל.

גרשון און שמואליק מאָטיל

---

## אין אָנדענק

פון מיין זיידע און אָבע

## יעקב־לייב מאטיל און ניבע (האלטריכט) מאטיל

כבוד זייער אָנדענק!

ישכר מאטיל (ניו־יאָרק)

---

## אין אָנדענק

פון אונזערע טייערע זיידע און באָבע

## שמחה און צביה ברעסלער

כבוד זייער אָנדענק!

חוה קריגער און זיסע מאטיל (ניו־יאָרק)

## לזכרון נשמות

## IN LOVING MEMORY OF





Our Father — אבינו מורנו

רבי אליעזר ב״ר בצלאל שמואל ע״ה

LUZER OKOLICA

June 12, 1941 — נפטר י״ז סיון, תש״א

Our Mother — אמנו האהובה

מרת רבקה בת רבי משה ע״ה

RYFKA OKOLICA

January 14, 1956 — נפטרה בש״ק א׳ שבט, תשט״ז

Our Sister — אחותנו האהובה

הילדא איטא רויזא בת ר׳ אליעזר ע״ה

ITA ROJSA

January 11, 1913 — נפטרה בש״ק ג׳ שבט, תרע״ג

אונזער זיידע משה בן אייזיק

אונזער באָבע איטע רויזע בת ליבוש זאַקליקאָװסקי

הרב הענרי (חיים-הענעך) אקאליצא

סעמיועל (בצלאל-שמואל) אקאליצא

---

צום הייליקן אָנדענק פון מיין פאָטער און מוטער

# חיים־מאיר און חיה־פײגע סאָלאָמאָן

געשטאָרבן אין גאָמבין פאַר די מלחמה־יאָרן

און מיינע דריי ברידער

# מאָטעס, אברהם־משה און מענדיל סאָלאָמאָן

קרבנות פון דעם שרעקלעכן חורבן פוילן.

ע ר ע ז י י ע ר אָ נ ד ע נ ק !

הערי סאָלאָמאָן (ניו־יאָרק)

צום הייליקן אָנדענק פון מיינע ברידער און שוועסטער
מיט זייערע משפּחות וואָס זיינען אומגעקומען דורך די
נאַצישע רוצחים.

# משה, יצחק, בעריל, יאָסעל, אסתר
# קרוטשיק ז״ל

## כבוד זייער אָנדענק!

הערמאַן און סאָניע קראַוז
(ניו־יאָרק)

---

## אין אָנדענק פון אונזערע עלטערן און משפּחות

אומגעקומען דורך די דייטשע מערדער

יונה צווייגהאַפּט
צבי און אסתר בייבוק
ברידער: יאָסקע און מרדכי צווייגהאַפּט
שוועסטער רחל ספּעקטאר (צווייגהאַפּט)

שוועסטער גאָלדע בעלפער (צווייגהאַפּט)
שוואָגער יוסף ספּעקטאר
קינדער פראַניע און מאיר
שוואָגער אברהם בעלפער

שלמה, רבקה, עליזה און דרורה
צווייגהאַפּט (תל־אביב)

וואָלף און גדליהו בעלפער (ישראל)

צום הייליקן אָנדענק

פאַר אונזערע טייערע עלטערן און משפחה

משה וואָלף, סימעלע, שלמה, סענדער, לייבל, יאַנקעלע

**געלבאַרד**

וואָליע ניימאַן און משפחה

ברוך לאַסמאַן און משפחה

וואָס זיינען אַזוי טראַגיש אומגעקומען דורך די נאַצישע רוצחים.

כבוד זייער אָנדענק!

סעם און פייגע באָרענסטיין און פאַמיליע
(ניו־יאָרק)

---

צום אייביקן אָנדענק פון אונזער טייערן פאָטער

**לייזער לעפקאָוויטש ע״ע**

געשטאָרבן מאַרטש, 1935 אין ניו־יאָרק

כבוד זיין אָנדענק!

דזשעק און משפחה לעפקאָוויטץ
(ניו־יאָרק)

אין אָנדענק פון מיינע ליבע עלטערן

# יעקב־שלום און צפורה באַגנאַ

מיין שוועסטער טאַלאָ און שוואָגער בערנאַרד הערשקאָוויטש
שוועסטער מאַניאַ און אַנדזשא

ברודער שיע, שוועגערין מאַניאַ און טאָכטער צעלינקא

זאָלן די דאָזיקע שורות דינען ווי אַ מצבה אויף זייערע
אומבאַקאַנטע קברים.

**רוזשקא און יאַקוב שטיין**

---

צום אייביקן אָנדענק פון מיינע
טייערע עלטערן

## ליפע און באַשע
## ברעסלא

(ברעסלער)

ליפע געשטאָרבן מאַרטש 12, 1943
אין ניו־יאָרק

באַשע געשטאָרבן מאַרטש 28, 1947
אין ניו־יאָרק

ערע זייער אָנדענק!

**נ ח ב ר ע ס ל א**
(ניו־יאָרק)

---

צום הייליקן אָנדענק פון מיין
ליבער פרוי

## אסתר קאַלמוס ע״ה

בת ר׳ יעקב יחיאל גאָלד

איר מאַן

**ד ו ד ק אַ ל מ ו ס**

צום הייליקן אָנדענק פון

# פראָפעסאָר יעקב זרחין און פרוי

און זייערע צוויי טעכטער

## חנטשע און מאַניע

וואָס זיינען אומגעקומען צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס אין דעם גרויזאַמען חורבן פוילן.

## ערע זייער אָנדענק!

די זרחין־פאַמיליע האָט זיך באַזעצט אין גאָסטינין, ווען פראָפעסאָר זרחין האָט אָנגענומען די שטעלע אַלס לערער פאַר רעליגיע אין דער שטאָטישער גימנאַזיע. ער האָט אויך אָרגאַניזירט קורסן אין העברעאיש. זייענדיק אַ הייסער ציוניסט, האָט ער אין זיינע שילער טיף פאַרפלאַנצט די קערנער פון ציוניזם.

פראָפעסאָר זרחין איז בכלל געווען אַ ליבלעכער און געזעלשאַפטלעכער מענטש, און האָט זיך גאָר שנעל איינגעלעבט אין דער שטאָט, וואו די מענטשן האָבן אים גאָר וואַרעם אויפגענומען און אים באַשטימט פאַר דירעקטאָר פון די אידישע פאָלקשולן.

זרחינ׳ס צוויי טעכטער, חנטשע און מאַניע, זיינען אויך שנעל איינגעבירגערט געוואָרן אין גאָסטינין, און האָבן חתונה געהאַט מיט די צוויי ברידער, יחיאל־מאיר און אהרן קעללער.

אַלע זיינען אומגעקומען אין די יאָרן פון שוידער.

י. ק—ר

# אין הייליקן אָנדענק

**פון מיין נאָענטע משפחה און נאָענטע חברים און חברות**
**וואָס זיינען אומגעקומען דורך די דייטשע נאַצי־רוצחים.**

ד י מ ש פ ח ו ת :

| | |
|---|---|
| מאטיל | פינטשעווסקי |
| קעללער | פיינזילבער |
| פרינץ | בראַון |

ח ב ר י ם : חיים ברעסלער, איטשע כ״ץ, רפאל בוראַק, יעקב־לייב פינטשעווסקי, בצלאל גאָמבינער, אברהם זאַיאָנץ, זלמן אָספּע, ליפּע פּלוצער, אָטקע מאָריטץ, שמואל מאַרקאָוויטש, בן־ציון מאָריטץ.

ח ב ר ו ת : חוה׳טשע קויפמאַן, רחלע צווייגהאַפט, אירענאַ לעווקאָוויטש, טילא קליינבארד, באלטשע מאָ־ריטץ, בלימה גאָלדמאַן, בלימה דזשיגאַנסקי.

## כבוד זייער אָנדענק!

ישכר מאטיל (ניו־יאָרק)

# צום אָנדענק פון פאַמיליע טאַבאַטשניק



חנה־רחל טאַבאַטשניק

כ׳שליס זיך אָן אין דעם געוויין פון אַלע אונזערע לאַנדסלייט, צו ערן דעם אָנדענק פון אונזערע קדושים וואָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים אין די גאַז־קאַמערן פון אוישוויץ און טרעבלינקע.

מיין שפּראַך איז צו אָרעם, צו מעגלעך מאַכן פאַר מיר, אויסצודריקן מיין טיפן צער און ווייטיק.

אין איצטיקן מאָמענט, שווימט פאַר מיר פאַרביי אין מיין זכרון, בילד נאָך בילד, פּאַסירונג נאָך פּאַסירונג, פון דישרעקלעכעליידן און יסורים, וואָס איך, און וואָס מיר אַלע זיינען אויסגעשטאַנען און דורכגעליטן אין פון די שרעקלעכע ליידן און יסורים.

יעדער איינער פון אונז, וואָס איז דורך נסים געבליבן לעבן, וואָלט גע־קענט אָנשרייבן גאַנצע בענדער פון די רשעות און אכזריות פון די דייטשן.

אין איצטיקן מאָמענט אָבער וויל איך בלויז דערמאָנען און ערן דעם הייליקן אָנדענק פון מיינע נאָעטסטע און טייערסטע פון מיין משפּחה.

מיין פאָטער איז געווען הערשל טאַבאַטשניק. ער האָט געהאַט דעם זכות צו שטאַרבן פריער ווי עס האָט זיך אָנגעפאַנגען די אידישע טראַגעדיע.

אָבער מיין מוטער מיט אַלע אירע זין און טעכטער זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אין די דייטשע מאָרד־לאַגערן.

און איך, בלויז איך אַליין, בין געבליבן לעבן פון מיין גרויסער משפּחה.

איך בין געבליבן לעבן, כדי צו זיין אַן עדות און טראָגן אין מיר דעם טיפן טרויער מיין גאַנצן לעבן.

איך ווייס נישט ווי, ווען און אין וועלכן מאָרד־לאַגער מיינע שוועסטער און ברידער זיינען אומגעבראַכט געוואָרן. זיי זיינען אומגעקומען ניט איבער־לאָזנדיק נאָך זיך קיין שום געדעכעניש.

אָבער איך וויל דערציילן ווי אַזוי מיין ברודער אַברהם־אַהרן און מיין עלטסטע שוועסטער חנה־רחל זיינען אומגעבראַכט געוואָרן. וועגן זייער טראַגישן מאַרטירער־טויט וויל איך דערציילן.

די דייטשע מערדער האָבן צוזאַמענגעקליבן צען אידישע יונגעלייט אין אַ שייער אין לאַגער קאָנין, כדי זיי אַוועקצופירן אין די גאַז־קאַמערן צום טויטן. צווישן די דאָזיקע יונגעלייט איז אויך געווען מיין טייערער ברודער אַברהם־אַהרן. אָבער די צען אידישע יונגעלייט האָבן באַשלאָסן, אַז עס איז בעסער זיך אַליין אומצוברענגען איידער אַריינצופאַלן אין די

הענט פון די דייטשע מערדער. און זיי האָבן באַשלאָסן זיך אויפצוהענגען און פאַרברענען דעם שייער.

זיי האָבן געוואָרפן גורל, ווער עס זאָל זיין דער ערשטער זיך אויפצוהענגען און ווער ס'זאָל בלייבן דער לעצטער, צו פאַרברענען דעם שייער. דער גורל איז געפאַלן אויף מיין ברודער צו זיין דער לעצטער. און אַזוי איז געווען.

איינער נאָך אַנדערן האָבן זיך אַלע יונגעלייט אויפגעהאָנגען אויף זייערע אייגן־געמאַכטע תליות. און ווען עס איז געקומען די ריי פון מיין ברודער, האָט ער אונטערגעצונדן דעם שייער און דאַן זיך אַליין אויפגעהאָנגען.

אַזוי האָבן די צען אידישע קדושים געפונען זייער מאַרטירער־טויט און דורך אַזאַ טאָפּלטן טויט איז אומגעקומען מיין ברודער אַברהם־אַהרן. איז ווי קען איך דאָס פאַרגעסן?

איך וועל אויך קיינמאָל ניט פאַרגעסן, ווי אַזוי די דייטשע רוצחים און מערדער האָבן מיט געוואַלד אַוועקגעריסן פון מיר מיין עלטסטע שוועסטער חנה־רחל און איר אַוועקגעפירט קיין אוישוויץ זי אומצוברענגען.

איך בין געפאַלן די מערדער צו די פיס, געוויינט און זיך געבעטן ביי זיי, זיי זאָלן מיך נישט איבערלאָזן אַליין; געבעטן, זיי זאָלן מיך מיטנעמען צוזאַמען מיט מיין שוועסטער, וועלכע איז צו מיר געווען ווי אַ געטרייע מאַמע, כדי צוזאַמען מיט איר פאַרברענט צו ווערן אין די אויוונס פון די קרעמאַטאָריעס.

אָבער די מערדער האָבן איר מיט געוואַלד אַוועקגעריסן פון מיר און מיך אכזיותדיק אָפּגעשטופּט און ציניש געטרייסט: באַלד, באַלד וועט אויך קומען דיין ריי.

מיין טייערע שוועסטער האָט זיך דאַן געווענדט צו מיר מיט אירע לעצטע ווערטער: געדענק, העלען, דו ביזט די אינגסטע און די לעצטע שוועסטער פון אונזער גרויסער משפחה. גיב זיך ניט אונטער דעם שונא. מוטיק זיך אין שטאַרק זיך און זע דו זאָלסט בלייבן לעבן. זאָל כאָטש איבערבלייבן איין גליד פון אונזער גרויסער משפחה; זאָל כאָטש בלייבן אַ געדעכעניש פון אונז אַלעמען.

— דו וועסט איבערלעבן די מערדער און רשעים און וועסט זיין אַן עדות צו דערציילן וואָס מיר אַלע האָבן מיטגעמאַכט און דורכגעליטן. דו וועסט נאָך האָבן דעם זכות צו זען דיין ברודער אין אַמעריקע.

און איך האָב דאָס אַלץ איבערגעלעבט און געבליבן לעבן. און איצט בין איך אין אַמעריקע.

איך האָב חתונה געהאַט און איך האָב אַ גוטן מאַן און צוויי טייערע קינדערלעך. איך וואָלט געקענט זאָגן, אַז איך פיר אַ גליקלעך פאַמיליען־לעבן.

איך וועל אָבער אייביק טראָגן אין מיין האַרצן דעם טיפן טרויער און צער פאַר מיינע נאָענטסטע און טייערסטע, וועלכע זיינען אַזוי יונג און אַזוי שוידערלעך אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשע תלינים אין די גאַז־קאַמערן פון אוישוויץ און טרעבלינקע.

איך וועל דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

**העלען (טאַבאַטשניק) באָלל**

עזריאל זיידעמאַן

# קדושים


עזריאל זיידעמאַן

מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן אונזערע טייערסטע, אונזערע עלטערן, ברידער און שוועסטער, וואָס זייַנען אַזוי אַכזריותדיק אומגעקומען פון די הענט פון דייטשע מערדער. מיר וועלן דערציילן אונזערע קינדער און קינדס־קינדער, אַז זיי זאָלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן אונזערע פאַרשניטענע משפּחות.

מיטן אַרויסגעבן דעם אָנדענקס־בוך פאַר די קדושים פון גאָסטינין, וויל איך דאָ דערמאָנען די נעמען פון מיינע עלטערן, ברידער און שוועסטער, ווי אויך די נעמען פון די קרובים פון מיין פאָטערס פאַמיליע, וואָס האָט זיך גערעכנט פון די גרעסטע פאַמיליעס אין גאָסטינין.

מיין פאָטער, אברהם חיים זיידעמאַן ז״ל, מיין מוטער עלקע זיידעמאַן ז״ל. מיין עלטערן ברודער, משה זיידעמאַן, איז אין דער צייט פון קריג געווען אויף דער רוסישער זייט. ליידער איז נישט באַוואוסט, וואו זיין געביין איז אַהינגעקומען.

מיין שוועסטער, גוטשע זיידעמאַן, האָט נאָך אין געטאָ געהייראַט. אַ בילד פון געטאָ, ווי אויך דאָס בילד מיטן געלן מגן־דוד, וואָס יעדער איד האָט געמוזט טראָגן אין געטאָ — האָבן מיר דערהאַלטן זייענדיק פאַרשיקט אין סיביר.

מיינע ברידער דוד און ניסן זיידעמאַן ז״ל, אונזערע שוועסטער: סאָניע יענטע און אסתר זיידעמאַן ז״ל.

איך וויל דערמאָנען די אומגעקומענע קדושים פון מיין פאָטערס צד. אונזער זיידע, וואָלף זיידעמאַן ז״ל, מיין פאָטערס שוועסטער: קאָשע ז״ל, געווען פאַרהייראַט צו נחום שטיינמאַן, מיט צוויי קינדער; שרה ז״ל, געווען פאַרהייראַט צו ישראל מאיר רוסאק, מיט צוויי קינדער; ביילע ז״ל, געווען פאַרהייראַט צו אהרטשע ליכטענשטיין, זיי האָבן געהאַט פיר קינדער.

מיין פאָטערס ברודער, יצחק זיידעמאַן, געוואוינט אין ראדזשיווע, ביי פלאָצק

אַ שוועסטער פון מיין פאָטער, רחל, געוואוינט אין קוטנע, איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אירע דריי קינדער.

זאָל דאָס אָנדענקס־בוך פון די קדושים זיין אַ הייליקע מצבה פאַר זייערע פאַרשניטענע לעבנס.

## דאָס לעבן אין דער גאָסטינינער געטאָ גייט אָן

אַ התונה אין גאָסטינינער געטאָ אין מערץ, 1940



די כלה איז גוטשע זיידמאַן

צווישן דער גרופּע געפינען זיך אויך די עלטערן פון דער כלה, אברהם-חיים און עלקע זיידמאַן ע"ה

**אַ בילד פון גאָסטינינער געטאָ אין 1940**



אידישע יוגנטלעכע טראָגן דעם מגן־דוד צייכן

# צום הייליקן אָנדענק פון מיין משפחה

מיין פאָטער **חיים גאָלדבערג** ז״ל און מיין מוטער **חוה** ע״ה

מיינע ברידער: **ישראל משה, ישכר מענדל, אריה ליב** און **יאָסעלע**

מיינע שוועסטער: **מלכה, שרה רבקה** און **מענע**

וואָס זיינען אומגעקומען אין חורבן פוילן דורך די היטלער־משחיתים.

**כבוד זייער אָנדענק!**

**יחיאל גאָלדבערג** (פאַריז)

---

ר׳ חיים גאָלדבערג איז געווען באַקאַנט ווי חיים בלוי־מאַכער, ווייל ער האָט געהאַט אַ פאַרבערייַ. געדאַוונט האָט ער אין חסידים־שטיבל, אָבער ראש־השנה און יום־כפור פלעגט ער דאַוונען אין דער שול. און נישט קיין וואונדער: איז דאָך ר׳ חיים געווען אַ בעל־תוקע פון ערשטן ראַנג. דער שופר איז געווען אין זיינע הענט ווי אַ מוזיקאַלישער אינסטרומענט. און ווער פון די מתפללים, וואָס פלעגן דאַוונען אין בית־המדרש און מיטגעמאַכט דאָס שווערע שופר־בלאָזן דאָרט, האָט נישט הנאה געהאַט פון די קינסטלע־רישע תקיעות פון ר׳ חיים גאָלדבערג? דערפאַר האָבן זיך די שול־אידן איינגעעקשנ׳ט אַז נאָר ר׳ חיים זאָל זיין זייער בעל־תוקע.

ר׳ חיים איז געווען אַ וואַרעמער איד. קיינמאָל קיין גרויסער גביר נישט געווען, הגם גאָט האָט אים געבענטשט מיט אַ סך פרנסות. און מיט דעם אַלעם האָט ער קיין תרעומות צו קיינעם נישט געהאַט און איז געווען אַ בעל־בטחון כל ימיו.

ר׳ חיים איז געווען איינער פון די אָנגעזעענע בעלי־בתים פון שטאָט.

י. ק—ר

# לזכר עולם

**שרה גאָלדמאַן (סצובניק),** וועלכע געפינט זיך איצט אין ישראל, שרייבט, אַז אירע עלטערן, יעקב און פריידע גאָלדמאַן, האָבן זיך באַזעצט אין גאָסטינין אין יאָר 1911, וואו זיי האָבן געוואוינט ביז דעם יאָר 1926, ווען זיי האָבן פאַרלאָזט גאָסטינין צוליב עקאָנאָמישע סיבות און זיך איבערגעצויגן קיין לובראַניעץ. „אָבער גאָסטינין", שרייבט זי, „איז אַלעמאָל געווען זייער היים".

זי פאַראייביקט די נעמען פון איר משפחה, די מוטער פריידע, וואָס איז אומגעקומען אין דער לאָדזשער געטאָ אין 1942 ; איר פאָטער, יעקב גאָלדמאַן, וואָס איז יונגערהייט אַוועק פון דער וועלט אין 1943 ; איר שוועסטערביילע, וואָס איז פאַרפייניקט געוואָרן אין דער לאָדזשער געטאָ אין עלטער פון 28 יאָר ; און דער ברודער שלמה, וואָס איז אומגעקומען אין איינעם פון די היטלעריסטישע לאַגערן.

זאָלן זייערע נעמען נישט פאַרגעסן ווערן!

---

**משה יהודה פינטשעווסקי,** אין ישראל, שרייבט :

מיין פאָטער, ישכר־דוב, אַ זון פון אַברהם און אַן איינִיקל פון גאָסטינינער דיין ר' שמואל־וואָלף פינטשעווסקי, איז נאָך אין די בחורשע יאָרן געווען פאַררעכנט ווי איינער פון די גאָר בעסטע לערנער. און ווי דער שטייגער איז געווען מיט אַ בחור אַ לערנער מיט אַזאַ יחוס, איז ער גענומען געוואָרן פאַר אַן אידעם פון אַ געהויבענער משפחה, פאַר דער טאָכטער פון דעם חשובן משה־לייב דאָברינער, טאַקע פון דעם שטעטל דאָברין.

אַזוי ווי דער שווער ר' משה־לייב איז אויך דער אידעם, ישכר־דוב, געווען אַ גערער חסיד.

ס'איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז ווען מלכה, ישכר־דובס פרוי, איז קראַנק געוואָרן און די קרענק האָט זיך, טראָץ איר דאָקטערן זיך, לאַנג פאַרצויגן, האָבן ביידע, פאָטער און מאַן, פאַרלוירן דעם צוטרוי צו די רופאים און זיינען ביידע אַוועק צום גערער רבין, אין וועמען זייער בטחון איז געווען גאָר שטאַרק. זיי האָבן נאַטירלעך געבעטן ביים רבין, ער זאָל זיך משתדל זיין פאַר זייער טאָכטער און פרוי. און ווען השי"ת האָט געהאָלפן און מלכה־לע איז ווידער געזונט געוואָרן, האָבן ביידע גערער חסידים געוואוסט, אַז דאָס איז געווען דעם רבינס השתדלות.

אין דעם גרויסן חורבן־פוילן האָבן ביידע, מיין פאָטער ישכר־דוב און מוטער מלכה, זייער לעבן פאַרלוירן.

זאָלן זייערע נעמען אייביק געדענקט ווערן.

---

**יונה קלינגבייל (טאָבטשע באָטשאַן),** וועלכע געפינט זיך איצט אין ישראל, שרייבט מיט פיל בענקשאַפט און האַרצווייטיק אויף דעם חורבן פון גאָסטינין. זי שילדערט מיט וואַרעמקייט דאָס שטעטל פון איר

יוגנט; די נאַטירלעכע געאָגראַפישע שיינקייט און אויך די קולטורעלע אינ־סטיטוציעס און אַקטיוויטעטן, וואָס זיינען שוין אַזויפיל מאָל אויף פאַרשיידענע אופנים אויף די זייטן פון דעם בוך באַשריבן געוואָרן.

מיט ספּעציעלער וואַרעמקייט און ליבשאַפט דערמאַנט זי איר ליבן ברודער אַברהם, וואָס איז געווען אַ לערנער, אַ בן־תורה; אין אירע אויערן קלינגט נאָך דער ניגון פון זיין לערנען. און הגם זיי זיינען זיך צעגאַנגען אין זייערע וועגן און איבערצייגונגען, איז פונדעסטוועגן די ליבע צווישן דעם ברודער און דער שוועסטער געווען אַן אמתדיק־וואַרעמע.

מיט צער דערציילט זי, אַז דער ברודער, דער גוטער לערנער, איז געווען אַ קראַנקער און איז אין יאָר 1928 אַ גאָר יונגער מענטש אַוועק פון דער וועלט. זיין טויט האָט אויף זיין פאָטער געמאַכט אַ געפערלעכן איינדרוק, אַזוי, אַז ער איז אויך אַ יונגער מענטש אַוועק פון דער וועלט.

„די רעשט פון אונזער משפּחה" — שרייבט זי — „איז אומגעקומען אין דעם חורבן־פּוילן מיט די אַנדערע גאָסטינינער קדושים".

---

## פריידל פּינטשעווסקי (שייער), אין ישראל, שרייבט צום אָנדענק פון

איר פאָטער, נחום־ישראל שייער, און איר מוטער, שרה־לאה שייער (דאַנציקער):

מיין פאָטער, נחום־ישראל ע"ה, אַ געבוירענע אין ווישעגראַד, וואו ער איז געווען איינער פון די בעסטע ווישעגראַדער בחורים, איז געוואָרן דער מאַן פון מיין טייערער מוטער, שרה־לאה, די טאָכטער פון מרדכי־מענדל און טויבע־חיה דאַנציגער. ווי דער שטייגער איז געווען אין יענע יאָרן, איז דער בחור דער למדן נחום־ישראל גענומען געוואָרן פאַר אַן איידעם אויף קעסט.

איז טאַקע מיין פאָטער געזעסן און געלערנט טאָג און נאַכט, אָן דאגות־פּרנסה.

אָבער ווען די געשעפטן ביי מרדכי־מענדל און טויבע־חיה דאַנציגער זיינען געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג, האָט מיין פאָטער זיך אָפּגעזאָגט פון די קעסט און אַליין מיט דער הילף פון דער מאַמען זיך גענומען צו אַ שטיקל האַנדל. און כאָטש די פּרנסה איז געווען אַ שווערע, האָט מיין פאָטער פונדעסטוועגן דאָס לערנען נישט פאַרנאַכלעסיקט, טאַקע ווי געזאָגט: „טוב תורה עם דרך־ארץ". און כאָטש מיינע עלטערן האָבן אין זייער האַנדל קיין פאַרמעגן נישט געמאַכט, האָט פונדעסטוועגן ביים טיש קיין אורח נישט אויסגעפעלט און פון צדקה געבן האָט מען זיך נישט אָפּגעזאָגט.

מיין מוטער איז געשטאָרבן אין גאָסטינין צוויי יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. און מיין פאָטער איז נפטר געוואָרן דעם צווייטן יאָר פון דער מלחמה.

אינעם חורבן זיינען אומגעקומען די איבעריקע פון מיין משפּחה. גע־בליבן בין איך די איינציקע.

זאָלן די דאָזיקע שורות זיין אַן אייביקער אָנדענק פאַר זיי.

# גאָסטינינער יידן

**וואָס האָבן געוואוינט אין גאָסטינין בעת דעם אויסברוך פון קריג און וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם והעם.**

---

די ליסטע איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן דורכן בוך־קאָמיטעט אין ישראל

אַלבערשטיין, ישראל־דוד
אַלבערשטיין, חנה
אַלבערשטיין, אברהם־אהרן
אַלבערשטיין, שלום
אַלבערשטיין, וואָלף
אַלבערשטיין, חיים־שמחה
אַלבערשטיין, נפתלי
אַלבערשטיין, יוכבד
אַלבערשטיין, יוסף
אקאוויעטק, מרים
אקאוויעטק, סאַלע
אקאוויעטק, סאבינע
אקאוויעטק, שמואל
אקאוויעטק, יוסף
אָדיט און משפחה
אָדיט שמואל־אהרן
אָדיט, ברכה
אשיאל און משפחה
איזשביטצקי, מענדל
איזשביטצקי, טשאַרנע
איזשביטצקי, וואָלף
איזשביטצקי, משה
איזשביטצקי, פעסע
אָספע, זלמן
אָספע, עטע
עטינגער, דן און משפחה
אַרבאך, יוסף און משפחה
איצקאָוויטש, איקעלע און משפחה
איצקאָוויטש, סענדער
איצקאָוויטש, מענדל
איצקאָוויטש, צדוק
אונגער, יהושע, פרוי און קינדער

באַרענשטיין, הרב יצחק־מאיר און פרוי
באַרענשטיין, חנה און משפחה
באַרענשטיין, משה
באַרענשטיין, גדליהו
ברוסטאָווסקי, שמואל־מאיר
ברוסטאָווסקי, שרה־דינה
ברוסטאָווסקי, אסתר
ברוסטאָווסקי, רחל
ברוסטאָווסקי, איטע
ברוסטאָווסקי, בלומע
ברוסטאָווסקי, יעקב און משפחה
ברוסטאָווסקי, יחיאל־משה און משפחה
ברוסטאָווסקי, לייביש
ברוסטאָווסקי, איטע
ברוסטאָווסקי, אסתר
ברוסטאָווסקי, חנה
ברוסטאָווסקי, האָדעס
ברעסלער, צדוק
ברעסלער, לאה
ברעסלער, פרידע
ברעסלער, יעקב (יאַנקל)
ברעסלער, סאָניע
ברעסלער, יורקע
ברעסלער, נעכע
ברעסלער, יעקב

ברעסלער, בלומע
ברעסלער, הערצקע און משפחה
ברעסלער, זלמן
ברעסלער, טושקע
ברעסלער, אַדאַש
ברעסלער, יצחק און פרוי
ברעסלער, חיים און משפחה
ברעסלער, יוסף
ברעסלער, ישכר
ברעסלער, טילע
ברעסלער, אברהם און משפחה
באגנע, גדליה
באגנע, חנה
באגנע, מרים
באגנע, יחזקאל און משפחה
באגנע, יצחק און משפחה
באגנע, עקיבא
באגנע, גנענדל
באגנע, שלמה און משפחה
באגנע, לייביש און משפחה
בזשאזע, הינדע
בזשאזע, יצחק
בזשאזע, פייגע
בוראק, העניך און משפחה
בוראַק, רפאל און משפחה
בוראק, בערל
בוראק, הערשל
בוראק, שרה
בלום, יעקב־אליהו און משפחה
באטשאן, פייגע
באטשאן, לאה
באטשאן, אסתר
באטשאן, בערטשע
בייבוק, צבי
בייבוק, אסתר
בייבוק, מארישע
בעלפער, אברהם
בעלפער, גאָלדע
בעלפער, אפרים

בענדער לייביש
בענדער, יוכבד
בענדער, פישל
בענדער, יהודית
בענדער, יוסף
בענדער, יעקב (יאַנקעלע)
בענדער, שמחה
בענדער, פריידל
ברודזיאק, יחיאל און משפחה

גלאַנץ, יעקב
גלאַנץ, מענע
גלאַנץ, סאַלע
גלאַנץ, בראניא
גלאַנץ, מאַניעק
גלאַנץ, באַשע און משפחה
גלאַנץ, רויזע און משפחה
גלאַנץ, אסתר
גלאַנץ, ניסן
גאָלדבערג, חיים און משפחה
גאָלדבערג, נחום און משפחה
געלבאַרד, אברהם און משפחה
געלבאַרד, משה
געלבאַרד, שרה
גערשט, משה־יוסף און משפחה
גערשט, סענדער און משפחה
גייזלער, אברהם און משפחה
גייזלער, משה און משפחה
גאָלדרייך, משה
גאָלדרייך, יחיאל און קינדער
גאָמבינער, דאַלעק און משפחה
גליקסבערג, דוד און משפחה
געלבאַרט און משפחה
גאָלדשטיין, יונה
גאָלדשטיין, גאָלדע

דאַנציגער, מרדכי־מענדל
דאַנציגער, יחיאל־מאיר און משפחה
דאַנציגער, פייגע

דאַנציגער, שמחה־בונים
דאַנציגער, בנימין און משפחה
דאַנציגער שבתי־אריה און פרוי
דאַנציגער, בינעם
דאַנציגער, אליעזר
דאַנציגער, פאָלע־שבע און קינדער
דאַנציגער, הערשל
דאַנציגער, ליבע
דאַנציגער, בונים
דאַנציגער, משה און משפחה
דאַנציגער, פולע און משפחה
דאַנציגער, דוד און משפחה
דזשיגיינסקי, אליהו און משפחה
דזשיגיינסקי, יוסף און משפחה
דזשיגיינסקי, מאיר און פרוי
דזשענטשאָל, אברהם און פרוי
דזשענטשאָל, מאַשע און משפחה
דזשענטשאָל, שמעון־ראובן און משפחה
דזשענטשאָל, חיה־שרה
דזשענטשאָל, מינדל
דזשענטשאָל, וואָלף
דזשורקאָווסקי, שיינדל און קינדער
דאמב, אַדאַם און פרוי סאָניע
דאמב, שלום

האָלצמאַן, בינעם
האָלצמאַן, שולמית פרוי
האָלצמאַן, מענדל
האָלצמאַן, פייוול
האָלצמאַן, דאלע
האָדעס, יחיאל און משפחה
האָדעס, זעליג, פרוי סאלע
האָבערגריטץ, מאָטל
האָבערגריטץ, מרים און קינדער
היימאַן, זיסע

ווארקאוויטש, חיים און משפחה
וויסיכקע און משפחה

ווילנער, זרח און פרוי
ווילנער, פנחס און משפחה
ווילנער, דוד און משפחה
ווילנער, יוסף און משפחה
ווילנער, שרה
וואָלף און משפחה
וואסערמאַן און משפחה
וואַסערמאַן, חוה און קינדער
ווייצמאַן, הערש־לייב און משפחה
וויינגאַרד, מענדל און משפחה
וואָלקאָוויטש און משפחה

זאַרכין, יעקב און משפחה
זאַרכין, סאלאָמאָן און משפחה
זשיכלינסקי, יעקב און פרוי
זשיכלינסקי, רוזשקע
זשיכלינסקי, גדליהו און משפחה
זאַיאָנץ אהרן און פרוי
זאַיאָנץ, חנן און משפחה
זאַיאָנץ, אברהם און משפחה
זאַיאָנץ, אסתר און משפחה
זאַיאָנץ, מאַרעק און משפחה
זשאלאנדזש, יהודה־הערש
זשאלאנדזש, יענטע
זשאלאנדזש, יצחק
זשאלאנדזש, יעקב
זשאלאנדזש, סערטשע
זשאלאנדזש, דעלא
זשאלאנדזש, יעקב־ליפע און משפחה
זשאלאנדזש, חנן און משפחה
זיגער, משה
זיגער, טשארנע־לאה און קינדער
זיגער, מרדכי און פרוי
זיגער, לייביש
זיגער, געלע
זייף, אברהם
זייף, מירל און קינדער
זשיכלין, בעריש און פרוי

זשיכלין, לילי
זיידמאַן ,אברהם־חיים און משפחה
זיידמאַן, משה און משפחה
זאנדמאן, מאכטשע
זאנדמאן, רויזע און קינדער
זאָנענשיין און משפחה
זאַקליקאָווסקי, נח
זאַקליקאָווסקי, פריידע און קינדער
זאַקליקאָווסקי, זעליג, פרוי און
קינדער
זאַקליקאָווסקי, לייביש
זאַקליקאָווסקי, פרימעט

חאַזן, חיה
חאַזן, חנה
חאַזן, מענע

טרעמסקי, ראובן
טרעמסקי, חיה
טרעמסקי, הערשל
טרעמסקי, יוכבד
טענענבוים, מאיר
טענענבוים, שיינדל
טענענבוים, יעקב
טראווינסקי, הערשל און משפחה
טאבע, יצחק און פרוי
טאבע, לאָלאַ
טאבע, יחיאל־מאיר און משפחה
טאבע, יהושע און משפחה
טיגער, אברהם און שפחה
טיגער, יחיאל־מאיר און משפחה
טראָיאַנאָווסקי, חיים־ברוך און
משפחה
טראָיאַנאָווסקי, אברהם און
משפחה
טראָיאַנאָווסקי, מיכאל און משפחה
טשאַרקע, דריי שוועסטער

יאַבלאָינסקי, משה
יאַבלאָינסקי בינע

יאַבליונסקי, פעלקא
יאַבלאָינסקי, יצחק
יאַבלאָינסקי, שרה
יאַבלאָינסקי, יאָסקע און משפחה
יאַבלאָינסקי, יעקב און משפחה
יאַבלאָינסקי, ישראל און משפחה
יאקאָבאָוויטש, גוטשע־חיה
יאקאָוואָביטש, משה
יאקאָבאָוויטש, שרה
יאקאָבאָוויטש, טוביה און פרוי
יאקאָבאָוויטש, העניעק
יאקאָבאָוויטש, מאַניעק
יאקאָבאָוויטש, חוה׳טשע
יעזשאר, שלמה־מענדל און פרוי
יוטקאָווסקי און פרוי
יוטקאָווסקי, זרח
יעשאן, יוסף און משפחה
יעשאן, חנה און משפחה
יזריילעוויטש, יוסף און פרוי
יזריילעוויטש, בעריש און משפחה
יזריילעוויטש, ציפע
יעשאן, חנה
יעשאן, חיה
יעשאן, לאה
יעשאן, ליבער און משפחה
יעשאן, אהרן און משפחה

כזשאן, שויעל און משפחה
כהן, אברהם־מרדכי און משפחה
כהן, ישכר און משפחה
כהנא, פייוויש
כהנא, טשאַרנע
כהנא, אסתר
כהנא, בן־ציון
כהנא, שמואל
כהנא, יצחק

לינדערמאַן, יעקב און משפחה
לינדערמאַן, העניך און משפחה

לאסמאן, ברוך און משפחה
לאסמאן, שמחה און משפחה
לעווי, בערל
לעווי, גליקע
לעווי, ביילע
לייזעראָוויטש, משה־פנחס
לייזעראָוויטש, איטע
לייזעראָוויטש, ברכה
לעפקאָוויטש, יעקב און משפחה
לאמסקי, פריידע
לאמסקי, אברהם־נח
לאמסקי, מאיר
לאמסקי, הינדע־ליבע
לאמסקי, שרה־דינה און מאַן
לאנדוואסער און משפחה
לאסקא, אַלעקסאנדער
לאסקא, מארעק
לאסקא, אדאש
לאסקא, וולאדעק
ליבראק און פרוי
לעווין, יוסף און משפחה

מאטיל, מרדכי
מאטיל, פייגע
מאטיל, רבקה
מאטיל, מאנושא
מאטיל, צביה
מאטיל, שרה־מינדל
מאטיל, בלומע
מאטיל, לייביש
מאטיל, אפרים און פרוי טשארנע
מאטיל, יעקב און פרוי רייזכע
מאטיל, בארעק
מאָטיל, שמעון־יוסף
מאטיל, חיה
מאטיל, אפרים און משפחה
מאטיל, עדזיא
מאטיל, איסר־מאיר
מאטיל, העניא

מאטיל, שלמה
מאטיל, רייזל
מיטיל, אברהם
מאטיל, לייביש
מאטיל, אַדעלאַ
מאטיל, יצחק
מאטיל, נטע בן יעקב־לייב
מאטיל, דוד
מאטיל, רבקה
מאטיל, שלמה בן צבי
מאטיל, ברוכטשע
מאטיל, צילע
מאטיל, בלימע־מרים
מאטיל, יחיאל־משה
מאטיל, בריינע
מאטיל, יאַקוב
מאטיל, יעקב־לייב
מאטיל, פעסע־רויזע
מאטיל, אסתר־טויבע און מאַן מאָריטץ
מאטיל, ניכע
מאטיל, לוטקע
מאטיל, לייבל און משפחה
מאטיל, יאנקל און משפחה
מאטיל, אברהם און משפחה
מאטיל, משה
מאטיל, ביילע
מאטיל, פראניע, מאַן און קינד
מאטיל, רחל
מאטיל, דוד
מאטיל, פייגע
מאטיל, מרדכי
מאטיל, ביילע
מאָטיל, שמואליק
מאטיל, דבורה
מאטיל, ברוך
מאטיל, הערשל
מאטיל בינעם און משפחה
מאטיל, חוה

מאטיל, יהושע און פרוי
מאטיל, אלעק
מאטיל, אברהם און פרוי
מאטיל, רויזע
מאטיל, הערשל
מאטיל, הינדע
מאטיל, יונה־מאיר
מאטיל, ריקעל
מאטיל, שמואל־ברוך, פרוי און קינדער
מאטיל, ריווטשע
מאטיל, אבראמעק
מאטיל, העניע
מאסט, יוסף
מאסט, ניכע
מיכאלסקי, אברהם און משפחה
מיכאלסקי, יאשע
מיכאלסקי, הערשיק, פרוי און מוטער
מיכאלסקי, מאַניעק
מיכאלסקי, אסתר
מאקאָווסקי, העניך
מאקאָווסקי, זלאַטע
מאקאָווסקי, שולמית
מאַשקאָוויטש, פריידל
מאַשקאָוויטש, מרדכי
מאזער, יעקב און פרוי
מאזער, יונה
מאַרקאָוויטש, מלכה
מארקאָוויטש, מאיר
מארקאָוויטש, לייטשע
מארקאָוויטש, אברהמ'לע
מארקאָוויטש, העלע
מארקאָוויטש, שמואל
מארקאָוויטש, חנה
מארקאָוויטש, שלום
מאריטק, משה
מאריטק, ליבטשע
מאריטק, הערשל
מאריטק, ריקלע
מערלענדער, דר. און פרוי

נאסענאוויטש, יוחנן און משפחה
נאסענאוויטש, יעקב און משפחה
נאסענאוויטש, אברהם און משפחה
נארווע, חנה
נארווע, אברהם־הערש
נארווע, פעסע
נארווע, ביילע
נארווע, לוי
ניימאן, לייזער
ניימאן, שיינדל
ניימאן, שלמה און משפחה
ניימאן משה און משפחה
ניימאן, פנחס
ניימאן, שמואל און פרוי
ניימאן, בערל און משחה
ניימאן, משה און משפחה

ספעקטאָר, יוסף
ספעקטאָר, רחל
ספעקטאָר, אברהם
ספעקטאָר, פראניע
ספעקטאָר, מאיר
ספעקטאָר, חנה
ספעקטאָר, רחל
ספעקטאָר, דארטשע
ספעקטאָר, יאכעד
סאלמאנאָוויטש יצחק און פרוי
סאלמאנאָוויטש, יאָסל
סאלמאנאָוויטש, פריידע
סאלמאנאָוויטש, רעגינע
סאלמאנאָוויטש, אהרן און פרוי
סאלמאנאָוויטש, משה
סטריקאָווסקי, הערש און משפחה
סטריקאָווסקי, אברהם און משפחה
סארנע, שרה
סארנע, חנה

סארנע, פייגע
סארנע, הערצקע
סרעבנאגורא, משה־יצחק
סרעבנאגורא, גיטל
סרעבנאגורא, נח
סרעבנאגורא, רחל
סרעבנאגורא, מרדכי
סרעבנאגורא, פריידל
סטריקאָווסקי, יצחק

עזריעל, שלמה
עזריעל, יוכבד
עטינגער, דן און משפחה
ערדבערג, טראטעל און משפחה
ערדבערג, אנדזשא

פרינץ, ישעיהו און פרוי
פרינץ, יעקב און משפחה
פרינץ, מנשה און משפחה
פרינץ, אביגד.ר און משפחה
פרענקעל, הערש און משפחה
פרענקעל, משה און משפחה
פרענקעל, פייוול
פרענקעל, חומטשע און קינדער
פשיגאדע און משפחה
פערלגריטק, רוזשקע
פרענקעל, מענדל
פרענקעל, באלטשע און קינדער
פליישמאַן, אברהם־מאיר און
משפחה
פליישמאַן, אליעזר און משפחה
פליישמאַן, ליבע
פאָזנער, ישכר
פאָזנער, חנה־ליבע
פלידערבאם און משפחה
פינטשעווסקי, משה
פינטשעווסקי, עטקע
פינטשעווסקי, אַקום

פינטשעווסקי, קיווע
פינטשעווסקי, יעקב־לייב
פינטשעווסקי, ליבע־יסקע
פינטשעווסקי, ישכר
פינטשעווסקי, מלכה און קינדער
פינטשעווסקי, שמואל־וואָלף און
משפחה
פינטשעווסקי, ברוך
פעלדמאַן, פייוויש
פעלצמאַן, נעכע־דינה
פעלצמאַן, פריידל
פעלצמאַן, יצחק
פעלצמאַן, יאַנקל
פיינזילבער, שמואל־הערש
פיינזילבער, צירל
פיינזילבער, ישראל־יצחק
פיינזילבער, יוסף
פיינזילבער, (הויכגעלערנטער) לאה
פלוצער, מיכאל־בער
פלוצער, אסתר
פלוצער, ליפע
פלוצער, שלמה
פלוצער, ישראל
פלוצער, פעסע
פאָטאַש, מענדל
פאָטאַש, רחל און זין
פלוימבוים און משפחה

צווייגהאפט, יונה
צווייגהאפט, מאכלע
צווייגהאפט, יאָסקע
צווייגהאפט, מרדכי
צווייגהאפט, אנקע
צווייגהאפט, מארעק
צווייגהאפט, זלאַטע
צווייגהאפט, פייוול
צווייגהאפט, פראניע
ציווער, מאָטל און משפחה
צווייבוים, בנימין

צווייבוים, סורטשע
צווייבוים, שמואל־מאיר און משפחה
צווייבוים, אשר און משפחה
ציגעלמאַן, מאיר, מוטער און ברידער
צימערמאַן, פעסע
צימערמאַן, מרדכי און משפחה

קליינבארד, פריווע
קליינבארד, צעשע
קליינבארד, אליהו
קליינבארד, יעקב
קליינבארד, משה
קליינבארד, טשאַרנע
קירש, הערש און משפחה
קעללער, ביילע־פייגע
קעללער, משה און פרוי
קעללער, אַדעלאַ און משפחה
קעללער, פריץ
קעללער, רבקה
קעללער, משה־בער
קעללער, בן־ציון
קעללער, שרה
קעללער, טאבטשע
קעללער, יחיאל־מאיר און משפחה
קעללער, שלום און משפחה
קעלער, אהרן און משפחה
קראשניעווסקי, משה און טאָכטער
קעניג און משפחה
קאוואדזשא, רבקה און מוטער
קאהאלני, מאטעס
קאהאלני, יהודית און קינדער
קאַפּלאַן, הינדע
קאַפּלאַן, רחל
קאַפּלאַן, ירקע
קאפלאן, לעאוש
קראַניק, שלמה, פרוי סאַלע און משפחה

קרייצער, לייזער און משפחה
קרייצער, דאָבריש
קרייצער, משה
קרייצער, יצחק
קונצמאַן, חיים
קונצמאן, רבחה־בריינע
קונצמאַן, לייבל
קונצמאן, פריידע (טאדעלים) און קינדער
קונצמאן, שמואל־אהרן
קונצמאן, פייגע
קרול, זלמן
קרול, איטע און קינדער
קליינוט, געצל
קאוועגט, גרשון און משפחה
קאוועגט, גאָלדע
קאוועגט, מאַשע
קאוועגט, מרדכי
קאוועגט, חיה און קינדער
קאוועגט, מענדל
קאוועגט, פערל און קינדער
קאוועגט, שאול און משפחה
קאוועגט, פסח
קאוועגט, פריידע
קארא, פייוול און משפחה
קארא, אברהם און משפחה
קארא, יאָסל און משפחה
קרעל, מענדל, פרוי און טעכטער
קריגערמאַן, פרוי, זין און טאָכטער
קאוועגט, משה און משפחה
קאוועגט, יצחק און משפחה

רוסאק, יעקב און קינדער
רוסאק, פייגע־שרה און קינדער
רוסאק ישראל־מאיר
רוסאק, נחום
רינג, חיים־סענדער
רינג, שיינע
רינג, שלמה

רינג, בנימין
רינג, משה און משפחה
ראבינאָוויטש, הערשל
ראבינאָוויטש מאטעס און משפחה
ראבינאָוויטש, אַדעלע
ראבינאָוויטש, יעקב
ראק, שמערל און משפחה
ראק, מרדכי און משפחה
ראדזאנאווער, אברהם
ראדזאנאווער, ברײנע און קינדער
רומער, יצחק־יעקב און פרוי
רומער, יחיאל־הערש און משפחה
רומער, שמואל־אהרן און משפחה
רומער, חיים און משפחה
רומער, לייבל
רומער, אברהם
ראפקע, מעריש

שאפראן, לייזער און פרוי
שאפראן רוזשקע
שאפראן, צביה
שאטאן, יעקב און משפחה
שאטאן, עבער און משפחה
שאטאן, יהודה און משפחה

שאטאן, יצחק און משפחה
שאטאן, עקיבא און משפחה
שאיעוויטש, שאול
שאיעוויטש, הינדע
שאיעוויטש, פנחס
שאיעוויטש, אברהם און פרוי
שאיעוויטש, רות
שאיעוויטש, הערשל
שאיער, נחום־ישראל
שאיער, שרה־לאה
שאיער, זאנוול
שאיער, יחיאל־לייב
שאיער, פעסע און קינדער
שטערן, יצחק
שטערן, יענטע
שטערן, שמואל־זלמן
שטערן, חנה
שעקערקא און משפחה
שטיינמאן, חיים און פרוי
שטיינמאן, יעקב־משה
שטיינמאן, יאָשקע
שטיינמאן, פנחס
שטיינמאן, נחום
שטיינמאן, באַשע און קינדער



# אינהאַלט



## בלעטער געשיכטע



## דער גאָסטינינער רבי



## זכרונות

## אין די יאָרן פון חורבן



## אַמאָל איז געווען . . .

## גאַסטינינער איבער דער וועלט



## י ז כ ו ר

